

ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

**82**

רעדאַקטאָר:

**מאַרק טורקאָוו**

פֿאַרלאַגס-לייטער:

**אברהם מיטלבערג**

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פונעם בוך

יצחק פערלאָוו

# דער
# צוריקגעקומענער

(ראָמאַן)

ערשטער טייל

אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס איירעס, 1952, תשי״ב

IMPRESO EN LA ARGENTINA
PRINTED IN ARGENTINA


ITZCHOK PERLOW

# DER CURIKGEKUMENER

(E L  Q U E  R E G R E S O)

**Hecho el depósito que marca la Ley 11.723**
INDUSTRIA ARGENTINA

Editado por la
**UNION CENTRAL ISRAELITA POLACA EN LA ARGENTINA**
**Buenos Aires 1952**

# אינהאַלט

## ערשטער טייל

קאַפּיטל 1

## בעריש קופּערשמיד

אפילו נאָכדעם ווי מען האָט שוין געהאַט אַרויסגערויבט די לעצטע פּלעשער פון זיין דעמאָלירטן וויין־געשעפט, האָט נאָך בעריש קופּערשמיד אַלץ נישט געוואָלט פאַרלאָזן וואַרשע.

די שטאָט איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין פלאַמען. כמאַרעס רויך האָבן זיך געטראָגן איבער די הייזער און רואינען, מיטן איבעלדיקן גערוך פון פאַרסמאַליעטע שמאַטעס און לייבער. שטיקער סאַדזע איז געפאַלן אין שטוב אַריין דורך די אויסגעזעצטע פענצטער־שויבן און זיך מאַסיוו אָנגע־לייגט אויפן מעבל, בעטגעוואַנט, געשיר און בלייכע פּחדפולע פּנימער.

איבער די פּוסטע, אוונטיקע גאַסן, האָבן נאָר געהילכט די שווערע טריט מיט באַטשוועקעוועטע זעלנער־שיך פון פּוילישע דעזערטירן און די פריי־לעך־שיכורע קולות פון גאַסן־פּרויען און אַנדערע טונקעלע פאַרשוינען, וועלכע האָבן נאָך אַלץ געשאַברעוועט, אין גרויסע זעק, דאָס האָב און גוטס פון יידישע געשעפטן.

די דייטשע פּאַטרולן, וועלכע האָבן מיט געלאַדענעם געווער אַדורכ־מאַרשירט די אָפּגעשטאָרבענע גאַסן, האָבן קיינעם פון די שאַבראַווניקעס נישט געטשעפּעט. אַ פּחד האָבן זיי נאָר אָנגעוואָרפן אויף די אין הייזער־פאַר־שטעקטע יידן. כאָטש אַליין האָבן זיי אויך פּחדנותדיק געבליקט אין אַלע זייטן.

דער אייביק־געמיטלעכער בעריש קופּערשמיד, מיטן אייביקן גוטמוטיקן שמייכל אויף זיין פּול, ענערגיש פּנים, איז איצט געשטאַנען ביים ראָם פון אויסגעזעצטן פענצטער אַ פאַרכמורעטער. די שטענדיק בליענדיקע, בלוט־שפּריצנדיקע באַקן זענען איצט געווען שטייף און בלייך, ווי נישט פון קיין לעבעדיק פּנים, נאָר פון אַ גיפּס־סטאַטוע. בלויז די גרויסע, פייכטע ביר־אויגן אונטער די געדיכטע, טונקל־בלאָנדע ברעמען, האָבן דערמאָנט,

אַז דאָס איז אַ לעבעדיקער מענטש. ער איז געשטאַנען אין זיין הױכער און ברייטפּלייציקער צװואַקסנקייט, מיט אַנגעלייגטע סאַדזע אויף זיינע טונקל־קופּערנע קרויזן, אַן אומבאַװעגלעכער. זיין קערפּער, װעלכער האָט שטענדיק דערמאָנט אָן זיין גבורה, אימפּעט און ענערגיע, איז איצט פאַרשטיינערט אַזוי, װי קיין הייס בלוט װאָלט אין אים נישט געפּלאָסן. אין זיינע גרויסע, פּייכטע ביר־אויגן פלאַקערן די שריפות פון שטאָט. אַזוי שטייט אַ הערשער, װעמענס אַרמייען האָבן די לעצטע שלאַכטן פאַרשפּילט און זיין מלכות גייט אונטער.

זיין מלכות: דאָס גרויסע פיר־שטאָקיקע ירושה־הויז, מיטן איינגעפונדע־װעטן װיין־געשעפט אין פּאַרטער און מיט דער לוקסוס־אַרטיק אויסגע־שטאַטער װוינונג אויפן צװייטן שטאָק, װו ער איז מיט פערציק יאָר צוריק געבוירן געװאָרן, אַלע יאָרן פאַרבראַכט, חתונה געהאַט, עסטושיען געבוירן און דערצויגן; — דאָס גאַנצע הויז איז אים איצט פרעמד און פול מיט פּחד. די רחבותדיקע רואיקייט, די שטענדיקע יום־טובדיקע פרייד און זאָרגלאָזיקייט, איז דורך די אויסגעזעצטע שויבן אַרויסגעפלויגן, װי טויבן פון אַ צעשטורעמטער נעסט. און צוזאַמען מיט די שיכטן סאַדזע האָט זיך דאָ אַנגעלייגט דער פּחד און גרויליק־אומרואיקע דערװאַרטונגען.

פונדעסטװעגן האָט ער זיך נאָך אַלץ נישט געקענט דעצידירן צו פאַרלאָזן דאָס הויז און זיך אַװעקלאָזן װאַנדערן און װאָגלען אין דער פרעמד.

זינא, זיין װייב, װאָס איז מיט זעקס יאָר יינגער פון אים, איז געזעסן אויף דער קאַנאַפּע, מיט דער צװעלף־יעריקער עסטושיען אויפן שויס, האַלטנדיק די פּיס אויף די צװיי פּעקלעך זאַכן, װאָס אויף דער ערד.

די צװיי פּעק מיטן „בויטװוענדיקסטן" (מלבושים און װעש) ליגן שוין אַזוי פאַרפּאַקט פון די ערשטע באָמבאַרדירונגען אָן. דאַן האָבן זיי עס צוגעגרייט, כדי אין פאַל פון אַ שׂרפה אַריבערצולויפן דערמיט פון איין הויז אין אַנדערן. אָבער שוין נאָך אַלע באָמבאַרדירונגען, װען דאָס הויז איז גאַנץ געבליבן, האָט זינא אַלץ די פּעק נישט געלאָזן אויספּאַקן:

— בעריש, אַלע אַנטלויפן! מען לויפט קיין ביאַליסטאָק, קיין לעמ־בערג, קיין װילנע. לאָמיר אויך לויפן, בעריש. איך האָב מורא דאָ צו בלייבן!

— און אומצוקומען אין װעג האָסטו נישט קיין מורא?... — האָט בעריש טרויעריק געשמייכלט. — אויב שטאַרבן, װיל איך כאָטש װי אַ מענטש, אויף מיין אייגן בעט און נישט װי קיין הונט, אונטערװעגנס!

— בעריש, די לעצטע שכנים פון אונדזער הויז אַנטלויפן שוין! — האָט זינאַ געפּליסטערט מיט אַ געשטיקטער שטימע, געדעמפּט מיט שרעק און טרערן — מיר בלייבן דאָ אַליין, מיטן סטרוזש! אַנטעק, זאָגט מען, איז אַ פאָלקס־דויטש! ער וועט דאָך אונדז אַליין, דער ערשטער!...

— זינאַ... זינאַ... אַנטעק האָט נאָך ביי מיין זיידן געדינט. מיין טאַטע האָט אַנטעקס טעכטער חתונה געמאַכט. און וואָס קען ער האָבן צו מיר?... אלא וואָס? די קבצנים לויפן? איז וואָס האָבן זיי דען דאָ צו פאַרלירן? און וואָס האָבן זיי דען דאָרטן צו געווינען?...

— און וואָס האָבן מיר שוין דאָ צו פאַרלירן? די ירושה? דאָס איינגע־פונדעוועטע וויין־געשעפט פון עלטער־עלטער־זיידן, וואָס איז שוין דעמאָ־לירט און צעראַבירט?

— זינאַ טייערע — האָט בעריש גערעדט מיט אַ שטים פון אַ וויאָ־ליאָנטשעל — אין וואַרשע, ווו איך קען אַלעמען און אַלע קענען מיך, בין איך נאָך אַ מענטש. בין איך בעריש קופּערשמיד. עס איז דאָ דרך־ארץ, באַציאונג, סענטימענט. אין אַ נויט וועלן זיך געפינען גוטע פריינט. מען וועט מיך נישט לאָזן פאַלן. איינער וועט דאָ העלפן דעם אַנדערן. אָבער אין דער פרעמד, זינאַ, ווער קען מיך? באַלד הינטער דער וואַרשעווער ראָגאַטקע בין איך אַ קבצן, אַ וואָגלענדיקער שנאָרער, צוגלייך מיט אַלע. ווי וועלן מיר זיך עצהנען? און דאָס וויין־געשעפט, זינאַ, נישט געזאָרגט... גדזיע וואָדאַ בילאַ, טאַם וואָדאַ בענדזיע... (פּויליש שפּריכוואָרט: ווו וואַסער איז געווען, דאָרט וועט וואַסער זיין) — האָט ער, מיט אַ געצווונגענעם שמייכל, זיך געפּרוווט וויצלען, זי צו דערמוטיקן.

— אָבער די דייטשן! ווער ווייסט, וואָס זיי וועלן טון מיט אונדז! היטלער זאָגט דאָך, אַז...

— זינעטשקאַ, איך קען די דייטשן פון יענער וועלט־מלחמה. איך האָב דאַן צו זיי נישט דערלייגט... דו ווייסט עס. און אויך איצט, גלויב איך, אַז דער טייוול איז נישט אַזוי שוואַרץ, ווי מען מאָלט אים... זאָל נאָר דער ערשטער שטורעם אַריבער. עס וועט זיך באַרואיקן...

די שלאַנקע, שמאָלע זינאַ, וועלכע איז אינגאַנצן מיט זעקס יאָר יינגער פון בערישן, האָט אויסגעזען אַנטקעגן אים, ווי זיינע אַ טאָכטער. נישט נאָר זי האָט אויסגעזען, נאָר אַזוי האָט זי זיך אָפט געפילט. זיין פעסטער קאַרק און ברייטע פּלייצעס, זיין אימפּעטדיקער גאַנג, זיין זיכערער טאָן, זיין קלוגער סוחרישער קאָפּ, זיינע געשעפטן מיט אונטערנעמערישקייט און

ברייטן פאַרנעם, — דאָס אַלץ האָט איר, דער שוואַכער צערטלעכער זינען, געמאַכט פילן, אַז זי איז אייביק זיכער אונטער זיין שוץ. נישט איינמאָל האָט זי אַליין געזאָגט, אַז ער איז אַ פעסטער דעמב און זי איז אַ שוואַך פויגעלע, וואָס וווינט ביי אים אין אַ נעסט... נאָר אין איצטיקן שטורעם, פילט זי, איז נישט נאָר איר נעסט נישט זיכער, נאָר אפילו דער שטאַרק־סטער דעמב קען אונטערגעבראָכן און אויסגעוואָרצלט ווערן.

— ביסט אַן עקשן! האָסט זיך איינגעשפּאַרט און זעסט נישט, וואָס עס גייט אויף אונדז! — האָט זי זיך געווישט די אויגן.

בעריש האָט זי אָנגעקוקט, ווי זי זיצט מיטן שלאָפנדיקן טעכטערל אויפן שויס, מיט די פיס אויפן פאַרסאַדזעטן געפעק, מיט אירע בלייכע, נישט־געשמינקטע, איינגעפאַלענע באַקן, מיט די שוין פון לאַנג נישט פריזירטע, פאַרסאַדזעטע פלאַטין־האָר און פיל גרעסער געוואָרענע ווײַנשל־אויגן. ער האָט געזען, ווי אירע שמאָלע אַקסל צוקן עלנט און הילפלאָז. און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט זיי שויןביידן אַלס פליטים, אַלס לאַנגיאָריקע היימלאָזע וואַגלער, וועלכע דרימלען ערגעץ אויף פרעמדע שטיגן...

זינאַ, זיין זינאַ, די אויסגעצערטלטע, אויסגעפּיעשטשעטע וואַרשעווער שיינהייט, דאָס מוזיניקל פון דער יחוסדיקער פאַמיליע ווינאגראַד, וועלכע האָט ביז היינט פון קיין אומעטיקער מינוט און פון קיין שום מאַנגל נישט געוווסט... און עסטושיאַ, זייער איינציק טעכטערל, זייער קוים אויסגעבעטענע, מיט דאָקטוירים און קור־ערטער אויסגעקעמפטע בת־יחידה, וועלכע איז מיט אירע אַלע אינערלעכע און אויסערלעכע מעלות געראָטן אין זי־נאָן, — ער זעט זיי איצט זיצן, ווי בעטלער ביי אַ קלויסטער...

דאָס האַרץ פאַרקראַמפט זיך אים פון ווייטיק. און נאָך קלאָרער ווערט פאַר אים דאָס בילד, ווי זיי וועלן אויסזען אין וואַנדער־וועג, אין חדשים אַרום. ער טראַכט: פאַרהאַרטעוועטע מענטשן, געוווינטע צו הונגער, צרות, שמוץ און נויט, וועלן אויסהאַלטן. עסטושיאַ און זינאַ — נישט!

און בעריש קופערשמיד האָט נאָך פעסטער באַשלאָסן, אַז:

— ניין! איך ריר זיך נישט פון וואַרשע! איך ריר זיך נישט פון מיין שטוב!

אָבער נאָכדעם, ווי די דייטשן האָבן אים געכאַפּט אויף אַרבעט, ווו מען האָט אים אָפּגעהאַלטן דריי מעת־לעת און נאָכדעם אַהיימגעלאָזן מיט

אונטערגעהאַקטע זייטן, מיט אַ בייל אונטערן לינקן אויג און מיט אַ צע־שפּאָלטענער אונטערשטער ליפּ, האָט עס זינאַ ענדלעך ביי אים געפּועלט.

— גוט! לאָמיר גיין אין גלות אַריין!

⁂

דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָט זיך די קליינע פאַמיליע קופּערשמיד אי־בערגעטראָגן, מיט די צוויי פּעק, אויף מוראַנאָוו. אין יענעם הויז אַריין, פון וואַנען עס פאָרן אַרויס די פורן צו דער גרענעץ.

די פורן גייען אַרויס יעדן פאַרטאָג. אָבער פון אָנהויב אָונט ביז באַגינען איז אויסנאַמס־צושטאַנד אין וואַרשע און מען טאָר אין די גאַסן נישט גיין. עס דראָט דערשאָסן צו ווערן אָן אַ וואָרענונג. מוז מען אין יענעם הויז אַריין קומען נאָכמיטאָג, דאָרט איבערנעכטיקן און פאַרטאָג זיך זעצן אין פור.

שווער איז בערישן געווען זיך צו געזעגענען מיט זיין איינגעפּונדע־וועטער שטוב, מיט זיין טייערער היים. אַזוי ווי מיט עשירות, איז די שטוב אויך פול מיט אָן אַ שיער גליקלעכע דערמאָנונגען. און נישט אַלץ איז דאָך אים איבערגעלאָזן געוואָרן בירושה. ער האָט נאָר באַקומען אַ צוויי־שטאָקיק הויז און די אַנדערע צוויי שטאָק האָט ער שוין אַליין אַרויפגע־צויגן. דאָס וויין־געשעפט איז געווען אַ קליין, באַשיידן געוועלבל. דאָס האָט ער אַליין די ווענט געהאַקט, דאָס געשעפט פאַרברייטערט, באַרייכערט, פאַרשענערט און געמאַכט פאַר דער פּאָפּולערסטער הורט־פירמע. און נישט נאָר מיט ראָזשינקע, אָדער עפּל־ווין (אייגענע אויסאַרבעטונג) אויף קידוש און הבדלה, וואָס זיינע עלטערן האָבן געהאַט צו פאַרקויפן נאָר וואַרשע־ווער חסידים; — ער האָט טיפע, ריזיקע קעלערן איינגעאָרדנט, מיט די בעסטע ווייַנען פון אַלע לענדער, פון דער גאַנצער וועלט! פעסער און פלעשער מכל המינים, אויף וואָס סוחרים פון גאַנץ פּוילן, יידישע און פּוילישע, פלעגן קומען מאַכן גרויסע באַשטעלונגען. — איצט איז דאָס געשעפט אויפגעפּראַלט און פּוסט. דעמאָלירט און צערויבט. אפילו די טיפע קעלערן זענען אויסגערויבט.

אָבער אין שטוב, אויסערן אומאָרדענונג, פאַרסאַדזעטקייט און פאַר־שטויבטקייט, איז אַלץ ווי געווען: דאָס מעבל, די זילבער און קרישטאָלן, די קונסט־בילדער אויף די ווענט, די ווייכע פאָטעלן און קושעטעס, די טייערע דיוואַנען, געשליפענע שפּיגלען און זשיראַנדאָלן.

— בעסער וואָלט עס אַלעס צעבאָמבאַרדירט און פאַרברענט געוואָרן! עס וואָלט איצט לייכטער געווען דאָס אַוועקגיין. אָבער אַזוי...

אַלץ באַדויערט ער און אַלץ באַדויערט אים. עס דוכט זיך אים, אַז די גאַנצע שטוב און יעדער חפץ קוקט אויף אים מיט פאַרוווּנדערט־איבער־ראַשטע בליקן און פרעגט זיך: פאַרוואָס פאַרלאָזסטו אונדז? וואוהין גייסטו אַוועק? — — —

זינאַ האָט איינגעניייט דאָס פעקל וואַליוטע־פּאַפּירלעך אין בערישעס רעקל. דראָבנע צירונג און באַזונדערע שטיינדלעך — אין אירע און עסטו־שיעס קליידער. די מאַסיווערע גאָלד־שטיקלעך זענען שוין פון פריער גע־ווען פאַרקלאַפּט אין די אָבצאַסן און זוילן פון אַלעמענס שוכוואַרג.

זי האָט איצט מיט פיבערדיקע הענט באַטאַפּט יעדע זאַך און פעסט־געשטעלט, אַז עס איז נישט אויפפאַלנד.

די שאַפעס און קרעדענסן זענען איצט געשטאַנען אויפגעפּראַלט, ווי ברייט צעעפנטע פאַרווונדערטע מיילער. זי האָט געקוקט אויף די בייע קליידער און וועש, כלים און געשיר. אַלץ איז אַ שאָד איבערצולאָזן. אַלץ בעט זיך מיטצונעמען. אָבער ווי? וויפל קען מען עס טראָגן אויף די פּלייצעס?

און ווי נישט מיט קיין נאַפטאַלין און פערפומען וואָלטן די זאַכן געשמעקט, נאָר מיט אַ שטאַרקן פעפער, אָדער שמעק־טאַבאַק — איז איר ביטער געוואָרן אין נעזל, די מיט רויטע פעדעמלעך־פאַרוועבטע אויגן זענען פייכט געוואָרן און זי האָט זיך צעכליפּעט אין דער אָפענער שאַפע אַריין, ווי אין אַן ארון־קודש.

— זינאַ, זינאַ... — האָט בעריש געשאָקלט מיטן קאָפּ און, מאַכנדיק זיך האַרץ, גוטמוטיק געשמייכלט — דו ביסט דאָך שוין פון לאַנג דעצי־דירט געווען איבערצולאָזן אַלץ אויף הפקר און גיין... אָט איך האָב עס גאָר נישט געקענט פועלן ביי זיך. און צום סוף: איך בין רואיק און דו וויינסט...

און ווען אויך עסטושיאַ האָט, קוקנדיק אויף דער מאַמען, זיך ביטער צעוויינט, אויפן קול זיך צעכליפּעט, האָט זיך זינאַ האַסטיק אַ קער־אַוועק געגעבן פון שאַנק, ווי פון אַ טייערן מענטשן, מיט וועלכן זי מוז זיך שיידן, און זיך געווענדט אַן אַנטשלאָסענע מיטן פּנים צו דער טיר:

— קומט לאָמיר גיין!

און זי איז די ערשטע אַרויס פון שטוב.

כאַטש בעריש האָט גוט פאַרשטאַנען די לעכערלעכקייט דערפון, האָט ער דאָך, אַרויסגייענדיק פון שטוב דער לעצטער, פאַרשלאָסן די טיר און באַהאַלטן דאָס פּאַטענט־שליסעלע „יאַלע" אין וועסטל־קעשענע. אַזוי ווי ער וואָלט נאָר געדאַרפט אַוועקפאָרן געשעפטלעך אויף עטלעכע טעג און שפּעטער זיך אומקערן אַהיים...

אָבער טיף אין אים האָט עפּעס אַ טייוועלע, אַ לץ געחוזקט און געכיכי־קעט: פאַרשליס... פאַרשליס... באַהאַלט גוט דאָס שליסעלע... עס וועט שוין סיי־ווי מער נישט טרעפן אין שליסל־לאָך און דו וועסט שוין קיינמאָל מער נישט זען דיין היים... נישטאָ מער פאַר דיר קיין היים! — — — —

אין הויף, פאַרן טויער, איז זיי אַנטקעגן געקומען אַנטעק, דער סטרוזש. אַ רויטער, אַ באַטרונקענער. נישט קיין קליינעם חלק האָט ער געהאַט אין דעם באַרויבטן וויין־געשעפט... עס וועט אים נאָך קלעקן צו טרינקען און צו טרינקען לאַנגע חדשים.

— וווהין גייען מיינע הערשאַפטן?... איר פאָרט אַוועק?... — האָט ער געפרעגט מיט אַ גניביש שמייכעלע און מיט אַ געמאַכטער העפלעכ־קייט, אין וועלכער עס כוואַליעט זיך אומפאַרשעמטע חוצפּה.

בעריש האָט אים געוואָלט געבן די צוויי פּעק צו טראָגן. ער האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז דער שכור דאַרף נישט וויסן, ווו זיי גייען און תיכף באַשלאָסן אַליין צו שלעפּן די פּעק ביז מוראַנאָוו.

— ניין, אַנטעק — האָט בעריש געזאָגט מיט אַ טאָן, וואָס וויל צוּוויסן געבן, אַז ער איז נאָך באַלעבאָס און ער רעדט צו זיין סטרוזש — מיר פאָרן נישט אַוועק. עס איז אונדז דאָ נאָר לאַנגווייליק, גייען מיר אויף עטלעכע טעג צו אונדזערע קרובים, אויף דער קראָקעווער פאָרשטאָט. אין עטלעכע טעג אַרום וועלן מיר צוריקקומען. זע, אַנטעק, פּילעווע! זע, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג!

— איך וועל שוין פּילעווען!... עס וועט שוין זיין אין אָרדענונג!... — האָט אַנטעק געענטפערט מיטן זעלבן גניבישן שמייכל...

בערישן האָט אַנטעקס האַלטונג איבערראַשט: ער האָט זיך אפילו נישט פאַרגעלייגט אַליין אונטערצוטראָגן דעם באַלעבאָס פּעקלעך? אפילו קיין מינדסטע באַוועגונג דערצו נישט געמאַכט! ווען וואָלט עס אַנטעק גע־וואַגט? ווען איז ער פּעאיק געווען דערויף? און זיין שמייכעלע, דאָס שכור־לעך־גניבישע, האָט איצט אין בערישעס אויגן אויסגעזען נאָך פיל, פיל צינישער. אין אַנטעקס ווערטער און טאָן, האָט בעריש דערפילט דעם אמתן

מיין. דאָס לשון איז אים אָפּגענומען געוואָרן ווייטער צו רעדן מיט אים. עפּעס האָט אַ מיש געטון אין קאָפּ, אַ פֿאַרקלעם געטון דאָס האַרץ און די קני האָבן זיך צעציטערט. זיי האָבן זיך צעטומלטע דערווייטערט פֿון זייער הויז.

— ביסט גערעכט געווען, זינאַ... אפילו נישט פֿאַרגעלייגט זיך, די פּעקלעך אונטערצוטראָגן!

און ווייט, אין ענדע גאַס, האָבן זיי נאָך אַלץ געפֿילט זיין כיטרע־חוצפּהדיקן בליק, וואָס באַגלייט זיי און דאָס גניבישע שמייכל זיינס, וואָס בריט זיי די פּאַטילניצעס.

און אייגנטלעך, די ווערטער אַנטעקס, אין פּשוטן, פֿאַרשטענדלעכן זין גענומען, זענען דאָך געווען געהעריקע און אויפֿן אָרט: „איך וועל שוין פּילעווען. עס וועט שוין זיין אין אָרדענונג!" דאָס הייסט דאָך, אַז ער זאָגט־צו אויסצופֿירן דעם באַפֿעל פֿון זיין באַלעבאָס. און דאָך האָבן זיך אָט די ווערטער אַריינגעשרויפּט אין זייערע אויערן און שטעקן געבליבן ערגעץ צווישן האַרץ און דער קעל ווי פֿאַרזשאַווערטע שפּיצן.

זיי זענען געגאַנגען שווייגנדיק און שנעל. זינאַ האָט געהאַלטן עסטו־שיען ביים הענטל און בעריש האָט געשלעפּטביידע פּעק.

עס איז געווען אַ גאָלדיקער, שפּעט־האַרבסטיקער טאָג. בעריש דער־מאָנט זיך, אַז אין דער פּוילישער ליטעראַטור, אין דערציילונגען, לידער און ראָמאַנען, שטאָלצירן די שרייבער מיט דער שיינקייט פֿון פּוילישן האַרבסט. דער פּוילישער האַרבסט איז דער שענסטער!... בעריש אַליין האָט ליב געהאַט האַרבסט־צייט צו פֿאַרברענגען אין קאַזשימיעזש. אין טיפֿן האַרבסט איז אין קאַזשימיעזש דער „אָנגעלויף" שוין נישטאָ און די לאַנד־שאַפֿט איז אַזוי ווייטיקלעך און בענקענדיק שיין!... צי וועט ער נאָך זיין אַמאָל אין קאַזשימיעזש?...

אָבער איצט איז דער גאָלדיקער שפּעט־האַרבסט־טאָג אינגאַנצן אַן אַנדערער. סיי מיט דער שטימונג און סיי מיט זיין אויסזען: די פֿרישע, שאַרפֿע ווינטעלעך זענען געמישט מיט היץ־כוואַליעס פֿון די שׂרפֿות. די שמעקעדיקע ריחות פֿון די אַרומיקע וועלדער און פֿעלדער, געבראַכטע אויף די כוואַליעס פֿון ווינט און פֿון ווייסל, האָבן זיך אויסגעמישט מיטן שטיקנדיקן גערוך פֿון סמאַלינעס און עיפּוש.

די באַוועגונג אויף די גאַסן איז געווען אַ קליינע. יידן — גאָר ווײ־ניק. גיין אין די גאַסן מעג מען איצט. נאָר מען האָט מורא געכאַפּט צו

ווערן אויף אַרבעט. פּוילישע שכנים קוקן נאָך די קופּערשמידס מיט פּיל־דייטיקע שמייכעלעך. בעריש קען עס נישט פאַרשטיין: די גרעסטע מפּלה האָבן זיי דאָך איצט געליטן! פאַרלוירן די פרייהייט, די אומאָפּהענגיקייט, אויס באַלעבאַטים איבערן לאַנד, באַהערשט פון גרויזאַמען אָקופּאַנט. און דאָך מאַכן זיי עס אַזוי לייכט שלום דערמיט, ווי דאָס אַלץ וואָלט זיי נישט געאַרט. פאַרקערט, לויט זייער הייטערקייט טוט עס זיי הנאה... אָנשטאָט צו פילן דעם אייגענעם בראָך און חורבן, פילן זיי נאָר דעם נחת פון דעם, וואָס יידן אַנטלויפן אין פּאַניק!

דער דיקער, קאַסאָקער שכן מיט די פלאַקסענע וואָנצעס און פּנים פון אַ שמאַלציקן חזיר, וועלכער האָט זיין „וועגדליניאַרניע" (וורשטן־געשעפט) טאַקע ביי בערישן אין הויז, קומט אים איצט אַנטקעגן מיט אַ פּעט גע־לעכטערל:

— דאָ פּאַלעסטיני, צאָ?... יוזש דאַוונאָ טשאַ בילאָ יעכאַטש!... אָ טע־ראַז יוזש ניע דאַיעדזשיעש... זאַ פּוזשנאָ!... (קיין פּאַלעסטינע, וואָס?... שוין לאַנג געדאַרפט פאָרן... און איצט וועסטו שוין נישט דערפאָרן... צו שפּעט!...).

בעריש ענטפערט נישט. ער קריצט מיט די ציין. ער דערמאָנט זיך, אַז ערשט מיט צוויי מאָנאַטן צוריק האָט ער דעם זעלבן קיילער פינף הונדערט זלאָטעס געבאָרגט און נאָך דערצו וועקסלען זשירירט, ווייל יענער האָט געהאַלטן ביים באַנקראָטירן. אויסער דעם, האָט ער שוין אַ יאָר צייט ביי אים קיין דירה־געלט נישט גענומען.

— הערסט, זינאַ? אַזאַ טעמפּ און קנעכטיש קיילער־פּאָלק איז טאַקע נישט ווערט צו האָבן קיין פרייהייט! אָן דעם יידישן שאָדן וואָלט דווקא גוט געווען, וואָס אַ היטלער איז געקומען אויף זיי!

עס קומט אָן אַ דייטשער פּאַטרול. אַ שגצל לויפט־צו און ווייזט זיי אָן אויף די קופּערשמידס מיט אַ חניפה־שמייכעלע:

— יודע... טאָ יעסט יודע!...

בערישן פאַרהאַקט דער אָטעם. זינאַ ווערט עלעקטריזירט. עסטושיאַ פלאַטערט און טוליעט זיך צו דער מאַמען. דער פּאַטרול אָבער מאַרשירט פאַרביי, נישט לייגנדיק אינגאַנצן קיין אַכט אויף זיי.

זיי אָטעמען פרייער אָפּ און באַדעקט מיט שרעק־שוויס, פאַרשנעלערן זיי דעם טעמפּאָ פון זייערע טריט און איילן אַוועק אין דער ריכטונג צו מוראַנאָוו.

***

דאָס צימער, אין וועלכן מען האָט אַריינגעפירט די פֿאַמיליע קופּער־שמיד, איז אַ גרויס עס־צימער. אַזוי גרויס, אַז עס האָט געקענט זיין אַ טאַנץ־זאַל, אָדער אַ חתונה־זאַל. אָבער איצט זעט עס אויס גאָרנישט יום־טובדיק. אַזוי זעט אויס אַן אָפּגעלאָזט פּראָווינצער וואָקזאַלעכל, ווו מידע פּאַסאַזשירן וואַרטן אויף אַ צוג. איבער אַ דריי צענדליק מענטשן וואַרטן דאָ. פרויען, מענער, קליינע קינדער און אַן אַלט פּאָרפֿאָלק. זיי זענען צעזעצט און צעלייגט אויף די שטולן אַרום גרויסן, פּירעקיקן טיש, אויפן טאַפּטשאַן, אויפן בעט און אויף וואַליזן. כמעט דאָס גאַנצע צימער איז באַלייגט מיט געפּעק, מיט רענצלעך און רוקזעק.

די שטימונג ביי די מענטשן איז אַן אומרואיקע, אַ נערוועזע, אָבער נישט קיין טרויעריקע. דעם טרויער האָט מען איבערגעלאָזן אין די חורבע היימען און דאָ איז מען געקומען דעצידירטע צו נעמען דעם גורל אין די הענט אַריין און פּרווון מזל איבער גרענעצן... דערצו האָט די באַזונדער־קייט אין יעדער ווינונג געפּרעסט אויף די געמיטער און גרוליקער געמאַכט די דערוואַרטונגען. און דאָ, די צוזאַמענקייט פון אַ דריי מנינים יידן, האָט יעדן איינציקן דערמונטערט און אויפגעהייטערט.

נייגעריק באַטראַכט מען יעדן ניי־אַריינגעקומענעם. מען פרעגט אים: פון וועלכער גאַס, פון וועלכן הויז, פון וועלכער בראַנזשע. מען שניידט פון די גרויסע ברויטן און לאַנגע וורשטן, וואָס מען האָט זיך אָנגעגרייט אין די זעק און וואַליזן אין וועג אַריין. מען רויכערט, מען שמועסט, מען וויצלט זיך. דערביי נוצט מען אויס יעדע געלעגנהייט צו ווינטשן דעם שוואַרציאַר — אַ שוואַרצן סוף. אויף וואָס יידן ענטפערן אמן און ווייבער זיפצן טיף אָפּ.

אין אַ ווינקל דאַווענט אַ ייד מנחה און שאָקלט זיך מיט כוונה בעת דער שמונה־עשרה. אַ פרוי נעמט־איין אַ וויינענדיק קינד און שטאָפּט עס די ברוסט־וואָרצל אין מיילעכל אַריין. און אַ געשמינקטע, „אינטעליגענטע פּאַניענקעלע" לייענט זיך דערווייַלע, מיטן פולסטן ערנסט, אַ בוך פון פּי־טיגרילי...

אייניקע האָבן דערקענט די אַריינגעקומענע און זיך גענומען הויבן פון די ערטער:

— אַ, פּאַניע קופּערשמיד!... ביטע, קומט אַהער...

— מאַדאַם קופּערשמיד... דאָ איז פאַראַן פּלאַץ...

— אַך, אַך, אַך... מיט אַזעלכע מענטשן וועט עס טאַקע זיין אַן אָנגענעמע רייזע!...

— ווער וואָלט זיך גערעכנט, האַ?...

— נישט געזאָרגט, נישט געזאָרגט! דער הימל פאַלט נאָך נישט צו דער ערד. גאָט פאַרלאָזט נאָך נישט!

פאַר זינען מיט עסטושען איז געמאַכט געוואָרן פּלאַץ אויף דער קו־שעטע. בעריש האָט זיך אַריינגעקוועטשט צווישן צוויי יידן ביים טיש. ער האָט זיך דאָ באַלד דערפילט, ווי אַ יחוסדיקער יורד, אַ פּליט, אַן אורח אויף שבת... אייניקע גאַסן אינגאַנצן איז ער פון זיין אייגן הויז. פון זיין טייערער היים. נאָר אים דוכט זיך שוין, אַז ער איז ווייט, זייער ווייט, איבער גרענעצן און קיין וועג צוריק איז שוין נישטאָ.

אין אָוונט איז קיין ליכט אין צימער נישט אָנגעצונדן געוואָרן. דער עולם האָט זיך צעלייגט רוען, ווער ווו עס האָט פּלאַץ געפונען: אויף פּעק, אויף זעק, אויף וואַליזן, אויף שטולן, אויף דעם נאַקעטן פּאָל. פאַר פרויען און קינדער איז אָפּגעגעבן געוואָרן דאָס בעט און די קושעטע, ווו אַלע האָבן זיך אויסגעלייגט אין דער ברייט. צוויי קינדער, פאַר וועלכע עס איז שוין קיין פּלאַץ נישט געווען, האָט מען אויסגעבעט אויפן טיש. און באַלד האָט אויפגעשפּילט די סימפאָניע פון שנאָרכן און כראָפּען, באַגלייט פון אַ קרעכץ, אַ זיפץ און אַ קינדער־געוויין.

אויף זינאַ מיט עסטושען זענען געשמאַק געשלאָפן. נאָר בעריש איז זיצן געבליבן ביים טיש, מיט אַ שווער האַרץ און שווערן קאָפּ. אין האַרץ האָבן זיך נאָך די געפילן געקאָכט ווי אַ טאָפּ האַרטע קאַרטאָפל, וואָס מען קען זיי נאָך נישט פאַרדייען... און אין קאָפּ זענען די געדאַנקען געלעגן ווי שטיינער, שטום און שווער. בלויז די אויערן זיינע זענען געווען וואַך און אָנגעשפּיצט צום נאַכטיקן דרויסן.

איבערן מוראַנאָוו־פּלאַץ האָבן פון צייט צו צייט אַדורכגעהילכט שווערע זעלנער־שיך פון דייטשע פּאַטרולן. אַז אויטאָ איז אַדורכגעפאָרן מיט גערויש און איינזאַמע אייליקע פרויען־טריטלעך האָבן זיך צעשאָטן איבערן פוסטן טראָטואַר.

ביים שאַריען פון פרימאָרגן האָט בעריש געכאַפּט אַ דרימל. ווי לאַנג ער האָט געדרימלט, ווייסט ער נישט. עס האָט אים אויפגעוועקט אַ באַוועגונג און אַ גערויש אין צימער אַרום אים. ער האָט אויפגעריסן די אויגן;

עס איז נאָך גוט טונקל געווען. מענטשן האָבן שוין געהאַלטן זייערע זאַכן אין די הענט. מוטערס האָבן אָנגעטון פאַרשלאָפענע, וויינענדיקע קינדער, טאַטעס האָבן געשלעפּט די רוקזעק און וואַליזן צום אַראָפּגאַנג, אויפן הויף. אויך זינאַ מיט עסטושען זענען שוין וואַך געווען און געוואַרט, אַז בעריש זאָל נעמעןביידע פּעק.

פון דער נישט געשלאָפענער נאַכט האָט בעריש אין קילן, פרישן האַרבסט־פרימאָרגן געציטערט מיטן גאַנצן לייב, מיט דער געלבלעך־געגרונצלטער הויט. ער האָט זיך אויסגעצויגן, אויסגעקנאַקט די פאַר־זעסענע, צעווייטיקטע ביינער און גענומען די פּעק.

— נו, קום, זינאַ. מיטן רעכטן פוס אין גלות אַריין... צום אומבאַ־ווּסטן ציל...

— זאָל גאָט העלפן, בעריש, אַז אַלץ זאָל אַדורכגיין בשלום!

אויפן הויף זענען געשטאַנען דריי גרויסע פורן, משא־וועגענער, באַ־צויגענע מיט ברעזענטן, ווי אויפגעשטעלטע בוידן. שטיל, אָן טומל, האָט יעדערער געלייגט דעם באַגאַזש אונטער די בוידן און נאָכדעם אַליין אַריינגעקראָכן מיט ווייב און קינד, צו צוועלף מאַן אין אַ פור. די דריי פּאָר פערד האָבן געפּאַרעט, אומרואיק געהויבן די קעפּ און געקלאַפּט מיט די קאָפּיטעס אין אַספאַלט.

אין פאַרטאָגעדיקער שטילקייט האָט דער יידן־טאַבאָר געריִרט פון אָרט. די אײַזערנע רעדער האָבן אַרויסגערוישט פון שטיינערנעם קאַסטן־הויף, דורכגעשניטן דעם מוראַנאָווּ־פּלאַץ און זיך פאַרנומען אין דער ריכ־טונג צו דער ווייסל, צו פּראַגע.

קאַפּיטל 2

## אויף דער גרענעץ

אויפן שאָסיי וואַרשע—מאַלקין, צו דער גרענעץ פון סאָוועטיש־אָקו־פּירטן פּוילן, האָבן זיך געצויגן אָן אַ שיער פורן מיט אויפגעשטעלטע ברעזענט־בוידן.

און כאָטש עס איז געווען גוט באַוווסט, אַז מיט די־אָ טאַבאָר־וועגענער פאָרן אויסשליסלעך יידן, וועלכע האָבן קיין רעכט נישט צו פאָרן מיט דער אײַזנבאַן, האָט מען דאָך אָנגענומען פאָלגענדע פאָרזיכטס־מיטלען: די מיט

ספּעציפיש־סעמיטישע געזיכטער, מיט יידיש־מסורנדיקע נעז, האָבן זיך פאַררוקט טיף אין וואָגן, אונטער דער טונקעלער בויד. אין סאַמע פראָנט, ווו די בויד איז אָפן, האָט מען אויסגעזעצט בלאָנדע פרויען מיט „אַרישע" פּנימער און מיט שיקסע־טיכער אויף די קעפּ, פאַרבונדן ווי פויערטעס אויף יאַרידן...

ווען אַ דייטש האָט זיך פאַרגלוסט אָפּצושטעלן אַ וואָגן און אַ פרעג טון, ווער עס פאָרט דאָ, איז שוין געווען צוגעגרייט אַ שפּרוך. עס האָט זיך שוין געפונען אַ וואָרט, וואָס זעלטן ווער האָט עס פאַרשטאַנען, אָבער געווען איז דאָס דער פאַסיקסטער ענטפער:

— פליכטלינגע.

אַמאָל האָט אַ דייטש אַריינגעקוקט אין וואָגן, אַ פילדייטיקן שמייכל געטון און אַוועק. אַמאָל האָט זיך אים פאַרגלוסט צו הייסן אַלע „פליכט־לינגע" אויסשטייגן, רעווידירן די פּעק און „בעמען" זיך עפּעס „צום אַנ־דענקען". און אַמאָל האָט אַזאַ דייטש פריער מכבד געווען די „פליכט־לינגע" מיט אַ גראָבן שטעקן איבער די קעפּ, באַפוילן צו שרייען „הייל היטלער!" און דאַן זיך ערשט גענומען אייניקע ווערטזאַכן „צום אַנדענ־קען"... אין גרעסטן טייל זענען די דייטשן באַגלייט געוואָרן דורך פּאָ־ליאַקן, וועלכע האָבן געהאָלפן געבן קלעפּ און נעמען זיך עפּעס „צום אָנדענקען".

פאַרהעלטנישמעסיק איז אָבער דער ערשטער רייזע־טאָג אַריבער „רואיק". פאַרנאַכט־צו זענען די בוידן פאַרפאָרן אין אַ דאָרף, צו אַ פּוי־ערישער כאַטע, מיט אַ גרויסן הויף און סטאַדאָלעס.

די כאַטע האָט געהאַט אַ מאָדנעם אויסזען. עס איז שווער געווען פעסטצושטעלן: איז עס אַ וווינונג, אָדער אַ שטאַל? — קיין איין שטיקל מעבל איז דאָרטן נישט געווען. קיין שום אָנדייטונג פון הויז־ווירטשאַפט האָט זיך דאָרט נישט געפונען. דער גאַנצער פּאָל איז באַלייגט געווען, פון וואַנט צו וואַנט, מיט פרישן, שמעקעדיקן שטרוי, אויף וועלכן עס האָבן זיך אַ וואָרף געטון אַלע עטלעכע און דרייסיק מאַן און זיך אויס־געלייגט ענג, צוזאַמענגעדריקט, ווי צוזאַמענגעפּלאָכטענער געהילץ אין פּליטן, אויף אַ טייך.

אַן אַקטיאָר פון יידישן טעאַטער האָט ערשט דאָ געמוזט אַרויסווייזן זיין טאַלאַנט:

— איך פלעג אַמאָל דעקלאַמירן אברהם רייזענס אַ ליד: „אַ געזינט

זאַלבע אַכט און בעטן נאָר צוויי׳... און קומט אָן די נאַכט — ווו שלאָפן דאָן זיי?״... ווען דער אברהם רייזען וואָלט דאָ איצטער געווען, וואָלט ער שוין אַ גאַנץ אַנדער ליד געשריבן...

— ס׳איז גענוג, אַז איר זענט דאָ!... — האָט אים אַ נערוועזער יונגער־מאַן תיכף אָפּגעענטפערט — און דאָס, וואָס אברהם רייזען איז דאָ איצט נישטאָ, איז דווקא גלייכער!...

— פאַרוואָס איז גלייכער? פאַרוואָס זאָל אַ יידישער דיכטער נישט אָנקוקן און באַשרייבן אונדזער טראַגעדיע?

— און אַז ער וועט אייך שוין אָנקוקן און באַשרייבן, וועט זיך אייך דאָ שלאָפן ווייכער?... ס׳איז טאַקע גלייכער וואָס אברהם רייזען איז אין אַמעריקע, וועט דאָ זיין מיט איין קרבן ווייניקער!

דעם שמועס האָט קיינער נישט אונטערגעהאַלטן און ער איז תיכף אָפּגעהאַקט געוואָרן, נאָך איידער דער אַקטיאָר האָט געקענט באַווייזן זיין טאַלאַנט.

אויסגעלייגט האָט מען זיך נאָר, כדי צו פאַרכאַפּן אַן אָרט צום שלאָפן און אויסציען די פיס. ליגנדיק, האָט יעדער איינציקער אין זיך פעסטגע־שטעלט, אַז נאָך איין טאָג וואָגלעניש האָט מען שוין פאַרלוירן דאָס מענטש־לעכקייט, די פיין־דערצויגנקייט, די העפלעכקייט, די דזשענטלמענישע ריי־טערלעכקייט... דער עגאָאיזם איז אַרויסגעקראָכן ווי אַ פאַרזשאַווערטער שפּיץ פון אַ זאַק. מען איז נאָך צו דער גרענעץ נישט דערגאַנגען און דער היהשער אינסטינקט דיקטירט שוין צום כאַפּן און פאַרכאַפּן און זוכן זיך דאָס באַקוועמלעכערע אין דער אומבאַקוועמלעכקייט... וואָס־זשע וועט שוין ווייטער זיין?...

נאָך אַ פּאָר מינוט ליגן, ווי צו פאַרפעסטיקן זיך אויף די פאַרכאַפּטע שלאָף־פּאָזיציעס, האָט מען זיך צוריק אויפגעזעצט און מיט אַ גוטן אַפּעטיט זיך גענומען צו דער סעודה. ווידער האָט מען אַרויסגעפּאַקט פון די רוקזעק און וואַליזן די גרויסע ראַזעוואַנע קימל־ברויטן, מיט די לאַנגע ווורשטן, געשניטן פּענעצן און געטיילט דער משפחה. דערצו האָט די פּויערטע אַריינגעבראַכט אַ הייסע, פאַרענדיקע וויאַדרע קאַרטאָפל מיט שאָלעכטס און אַ גרויסן טאָפּ גרינע, ביטערע טיי, זיך צום דערוואַרעמען די קישקעס. אַלע האָבן זיך צוגעכאַפּט סיי צו די קאַרטאָפל און סיי צו דער טיי. און כאָטש יעדערער האָט ווידער אַ טראַכט געטון, אַז מען איז געוואָרן אוממענטשן און גיריקע כאַפּערס; — האָט מען דאָך געכאַפּט וואָס מער

און וואָס שנעלער און אין משך פון מינוטן זענען דער טאָפּ און די וויאַדרע געשטאַנען ליידיקע, ווי זיי וואָלטן געגאַפּט....

ביי דער פויערטע האָט מען זיך דערוווסט, אַז אַ העלפט פון דער נסיעה איז מען שוין איבערגעקומען. אַז דאָ, אין דאָרף, איז רואיק. אַז מען מעג זיך דאָ פילן זיכער און אויסשלאָפן זיך. און וואָס עס איז דאָרטן, ווייטער, ווייסט זי נישט. פורלעך מיט זשידקעס פאָרן הין און צוריק און מען דערציילט פאַרשידנס....

דערוואַרעמטע פון עסן און מידע פון אַ גאַנצן טאָג האָצקען זיך אין די בוידן, איבערן ברוקירטן שאָסיי, האָט זיך דער עולם באַלד צוריקגע־לייגט. מען האָט זיך איינגעניורעט אין דעם שמעקנדיקן שטרוי און באַלד פאַרגעסן אין וואָס פאַר אַ צייט מען לעבט, און אין וואָס פאַר אַ לאַגע מען געפינט זיך.

***

אין קאַלטן, גרויען נעפּל, ווי אין אַ געדיכטן, נאַסן וואָלקן, וואָס איז געהאָנגען צווישן נאַכט און טאָג, צוזאַמענגיסנדיק הימל און ערד, האָט זיך דער יידן־טאַבאָר ווידער אַרויסגעלאָזן אין וועג, פאָרזעצנדיק די רייזע צו דער גרענעץ. דער נעפּל איז אַזוי געדיכט געווען, אַז די בעלי־עגלות אויף די וועגענער האָבן נישט נאָר דעם שאָסיי, נאָר די אייגענע פערד נישט געזען. און ווען נישט דאָס האָצקעניש פון די פורן אויפן צעהויקערטן שאָסיי און דאָס קלאַפּן פון די אייזערנע רעדער אָן די ברוק־שטיינער, וואָלטן די פּאַסאַזשירן געקענט מיינען, אַז זיי שווימען אין אַ פינצטערער כמאַרע.

ביסלעכווייז האָט דער נעפּל גענומען צעריינען און עס האָבן זיך אָנ־געהויבן אַדורכצושפּיזן די שטראַלן פון דער זון. ווי פון וואַטע האָט זיך אַרויסגעוויקלט דער שאָסיי. עס האָבן זיך אָפּגעדעקט שטיקלעך פעלדער, עלנטע כאַטקעס און יונגע, שיטערע וועלדלעך, וועמענסביימער־קעפּ עס האָבן זיך נאָך געטשאַדעט אין רויך...

אויף הינטער די בוידן איז העלער און ליכטיקער געוואָרן. אין דער גרויקייט האָבן זיך גענומען אָפּטיילן געשטאַלטן, האָבן אָנגעהויבן אַרויס־בלייכן פּנימער און אַרויספינקלען אויגן. איינגעניורעטע, ציטערנדיקע פון שפּעט־האַרבסטיקער פרימאָרגן־קעלט, איז מען געזעסן געפּרעסט איינער צום אַנדערן און געשוויגן. דאָס שווייגן איז געהאָנגען שווערער, געדיכטער

און פינצטערער ווי דער נעפּל, און יעדערער איז אין אים געזונקען ווי אין אַן אָפּגרונט.

בעריש קופּערשמיד האָט פּלוצלינג דערפילט צווישן זיינע געשלאָסענע דלאָניעס זינאַס צאַרט און וואַרעם הענטל. ער האָט עס פעסט אַ דריק געטון און גענומען צו זיינע ליפּן.

— וואָס טראַכסטו, בעריש?... — האָט זינאַ אַ פּליסטער געטון, זיך טוליענדיק צו אים.

— וועגן אַנטעקן... וועגן אַלע אונדזערע פּוילישע שכנים... דו ווייסט, זינאַ? דער קאַסאַקער וואָרשטן־הענדלער איז געוואָרן גערעכט!...

— מיט וואָס?

— מיט דעם, וואָס יידן האָבן שוין לאַנג געדאַרפט פאָרן קיין פּאַלעסטינע, איך האָב נישט געוווסט דערפון! געמיינט, אַז דאָ איז מיין היים... אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָבן דאָ געלעבט, געבויט און געהאַנדלט. איך בין דאָ געבוירן און דערצויגן געוואָרן. געהאַט צענדליקער חברים און פריינט צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. געמיינט אַז איך בין אַ פּאָליאַק פון יידישן גלויבן... אַ גלייכבאַרעכטיקטער בירגער גלייך מיט זיי... עס איז געווען אַ פאַטאַלער טעות! פרעמדע זענען מיר דאָ געווען, ווי אַנגעפּאַרענע ציגיינער! מען האָט אונדז נאָר צייטווייליק געדולדעט. און איצט... זעסט ווי מיר זענען אויס!... און איך אַליין, פון יידן האָב איך זיך דערווייטערט, זיך אָפּט געשעמט מיט זיי און... קיין פּאָליאַק בין איך אויך נישט געוואָרן...

ער האָט גערעדט אָפּגעהאַקט, מיט הפסקות, און זינאַ האָט געהערט ווי עס קלאַפּן זיינע ציין. זי ווייסט נישט: איז עס פון קעלט, אָדער פון נערוון. נאָר דאָס קלינגען פון בערישעס ציין מאַכט זי אויך שוידערן. טוליעט זי זיך נאָך שטאַרקער צו אים:

— וואָס טראַכסטו וועגן זיי, בעריש? אַ סטרוזש בלייבט אַ סטרוזש און אַ קיילער בלייבט אַ קיילער! וואָס קענסטו פון כוליגאַנישע אַנטיסעמיטן דערוואַרטן? אָט אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן און גאָט וועט אונדז העלפן און מיר וועלן צוריקומען, דאַן...

— מיר וועלן שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען, זינאַ! אפילו ווען דאָס זאָל מעגלעך זיין... און ווען יאָ, ווינטש איך זיך, צו טרעפן פון מיין הויז אַ חורבה! דאָס איז נישט אונדזער היים, זינאַ, גערעכט איז געווען אליהו!...

— אליהו?... — האָט זיך זינאַ פאַרוווּנדערט.

— יאָ, זינאַ, איך האָב אים נישט פאַרשטאַנען. איך האָב שטענדיק געמיינט, אַז איך בין דער פּראַקטישער מענטש און ער — דער בעל־חלומות. צום סוף איז עס פאַרקערט... ער האָט זיך, מיט זיין טייל ירושה, אויפגעבויט אַ זיכערע היים אין תל־אביב, פון וואַנען קיינער וועט אים שוין נישט טרייבן. און איך?...

פאַר זינאַן איז דאָס געווען אַן איבערראַשונג. זי האָט שטענדיק געוווסט, אַז ביידע ברידער שטימען נישט צווישן זיך. בעריש איז געווען אַ פּראַקטישער געשעפטסמאַן מיט סוחרישע אַמביציעס. זי איז אָפּטמאָל אייפערזיכטיק געווען אויפן געשעפט, וואָס האָט צוגענומען בערישעס גאַנצע ענערגיע און, ווי איר האָט זיך געדוכט, זיין גאַנצע ליידנשאַפט, וואָס געהערט אייגנטלעך צו איר... דאַקעגן אליהו איז געווען אַ פאַרטייאישער היץ קאָפּ. פאַרזאַמלונגען און רעפעראַטן האָבן אים מער אינטערעסירט ווי דאָס געשעפט מיט אַלע קונים. ער האָט זיך אין געשעפט כמעט ווי נישט געמישט. קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער נישט געטון, נאָר געלט האָט ער גענומען. ער האָט אָפּטמאָל גענומען מער, וויפל עס קומט אים, נישט וועלנדיק אפילו וויסן פון קיין חשבון. דאָס האָט אָפּטמאָל געבראַכט צו קריגערייען צווישן די ברידער. אַ לאַנגע קייט פון קריגערייי האָט זיך געצויגן ביז זיין אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל. אָבער אויך קיין ארץ־ישראל, שוין נאָכן צעטיילן זיך מיט דער ירושה, האָט אים נאָך בעריש גרויסע סומען געלט אַריבערגעשיקט. עס האָט אים דאָרט אייביק צוגעפעלט: דאָ אויף אַ מגרש צו קויפן, דאָ — אויף אַ בנין אַרויסצוזעוודיקן, און צום סוף — אויף אַוועקצושטעלן דאָס געשעפט. אמת: אליהון איז איצט אַ סך בעסער ווי זיי. אָבער איז עס דען אַ דאַנק זיין חכמה, אָדער נבואה?

— איי, בעריש, בעריש... דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט... נישט מיר פירן אונדזער גורל, נאָר דער גורל פירט אונדז... אַ חכם האָט מען געקענט זיין... אויסרעכענען האָט מען געקענט?... נאָר וואָס איז איצט פאַר אַ צייט צו מאַכן אַ חשבון? דווקא איצטער, דאָ אין בויד, מוזסטו אונטער־ציען אַ סך־הכל?...

— יאָ, זינעטשקאַ, דווקא איצט! איך ווייס נישט, וואָס יעדע מינוט קען מיט זיך ברענגען. מיר זענען אַריינגעפאַלן אין אַ וויסטער מהומה. געשע־ענישן קומען איצט שנעל און איבערראַשנד. איז וואָס מיר האָבן זיך צו זאָגן, דאַרפן מיר זיך זאָגן איצט. שפּעטער קען אַמאָל זיין צו שפּעט!

— רעד נישט אַזוי, בעריש! עס איז מיר גענוג אָנגעזאַלצן אויף דער

נשמה אָן דעם. דיינע ווערטער קלינגען אַזוי, ווי דו וואָלסט געזאָגט, חלילה ווידוי...

— קען זיין...

— בעריש! — האָט זינאַ אַ צאַפּל געטון — פּייניק מיך נישט! איך האָב אַליין געגנוג חרטה, וואָס מיר זענען אַרויסגעפאָרן, וואָס איך אַליין האָב געשטויסן דערצו! עס איז מיין שולד!

— נאַרישקייטן זינאַ: מיין שולד, דיין שולד... עס איז די שולד, וואָס מיר זענען יידן. אָבער אין דערוואַרטונג אויף אַלץ, וואָס עס קען געשען, דאַרף מען זיין ניכטער. מלחמה איז מלחמה... מיר גייען איבער אַ גרענעץ. סורפּריזן קענען זיך מאַכן... מען קען זיך, חלילה, פאַרלירן, צעשיידט ווערן, איז... מוזן מיר זיך כאָטש אָפּרעדן... וויסן אַן אָרט, וווהין מיר זאָלן קומען, ווו זיך צו זוכן, ווו זיך צו טרעפן, ווו צו וואַרטן איינער אויפן אַנדערן...

זינאַ האָט אַרויסגענומען איר האַנט פון זיינע, זיך געווישט די טרערן און געגלעט עסטושעס קעפּל. עסטושיאַ האָט זיך צוגעהערט צו די טרויעריקע רייד פון טאַטע־מאַמע, נישט אַלץ פאַרשטאַנען, אָבער דערפילט, אַז עפּעס איז דאָ אומהיימלעך און שרעקלעכס אין טאַטנס ווערטער. אַנדערש וואָלט דאָך די מאַמע נישט געוויינט. עס איז איר געוואָרן אַזוי טרויעריק עסטושיען, אַז זי האָט זיך אַזש נישט אַריינגעמישט מיט אירע קאַפּריזן אין זייערע רייד אַריין, ווי איר טבע איז. זי האָט איצט געשוויגן, געהערט און געציטערט פון קעלט. דער מאַמעס קושן האָבן איר נאָכמער געמאַכט פילן, אַז עפּעס איז דאָ אַ גרויס אומגליק. זי וואָלט איצט אייגנטלעך אויך גערדאַרפט וויינען, קען זי נישט און ווייסט נישט, פאַרוואָס. זי קנייפּט זיך אַזש צוליב דעם, וואָס זי דאַרף איצט וויינען און קען נישט...

נאָך בערישעס לעצטע ווערטער האָט זינאַ ערשט באַנומען די גאַנצע גרויליקייט פון זייער לאַגע. ביז איצט האָט זי געוווסט, איז צרות און געפאַר. אָבער אין יעדער נויט איז זי מיט בערישן צוזאַמען. וועגן דער מעגלעכקייט, אַז זי קען אַמאָל בלייבן עלנט, אָפּגעשיידט פון בערישן, איז איר אפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען. ווי וועט זי קענען עקזיסטירן אָן אים? ווער וועט זיי פאַרזאָרגן? ווער וועט זיי באַשיצן? פאַרלירט זי בעריש, פאַרלירט זי דאָך די גאַנצע וועלט! אָבער עס איז דאָך פאַרט מעגלעך אין אַזאַ מהומה־צייט. פאַרוואָס איז דאָס איר גאָר נישט איינגעפאַלן?!

זיינע ווערטער זענען דורכגעלאָפן איר האַרץ און מוח ווי אַ שטורעם אין אַ יונג וועלדל. זי איז זיצן געבליבן אַ דערשיטערטע.

— אַלץ איז מעגלעך, אַלץ איז מעגלעך! — האָט זי געשטאַמלט — ביסט גערעכט, בעריש, ביסט גערעכט. — און זי האָט זיך שוין דערפילט אַן עלנטע, אַן אָפּגעשיידטע פון אים, איבער אַ גרענעץ, אין אַ ווייט, פרעמד, מהומהדיק לאַנד. אָט זיצט ער דאָך נעבן איר און גלעט נאָך אירע האָר, אָבער איר דוכט זיך, אַז ער איז שוין ערגעץ ווייט־ווייט! צווישן זיי איז אַ וואַנט אויסגעוואַקסן, אַ קאַלטע, טויבע וואַנט!

— עס האַלט נאָך נישט דערביי, זינעטשקאַ... — האָט בעריש, דער־זעענדיק איר פאַרלוירנקייט, זי געוואָלט טרייסטן — אָבער עס איז גוט, זיך אָפּצורעדן... אויף יעדן פאַל... טאָמער טרעפט, אַז מיר צעשיידן זיך, אַז מיר פאַרלירן זיך, איז... צו אליהו! קיין ארץ־ישראל... הערסט, אַהינצו זאָל מען פאָרן! מיט אַלע כוחות זיך רייסן נאָר אַהין! אַז מיר וועלן לעבן, וועלן מיר זיך דאָרטן טרעפן...

זיין שטים האָט געקלאָגט ווי אַ וויאָליאָנטשעל און זיך געגאָסן אין איר בלוט אַריין מיט אימה.

דער נעפּל איז שוין לאַנג צערונען, און די לעבלעכע שטראַלן פון דער אָפּגעשייערטער קופּער־זון האָבן אויסגעלעקט די לעצטע זילבער־טראָפּנס פון גראָזן און בלעטער. די פערד האָבן פריילעכער זיך צעהיר־זשעט, ריטמישער געקלאַפּט מיט די פּאַדקאָוועס אָן די ברוק־שטיינער און געפּאַרעט מיט דער גאַנצער פעל. די פורלעך האָבן זיך געהאָצקעט און די צעטרייסלטע פּאַסאַזשירן אונטער די בוידן זענען אַלץ אומרו־איקער און נערוועזער געוואָרן.

פון דער גרענעץ־ריכטונג האָבן זיך אַנטקעגנגעהאָצקעט אויפן שאָסיי עטלעכע פורן מיט אויפגעשטעלטע בוידן. דער עולם האָט גענומען אַרויס־שטעקן די שפּיץ־נעזער, נייגעריק אַרויסבליקן דורך די לעכער פון אַלטן ברעזענט און תיכף דערקענט, אַז די אַנטקעגנפאָרנדיקע זענען משלנו־דיקע... עמך... יידישע בוידן!...

ווען די קאַראַוואַנען האָבן זיך באַגעגנט, האָט מען זיך אַריבערגעשריען איינע צו די אַנדערע:

— וואָס איז געשען?

— אַ מהומה! אַ צעמישעניש! סדום!

— פאַרוואָס פאָרט איר צוריק?

— פון פייער, אין וואַסער!
— יידישע קדחת!
— מען לאָזט נישט אַריבער?
— מען לאָזט! מיר קומען שוין פון יענעם גן־עדן!...
— משוגעים! וווהין פאָרט איר???
— משוגעים! און וווהין פאָרט איר???
— מיר, פון גיהנום אַרויס! און איר?
— פאָרט־פאָרט! איר וועט זיך אויך רייסן צוריק!...
— ווּשענדזשע דאָבזשע!...

די קאַראַוואַנען האָבן זיך צעשיידט און דערווייטערט. לאַנגע מינוטן איז דער עולם זיצן געבליבן אַ פאַרטשמיעליעטער, מיט פאַרחלשטע הער־צער און אָפּגענומענעם לשון. שפּעטער האָט זיך אַ פּחדפולער פליסטערן צעטראָגן אונטער דער בויד, ווי פלעדערמייז וואָלטן אַרומגעשוועבט איבער די קעפּ:

— וואָס טוט זיך דאָ?
— פאַרוואָס לויפן יידן צוריק?
— מען קען דאָך משוגע ווערן!

נאָך אַ פּאָר פורלעך זענען אַנטקעגנגעקומען.

— פון וואַנען?
— פון דער גרענעץ!
— פאַרוואָס צוריק?
— מען נעמט אַלץ צו! מען באַרויבט ביזן לעצטן פאָדעם!
— אַ כפּרה די זאַכן, אַבי אַרויס!
— איר ווילט אַריבער די גרענעץ ווי די מאַמע האָט אייך געהאַט? פאָרט! איר וועט נאָך קריגן אַ פּאָר זבענקעס דערצו!...
— מען שלאָגט?
— וואָס דען, מען קושט?...
— מכות רצח!!!

און ווידער האָבן זיך די פורלעך דערווייטערט, און ווידער איז דער עולם שטום געבליבן. אין די מוחות האָבן שוין נישט אויפגעהערט שטשו־רעס צו גריזשען די געהירן. און דאָס קלאַפּן פון די הערצער האָט מען מיט די אויערן געקענט דערהערן.

— בעריש, אפשר זיך אומקערן צוריק, כל־זמן עס איז נאָך מעג־לעך? — האָט זינאַ איבערגעריסן דאָס שווייגן.

— נישטאָ מער קיין צוריק, זינאַ! — האָט בעריש געענטפערט, ווי מיט דער דיקסטער סטרונע פון זיין וויאָליאָנטשעל־שטימע. — פאַרברענט זענען הינטער אונדז אַלע בריקן! דו אַליין, זינעטשקאַ, האָסט פריער זייער גוט געזאָגט: ביז איצט, האָבן מיר געקירעוועט מיט אונדזער גורל, איצט קירעוועט דער גורל מיט אונדז!... אַז אַ זייגער שטייט, שטייט ער! נאָר דרייט מען אים אָן און מען לאָזט אים אין גאַנג, מוזן זיך שוין די ווייזערס באַוועגן פאָראויס, אַזוי לאַנג, ביז זיי וועלן ערגעץ אויפן ציפערבלאַט אַמאָל שטיין בלייבן...

— וואָס טויגן מיר די משלים, בעריש? אָט פאָרן דאָך מענטשן צו־ריק!... חרטה געהאַט און שוין! ווייזערס פון אַ זייגער קען מען דאָך אויך צוריקדרייען...

— וועסט צוריקדרייען, וועסטו בלייבן שטיין אויף אַ פאַלשן ציפער... וועסטו נאָכמער פאַרשפעטיקן... דיווירקלעכקייט איז שוין אַן אַנדערע... און ווילסטו, וועל איך דיר געבן אַן אַנדערן משל: אַ קויל, וואָס ווערט אַרויסגעשאָסן פון איר ביקסן־מאַגאַזין, האָט שוין קיין ברירה נישט און מוז פליען... פליען ביז צעריסן צו ווערן, ביז חורבן!

— בעריש! מיר האָבן נאָך אַ ברירה!

— קיין שום ברירה נישטאָ! קיין שום צוריק! מיר מוזן שוין פליען וווהין און ווי לאַנג דער אימפעט וועט אונדז טראָגן!

⁂

מיטן פאַרנאַכט האָט ווידער געניִדערט אַ נעפּל, נאָך געדיכטער, נאַ־סער און חושכדיקער ווי באַגינען. די בוידן זענען פאַרפאָרן פאַר דער מאַלקינער באַן־סטאַנציע און שטיין געבליבן. דער עולם איז אויסגעשטיגן גלייך, צעקנאָדערט, ציטערנדיק פון קעלט און אויפרעגונג. ווער עס האָט גענומען דעם רוקזאַק אויף די פּלייצעס, ווער — אַ קינד אויפן האַנט. אַרומגעדרייט זיך צעטומלטע, קוקנדיק מיט צעשראָקענע האָזן־אויגן אין דער געדיכטקייט פון נעפּל.

— אָט דאָ, גייט גלייך מיטן שאָסיי! ס׳איז אינגאַנצן אַ האַלבער קילאָ־מעטער גאַנג! — האָבן די פורמאַנעס געטייטלט מיט די בייטשן אין נעפּל אַריין.

צום גליק איז אָנגעקומען אַ צוג. דער וואַרשעווער צוג מיט אַרישע פּאַסאַזשירן. די אַרישע צוגס־פּאַסאַזשירן און די יידישע טאַבאַר־פּאַסאַזשירן האָבן זיך איצט אויסגעמישט אונטער דער פינצטערער חופּה פון שלייערדיקן, קאַלטן נעפּל און, ווי אַ שוואַרצער שטראָם, אַ פלייץ געטון אין איין ריכטונג.

בעריש, מיט בײדע צוזאַמענגעבונדענע פּעק איבערן אַקסל פאַרוואָרפן, איז געגאַנגען אין מיטן, האַלטנדיק פעסט די אָרעמס פון זינען און עסטושען, ווי נישט צו פאַרלירן זיי אין דער קלעפּיקער, גרויליקער פינצטערניש.

דער וועג האָט לאַנג נישט געדויערט. די קעלט און דער פּחד האָבן געטריבן צו גיין מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. עס האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוטויכן פייערלעך און אַנטקעגנגלאַנצן מיט שנאה און פאַרראַט.

געדעמפּטע שטימען האָבן זיך צווויסן געגעבן:

— די גרענעץ!

— דײַטשע וואַך!

— רעוויזיע!

און בעריש האָט דערפילט, ווי אַ קאַלטער שווייס באַדעקט זיין לײַב. גרויסע טראָפּנס האָבן זיך אונטער זיין העמד צעפויזעט, ווי זשוקעס מיט שאַרסטקע פיסלעך...

— האַלט!!! — האָט זיך אַ קוויטשיקע מוח־שטימע צעשריען ערגעץ פון נעפּל אַרויס.

קיינער האָט נישט געזען דעם בעל־דבר פון דער שטימע, נאָר יעדערער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ דײַטש און איז אינסטינקטיוו שטיין געבליבן. מען איז שטיין געבליבן נישט צוליבן באַפעל, נאָר דערפאַר ווייל די גרילציקע מוח־שטימע האָט ווי אויסגעלאָשן די מאָטאָרן, וואָס האָבן די פיס געטריבן אין באַוועגונג. די שטימע האָט געהאַמעוועט זייערע טריט און צוגעשמידט צו די ערטער.

נאָכדעם זענען שוין געפאַלן איין קאָמאַנדע, נאָך דער אַנדערער. אין דער פינצטערניש האָט זיך דער עולם צעשטופּט הינטערווייַלעכטס, זיך געוואָלט דעקן איינער מיטן צווייטן און נישט געוווסט ווו זיך אַהינצוטון. באַלד אָבער האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז אַליין נישט־וויסנדיק ווען און ווי אַזוי, האָט מען זיך אויסגעשטעלט אין רייען צו פיר מאַן און מען שטייט שוין ווי אַ פאָלק סאָלדאַטן. דער שפּיץ פון פאָלק שפּאַרט אָן ביי דער

באַלויכטענער כאַטע, נעבן וועלכער עס ליגן בערג מיט אָנגעשאָטענע מלבושים און חפצים און ווו אַ צענדליק דייטשן קוויטשען מיט מוח־שטי־מען, פּאַכען מיט שפּיץ־רוטן איבער די קעפּ, רעווידירן און זעצן מיט די שטיוול אין בייכער און אין הינטנס אַריין. דעם סוף פון פאָלק זעט מען נישט. ער איז ערגעץ פאַרטרונקען אין חושך און אין נעפּל.

— כ׳וואָלט שוין געוואָלט האַלטן נאָכן זעץ מיטן שטיוול... — רופט זיך אָן דער יונגערמאַן, וועלכער שטייט נעבן בערישן, אַלס פערטער אין דער ריי — ווייל איך וויסן, אַז דאָס איז געווען דער לעצטער קלאַפּ פון טייוול!

— און נאָכדעם?

— פייף איך אויף זיי!... איר זעט? אַ פּאָר מעטער ווייטער איז שוין דער נייטראַלער פּאַס... דאָרטן האָבן זיי שוין קיין שליטה נישט!... ווי נאָר מען שטעלט אַריבער אַ פוס אויפן נייטראַלן פּאַס, איז מען פּטור פון זיי! איר קענט זיי שוין אפילו אַרויסשטעקן אַ צונג אויך!...

די רייען האָבן זיך גערוקט פאָראויס. נישט אַלע זענען רעווידירט געוואָרן. אַ סך זענען אָפּגעקומען „בלויז" מיט אַ שמיץ פון שפּיץ־רוט אין פּנים אַריין און זענען גלייך אַריבער די גרענעץ.

— געדענק־זשע נאָכאַמאָל, זינעטשקאַ... און דו, עסטושענקאַ, גע־דענק — האָט בעריש געקלונגען מיט די ציינער — ווי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָלט איר נאָר שטרעבן קיין תל־אביב! צום פעטער אליהו! דאָרטן...

— קאָם הער!

בעריש האָט נאָך נישט באַוויזן אַפּירצוגעמען די הענט פון זינעס און עסטושעס אָרעמס און ער האָט דערפילט אַ שאַרפן שניט איבערן פּנים מיט אַ רימענעם שפּיץ־רוט. אַלע לאָמפּן האָבן זיך פלוצלינג פאַר אים אויסגעלאָשן און אין דער פעכיקער שוואַרצקייט האָבן זיך בלוטיקע רע־דער גענומען דרייען. ער האָט דערהערט זינעס אַ היסטערישן קוויטש, עסטושעס אַ גרויליקן געוויין, דערפילט אַ האַסטיקן שלעפּ פון פאָרנט, אַ שטויס פון הינטן און ער איז אומגעפאַלן מיטן געפּעק אין אַ גליטשי־קער געדיכטקייט.

— אַופשטיין! אַופשטיין! דאָנערוועטער! — האָבן זיך מוח־שטימען ווי הינט צעהאַווקעט. און איבערן גאַנצן לייב האָבן זיך אים אַ שאָט געטון טעמפּע קלעפּ פון מיט אייזן־באַקאָוועטע שטיוול.

בעריש האָט געטאַפּט די בלאָטיקע ערד, וועלכע האָט זיך געוויגט

אונטער אים ווי אַ שיפל אויף אַ צעשטורעמט וואַסער. ער האָט זיך קוים אויפגעהויבן אַ שכורלעך־וואַקלענדיקער, מיט אַ שרפנדיקן ווייטיק אין פּנים און אין די זייטן. אַ לאַנגע צייט איז אים נאָך פינצטער געווען פאַר די אויגן און ער האָט נישט באַנומען די היסטעריש־גרילצנדיקע מוח־שטימע־לעך. ביסלעכווייז האָבן ווידער געגומען אַרויסטויכן פון נעפּל די עלעקטרי־שע לאָמפּן און בעריש האָט צוריקגעוווּנען זיין גלייכגעוויכט.

אַ יונג, בלאָנד־באַוואָנסעט דייטשל מיט מילדע, בלויע, אומשולדיקע אויגן, האָט אים אַריינגעלאָכט אין פּנים אַריין:

— דאָס איסט ניקס!... זי קאָמען באַלד צו די רוסן... יודאָ־קאָמונאַ־יערוזאַלעם!... געלט, גאָלד, שמוק, אַלעס העראַוסשמייסן היר! — האָט ער געטייטלט מיטן שפּיץ־רוט צום טיש, אַרום וועלכן נאָך אייניקע מאַן זענען געשטאַנען און אַרויסגעלייגט פון די קעשענעס.

פאַרן טיש האָט אַ צווייטער דייטש געהאַלטן אין איין איבערחזרן, אַז ווער עס וועט נישט אַרויסלייגן אַלץ און מען וועט ביי אים געפינען ווערט־זאַכן, דער וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

— קאָם הער, יודע־שוויין! — האָט דאָס בלאָנד־באַוואָנסעט דייטשל מיט די בלוי־מילדע, אומשולדיקע אויגן, צוריקגערופן בערישן, ווען ער האָט שוין, נאָכן אַרויסלייגן אַלץ פון די טאַשן, גענומען זוכן דעם וועג צוריק, צו זינגען און עסטושיען.

— האָסט דו אַלעס העראַוסגעשמיסען?

— אַלעס.

— האָסט דו מער ניקס?

בעריש האָט געשוויגן.

— זזזאָ... — האָט זיך דאָס דייטשל ליבלעך צעשמייכלט און מיט אַ גימנאַזיסטישער העפלעכקייט צוגעגעבן: — צייג־מאַל יודע־שוויין, צייג־מאַל... — און גענומען אים באַטאַפּן די קליידער. ער האָט עס געטון שפּאַ־סיק, שטיפעריש, אפילו מיט אַ שקאָצישן חן...

ווען ער איז צוגעקומען צום רעקל, האָט זיך בעריש דערמאָנט אַן דעם פּעקעלע וואַליוטע, וואָס זינאַ האָט דאָרטן אַריינגענייט. זיך מודה זיין וועגן דעם איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. די נייע, האַרטלעכע באַנקנאָטן האָבן שוין געקנאַקט אין דעם דייטשלס הענט...

— זזזאָאָאָ... יודע־שוויין!... — האָט דאָס דייטשל נאָך אַלץ אַזוי מילד און אומשולדיק געשמייכלט, שפּילנדיק זיך מיטן פּעקעלע נייע אַסיגנאַ־

ציעס. און פונקט אַזוי מילד־שמייכלענדיק, האָט ער מיטן פּעקעלע אַסיגנאַ־ציעס אויסגעפּאַטשט בערישעס ביידע בלייך־פאַרשטייפטע באַקן.

בעריש איז זיכער געווען, אַז מיט דעם ענדיקט זיך עס און געטראַכט: „מיין כפרה איז ער מיט די אַסיגנאַציעס אינאיינעם!". ער האָט איצט גע־וואַרט אויפן זעץ מיטן שטיוול אין הינטן אַריין און, צוזאַמען מיט ווייב און קינד, פּטור ווערן פון דעם גיהנום.

דאָס דייטשל אָבער האָט זיך נישט געאיילט. ער האָט רואיק אַוועקגע־לייגט די אַסיגנאַציעס מיטן שפּיץ־רוט און מיט אַ צופרידענער יינגליש־שטיפערישער מינע אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער פון טאַש.

עס האָט אויסגעזען ווי אַ וויץ. אַ יעקע וויל זיך אַ ביסל לוסטיק מאַכן און אַ שפּאַס טון איבער אַ צום טויט־דערשראָקענעם ייד. האָט ער גענומען מיטן רעוואָלווער מאַניפּולירן און, מיט אַ חנעוודיקן געלעכטער, אים גע־פירט איבער בערישעס פּנים: ער האָט קודם־כל צוגעדריקט פעסט דעם רעוואָלווער צו בערישעס נאָז, שפּעטער — אַריבערגעפירט צו די שלייפן, צום נאַקעטן קאַרק, צום האַרץ און ווידער צום קאָפּ...

בעריש האָט פאַרשטאַנען, אַז דווקא ווייל דאָס דייטשל שפּילט זיך, וועט ער נישט שיסן... און פילנדיק דעם קאַלטן שטאָל אויף זיין פּאַטילני־צע, האָט ער מיט פאַרלאָפענע אויגן געקוקט צום המון, זוכנדיק זיינען און עסטושיען. ער האָט זיי געוואָלט מיט אַ בליק צוזוויסנגעבן, אַז זיי זאָלן זיין רואיק... אַז דאָס שמייכלענדיקע דייטשל שפּילט זיך נאָר אַזוי מיט אים, אָבער ער וועט נישט שיסן... און נאָך האָט ער געוואָלט דערמאָנען מיטן בליק: אַז ווי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָלן זיי געדענקען, וואָס מען האָט אָפּגע־רעדט... אַז נאָר קיין תל־אביב, צו אליהון....

דער עולם איז געשטאַנען מיט פאַרשטיקטן אָטעם, פאַרשטיינערט. ווי יע־דער איינער וואָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן, ווי לוטס ווייב, אין אַ שטיק זאַלץ.

— זאָ!... היר!... — האָט דאָס דייטשל אויסגעשריען מיט זיין לוסטיק מוח־שטימעלע, ווי ער וואָלט ענדלעך דערטאַפּט און אויסגעקליבן דאָס פּאַסיקסטע אָרט, וווּ אַריינצוזיאָגן די קויל.

אויפן אָפּהילך פון רעוואָלווער שאָס, האָט זיך דער עולם אַ צעוויג געטון. און ווען בעריש קופּערשמיד האָט זיך אַ וואַקל געטון און אומגע־פאַלן ווי אַ שווערער זאַק, האָבן זיך ספּאַזמאַטישע קולות יאָמערלעך צע־שרויפט אין נעפּל אַריין. און גרויליקער פון אַלע — די קולות פון זינען און עסטושיען.

דאָס דייטשל האָט זיך אומגעקוקט מיט נאַאיווער פאַרוווּנדערונג, ווי ער וואָלט גאָרנישט פאַרשטאַנען, וואָס דער עולם שרייט אַזוי. אָבער באַלד איז ער ערנסט געוואָרן, צערייצט, מיט אַ טיגערישער רציחה. ער האָט גע־כאַפּט זיין שפּיץ־רוט און גענומען שמייסן אויף רעכטס און אויף לינקס. אים צו הילף זענען געקומען דער גאַנצער צענדליק דייטשן מיט באַגנעטן, ביקסן־קאָלבעס, שטיוול־בריקעריי און גרילציקע קולות:

— וואָס איסט לאָס?!

— לאַופען! לאַופען!!!

— האָפּ־האָפּ!!!

דער צעטומלטער עולם האָט זיך גענומען שיטן צום נייטראַלן פּאַס. זינאַ איז געפאַלן אין אָנמאַכט און עסטושיאַ האָט זיך קראַמפּהאַפט געקליאַ־מערט צו דער געחלשטער מוטער. דער עולם האָט זיך געשאָטן איבער זיי מיט אַ יאָמערלעכן רעווען. אַריבערגעפאַלן, אַריבערגעטראָטן און זיך גע־טראָגן ווי אַ סטאַדע צעווילדעוועטע אָקסן פון אַ שעכט־הויז אַרויס.

די לעצטע גרופּן מענער האָבן מיטגעכאַפּט זינען מיט עסטושיען אויף די הענט און מיטגעשלעפּט מיט זיך אין נעפּל אַריין.

דער שמאָלער פּאַס פון קיינעמס־לאַנד איז געווען באַלייגט מיט טויזנ־טער מענטשן. אַ סך משפּחות ליגן שוין דאָ צו עטלעכע מעת־לעת. די דייטשן האָבן אַרויסגעלאָזט און די סאָוויעטן לאָזן נישט אַריין. ווייקט מען זיך מיט ווייב און קינד, מיט זאַק און פּאַק אין ליימיקער בלאָטע, אונטערן קאַלטן, געדיכטן נעפּל. צענדליקער דעלעגאַציעס זענען שוין צו דער גרע־נעץ־וואַך געגאַנגען, געבעטן איבערשיקן טעלעגראַמען קיין מאָסקווע, אין קרעמל אַריין, צו סטאַלינען, צו מאָלאָטאָוון. טויזנטער הונגעריקע, אין קעלט, נעץ און שמוץ! עס קען אויסברעכן אַן עפּידעמיע! הונדערטער קראַנקע קינדער! עפנט די גרענעץ! לאָזט אַריין!

דערווייל איז נאָך פון מאָסקווע קיין ענטפער נישטאָ. יחידים, וועלכע קענען, באַצאָלן, געפינען זיך שוין גרענעץ־שמוגלער, וועלכע פירן זיי שוין אַריבער מיט פאַרשידענע אומוועגן. דער גרעסטער טייל ליגט אין אויפ־רעגונג און פאַרצווייפלונג. טייל קלייבן זיך שוין אין גרופּקעלעך, צוריק־צופאָרן קיין וואַרשע, טייל וואַרטן אויף אַ נס.

זינען האָט מען דערמינטערט און דריי מאָל איז זי ווידער פאַרגליווערט געוואָרן, ווי אַ שטיק האָלץ. זי ליגט אויף אירע צוויי פּעק,

וואָס מענטשן האָבן אַריבערגעבראַכט. צוויי פּליטים־דאָקטוירים זײַנען כּסדר געבויגן איבער איר און פּאָרען זיך אין אַנגסטן. אַלע אַרומיקע נעמען אָנטייל אין ראַטעווען זײַנען. ווער עס ברענגט וואַלעריאַן־טראָפּנס און ווער — אַ פלעשל קעלניש־וואַסער. זײַנאַ עפנט אַ פּאָר פאַרווירטע אייגן און שליסט זיי תיכּף צוריק. עס זעט אויס, ווי זי וואָלט אפילו נישט געהערט עסטושיאַס ספּאַזמען.

— מ׳דאַרף זי אָפּטראָגן צו דער גרענעץ־וואַך!

— זאָלן זיי אַרויסרופן גיכע הילף!

— זי וועט דאָך דאָ, חלילה, אויסגיין!

— העלפט, יידן! העלפט!

עטלעכע מענער האָבן אַ נעם געטון זײַנען, עסטושיען און די צוויי פּעק, צוגעטראָגן צו דער סאָוויעטישער גרענעץ־וואַך און אַוועקגעלייגט פאַר זייערע פיס:

— טוט מיט זיי, וואָס איר ווילט!

— אויף אייער געוויסן!

⁂

די פּעכיק־שוואַרצע נאַכט האָט זיך, מיט קעלט און נעץ געגעסן אין די ביינער אַריין. דאָס איז שוין נישט געווען מער קיין נעפּל, נאָר אַ דריבנער, געדיכט־זיפּנדיקער, קאַלטער רעגן, וואָס האָט זיך כּסדר געשטאַרקט.

דאָס ליכט ביי דער כאַטע פון דער דייטשער גרענעץ־וואַך איז שוין פון לאַנג געווען אויסגעלאָשן. אויך די דייטשן מיט זייער רויב זענען אַוועק. אין דער צייט קומען נישט קיין צוגן קיין מאַלקין און אויך זעלטן ווייזט זיך אַ יידישע פור. צוליב איינציקע אַריבערלויפער לוינט זיך זיי נישט צו ווייקן אין רעגן.

אויף דער מינוט האָבן טאַקע געוואַרט אַ גרופּע שאָטנס אין דעם דערבייאיקן וועלדל. זיי זענען איצט נאָכגעגאַנגען פוס־טריט די צוויי פּוילישע גרענעץ־שמוגלער, וועלכע דאַרפן, אויסמיידנדיק ביידע וואַכן, אַריבערפירן זיי די גרענעץ. צופירן ביז דער באַן־סטאַנציע אין שטעטל זאַרעמבאַ־קאָשטשעלנאַ, וואָס אויף דער סאָוויעטישער זייט.

פאַרבייגייענדיק די כאַטע, האָבן זיי דערהערט אַ קרעכצן און זיך אָנגעשטויסן אָן אַ קערפּער, אין אַ קלעפּיקער געדיכטעניש. זיי האָבן זיך אַ רגע צוגעהערט צום קרעכצן און פעסטגעשטעלט:

— אַ ייד!
— שווער פאַרווונדעט!
— יידן, לאָמיר טון אַ מצווה! לאָמיר אים מיטנעמען!
די גרענעץ־שמוגלער זענען געוועזן קעגן. זיך געאַמפּערט:
— ער וועט אונדז פאַרשיטן!
— אַ שווערער וועג! אַ גליטשיקער, מיט גריבער!
— מען וועט דאַרפן קריכן און איר וועט אים נישט דערטראָגן!
— ער וועט אונדז זיכער פאַרשיטן! און ער וועט סיי־ווי אויסגיין!
אָבער די יידן האָבן זיך איינגעשפּאַרט:
— פאַרקערט, ער וועט אונדז העלפן... טאָמער כאַפּט מען אונדז, איז טראָגן מיר אַ פאַרווונדעטן אין שפּיטאָל אַריין!...
— אַ מצווה און אַ סגולה...
און שלעפּנדיק דעם שווערן, קלעפּיק־נאַסן קערפּער, איבער גליטשיקע בערגלעך און טיפע גריבער, האָבן זיי זיך נישט אויפגעהערט צו בעטן ביי אים:
— רעב ייד, קרעכצט אַ ביסל שטילער!
— רעב ייד, איר וועט אונדז פאַרשיטן! ס'איז אַ גרענעץ!
— איר מאַכט אונדז אומגליקלעך, רעב ייד!
— רעב ייד, ש־ש־ש!

קאַפּיטל 3

# אין אַ ליכטיקער שטאָט...

קיין גיכע הילף איז צו זינען נישט אַרויסגערופן געוואָרן. ווי מען האָט זי אַוועקגעלייגט, פאַר די פיס פון דער גרענעץ־וואַך, אַזוי איז זי ליגן געבליבן. עסטושע איז מיד געוואָרן פון יאָמערן און איז איינגעשלאָפן, מיטן קעפּל אויף דער מוטערס ברוסט.

די איינציקע הילף איז געקומען פון הימל: אַ האַסטיקער רעגן האָט אַ שטראָם געטון, דורכגעווייקט די קליידער און אַדורכגענומען מיט אַ קאַלטן און נאַסן שוידער דאָס גאַנצע לייב.

זינאַ האָט געעפנט די אויגן. זי האָט געגלאָצט אין חושך און בשום אופן נישט געקענט באַנעמען, וווּ זי געפינט זיך און וואָס עס טוט זיך מיט

איר. אין דער פעכיקער שוואַרצקייט זענען שווערע, האָגלדיקע טראָפּנס געפאַלן און געפּויקט איר אין פּנים אַריין מיט נאָדל־שטעך. אַ שטאַרקער ווינט האָט איר געפּאַטשט מיט נאַסע לאַפּעס, געשמיסן, געריסן די קליי־דער, די האָר און רוגזהדיק געפּיפן אין די אויערן אַריין. דאָס מבולדיקע פּלייצעניש איבער איר איז געווען אַזוי שווער און האַסטיק, אַז עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי ליגט ערגעץ אויף אַן אָפּגרונט פון אַ טייך. נאָר ווי־זשע קומט עס אַזאַ ווינט אויפן אָפּגרונט פון טייך? ווי קומט עס, וואָס עס איז אַזוי לופטיק? זי אָטעמט דאָך פריי! יאָ, לופטיק איז. נאָר וואָס ליגט עס איר אויפן האַרצן? עפּעס אַ שווערקייט. ווי אַ שווערער שטיין!

זי האָט נערוועז גענומען טאַפּן מיט די הענט אין דער טינטיק־שוואַר־צער צעפלייצטקייט, און אָנגעטאַפּט עסטושעס דורכגעווייקטן קאָפּל.

— עסטושיאַ! קינד מיינס! — האָט זי זיך האַסטיק אַ זעץ־אויף געגעבן און תּיכף געוואָרן וואַך און ניכטער.

מאָמענטאַל האָט זיך זינאַ דערמאָנט אָן אַלץ, וואָס עס איז געשען און באַנומען די גאַנצע גרויליקייט פון דער לאַגע, אין וועלכער זי געפינט זיך מיט עסטושיען. אַ געדאַנק איז איר פּלוצלינג געקומען אין קאָפּ אַריין, וואָס האָט ווי אַ גרויסער, שוואַרצער שטשור, גענומען גריזשען אירע געהירן: אַז נישט עמיץ אַנדערש, נאָר זי אַליין איז די מערדערין פון בערישן! זי האָט דאָך אים, קעגן זיין ווילן, פון שטוב געטריבן, צו דער גרענעץ געשלעפּט און געבראַכט צו דער שחיטה! ווען נישט איר משוגענע פּאַניק, וואָלט בעריש געלעבט. זיי וואָלטן געבליבן אין זייער היים און עסטושיאַ וואָלט זיך נישט אַרומגעוואַלגערט. זי אַליין איז שולדיק אין אַלץ! אין גאַנצן בראָך, אין גרויסן אומגליק! יאָ, זי איז שולדיק און מוז דערפאַר באַצאָלן. באַצאָלן פאַר בערישעס בלוט, פאַר זיין אונטערגעהאַקטן לעבן! נאָר מיט זעלבסטמאָרד קען זי באַצאָלן, קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ פאַר איר. זי האָט סיי־ווי מער נישט וואָס צו טון אויף דער וועלט. זי וועט אַליין נעמען אויף זיך די האַרבסטע שטראָף פאַר בערישעס טראַ־גישן טויט!

— אָבער וואָס וועט זיין מיט עסטושיען?! — האָט זי ספּאַזמאַטיש אויסגעשריען אויפן קול, ווי בעטנדיק זיך אַן ענטפער ביי זיך אַליין — ווו וועל איך איבערלאָזן אונדזער יתומהלע, אַן עלנטע אויף דער וועלט?!

עסטושיאַ, כאָטש אַן אויסגעווייקטע דורך־און־דורך, איז געשלאָפן

מיט אַ האַרטן, טעמפּן שלאָף. איר טרוקענעם כראָפּען האָט יעדע ווײַלע איבערגעריסן אַ שליוכץ, וואָס קומט פֿון אַ צונויפֿגעקראַמפּטן הערצל.

זינאַ האָט זי געטומען אויפֿן שויס, געטוליעט צו זיך, ווערנדיק זי דערוואַרעמען און שיצן פֿון די האַסטיקע, קאַלטע שטראָמען. נאָר אויך פֿון זינעס צעווייקטע האָר האָט עס געשטראָמט אויפֿן שלאָפֿנדיקן מיידל.

זינאַ האָט אויפֿגעקניפּט איינעם פֿון אירע צוויי פּעק, אַרויסגעשלעפּט דורכגעווייקטע שמאַטעס און איינגעדעקט מיט זיי עסטושיען.

„ווײַ־ווײַ! צו וואָס איך האָב דערבראַכט! ווי גיט מען זיך אַן עצה? ווי שיצט מען דאָס קינד? זי וועט דאָך אַ לונגען־ענטצינדונג קריגן!"

ווען עסטושיאַ וואָלט זיך איצט אויפֿגעכאַפּט און געזידלט דער מאַמען, געשפּיגן איר אין פּנים אַרײַן, ווען זי וואָלט זי געמאַכט פֿאַראַנטוואָרטלעך און באַשולדיקט, וואָלט עס זינען אַ סך לײַכטער געווען. זי ווייסט, אַז אַזוי קומט איר! דאַקעגן דאָס שטומע ליגן עסטושעס, ווי אַן עלנט, הילפֿלאָז, אויסגעווייקט קעצל, ברענגט זי צו משוגעת!

„זי וואָלט איצט רואיק געשלאָפֿן אין דער היים, אין איר ציכטיק, ווייך און וואַרעם בעטעלע... — האָט זינאַ געטראַכט, שינדנדיק מיט אירע שפּיציקע נעגל די הויט פֿון איר פּנים — נאָר איך האָב איר היים צעבראָכן, איר טאַטן דערהרגעט און דערבראַכט איר צו דער לאַגע פֿון אַ וואַגלענדיק, הפקרדיק הינטל! וואָס האָב איך געטון? און וואָס האָב איך אָפּגעטון? בעריש האָט זיך דאָך אַזוי געבעטן ביי מיר: ער האָט געוואָלט, אויב עס וועט אים באַשערט זיין, שטאַרבן ווי אַ מענטש אויף זיין געלעגער, און נישט, ווי קיין הונט אונטערוועגנס! ער האָט עס נאָר מיר צוליב געטון און זיך געלאָזט צו דער גרענעץ. און איצט ליגט ער דאָרטן, ווי אַ דערשאָסענער הונט אונטערוועגנס! ווי זיין ליכטיקער, נביאישער קאָפּ וואָלט עס פֿאָראויסגעזען.

זי האָט געגלאָצט אין חושך צו דער גרענעץ־כאַטע, וווּ בעריש איז אומגעפֿאַלן ווי אַ שווערער זאַק. ער ליגט דאָך דאָרטן, איר בעריש, און ווייקט זיך אין בלוט און אין בלאָטע! זי מוז צוריקלויפֿן צו אים, זי מוז! זי וועט אַרויפֿפֿאַלן אויף אים, אויסקושן זיין ווונד, אומאַרעמען אים און אויסגיין אַזוי און בלייבן ליגן אַ טויטע מיט אים צוזאַמען!

זי האָט זיך האַסטיק אויפֿגעהויבן, אַ פֿלאַטער געטון מיט די הענט, ווי אַן אָדלער צום פֿליען. נאָר די פֿיס זענען, ווי געליימטע, שטעקן געבליבן אין דער געדיכטער לײַמיקייט און זי איז אומגעפֿאַלן.

— בעריש, איך קען נישט קומען צו דיר! איך קען דיך נישט דער־גרייכן! — האָט זי אַריינגעהעשעט אין דער קאַלוזשע אַריין, אין וועלכער זי איז געלעגן.

און פּלוצלינג האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז עס איז עטוואָס ליכטי־קער געוואָרן, אַז זי זעט ווייט־ווייט. זי זעט אפילו די כאַטע פון דער דיי־טשער גרענעץ־וואַך און דאָס אָרט, ווו דאָס אומגליק איז געשען. נאָר בערישן זעט זי נישט. ס׳איז קיינער נישטאָ אַרום און בערישעס קער־פּער — אויך נישט! וואָס קען דאָס זיין? צי האָט מען אים שוין צוגע־נומען און קובר געווען? ווו? ווהין האָט מען אים אַוועקגענומען?

זי האָט זיך געריבן די אויגן און ווידער געגלאָצט צו דער כאַטע. נאָר דאָס מאָל האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז עפּעס באַוועגט זיך יאָ אויף יענעם אָרט. אַז עס הויבט זיך אויף אַ שאָטן און נעמט שפּרייזן! זי האָט אַזש דעם אָטעם איינגעהאַלטן. דער שאָטן איז אויסגעוואָקסן אומ־געהויער גרויס און מעכטיק, ער שפּרייזט פאָראויס צו איר, מיט ריזיקע שריט, שפּרייזט און דערנענטערט זיך האַסטיק!

— בעריש! — האָט זי געפּליסטערט — בעריש דערבאַרעם זיך!

דער שאָטן, ווי ער וואָלט פאַרנומען איר געשטיקט, געדעמפּט קול, האָט אַ ציטער געטון, זיך אַ וואַקל געגעבן. איר האָט זיך געדוכט, אַז ער איז אַ רגע שטיין געבליבן און באַלד זיך אָפּגעקערט פון איר און אַוועקגעשפּרייזט, מיט ריזן־שריט, אין אַן אַנדער ריכטונג.

זינאַ האָט איצט געוואָלט וויינען, שליוכצן, אויספּאַזמירן דעם גאַנצן שטורעם פון איר געמיט. נאָר דער גאַנצער יאָמער איז איר פאַרגליווערט געוואָרן ווי אַ האַרטער קנויל. דער קנויל דריקט אונטערן האַרצן און וויל זיך נישט אויפליזן, און וויל זיך נישט צעשמעלצן אין קיין געוויין. די אויגן אירע זענען נאַס פון רעגן, אָבער קיין טרערן קומען נישט. האָט זי ווידער געכאַפּט עסטושיען, זי צוגעדעקט מיט זיך אַליין, פעסטער זיך געדריקט צום שלאָפנדיקן קינד, ווי דאָס וואָלט געדאַרפט זיין אַ געזעגענענדיק, לעצט מאָל... זי האָט געקושט דאָס אויסגעווייקטע קעפּל און דעצידירט געטראַכט:

„איך מוז פאַרזאָרגן דאָס קינד! איך מוז עס ערגעץ איינאָרדענען אין אַ היים. און דאַן... און דאַן, וועל איך אַליין אַוועקגיין צו בערישן!

די מבולדיקע שטראָמען, וואָס האָבן עטוואָס נאָכגעלאָזן, זענען איצט האַסטיקער געוואָרן און פון מינוט צו מינוט זיך געשטאַרקט. געשוואָנ־

קען און געוואַשן זייערע לייבער און געצוואָגן זייערע קעפּ. אָבער זינאַ האָט געטראַכט, אַז דער רעגן וועט איר פאַרברעכן נישט אָפּוואַשן. אַז נאָר מיט איר אייגן בלוט קען זי אָפּוואַשן פון זיך די מוראדיקע זינד, וואָס זי איז באַגאַנגען.

ווען עסטושיאַ האָט געעפנט די אויגן, האָט געגרויט אַן אומהיימלע־כער פרימאָרגן. געגרעגנט האָט שוין נישט מער. ווי דאָס גאַנצע וואַסער פון צעטרעשטשעטן הימל וואָלט זיך אויסגעפליוכעט ביזן לעצט. נאָר אַ שנייד־יק־שאַרפער ווינט האָט זיך רוגזהדיק געטראָגן, געפיפן מיט גע־בייזער און געריסן די דורכגעווייקטע קליידער פון ציטערנדיקן לייב.

עסטושעס צעקנייטשט פּנימל איז געווען וואַקסן־געל. די אויגן, אין די געשוואָלענע ראַמען, זענען ווי טאָפּלט גרעסער געוואָרן. די שוואַרצ־אַפּלען זענען אַרומגעלאָפן צעשראָקענע, פון ווינקל, צו ווינקל. זי האָט געשווידערט מיט איר גאַנץ וועזן, קלינגענדיק מיט די שיטערע ציינדלעך. און איינגאַנצן האָט זי איצט אויסגעזען, ווי מען וואָלט זי נאָרוואָס געהאַט אַרויסגעשלעפּט פון אַ טייך.

אירע צעטומלטע בליקן זענען איצט געפאַלן אויף זינען, וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַ שטאָט־משוגענע אויף אַ שול־הויף.

— מממאַאַאַמממעעע!!! — איז זי איר, מיט אַן אַנגסטיק געוויין, געפאַלן אין די אָרעמס אַריין און מער קיין וואָרט נישט געקענט אַרויס־ברענגען.

— מיין אָרעם שעפעלע! — האָט זי זינאַ קראַמפּהאַפּט אַרומגעכאַפּט, געקושט און געפּילט, ווי דער פאַרשטיינערטער יאָמער־קנויל, וואָס דריקט איר אונטערן האַרצן, ווערט ווייכער, וואַרעמער און לייזט זיך אויף אין אַ הייסער ספּאַזמע, וואָס קומט איר צום האַלדז.

ערשט איצט האָבן מאַמע און טאָכטער, פאַרפלאָכטענע איינע אין דער אַנדערער, נאָכגעלאָזן די בריאיק־הייסע טרערן־שטראָמען און זיך צע־קלאָגט און צעיאָמערט אין גרויען פרימאָרגן אַריין.

דער ווינט האָט אַזש איינגעהאַלטן זיין אומרואיקן אָטעם.

***

קיין ענטפער פון מאָסקווער קרעמעל איז נישט געקומען. און אפשר האָט גאָר די גרענעץ־וואַך, די הילפס־רוף־טעלעגראַמען נישט אַוועקגע־שיקט?

די קאַלטע, מבולדיקע רעגנגנאַכט האָט אָבער אויפגעריצט די גע־מיטער ביים פאַרצווייפלטן עטלעכע טויזנט־קעפּיקן עולם אויפן נייטראַלן פּאַס.

אַ מהומהדיקע באַוועגונג האָט זיך, מיטן גרויען פון באַגינען, אָנגע־הויבן אויף דער שמאָלער טעריטאָריע פון „קיינעמס לאַנד". און טויזנטער קולות האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין סטיכישן געברום. דער געברום האָט זיך געשטאַרקט און ענלעך געוואָרן צום געברום פון אַ מעכטיקן שטורעם־ווינט, וועלכער טראָגט זיך אין אַ געדיכטן אורוואַלד.

און באַלד האָט זיך די גאַנצע מאַסע ענג צוזאַמענגעדריקט און אויס־געוואקסן אין אַ גרויסער, גרויער, מעכטיקער וואַנט. אַ וואַנט אַ באַ־וועגלעכע, אַ צעשריגענע, וואָס רוקט זיך עקשנותדיק פאָראויס, צו דער סאָוויעטישער גרענעץ־וואַך. עס האָט אויסגעזען, ווי אַ ריזיקע ים־כוואַליע וואָלט זיך אויפגעשטעלט און טראָגט זיך מיטן שטורעם צום ברעג, גרייט דאַמבעס דורכצורייסן, צעשמעטערן, פאַרפליצן אַלץ און פאַרטרינקען.

די עטלעכע גרענעצלער זענען שטיין געבליבן צעטומלטע. שוין נישט געוואָגט אפילו, ווי נעכטן און אייערנעכטן, די ביקסן אויפצוהייבן און צו באַפעלן „סטאָי! סטרעליאַיו!" די מענטשן־וואַנט האָט זיך אָנגערוקט אויף זיי מיט אַזאַ דעצידירטקייט, אַז זיי זענען געצווונגען געווען אָפּצו־טרעטן אָן אַ זייט. די סטיכישע כוואַליעס האָבן פאַרבייגעפלייצט פאַרביי זייערע נעזער. זיי זענען שטיין געבליבן אומבאַהאָלפענע, מיט פאַרלע־גענע באין־ברירה־שמייכעלעך אויף זייערע איבערראַשט־צעטומלטע געזיכטער.

די צעשטורעמטע כוואַליעס האָבן אויך מיטגעריסן זינען און עס־טושיען און געפלייצט לענגאויס דעם שאָסיי מאַלקין—זאַרעמבא־קאָש־טשעלנא, דער אויפגייענדיקער זון אַנטקעגן.

איבער די קעפּ פון דער פלייצנדיקער, גרויער מאַסע האָבן פלוצלינג אַרויסגעטויכט רויטע פּלאַכטעס פון צעטרענטע קישן־איינשיטן, די רוי־טע פּלאַכטעס האָבן זיך אויף דרענגער און צווייגן צעפּלאַטערט, ווי בלוטיקע מאָנונגען אַנטקעגן דער בלייך־פאַרשעמטער, אויפגייענדיקער האַרבסט־זון.

עטלעכע אומדרייסטע, קאָלירטע קולות, האָבן זיך הבדלהדיק צוזאַ־מענגעפלאָכטן אין אַ מעלאָדיע... און באַלד האָט די גאַנצע מחנה אויסגע־

בראָכן אין אַ היסטעריש געזאַנג. דאָס איז געווען אַ ניי ליד, אַ ליד פון דעם לאַנד, צו וועלכן זיי שפּאַנען איצט.

דער גרעסטער טייל עולם קען נישט קיין רוסיש און סיי די ווער־טער און סיי די מעלאָדיע איז פאַר זיי פרעמד. אָבער ווי נאָר די ערשטע פּאָר קאָלירטע שטימעלעך, ווי שליחי־ציבור, האָבן זיך אַרויפגעשרויפט, זענען באַלד אַלע מיטגעריסן געוואָרן, און מיט ספּאַזמאַטיש־פאַרשטיק־טע העלדזער — מיטגערעוועט און אַריינגעשליוכצט אין אַלגעמיינעם קאָליריק־צעשריגענעם געזאַנג אַריין...

אַלעמענס אויגן זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט אַ פּערלמוטערנער פליסיקייט. די פּערלמוטערנע פליסיקייט האָט זיך געהויבן, ווי ביים בריען מילך און אַריבערגעלאָפן די ראַנדן פון די אָנגעשוואָלענע וויעס. ערשט אויף די בלייך־צעקנייטשטע געזיכטער און אַרויסגעשפּיצטע קינ־באַקן זענען די שטראָמלעך העלער געוואָרן און זיך צוזאַמענגעמישט מיטן קופּער־גלאַנץ פון די קילע, געבראָכענע זון־שטראַלן.

פון די ערשטע רייען, פון אונטערן סאַמע ערשטן רויטן קישן־איינ־שיט, וואָס פלאַטערט אויף אַ סענקעוואַטן קרומען דראַנג, — האָט זיך אַ חזניש שטימעלע געריסן, זיך געדראַפּעט און געקלעטערט אַלץ העכער פון אַלע... און ווי עס וואָלט זיך דערביי געבעטן „קריכט מיר נאָך!"... און כריפּענדיקע שטימען האָבן זיך טאַקע נישט געלאָזט לאַנג בעטן, און נאָכגעדראַפּעט זיך און מיטגעקראָכן:

יעסלי זאַווטראַ וואַינאַ,
יעסלי זאַווטראַ וו׳פּאַכאָד; —
בוד׳ סעוואָדניאַ
ק׳פּאַכאָדו
גאַטאָוו!...

***

צי דער באַשלוס טאַקע וועגן באַגיין זעלבסטמאָרד (תיכף נאָכדעם, ווי זי וועט איינאָרדענען ערגעץ עסטושען) און דערמיט אָפּקומען די פּאַרדינטע שטראָף פאַרן טויט פון בערישן האָט זינען אַזוי געשטאַרקט און ענערגיש געמאַכט צו שנעלע און דרייסטע האַנדלונגען? צי פאַר־קערט גאָר: דאָס, וואָס עס האָט געיוירט אין איר אונטערבאַוווסטזיין, דער

אינסטינקט פון יעדן באַשעפעניש, וואָס שטויסט דווקא צום לעבן, צום שיצן און ראַנגלען זיך? — זי האָט מער נישט געווײנט, זינאַ, מער נישט ספּאַזמירט און זיך נישט געריסן מער די האָר פון קאָפּ. זי איז איצט וואַך און ניכטער געוואָרן פאַר יעדער סיטואַציע. און מיט אַלע חושים געלויערט אויף יעדער אַנטקעגנקומענדיקער געשעעניש, אויף יעדן עווענטועלן פאַל.

דער באַוווסטזיין, אַז זי האָט נישט מער אויף וועמען זיך צו שטיצן, אַז זי טאָר מער נישט זיין אומבאַהאָלפן, אַז זי אַליין איז איצט פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַרן לעבן פון עסטושען, — האָט פאַרטריבן פון איר אַלע היסטעריקעס.

און אַזוי איז געשען אין זאַרעמבאַ־קאָשטשעלנאַ, ווו מעת־לעתן זיצן שוין טויזנטער פּליטים ביי די אייזנבאַן־שינעס און קענען זיך אין קיין צוג נישט אַריינקריגן — זינאַ האָט עס יאָ געקענט! דווקא די שוואַכע זינאַ האָט עס יאָ באַוויזן!... מיט איבערנאַטירלעכע כוחות האָט זי זיך אַריינגעריסן און אַריינגעשטופּט עסטושען אין איבערפולטן וואַגאָן אַריין, ווו מענטשן זענען שוין אויף די בריקלעך, אויף טיר און פענצטער געהאָנגען!...

איין געדאַנק האָט זי נאָר געמאַטערט: וווהין פאַרפאָרט מען? צו וועמען? ווער איז דען דאָ פון אירע באַקאַנטע אין ביאַליסטאָק? ווו שלאָפט מען איבער די ערשטע נאַכט? ווו נעמט מען דעם ערשטן מאָל־צייט פאַר עסטושען? דאָס קינד איז דאָך, נעבעך, הונגעריק, פאַרשמאַכט! שוין אַ מעת־לעת נישט געגעסן! גאָט אין הימל, וווהין פאָרט זי? וואַהין פירט זי דער פינצטערער גורל?

אויך עסטושיאַ איז איבער נאַכט אַן אַנדערע געוואָרן. זי איז שוין נישט מער די צוועלף־יעריקע, צעפּיעשטשעטע בת־יחידה, יענע איז איג־דערהיים מיט אירע שפּילצייג און קאַפּריזן געבליבן. דאָ וואָגלט־מיט אַ דערוואַקסענער מענטש, זאָט מיט צרות און מיט גרויליקע דערפאַרונגען. פול מיט זאָרג און מיט אחריות. יאָ: אחריות! ווען די מאַמע האָט נעכטן געהאַלטן אין איין חלשן, האָט זי עס דערפילט. דער טאַטע איז שוין נישטאָ. און זי איז איצט די איינציקע, וועלכע דאַרף וואַכן איבער דער מאַמען. זי דאַרף דער מאַמען אין אַלעם בייהילפיק זיין און מיט גאָרנישט דערצערענען. פאַרקערט: זי מוז דער מאַמען טרייסטן, אויפמונטערן און מוטיקן! די מאַמע איז איצט זייער שוואַך. און טאָמער פאַרלירט זי

איצט, חלילה, דער מאַמען, דאַן בלייבט זי דאָך עלנט, אַליין אויף דער גרויסער, פרעמדער, אכזריותדיקער וועלט! אָט וועט זי איצט דער מאַמען אפילו נישט זאָגן, ווי שטאַרק הונגעריק זי איז! ווי עס ציט אירביים פאַרחלשטן הערצל, ווי עס מישט איר אַזש אין קאָפּ! די מאַמע וועט זיך דאָך נאָר ערגערן דערמיט, און סיי־ווי גאָרנישט קענען העלפן.

אין שפּעטן פאַרנאַכט איז דער צוג אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק.

אויפן פּעראָן, אַרום וואָקזאַל, און אויף דער הילצערנער, שמאָלער און לאַנגער גיי־בריק, זענען טויזנטער אָפּוואַרטנדיקע געשטאַנען. מען האָט געזוכט באַקאַנטע פּנימער, מען האָט גערופן פאַמיליע־נעמען. נאָכ־געלאָפן יעדן אָנגעקומענעם, אָנגעקלעבט זיך אַרום אים און באַשאָטן מיט פראַגן:

— פון וואַנען קומט איר?

— צי איז נאָך ווער געבליבן אויפן נייטראַלן פּאַס? אָדער אַלע זענען אַריבער?

— אין זארעמבא־קאָשטשעלנא, זאָגט איר, זענען דאָ טויזנטער מענטשן?!

— איך האָב געהאַט אַ גרוס, אַז מיין פרוי איז געלעגן אויפן „פּאַס“. איז אפשר האָט איר זי באַמערקט? אַ נידעריקע, אַ דיקע, זאָשיאַ קויפמאַן?...

— מיין פרוי איז געקומען מיט צוויי קינדער און איינס האָט זי אויף דער גרענעץ פאַרלוירן! אַ יינגל פון אַ יאָר אַכט. משהלע... האָט איר נישט געזען?

— געוואַלד געשריגן! עס זאָל דאָס קומען כאָטש איינער פון לוי־וויטש! ברענגען אַ שטיקל גרוס!

ווו־נישט־ווו הערט זיך אַ פריידיקער קוויטש. מען כאַפּט זיך אַרום, מען האַלדזט זיך, מען קושט זיך, מען לאַכט און מען וויינט...

זינאַן האָט דאָ איצט קיינער נישט דערוואַרט. און זי האָט זיך אויך אויף דעם נישט גערעכנט. זי האָט פעסט געהאַלטן עסטושיעס הענטל און זיך דורכגעשטופּט און דורכגעריסן דורכן געדיכטן עולם. אַריבער די שמאָלע, לאַנגע גיי־בריק און זיך גענומען לאָזן מיט אומבאַקאַנטע גאַסן אין דער טיף פון דער אומבאַקאַנטער שטאָט.

דער ערשטער איינדרוק איז געווען אַ יום־טובדיק־צעיובלטער. די גאַסן פון דער שטאָט זענען געווען אילומינירט און באַלויכטן מיט טויזנ־

טער עלעקטרישע לאָמפּן!... זינאַ און עסטושיאַ האָבן עס נישט געקענט באַנעמען: אַ שטאָט אַזוי נאָענט פון דער גרענעץ, איז שפּעט אין אָונט באַלויכטן!... און זיי, שוין חדשים ווי זיי ווייסן נישט פון קיין עלעקטריש ליכט. סיי אין וואַרשע און סיי אין וועג. ווי נאָר עס האָבן געדעמערט די אָוונטן, איז מען שוין געזעסן פאַרשטעקט אין די פינצטערע שטיבער. און דאָ גאָר — אַזאַ העלע ליכטיקייט, ווי קיין מלחמה און קיין דייטשן וואָלטן אויף דער וועלט נישט געווען!... מען ווייסט דאָ נישט פון קיין אויסנאַמס־צושטאַנד, פון קיין שפּער־צייט!... די גאַסן זענען איבערפולט מיט פריילעכע, צעיום־טובטע, צעפּילדערטע שפּאַצירנדיקע!... אַזאַ פריי־קייט, אָן דעם מינדסטן פחד! אַ נאָרגלאָזיקייט, ווי אין די גוטע פרידנס־צייטן!...

אָבער וווהין גייט מען?

די פיס ברעכן זיך, די קניען ציטערן. די הערצער — פאַרחלשטע, פאַרשמאַכטע. און אַ שווינדלעניש אין די מידע, צעווייטיקטע קעפּ!

עולם שיט זיך איצט אַרויס פון טעאַטער־ און קינאָ־זאַלן. עס איז שוין נאָך אַ פאָרשטעלונג, נאָך אַ סעאַנס. יונגוואַרג ברומען אונטער די נאָר־וואָס־געהערטע שלאַגער־לידער, אויסגעפּוצטע דאַמען שמעקן מיט פּערפום... געדעמפטער פליסטערן אין אויערן אַריין און הילכיקע, קאָ־קעטישע געלעכטערלעך... ווער עס איילט איצט, צערטלעך געאָרעמט און געטוליעט, אַהיים, און ווער — אין אַ קאַפע מיט מוזיק און קאַבאַרעט־אויפטריטן...

ביי זינאַן איז שוין אַזאַ לעבן אַ פאַרפלויגענער חלום! איר דוכט זיך, אַז דאָס איז שוין זייער לאַנג געווען, מיט פיל יאָרן צוריק... ווען זי פלעגט מיט בערישן אויך אַזוי גיין אויף פאַרוויילונגען... איצט איז שוין בעריש נישטאָ. בעריש וואַלגערט זיך אַ דערשאָסענער ערגעץ אין אַ גרוב, אויף דער גרענעץ! און זי אַליין? — מאָרגן־איבערמאָרגן וועט זי דאָך שוין אויך נישט זיין... איר גורל איז דאָך שוין אַ געחתמעטער. דער באַשלוס — אַ פעסטער. אָט זאָל זי נאָר ערגעץ פאַרזאָרגן עסטושיען. יאָ, אָבער ווו פירט מען זי כאָטש דערווייל אַריין? כאָטש די ערשטע נאַכט איבערנעכ־טיקן? וווהין גייט מען?

שאָקאָלאַד־ און באַקאַליי־געשעפטן בלענדן מיט ליכטיקע שוי־פענצ־טער און רייצן זיך מיט עסטושיעס הונגער. זי קען נישט מער! זי קען נישט!

— מאַמאַ... זיי נישט בייז... איך בין אַזוי מיד! אפשר זיך צוזעצן אַ ביסעלע אָט דאָ, אויפֿן בריקל?... זיך עטוואָס אָפּרוען...

אין דער מינוט איז זינאַס בליק געפֿאַלן אויף אַ שוי־פֿענצטער מיט פֿינקלענדיקע וויין־פֿלעשער... אַ געדאַנק האָט אויפֿגעהעלט אין דער טונקלקייט פֿון איר מידן מוח: אַ וויין־סוחר... אַ בראַנזשיסט... בעריש האָט דאָך געהאַנדלט מיט ביאַליסטאָקן... באַלד־באַלד... איינעם האָט זי דאָך געקענט, ער פֿלעגט מאַכן ביי בערישן גרויסע באַשטעלונגען. ער פֿלעגט אויך אַרויפֿקומען צו זיי אין שטוב. איינמאָל האָט זי אים אפֿילו אויפֿגענומען מיט אַ מיטאָג. ער איז דאַן געקומען מיט זיין יונגער פֿרוי, אַ שוואַרץ־חנעוודיק ווייבל, אַ פּולע, אַ געפּאַקטע, מיט אַ פּאָר בלישטשענדיקע אויגן... איז ווי־זשע האָבן זיי געהייסן? עפּעס אַ מאָדנער ליטווישער נאָמען... שמולקיס דאַכט זיך, אָדער סרולקיס?

— יאָ, זעץ זיך אויפֿן בריקל, עסטושיענקאָ. וואַרט אַ מינוט און רו זיך אָפּ. איך קום שוין אַרויס... — איז זינאַ אַריין אין אַנגערויכערטן באַר־רעסטאָראַן, וואָס מיט די פֿינקלענדיקע פֿלעשער אין שוי־פֿענצטער.

דער רעסטאָראַטאָר האָט לאַנג געזשמורעט מיט זיינע קליינע, שמאַל־ציקע אייגעלעך און געהויבן מיט די פֿעסטע אַקסל:

— שמולקיס, זאָגט איר? סרולקיס? אַ וויין־סוחר? ניין, מאַדאַם. איך קען אַלע וויין־געשעפֿטן אין שטאָט. אַזאַ נאָמען נישט געהערט!

— אפֿשר עפּעס ענלעך? — האָט זינאַ פֿאַרצווייפֿלט אַ מורמל געטון, ווי אַ לעצטער פּרווו נאָך רעטונג.

— וואַרט נאָר, וואַרט נאָר! — האָט זיך דער רעסטאָראַטאָר אַ כאַפּ געטון — אפֿשר מיינט איר, סקולביס?

— יאָ־יאָ!...

—איז ער שוין נישטאָ! מען האָט אים נעכטן צוגענומען.

— וועמ? ווהין??? [sic]

— איר ווייסט נישט?... מסתמא איצטער פֿון דער גרענעץ?... איר וועט דאָ זיין אַ טאָג, צוויי, וועט איר שוין וויסן!... די „ברידערלעך“ האָבן אים צוגענומען... אַלע טאָג נעמט מען צו...

— איך קום טאַקע נאָר־וואָס פֿון באַן. איך ווייס גאָרנישט. איך בין מיט אַ קינד. זי איז הונגעריק און מיר האָבן נישט, ווו זיך אַהינצוטון...

— אַזוי... אָבער אַרויפֿגיין אַהין קענט איר דאָך! די פֿרוי איז געבליבן מיט צוויי קינדער. אַ שטוב אַ גרויסע! גייט אַרויף! איר קענט זי?

— יאָ. אָבער איך ווייס נישט, ווו דאָס איז.

— שרה! קום אַהער, שרה! — האָט דער רעסטאָראַטאָר אַריינגעשריען אין אַ צווייטן צימער אַריין — גיי, ווייז אַרויף דער פרוי צו די סקולביסעס! ריר־זיך, שרה!

קאַפּיטל 4

## רוזשעלע סקולביס

אין איר דערשלאָגנקייט האָט זיך זינאַ אינגאַנצן נישט געריכט אַזוי וואַרעם און פריינטלעך אויפגענומען צו ווערן דורך סקולביסעס פרוי. סוף־כל־סוף בינדט דאָך זיי נישט קיין שום קרובהשאַפט. — אַ ווילד־פרעמדע איז זי. אַ צופעליקן סוחרס פרוי, וועלכע האָט אַמאָל ביי איר אַ צופעליקן מיטאָג געגעסן.

זינאַ איז געווען גערירט פון דער שוועסטערלעכער זאָרג, צערטלעכקייט און טרייסט, וואָס רוזשעלע סקולביס האָט זיי אַרויסגעוויזן.

קודם־כל האָט רוזשעלע געגרייט אַ טיש און אַרויפדערלאַנגט אַ גאַנצן סאַמאָוואַר טיי.

— עסט און טרינקט, טייערע, דערוואַרעמט זיך!

און אין דער צייט, ווען זינאַ און עסטושיאַ האָבן געגעסן, האָט שוין רוזשעלע געהייצט דעם קעסל אין וואַנע־צימער און צוגעגרייט פאַר ביידן אַ הייסע באָד. זי האָט זיי אַריינדערלאַנגט האַנטוכער, באָד־ליילעכער, פּיזשאַמעס און שלאָפראָקן.

— אייערע זאַכן זענען דאָך פּיטש־נאַס! כ׳וועל זיי מאָרגן אַוועקגעבן אין אַ וועשעריי איבערצוואַשן.

— איר זענט אַ מלאך, מאַדאַם סקולביס! — האָט זינאַ כסדר איבער־געחזרט — אַ מלאך פון הימל איז אונדז צוגעשיקט געוואָרן!...

— אַ מלאך?... כאַכאַכאַ... אַ מענטש דאַרף מען זיין!... — האָט רו־זשעלעס שטימעלע זאָרגלאָז געקלונגען, ווי ביי איר פּערזענלעך וואָלט קיין שום אומגליק נישט געשען...

זי האָט זיי אָפּגעגעבן אַ גרויסן צימער, אַ גוט־אויסגעהייצטן, מיט אַ ברייט, ווייך און פריש־איבערגעצויגן בעט.

ווען זינאַ און עסטושיאַ זענען שוין געלעגן אונטער דער פּוכענער

קאָלדרע, איז רוזשעלע נאָך לאַנג געזעסן אויפֿן ראַנד פֿון בעט און אַריינ־געטענהט:

— מען מוז זיך נעמען אין די הענט אַריין! מען מוז זיך שטאַרקן! אַט נעמט אַ ביישפּיל פֿון מיר: מיר האָט דאָך אויך געטראָפֿן דער זעלבער אומגליק. כ׳האָב פֿאַרלוירן מיין מאַן. אמת, מען האָט אים נישט דערשאָסן, נאָר אַרעסטירט און אַוועקגעשלעפּט קיין סיביר, צו די ווייסע בערן! פֿאַרוואָס? ווייל ער איז אַמאָל געווען אַ ציוניסטישער טוער. כאָטש ער האָט זיך שוין לאַנג דערמיט נישט פֿאַרנומען. נו, וועט ער עס דען דאָרטן אויסהאַלטן? ער איז אַ קראַנקער מענטש! אַ קראַנק האַרץ און צוקער... פֿון דאָרטן קומט שוין קיינער נישט צוריק! און גלויבט מיר, אַ לאַנגע גסיסה אין סיביר איז ערגער ווי אַ פּלוצלינגדיקער טויט! איך בין איצט נישט קיין אלמנה, נישט קיין גרושה און נישט קיין עגונה. דאָס איז נאָך ערגער! איך קען אויך זאָגן אַזוי ווי איר, אַז איך טראָג אַ שטיקל שולד: ער האָט געוואָלט אַנטלויפֿן, זיך ערגעץ אויסבאַהאַלטן, און איך האָב אים אָפּגערעדט דערפֿון. ווו וועט ער לויפֿן זיך וואַלגערן אין דער פֿרעמד? מיר האָבן דאָך שוין דאָ געזען, ווי פּליטים זעען אויס... וואַרשעווער און לאָדזשער חשובע באַלעבאַטים, סוחרים פֿון לייטישע פֿירמעס, וואַלגערן זיך דאָ אַרום אויף דער גאַס. שלאָפֿן אין בית־מדרש און ווערן פֿאַרקראָכן! אַן עפּידעמיע וועט דאָ ווערן! האָט ער מיך געפֿאָלגט. ביז מען איז גע־קומען אין מיטן נאַכט און אים פֿון בעט אַרויסגעשלעפּט! אַ חרוב־קראַנקן האָבן זיי אים צוגענומען! נו? זאָל איך דערפֿאַר באַגיין זעלבסטמאָרד?! און אַז איך וועל דאָס שוין טון, וועט אים דאָרטן לייכטער זיין? און אויף וועמען זאָל איך איבערלאָזן מיין פּעליקסן? אויך אַ קינד פֿון אַ יאָר צוועלף. גליקלעך וועט ער שוין זיין, אַז ער וועט ווערן אַ קיילעכדיקער יתום, וואָס? אַזוי האָט ער כאָטש אַ מאַמען. עס איז אַן עגאָאיזם צו טראַכטן וועגן זעלבסטמאָרד, ווען מען האָט אַ קינד! מיר זענען איצט מחויב צו לעבן פֿאַר די קינדער, אפֿילו ווען דאָס לעבן איז אונדז נישט ליב! אַזוי צו לעבן הייסט אויך ברענגען אַ קרבן!

רוזשעלע האָט כסדר גערעדט, אָן איבעררייס און אָן אָפּהאַלט. די ווערטער האָבן זיך כסדר געשאָטן פֿון איר מויל, ווי אַרבעס פֿון אַ צע־טרענטן זאַק. און געקלונגען האָבן זיי, ווי אַרבעס וואָלטן זיך געשאָטן אויף אַ פּוסטער, הילכיקער בלעך.

זינאַ האָט געהערט און געהערט און איז מיד געוואָרן הערנדיק. זי

האָט שוין אַדורכגעלאָזן גאַנצע זאַצן און נישט געוווסט מער, וועגן וואָס זי רעדט און ווו זי האַלט... אין ווייכן, וואַרעמען בעט האָט זיך איר קערפּער געכומען ווי אויפלייזן, נישט צום ווערן. איבערהויפּט האָט זי געפילט, אַז די מידיקייט און אַלע ווייטיקן רויכערן זיך אַרויס פון איר לייב און געביין. אויס טיפער דאַנקבאַרקייט פאַר רוזשעלען, האָט זי זיך נאָך באַמיט צו מאַכן אַן אָנשטעל, אַז זי הערט... און אפילו אַרויפגעצווונגען אויפן מידן פּנים אַ בלייך־העפלעך שמייכעלע...

רוזשעלעס רייד האָבן זינען נישט געטרייסט און נישט געמוטיקט. פאַרקערט — אין איר פאַרטשאַדעטן קאָפּ האָט זיך נאָך, ווי אַ שלענגעלע, געצאַפּלט אַ פּראָטעסט, וואָס האָט זיך שפּעטער אין אַ פראַגע־צייכן פאַרוויקלט: ווי קומט עס וואָס אַ פרוי, פון וועלכערס בעט מען האָט ערשט נעכטן איר מאַן אַרויסגעשלעפּט און קיין סיביר פאַרשיקט, זאָל זיין אַזוי מונטער און אויפגעלייגט? פאַרוואָס זעט מען נישט אויף איר קיין שאָטנדל פון טרויער? אַזוי לייכט לעבט מען עס איבער אַזאַ טראַגישע צעשיידונג? און מען גייט שוין אַנטקעגן מיט לייכטזיניקייט און מיט אַ קאָקעטישן שמייכל צו די קומענדיקע טעג? צי איז דאָס אַלץ נישט פאַרדעכטיק?

ניין, זינאַ קען נישט אָננעמען רוזשעלעס לייכטזיניקע עצות. איר באַשלוס איז אַ באַשלוס! זי האָט נאָר איצט נישט קיין כוח צו טראַכטן דערוועגן. עס ציט זי עפּעס ערגעץ אַראָפּ, אַראָפּ אין אַ טיפן, טונקעלן אָפּגרונט. זי זינקט און פאַרזינקט אַ מאַכטלאָזע אין תהום פון פאַרגעסונג און שלאָף, ווי עס זינקט אַ שווערער שטיין אין אַ שימלדיקן זומפּ אַריין.

ווען זינאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין גרויער טאָג געווען. דורך די שיטערע גאַרדינען האָט זי געזען, אַז אין דרויסן פאַלט אַ דיקער, קלעפּיקער שניי. דער שניי דרייט זיך, פאַלט־צו צו די שויבן און לייגט זיך אָן אויף די פענצטער־ראָמען.

„דער ערשטער שניי... — האָט זינאַ אַ טראַכט געטון — און בעריש האָט אים נישט דערלעבט צו זען... ער ליגט נאָך דאָרט מסתמא, ווו ער איז אַנידערגעפאַלן און דער שניי לייגט זיך אָן אויף אים. און אפשר האָט מען אים שוין באַגראָבן און דער שניי פאַלט אויף זיין פרישן קבר?"

פון צווייטן צימער האָט כסדר געקלונגען רוזשעלעס שטימעלע. זי האָט געוואָרנט איר זון, אַז אויב ער וועט נישט אויפעסן דעם גאַנצן פרישטיק, וועט זי אים נישט באַקענען מיטן שיינעם מיידעלע, וועלכע איז געקומען צו זיי צו־גאַסט און שלאָפט איצט אין צווייטן צימער...

זינאַ האָט זיך איצט דערמאָנט, אַז זי איז נעכטן איינגעשלאָפן אינ־מיטן רוזשעלעס רייד, און זי געדענקט אפילו נישט, ווען רוזשעלע האָט געענדיקט רעדן און איז אַוועקגעגאַנגען...

עסטושיאַ איז נאָך אַלץ געשמאַק געשלאָפן. אויך זינאַ וואָלט נאָך איצט גערן געלעגן און געלעגן. ערשט איצט פילט זי, ווי צעווייטיקט אַלע גלידער זענען איר. אָבער דער גרויער, שטרענגער ווינטער־טאָג, וואָס קוקט אומהיימלעך אַריין דורך די פרעמדע גאַרדינען, דערמאָנט איר, אַז זי איז נישט ביי זיך אין דער היים... זי האָט איצט נישט קיין רעכט צו זיין קיין צעפּיעשטשעטע פּאַניושע, ווען עמען די דינסט זאָל צודערלאַנגען דעם פרישטיק צום בעט! און בעריש וועט נישט צוקומען, איר צו געבן דעם פרימאָרגן־קוש פאַרן אַוועקגיין אין געשעפט אַריין... ניין! אין דער פרעמד איז זי, אַ זיך־אָנגעוואָרפענע אויף יענעם. זי מוז זיין אַ לייכטער פּאַסאַזשיר, זי דאַרף וואָס ווינציקער פאַלן וועמען צו לאַסט!

זי איז שנעל אַראָפּ פון בעט. אָנגעטון רוזשעלעס שטעק־לאַטשן, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך רוזשעלעס שלאָפראָק און איז אפילו צוגעגאַנגען צום שפּיגל אין אָרדענונג צו ברענגען אירע האָר.

„מיין טראַגעדיע איז מיינע. און קיינער איז נישט מחויב פון דעם צו ליידן! — האָט זי ביטער אַ טראַכט געטון — קיינעם ווילט זיך נישט אַ גאַנצן טאָג קוקן אויף אַ זויערן פּנים פון אַן אומגליקלעכן מענטשן און אויסהערן זיינע קרעכצענישן. סוף־כל־סוף זענען דאָך דאָס פרעמדע מענטשן. איר ווייטיק מוז זי שטיקן אין זיך. און צווישן לייט — נישט פאַראומערן קיינעם די געמיטער!

רוזשעלע, דערהערנדיק זיינעס טריטלעך אין די שטעק־לאַטשן, האָט אָנגעקלאַפּט און באַלד אויפגעפּראַלט די טיר. זי איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל, מיט אַ מונטער־צעשטראַלט געזיכט און מיט אַ זינגענדיקן „גוטמאָרגן!". און באַלד האָבן זיך ווידער גענומען שיטן פון איר מויל ווערטער. אַ שטראָם, אָן אַן אָפּהאַלט. טאַקע ווי אַרבעס פון אַ צעטרענטן זאַק אַרויס אויף אַ הילכיקער בלעך אַרויף:

— נו?... ווי איז מען געשלאָפן? ווי האָט מען זיך אויסגערוט? מיין פעליקס איז שוין אומגעדולדיק צו באַקענען זיין נייע חברטע... ער האָט נישט געוואָלט עסן קיין פרישטיק, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך וועל אים נישט באַקענען מיט אייער טאָכטער, האָט ער שוין געגעסן... דאָס יואַקסט אַ מאַנצפּערשוין!... אַ דאָן־זשואַן!... נו גאָט צו דאַנקען, איך זע

איך אַ מונטערע... אַט אַזוי!... אַ מענטש דאַרף זיך נעמען אין די הענט אַריין!... און אַ פרוי איז נישט מער ווי אַ שוואַכע פרוי... דאָס לעבן גייט זיך פאָראויס און די נאַטור פאָדערט זיך אירס... אוודאי איז טרויעריק, אָבער וואָס קענען מיר מאַכן? מלחמה־צייט! און אין מלחמה־צייט, דאַרף מען קענען האַלטן זיך אויף דער אויבערפלאַך און שווימען... ווער עס קען זיך נישט האַלטן, ווערט דערטרונקען! יאָ, וואָס האָב איך זיך פאַררעדט? עס וואַרט דאָך אויף אייך דער פרישטיק. און דער סאַמאָוואַר האַלט אין איין זידן... כאַפּט אַ וואַש און קומט צום טיש...

זינאַ האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, ענטפערן אויף רוזשעלעס רייד, נאָר באַקומען האָט זיך נישט דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן, נאָר גאָר עפּעס אַנדערש:

— איר זענט אַ מלאך, מאַדאַם סקולביס, אַ מלאך!...

— גייט־שוין, גייט... נישטאָ קיין מלאכים אויף דער וועלט, מאַדאַם קופּערשמיד!... איבערהויפּט זענען זיי צווישן ווייבער נישטאָ... מיר זענען נאָר זינדיקע מענטשן. אָבער מענטשן מוזן מיר כאָטש זיין!...

— איר זענט גערעכט... — האָט זינאַ געקוקט אויף רוזשעלעס צעשטראַלט געזיכט וואָס איז זאָרגפעליק געשמינקט און געפּודערט געוואָרן. זי האָט געקוקט אויף איר הערלעך מאָרגן־קלייד, אויף איר שיין־פאַרקעמטן שוואַרצן קאָפּ האָר, וואָס איז גלאַטיק אָפּגעצויגן פון שרינט, וואָס אינמיטן, צום שווערן קעקס אונטן. די האָר גלאַנצן מיט בריליאַנטין, שמעקן מיט פּערפום און קאָקעטירן מיט צוויי רויטע רויזן אַריינגעשטעקטע אין ביידע זייטן... זינאַ האָט געקוקט, און נאָכאַמאָל אַ טראַכט געטון אַז: ניין! נישט אַזוי טרויערט מען נאָך אַ מאַן, וועלכער איז ערשט אייערנעכטן אַוועקגעריסן געוואָרן!

פונדעסטוועגן האָט זינאַ, פאַר עסטושיען, לאַנג געפּרעסט איינס פון אירע שענסטע קליידלעך, פון פייכטן פאַק אַרויס. זי האָט איר שיין פאַרקעמט דאָס בלאָנדע קעפּל האָר און פאַרפלאָכטן מיט אַ בלויער סטענגע. — אַז מען וועט זיך זעצן צום טיש, זאָל דאָס קינד נישט פאַרשעמט ווערן פאַר דעם פעליקסן דאָרט, און פאַר אַנדערע.

עסטושיאַ האָט זיך טאַקע נישט געהאַט וואָס צו שעמען. ביים טיש האָט זיך פעליקס גיכער געשעמט פאַר איר... ביידע זענען זיי אין דעם זעלבן עלטער: צוועלף־יעריקע. נאָר דער שוואַרצער פעליקס מיטן באַראָצטן נעזל, מיטן צו־לאַנגן צינגל, וואָס איז איבערפולט אין מויל און

מאַכט טעמפּ און נישט־דייטלעך זיינע ווערטער, מיט דער בן־יחידישער צעפּיעשטשעטקייט און אַלע קאַפּריזן, האָט אויסגעזען ווי אַ יינגל פון אַ יאָר אַכט־ניין, נישט מער. דאַקעגן עסטושיאַ איז אין משך פון דעם לעצטן מעת־לעת ווי מיט אַ זעקס יאָר עלטער געוואָרן... דאָס איבערגעלעבטע האָט מאָט געמאַכט איר געזיכט, פאַרטויעט אירע ווײנשל־אויגן, געדעמפּט געמאַכט איר שטימעלע און געצוימט איר יעדע באַוועגונג. האָט טאַקע איר גאַנצער אויסזען און באַנעמען זיך איצט געווירקט ווי פון אַ גראַציע־זער, אַכצניעריקער פריילין, ווי פון אַ שטאָלצער, אַ יחוסדיקער פּרינצע־סין... יאָ, זיי האָבן זיך שטאַרק אונטערגעשיידט. פעליקס איז אין איר אַנבליק נאָך יינגלשער און קינדערשער געוואָרן. דאַקעגן עסטושיאַ איז זיך אַליין איבערגעוואַקסן: ביים טיש זיצט אַ שלאַנקע, רייפע, יונגע פרוי...

זינאַ אַליין איז איבעררעשט געוואָרן און נישט געקענט אַראָפּנעמען אירע בליקן פון דער טאָכטער...



רוזשעלע איז געווען אַן אָרעם מיידל פון די כאַנייקעס. ביי איר טאַטן דעם וועבער אין שטוב האָט זי זיך געהאָדעוועט אויף הערינג מיט בול־בעס. נישט געוווסט פון „קיין באַנאַנעלעך מיט קיין מאַרצעפּאַנעלעך". פונדעסטוועגן איז זי געוואַקסן ווי אויף הייוון, סיי אין דער לענג און סיי אין דער ברייט. די מאַמע פלעגט זי טאַקע רופן „די ראָשטשינע"... איר מיידלשע איבעררייפקייט האָט צעשפּאַרט די ביליקע, טאַנדעטע קאָרט־קליידלעך און אַרויסגעשריען מיט צייטיקן הונגער און ווייבלעכן רייץ. אַ קאָפּ פעך־שוואַרצע האָר, אַ פּאָר גרויסע בלישטשענדיקע, שרפענדיקע אויגן און אַ פול פנים, וואָס שטענדיק איז עס פאַררויטלט און שטענדיק לאַכט עס... זי האָט זיך ליב געהאַט צו פּוצן אין רויטע בליוזעס, מיט גרויסע, שווערע, ציגיינערישע אויערינגען. זי האָט זיך געפּודערט מיטן קאַלך פון זייער קיך־אויוון און געפאַרבט די ליפּן, מיט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזן. דאָס צינגל אירס האָט קיינמאָל נישט גערוט און איר שטי־מעלע האָט געקלונגען איבערן גאַנצן געסל פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. די יונגען פלעגן זי רופן „די פּרינצעסין פון די כאַניי־קעס" און פלעגן די כפּרה ווערן פאַר איר. אָבער נאָר די בעסערע פּאָר־

דינער פלעגן די זכיה האָבן צו גיין מיט איר אין אַ טעאַטער, אויף גאַ־ליאַרקע און קנאַקן סיעמעטשקעס... רוזשעלע האָט שטענדיק ליב געהאַט אַ נאַש. און וואָס מער אַ בחור האָט זיך געקענט דערלויבן צו קויפן איר שאָקאָלאַד מיט טשאַסטעס, אַלץ וויכטיקער איז ער געווען אין אירע אויגן... און אַלץ־שפּעטער אין דער נאַכט אַריין געגאַנגען מיט אים שפּאַ־צירן אין די אָפּגעלעגענע, פּוסטע געסלעך מיט הילצערנע פּאַרקאַנעס, פון די פינצטערע כאַנייקעס. טראָץ דעם, — וואָס דאָס איז אַזוינס ליבע, האָט זי נישט געוווסט. אַלע פאַרמעגלעכע יונגען זענען איר געפעלן. איר אידעאַל פון אַ מאַן איז געווען: שטייף געפּרעסטע הויזן, גלאַנציקע שיך, אַ רויטער קראַוואַט און אַ קעשענע מיט קלינגערס... זי האָט ליב געהאַט אַ רוישיקע געזעלשאַפט, ליב געהאַט צו טאַנצן, ציען אויף זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט און אַלע מיידלעך זאָלן עס זען און פּלאַצן פון קנאה...

אָבער אינגאַנצן אַ געענדערטע איז רוזשעלע געוואָרן, ווען עס האָט זיך פאַרליבט אין איר גבריאל, דעם גביר סקולביסעס בן־יחיד. זיינע עלטערן האָבן דעם שידוך נישט געוואָלט. אָבער דער תכשיט האָט איינ־געלייגט וועלטן און טאַטע־מאַמע האָבן געמוזט נאָכגעבן.

מען האָט זי אַריינגענומען אין דער אַריסטאָקראַטישער משפחה. גע־לערנט גוטע זיטן און פיינע מאַניערן. עס איז איר דאָרטן געווען אומדער־טרעגלעך ענג און לאַנגווייליק. אָבער דאָס פאַרמעגן, דער יחוס און דער לוקסוס־אַרטיקער לעבן, האָט זי געלאָקט, און זי האָט זיך אונטערגעגעבן מיט אַלע אירע קאַפּריזן. זי איז געגאַנגען אין שפּאַן, ווי אַ געהאָרכזאַם פערדל און נישט געוואַגט אַ בריקע צו טון. עס האָט זיך טאַקע שטאַרק געבענקט נאָך די כאַנייקעס, נאָך יענע פרייילעכע, ווילע יונגען, כאָטש אַ בליץ צו טון פאַר זיי מיט איר עשירות... אָבער די יחוסדיקע פאַמיליע האָט דערצו נישט דערלאָזן. ביסלעכווייז האָט זי זיך צוגעוווינט צו דער נייער געזעלשאַפט, צו די זיטן און מאַניערן און שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז פאַר ווילטאָג לוינט זיך עפּעס מקריב צו זיין... זי האָט זיך געפירט סאָליד און געווען אַ מוסטער פון אַן אידעאַלער פרוי און גע־טרייער מוטער.

ביז עס איז געשען דער גרויסער סקאַנדאַל, מיט וועלכן די גאַנצע גאַס האָט געקאָכט: רוזשעלע האָט געפּאַקט איר מאַן מיט דער דינסט אין גאָר נישט קיין לייטישע אומשטענדן און אין גאָר נישט קיין אומשול־דיקער פּאָזע.

דאַן האָט זיך דאָס פערדל אין איר צעבריקעוועט און זי האָט אַראָפּ־געוואָרפן פון זיך אַלע יאָכן. זי האָט איצט דערזען, אַז איר פריערדיקע געזעלשאַפט איז גאָר נישט קיין ערגערע, ווי די אַריסטאָקראַטישע. אַלע מענער זענען די זעלבע חיות. די גבירישע זענען נאָר בעסער אויס־דרעסירט... פון דעמאָלט אָן האָט זי, נישט נאָר געמומען גיין צוריק אויף די כאַנייקעס, נאָר אויך געבראַכט פון דאָרט איר געזעלשאַפט צו זיך אין שטוב אַריין. זי האָט געפּראַוועט מיט זיי בעלער אויף איר אַמאָליקן שטייגער און פאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, דעם מאַן און זיין משפחה אויף צופּיקעניש. צום ערשטן איז עס געווען אַזאַ אָפּטועניש, אַ צו־להכעיס־שפּיל, אין דער גאַל־אַריין. שפּעטער אָבער איז עס שוין געוואָרן אַלטעגלעך און נאַטירלעך. גבריאל האָט זיך געהאַט זיין געזעל־שאַפט און רוזשעלע אירע. גבריאל האָט זיך געהאַט זיינע אַ פריינדין, (וועלכע ער האָט אויסגעהאַלטן מיט אַ וווינונג, קליידונג און טייערע צירונג) און רוזשעלע האָט זיך אויסגעוויילט אַלס איר שטענדיקן באַ־גלייטער דעם טאַנץ־מייסטער גאַרזשעלטשיק, וועלכן אַלע רופן „פּראָפע־סאָר״. דעם „פּראָפעסאָר״ האָט מען אפילו חושד געווען, אַז ער האַלט נישט פון דעם ווייבערישן מין און אַז מענער געפעלן אים בעסער. אָבער זינט ער האָט זיך באַפריינדעט מיט דער טעמפּעראַמענטפולער רוזשעלען, האָט מען שוין אָנגעהויבן אין דעם צו צווייפלען...

אוודאי איז עס געווען שרעקלעך, ווען מען האָט גבריאלן אינמיטן דער נאַכט אַ קראַנקן פון בעט אַרויסגענומען. רוזשעלע איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אַ צערודערטע און געפילט, אַז זי פאַרלירט דעם באָדן אונטער די פיס, דעם פאַרזאָרגער פון שטוב און דעם טאַטן פון פעליקסן. כאָטש זיי זענען די לעצטע פּאָר יאָר געווען סעפּאַרירט, איז ער איר דאָך געווען אייגן. זי האָט געוויינט, ווען מען האָט אים צוגענומען. שטאַרק געוויינט. מענטשן האָבן געזען און געהערט, ווי זי קלאָגט און וויינט.

און טאַקע דעם זעלבן אָוונט זענען אירע פריינט, בראש מיטן טאַנץ־מייסטער „פּראָפעסאָר״ גאַרזשעלטשיק, געקומען זי טרייסטן. מען האָט געטרונקען טיי מיט טשאַסטעס, אַ גלעזעלע קאָניאַק, זיך געוווּנטשן און געטרייסט. און כדי רוזשעלען און זיך צו צעשטרייען, האָט מען אַרויס־גענומען די קאָרטן אויפן טיש און עס האָט זיך צעפּלאַקערט אַ „דיעוויאַטי וואַל״ אין פולן האַזאַרד.

דאָס מזל האָט איר דווקא צוגעשפּילט, רוזשעלען, און זי האָט די נאַכט געוווּנען אַריבער פופצן הונדערט רובל!...

⁂

רוזשעלע איז ווייט געווען פון צו זיין אַ מלאך. כאָטש אויסער פון זינען און פון „פּראָפעסאָר", האָט זי עס נאָך פון פיל מענער געהערט...

דאָס אויפנעמען זינען און אָפּגעבן איר אַ צימער אין איר וווינונג, האָט זי געטון מיט אויסערעכענונג און געהאַט דריי סיבות דערצו: ערשטנס וועט מען זי סיי־ווי נישט לאָזן וווינען אין אַזאַ גרויסער דירה. די סאָוויעטן־מאַכט רעקוויזירט צימערן, שיקט אַריין מענטשן מיט „אָרדערס". און ווער ווייסט, וועמען מען קען איר דאָ אַריינזעצן? איבערהויפּט האָט זי מורא פאַר „זייערע" נאַטשאַלניקעס און אָפּיצירן. צווייטנס, מיט זינעס וווינען ביי איר, וועלן מענטשלעכע בייזע צינגער וויניקער אויסרעדן וועגן אירע פירעכצן... דריטנס, (דער דריטנס איז שוין געווען אי פאַר גאָט און אי פאַר לייט... דער זינדיקסטער מענטש וויל אויך האָבן אַ שטיקל זכות אין הימל. אויב עס איז יאָ דאָ אַ גאָט, טאָ זאָל ער זען, אַז דאָס האַרץ איז גוט און האָט אויך געטון אַ מצווה און זאָל די שטראָף פאַר אַלע איבעריקע זינד זיין אַ מילדערע...) אַ מענטש איז נישט מער ווי אַ מענטש און מען ווייסט נישט, וועמענס מאָרגן עס איז... היינט זענען די וואַרשעווער, פּליטים אין ביאַליסטאָק. מאָרגן, חלילה, קענען ביאַליסטאָקער זיין פּליטים ערגעץ אַנדערש־ווו. און טאָמער וועט עס איר באַשערט זיין (עס איז דאָך מלחמה!) וועט זי מיט אַ ריינערן געוויסן קענען אָנקומען נאָך הילף צו אַנדערע. אַ באַרג מיט אַ באַרג טרעפט זיך נישט. אָבער אַ מענטש מיט אַ מענטש? — זאָל זיך אַזוי נישט טרעפן!...

תיכף נאָכן פרישטיק האָט זינאַ געוואָלט גיין אין שטאָט אַריין, כדי אָנצוהויבן פּאַרוויר־קלעכן אירע פּלענער. כאָטש זי האָט נאָך די מינדסטע אָנונג נישט געהאַט, ווהין מען גייט און וואָס מען הויבט אָן צו טון.

רוזשעלע אָבער האָט זי כסדר אָפּגעהאַלטן:

— וואָס איז דער געאייל? איר זענט דאָך נישט, חלילה, אויף דער גאַס! צום עסן פעלט נישט, גאָט צו דאַנקען, ביי מיר אין הויז. רוט זיך אויס אַ וואָך, צוויי, און קומט צו זיך... מען איז דאָך מענטשן, איז מען דאָך!... וואָס ווייס איך, ווי מיין מאָרגן וועט זיין?... און באַזונדערס, זוכן

אין אַ פרעמדער שטאָט דעם נעכטיקן טאָג איז אויך אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט... און אויב איר ווילט אַזוי שטאַרק געפינען אַ באַשעפטיקונג, קען איך דאָך דאָס אייך גיכער פאַרזאָרגן. איך בין דאָך אַ היגע!... צו מיר אין שטוב אַריין קומען סוחרים פון פאַרשידענע בראַנזשעס. היינט אין אָוונט וועלן אויך קומען וויכטיקע מענטשן. איך וועל אַ רעד טון מיט זיי און געפינען פאַר אייך עפּעס פּאַסיקס. איר פאַרשטייט... — האָט זיך רוזשעלע געריוטלט — כדי צו פאַרגעסן אָן די צרות, קומט מען זיך דאָ, ביי מיר, צוזאַמען... מען שפּילט אַ קערטל, מען דערציילט זיך נייעס, וואָס עס הערט זיך אין שטאָט... מען פאַרברענגט און מען פאַרגעסט אינ־גאַנצן, אַז מען איז איינזאַם... יאָ, איז וועל איך אייך פאַרשטעלן פאַר מיינע געסט און אַ רעד טון וועגן אייער ענין.

כאָטש זינאַ האָט דעם מינדסטן חשק נישט געהאַט צו זיין אין קיין שום געזעלשאַפט, האָט זי אָבער דאָך געמוזט מסכים זיין, אַז רוזשעלע איז גערעכט: זי האָט נישט וואָס צו זוכן דעם נעכטיקן טאָג אין אַ פרעמ־דער שטאָט. דאַקעגן באַקאַנטע פון אַן אייגענער געזעלשאַפט קענען גיכער אַרויסווייזן אינטערעס און העלפן. העלפן... גאָט אין הימל! וואָס פאַר־לאַנגט זי דען מער ווי איינצואָרדענען און פאַרזאָרגן עסטושיען? און נאָכ־דעם, נאָכדעם...

זינאַ איז טאַקע אין ערגעץ נישט געגאַנגען. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים פענצטער מיט די פאַרהאַנגענע גאַרדינען, געקוקט צום פייכטן, קלעפּיקן שניי, וואָס פאַלט אומאויפהערלעך אין דרויסן, און פאַרזונקען אין אירע מחשבות. זי האָט זיך אַזוי פאַרטראַכט, אַז זי האָט שוין מער נישט געהערט רוזשעלעס געדיכטע שטראָמען רייד, וואָס קלינגען, ווי זיך־שיטנדיקע אַרבעס אויף אַ הילכיקער בלעך.

אויך עסטושיען האָט זיך געגלוסט צו זיצן אַזוי נעבן דער מאַמען, קוקן אויפן פאַלנדיקן שניי און שווייגן. נאָר רוזשעלע האָט זי נישט געלאָזן:

— אַ מיידל אין אַ נייער שטאָט, זאָל עס נישט זיין נייגעריק אָנצו־קוקן די גאַסן!... עס פּאַסט פאַר אַן אַלטער באָבעשי און נישט פאַר דיר, אַ כלה־מיידל!... גייט,קינדער, אין גאַס אַריין! שפּאַצירן גייט!... — האָט זי זיי ביידן דערלאַנגט די מאַנטלען און פעליקסן אַריינגעשטופּט עטלעכע רובל אין האַנט אַריין. — זאָלסט איר קויפן גוטע זאַכן, הערסט?... זיי אַ קאַוואַליער, זיי!... אַ מיידל האָט ליב גוטע זאַכן!...

*****

אָנהויב אָווגט, באַלד ווי מען האָט נאָך אָנגעצונדן די ליכט, האָט זיך צעקלונגען דאָס גלעקל ביי דער טיר. עס האָט זיך אָנגעהויבן צו־זאַמענצוקומען רוזשעלעס געזעלשאַפט.

דער ערשטער האָט זיך באַוויזן דער טאַנץ־מייסטער גאַרזשעלטשיק, וועלכן רוזשעלע האָט מקבל פנים געווען מיט אַן:

— אַ, פּראָפעסאָר!... ביטע... ביטע...

אין זינעס אויגן אָבער האָט דער „פּראָפעסאָר" אויסגעזען ווי אַ קליין־שטעטלדיקער פריזיער, וועלכער שטעלט אויך באַנקעס... זיין זשאַ־ווער־קאַליריקער קאָפּ האָר איז געווען פּאַרקעמט מיט אַ שרינט אין סאַמע מיטן און מיט פּאַרצייטישע לאַנגע באַקנבערד, וואָס האָבן צוגעדעקט כמעט אַ העלפט פון זיין טיף־געשטופּלט פּנים. די איבעריקע אָפּגעדעקטע געשטופּלטקייט האָט געלויכטן מיט אַ ציניש־העפלעכן שמייכעלע... ער האָט געטראָגן אַ האַרט־געקראָכמאַליעטן קראַגן מיט אַ שוואַרצן קינסט־לער־שניפּס. אין „קאָפּ" פון שניפּס האָט געשטעקט אַ גאָלדענער מאַנאָ־גראַם, באַזעצט מיט בלישטשענדיקע שטיינדלעך. אויך אויף די הענט האָט ער געטראָגן גרויסע רינגען מיט קאָלירטע קמיע־שטיינער. לויט זינעס אָפּשאַצונג, האָט ער שוין געדאַרפט האָבן אַ זעכציקער. אָבער באַמיט האָט ער זיך אָנצוגיין אַלס דרייסיק־יעריקער. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין נויגן, יוגנטלעך קלאַפּן מיט די פיס, קושן די דאַמען אין די הענט און ציניש־העפלעך שמייכלען, יעדער זאַץ האָט זיך ביי אים אָנגעפאַנגען, ווי ביי אַ מאַסן־רעדנער, מיט די ווערטער:

— מיינע ליבע דאַמען און חשובע הערן!...

גבריאל סקולביסעס חברים און קאָנקורענטן, די שותפים פון ווייך־געשעפט ראַפּאָפּאָרט און קאָוואַלסקי, זענען געקומען מיט צוויי דאַמען. ביידע פּלאַטין־בלאָנדינקעס, טלענירט און געשמירט אַלאַ גרעטאַ גאַרבאַ. ווען נישט דאָס, וואָס איינע האָט אַ פּאַרקאַטערט נעזל און די צווייטע — אַ מיט האָר באַוואַקסענע בראָדעווקע אויף דער גאָמבע, וואָלט זיי זינאַ נישט אונטערשיידט ביידע ווי אַ צווילינג, מיט דער זעלבער פריזור און מיט דער זעלבער קליידונג, פון קאָפּ, ביז די פיס. ווען די דאַמען האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מאַנטלען, האָט זינאַ פעסטגעשטעלט, אַז טיפער דעקאָלטירט קען מען שוין נישט זיין... זיי האָבן מענעריש

פאַררויכערטע סיגאַרעטן, פאַרשמירנדיק זיי מיטן רויט פון דעם ליפּן־שמינק, געפּלאַפּלט נאָך געדיכטער און הילכיקער פון רוזשעלען, און ביי יעדן סוד, וואָס די פּאַרטנערן האָבן זיי אַריינגעשושקעט אין די אויערן אַריין, האָבן זיי אַרויסגעשאָסן מיט שפּיציקע „נאַאיווע“ געלעכטערלעך.

— שוויניאַ!...

— גיי, איך שעם זיך... דו מאַכסט מיך אינגאַנצן קאַליע!...

רוזשעלע האָט געהאַלטן וואָרט. אָפּגערופן קאָוואַלסקין און ראַפּאָ־פּאָרטן אין אַ צווייטן צימער און נאָך עטלעכע מינוט צוריק אַרויסגעקומען מיט אַ גליקלעך שמייכעלע:

— נו? וואָס האָב איך געזאָגט? געוואָלט גיין אין אַ פרעמדער שטאָט, זוכן דעם נעכטיקן טאָג... אַז אָט איז עס געקומען אין שטוב אַריין!...

און קאָוואַלסקי מיט ראַפּאָפּאָרטן, ערנסטער געוואָרענע, האָבן זיך צוגעזעצט צו זיבען.

— מיר האָבן גוט געקענט בעריושן! אַ האַרציקער יונג. גרויסע באַ־שטעלונגען געמאַכט ביי אים. איר זענט דאָך אוודאי אויך באַקאַנט אין דער בראַנזשע?...

— זיכער... — האָט זיבאַ געענטפערט מיט אַ האַלב מויל. — איך פלעג אַמאָל ביזהילפיק זיין מיין מאַן.

— מיר זוכן טאַקע אַ מענטשן, וואָס קען זיך אין דער בראַנזשע. כאָטש קיין סך צו וויסן איז נישטאָ וואָס... פּאַניע כאַפּט אויס אַלע פּלע־שער, אפילו בוריק־באַרשטש!... גיב זיי אוגערקע־ראָסל, וועלן זיי אויך טרינקען!... נאָר ווו נעמט מען? אַלץ וועט זיך אינגיכן ענדיקן. בקרוב וועלן זיי נאַציאָנאַליזירן אַלע געשעפטן און איינפירן מלוכהשע „אוניווער־מאַגן“. דאַן וועלן מיר זיין אָנגעשטעלטע אין אונדזערע געשעפטן, גלייך מיט אייך... אויס באַלעבאַטים! מען זאָל אונדז נאָר צונעמען אַלס אָנ־געשטעלטע!... אַזוי, אַזוי, מאַדאַם קופּערשמיד... שיין זעען מיר אויס! עס פרייט אונדז זייער, אייך צו באַקענען, אוודאי וואָלט בעסער געווען, אין אַנדערע באַדינגונגען. אָבער געפאַלן דאַרף מען נישט זיין!... איר וועט אַרבעטן מיט אונדז און זיין צווישן פריינט! גאָרנישט זאָרגן, איר הערט?... מען קען סיי־ווי היינט גאָרנישט אויסזאָרגן!...

נישט נאָר צוליב די וואַרעמע רייד און גוטן צוזאָג, נאָר זיבאַ האָט געהאַלטן ראַפּאָפּאָרטן און קאָוואַלסקין פאַר די איינציקע צוויי לייטישע מענטשן אין דער גאַנצער געזעלשאַפט. כאָטש זייערע פּאַרטנערינס זענען

איר גאָרנישט געפעלן. עס זענען איר אויך נישט געפעלן די איבעריקע דריי געסט: הויכע, געזונטע מענער מיט רויטע, אָנגעגאָסענע פּנימער, פעסטע קאַרקן און באַסאָווע שטימען. אין זיינעס אויגן האָבן זיי אויס־געזען ווי בעלי־עגלות, קצבים, אָדער פישער. זייער אַרט רעדן און די אומצווײדײטיקע וויצן האָבן עס איר באַשטעטיקט.

די דאַמען זענען געוואָרן אומגעדולדיק:

— נו, ווו זענען די קאָרטן? לאָמיר שוין זען אַ באַנק פאַר די אויגן!...

— איך האָב היינט דעם „איסט"!... לאָמיר שוין זען אַ שפּיץ אייכל!...

רוזשעלע האָט אַ שמיץ געטון צוויי טאַליעס קאָרטן אויפן טיש אַרויף. עס איז געוואָרן אַ גדולה און אַ כאַפּעניש.

— אויסוואַרפן! אויסוואַרפן!

מען האָט אויסגעוואָרפן און דער גורל איז געפאַלן אויפן „פּראָפעסאָר" צו האַלטן די ערשטע באַנק. ער האָט אַרויסגעלייגט הונדערט און פופציק רובל באַנק־געלט און אויסגעלייגט די ערשטע דריי קאָרטן.

די „פּאָניטירער" האָבן זיך אַ לאָז געטון אויסצוכאַפּן קאָרטן. זיי האָבן איינגעשטעלט גראָב און געשפּילט קאָמבינירט:

— פיגורן רויט מיט העלע מלכים. מלך רויט, עקסטרע.

און רוזשעלע האָט געשטעלט הונדערט רובל בלויז אויפן וואַליעט רויט. איר וואַליעט רויט איז דער פּראָפעסאָר מיטן פאַרזשאַווערטן קאָפּ האָר און באַקנבערד. שטענדיק שפּילט זי אויפן מזל פון איר וואַליעט רויט און געווינט...

דער „פּראָפעסאָר" איז דערפון נישט שטאַרק צופרידן געווען. דער וואַליעט רויט איז טאַקע אַרויסגעקומען די ניינטע קאָרט און מען האָט אים באַלד, אין דער ערשטער רונדע, צעקלאַפּט די באַנק...

דערפאַר אָבער, ווען די צווייטע באַנק האָט איבערגענומען ראַפּאָ־פּאָרט, איז דער פּראָפעסאָר צופרידן געווען צו זיצן און האַלטן רוזשעלען אויפן שויס... ער האָט איצט אויך געשפּילט אויף איר מזל און כסדר איינגעשטעלט אויף דער דאַמע פּיק. און וויפל מאָל די דאַמע פּיק איז אַרויס, אַזוי פיל מאָל האָט ער געקושט רוזשעלען אין הינטערשטן און פאָדערשטן דעקאָלט...

די צוויי פּלאַטינענע „גרעטאַ גאַרבאָס", האָבן זיך אָן איר מתקנא געווען און זיך אויך ליידנשאַפטלעך געטוליעט צו זייערע פּאַרטנערן.

אין דעם מאָמענט זענען אָנגעקומען עסטושיאַ מיט פעליקסן פון גאַס.

זינאַ האָט נישט געוואָלט, עסטושיאַ זאָל זען די פּרעך־צעבאַלעוועטע געזעלשאַפט. האָט זי זיך אַנטשולדיקט און אַוועקגענומען עסטושיען צו זיך אין צימער אַריין.

עס האָט איר געעקלט, זינען, פון די מענטשן, פון זייער האַלטן זיך און פון גאַנצן, נאַרישן לעבן. די גאַנצע וועלט איז איר איצט נמאסער גע־וואָרן ווי נעכטן. נייך! זי האָט נישט מער וואָס זיך אַרומצופּלאָנטערן אויף דער עקלדיקער וועלט! זי דאַרף גיין איר וועג, וועלכן זי האָט זיך באַ־שטימט!

און ווען עסטושיאַ האָט איר דערציילט, ווו זי איז געווען, וואָס זי האָט אַלץ געזען און געהערט אין שטאָט און ווי זי האָט פאַרבראַכט, האָט זינאַ, מיט מוטערלעכן נחת, אָבער דערביי אויך אומעטיק־טריב גע־שמייכלט.

דאָס איז געווען דער ביטערער שמייכל פון אַ קראַנקער מאַמען, וועל־כע ווייסט, אַז מאָרגן־איבערמאָרגן שטאַרבט זי און זי זעט איר בליענדיקע בת־יחידה די לעצטע עטלעכע מאָל...

קאַפּיטל 5

## דער אויסגעמעקטער...

— די אָפּעראַציע איז געלונגען. אָבער וואָס קומט אַרויס?... — האָט דער אַלטער כירורג, זיך וואַשנדיק די הענט, גערעדט צו זיינע אַסיס־טענטן — צופּיל בלוט פאַרלוירן!

— איז ווו באַפעלט איר אים צו לייגן, בירגער פּראָפעסאָר?

— איר קענט אים שוין לייגן, ווו איר ווילט, וויערא אַנדרייעוונאַ... ביז נאַכט וועט זיין בעטל זיין ליידיק...

די שפּיטאָל־לייטערין, וויערא אַנדרייעוונאַ, האָט באַשלאָסן אים צו לייגן אין קאָרידאָר. די פּאַלאַטעס זענען אַלע איבערפולט. אויך אין די קאָרידאָרן שטייען אָנגעשטעלט בעטלעך. נישטאָ אַזש ווו אַדורכצוגיין.

דעם זעלבן אָוונט אָבער זענען געבראַכט געוואָרן דריי פאַרוווּנדעטע רויט־אַרמייער און וויערא אַנדרייעוונאַ האָט שוין אויך אין קאָרידאָר קיין פּלאַץ נישט געהאַט. דאַן איז איר בליק ווידער געפאַלן אויפן גוסס, וועלכן מען האָט געבראַכט פון דער גרענעץ.

— ליידיקט מיר אָפּ דאָס בעטל! — האָט זי באַפֿוילן דער דינער־שאַפֿט.

— ווי אַזוי? וווהין?

— איך מוז האָבן דאָס בעטל פֿאַר לעבעדיקע. דער איז שוין סײַ־ווי אַ מת. טראָגט אים אַראָפּ אין מתים־שטיבל!

און וויעראַ אַנדרייעוונאַ איז אַרײַן אין איר צימער, זיך געזעצט בײַם שרײַב־טיש און גענומען איבערקוקן די רשימות פֿון די קראַנקע. זי האָט געזוכט, וועמען אויסצושרײַבן פֿון שפּיטאָל, אָפּצושיקן אַהיים און באַפֿרײַען די דרינגענד־נויטיקע בעטלעך.

ווען זי איז צוגעקומען צו די איניציאַלן **ב. ק.**, וואָס זענען פֿאַר־שריבן געוואָרן, לויטן מאַנאַגראַם פֿון דעם פֿאַרוואונדעטנס וועש (קיין דאָקומענטן האָט מען בײַם באַוווסטלאָזן נישט געפֿונען) — האָט זי זיי אויסגעמעקט מיט אַ דיקן שטריך. זי האָט דאַן די איניציאַלן אַריבער־געטראָגן אין אַ צווייטן בוך: אין דער רשימה פֿון די געשטאָרבענע אין דעם מעת־לעת.

צומאָרגנס אינדערפֿרי, ווען וויעראַ אַנדרייעוונאַ איז געקומען צו דער אַרבעט, האָט זיך עס רעכט געטומלט אויפֿן שפּיטאָל־הויף.

אַריבערטרעטנדיק די קאַליטקע פֿון אײַזערנעם טויער, האָט זי נאָך פֿון דער ווײַטנס געהערט, ווי דער דיזשורירנדיקער דאָקטאָר שרײַט אויף דער דינערשאַפֿט און די דינערשאַפֿט שרײַט נאָך העכער צוריק:

— וואָס זענען מיר שולדיק?

— מען האָט אונדז געהייסן אים אַהערברענגען, האָבן מיר אים אַהערגעבראַכט! מען וועט אונדז הייסן אים צוריקטראָגן, וועלן מיר אים צוריקטראָגן!

— נאַשע דיעלאָ מאַלענקאָיע!...

— מיר טוען, וואָס מען הייסט אונדז!

— ווער האָט געהייסן?

— די שפּיטאָל־לייטערין אַליין!

— וויעראַ אַנדרייעוונאַ!

— שאַט! אָט גייט זי דאָך!

— וואָס איז געשען?! — איז וויעראַ אַנדרייעוונאַ צוגעקומען אַ צע־שראָקענע — וואָס איז דאָ פֿאַר אַ טומל??

— וויעראַ אַנדרייעוונאַ, אַ מת איז לעבעדיק געוואָרן!...

— וואָס??? וואָס פּלוידערט איר פּאַר אַ נאַרישקייטן?

— טשעסטנאָיע סלאָוואָ! ער איז לעבעדיק געוואָרן!...

— וויעראַ אַנדרייעוונאַ, דאָס איז דער זעלבער, וועלכן איר האָט אונדז נעכטן געהייסן אַראָפּטראָגן אין מתים־שטיבל! ער איז צוריק לעבע־דיק געוואָרן!...

— די זאַך איז אַזוי, וויעראַ אַנדרייעוונאַ, איך וועל אייך דערציילן גענוי, ווי דאָס איז געווען. הערט: די סטודענטן זענען געקומען, זיך נעמען אַ מתל צום פּאַלמעסן. זיי קומען צו, ערשט ער רירט זיך!...

— ער רירט זיך איז ווייניק! ער האָט געגעבן אַ קוק מיט אַ פּאָר אויגן, אַז זיי זענען אַלע פּאַרציטערט געוואָרן!... אַרויסגעלאָפן מיט אַ געשריי!...

וויעראַ אַנדרייעוונאַ האָט אירע אויערן נישט געגלויבט. נישט־שויך־זשע לעבט ער נאָך?! דער פּראָפעסאָר אַליין האָט דאָך געזאָגט, אַז ער וועט ביז נאַכט נישט דערציען!

— סטראַננאָ!... — האָט זי זיך געווענדט אין דער ריכטונג צום מתים־שטיבל. און איילנדיק מיט שנעלע טריט, איז איר אין קאָפּ שוין פּאַרטיק געווען אַ תשובה פּאַר דער נאַטשאַלסטוואָ, אין פּאַל מען וועט קומען אויספאָרשן דעם ענין און אין פּאַל, ווען מען וועט איר מאַכן פּאָרווורפן:

— יאַ זדיעס ניע פּריטשאָם! דער פּראָפעסאָר אַליין האָט געזאָגט: „איר קענט אים שוין לייגן ווו איר ווילט. ביז נאַכט וועט זיין בעטל שוין זיין ליידיק!“. אַלע אַסיסטענטן האָבן עס געהערט. און דאָ האָט מען אָנ־געבראַכט פּאַרוווּנדעטע רויט־אַרמייער און עס איז נישט געווען זיי ווו צו לייגן!...

אַריבערטרעטנדיק די שוועל פון מתים־שטיבל, האָט טאַקע וויעראַ אַנדרייעוונאַ דערזען, ווי דער „מת“ ליגט מיט גרויס־צעעפנטע אויגן און כאָרכלט שווער. איר האָט זיך אפילו געדאַכט, אַז די אויגן קוקן צו איר מיט אַ טענה, מיט פּאָרווורף.

דער דיזשורירנדיקער דאָקטאָר איז איר נאָכגעלאָפן:

— נעמט אים אַרויס פון דאַנען, וויעראַ אַנדרייעוונאַ! נעמט אים שוין אַרויס!

— אָבער דאָקטאָר, וווהין? — האָט זיך וויעראַ אַנדרייעוונאַ געבעטן

אַן אומבאַהאָלפענע — עס איז דאָך קיין איין־אײנציק פּריי בעטל נישטאָ! און... און איך האָב דאָך אים שוין נעכטן אויסגעמעקט!

— איר האָט זיך צו־שטאַרק צוגעאײלט, וויעראַ אַנדרייעווונאַ! שווייבט אים צוריק אַריין און נעמט אים אַרויף אין אַ פּאַלאַטע. עס קען זיין גרויסע אומאָנגענעמלעכקייטן!

— פאַרשטייט זיך. איר זענט גערעכט, דאָקטאָר. אָבער שולדיק איז דער פּראָפעסאָר! ער האָט דאָך דייטלעך געזאָגט, אַז...

— וויעראַ אַנדרייעוונאַ! דער פּראָפעסאָר האָט טאַקע געזאָגט, אָבער פאַראַנטוואָרטלעך זענט איר! איז פאַרלירט נישט קיין צייט. נעמט אים שנעל אַרויס פון דאַנען און רופט דרינגענד אַרויס דעם פּראָפעסאָר! דער פּאַציענט מוז תיכף גיין אויפן טיש! עס קען זיין, אַז מען וועט אים נאָך קענען ראַטעווען!

— איר זענט גערעכט, דאָקטאָר! איך קלינג שוין צום פּראָפעסאָר! און איר, — האָט זי זיך געווענדט צו דער דינערשאַפט — נעמט אים תיכף אַרויף אין אָפּעראַציע־צימער!

דער אַלטער פּראָפעסאָר איז געווען אויסער־זיך. הענט און פיס האָבן אים געציטערט.

ער איז שוין אַזוי אויך אין אומחן ביי דער סאָוויעטן־מאַכט. מען האָט אים שוין לאַנג געוואָלט באַזייטיקן פון שפּיטאָל, ווי מען האָט שוין אַ סך אַנדערע אַלטע דאָקטוירים באַזייטיקט און אַוועקגעשיקט אויף אַר־בעט, ערגעץ אַנדערש־ווו. עס איז נאָך נישט געקומען דערצו, צוליב זיין גוטן נאָמען אין שטאָט, צוליב זיינע פאַרדינסטן פאַרן שפּיטאָל און צוליב דעם, וואָס קיין בעסערער כירורג פון אים איז אין דער גאַנצער ביאַלי־סטאָקער געגנט נישט בנמצא.

אָבער דער פאַל קען זיין פאַר אים אַ געוואַלדיקע קאָמפּראָמיטאַציע און קען ברענגען צו אַן אומגליק!

ער איז געקומען צולויפן אַ פאַרסאַפּעטער, אַן אויפגערעגטער, מיט אַ געדיכט־אַרויסגעזעצטן שווייס אויף זיין גרויסן שטערן און דיקער, בולבעדיקער נאָז.

— ווער וואָלט זיך גערעכט? ווער וואָלט זיך געריכט? — האָט ער געהאַלטן אין איין שטאַמלען אַ צעשראָקענער, זיך וואַשנדיק די הענט.

אומזיסט האָבן איצט די קראַנקע פון פאַרשידענע פּאַלאַטעס גערופן „דאָקטאָר!“. דער גאַנצער מעדיצינישער פּערסאָנאַל איז איצט פאַרזאַמלט

געווען אין אָפּעראַציע־צימער, אַרום דעם לעבעדיקן מת און אַרום דעם טויט־בלאַסן אַלטן כירורג. אפילו די קראַנקנשוועסטער און פלעגערינס זענען נייגעריק פאַרזאַמלט געווען הינטער דער טיר פון אָפּעראַציע־צימער.

— אַ געזונט האַרץ! אַן אייזערנער מאָטאָר! — האָט דער אַלטער פּראָפעסאָר פעסטגעשטעלט — אַן אַנדערער וואָלט שוין לאַנג נישט אויסגעהאַלטן! אַזאַ בלוט־אָפּפלוס!

— פּראָפעסאָר, איר האָט נעכטן געזאָגט אַז... און איך האָב אים שוין אויסגעמעקט... — האָט וויערא אַנדרייעוונאַ פאַרלוירן געשטאַמלט — איז איצטער, ווי?...

— שרייבט צוריק אַריין! שרייבט צוריק אַריין! — האָט דער פּראָפעסאָר אייליק געשריען — אַז ער האָט איבערגעלעבט די נאַכט, איז דאָ אַ גרויסע האָפענונג! אַ געזונט האַרץ! אַן אייזערן האַרץ!

***

דער „לעבעדיקער מת“ האָט נאָך אַלץ געפּלאָנטערט צווישן לעבן און טויט. ער האָט פון צייט־צו־צייט געעפנט אַ פּאָר גרויסע, פאַרגלאָסענע ביר־אויגן און די אָנגעשוואָלענע וויעס זענען תיכף צוריקגעפאַלן און זיך געשלאָסן. די הויך־אַרויפגעשטיגענע טעמפּעראַטור האָט זיך ווי פאַרפעסטיקט אויף די העכסטע שטאַפּלען פון דעם טערמאָמעטער־לייטערל און נישט געוואָלט אַראָפּנידערן.

ער איז איצט גֶעלעגן אין סאַמע ערשטן בעטל פון דער פּאַלאַטע, וואָס נעבן דער טיר פון וויערא אַנדרייעוונאַס צימער. זיין אַרומגעבאַנדאַזשירטער קאָפּ איז געווען באַלייגט מיט צוויי פּענכערס אייז, וואָס זענען כסדר געביטן געוואָרן.

נעבן זיין בעט איז אַוועקגעזעצט געוואָרן אַ ספּעציעלע קראַנקן־שוועסטער, צו וואַכן איבער אים. זי האָט אים געטוישט די אייז־פּענכערס, גענעצט זיינע פאַרבלוטיטע ליפּן, געמאָסטן די טעמפּעראַטור און אַלץ גענוי פאַרצייכנט, לויט דער פאַראָרדענונג פון פּראָפעסאָר.

דער אַלטער כירורג, וועלכער פלעגט קיינמאָל איבער די פּאַלאַטעס נישט גיין, איז דאָ איצט געוואָרן אַן אָפטער גאַסט. ביי יעדער געלעגנהייט כאַפּט ער זיך אַריין אַ קוק צו טון צום „לעבעדיקן מת“, טאַפּט אים דעם

פּולס און פרעגט זיך אויס ביי דער קראַנקן־שוועסטער. זי גיט אים יעדעס מאָל אָפּ אַ גענויעם באַריכט, וועגן אַלץ וואָס זי אָבסערווירט ביים קראַנקן, במשך פון דעם פּראָפעסאָרס אָפּוועזנהייט.

אויך וויערא אַנדרייעוונאַ נוצט אויס יעדע געלעגנהייט זיך אָפּצו־שטעלן ביים בעט פון „לעבעדיקן מת". דערווייל האָט זי נאָך קיין אומ־אַנגענעמלעכקייטן נישט געהאַט. כאָטש די סטודענטן האָבן שוין באַוויזן צו צעפּלאַפּלען די געשיכטע איבער דער גאַנצער שטאָט...

אַ פּאָר מאָל האָט מען אים ווידער אַריינגענומען אין אָפּעראַציע־צימער. די באַדייטנסטע דאָקטוירים האָבן אים באַטראַכט און נאָכדעם לאַנג געשמועסט און זיך באַראַטן וועגן דעם אויסטערלישן פאַל אין דער מעדיצינישער פּראַקטיק.

מען האָט אים צוריקגעבראַכט און ווידער אָנגעזאָגט דער קראַנקן־שוועסטער, זי זאָל זיין וואַכזאַם, זאָרגפעליק אָבסערווירן און פאַרצייכענען די מינדסטע ענדערונגען אין קראַנקן. ווי נאָר עפּעס — תיכף צו וויסן טון דעם דיזשורירנדיקן דאָקטאָר.

צי דערפאַר, ווייל דאָס געוויסן האָט געפּייניקט און געפאָדערט פאַרן קראַנקן פאַרגיטיקונג? צי דערפאַר וואָס אין פאַל פון אומאַנגענעמלעכ־קייטן זאָל מען קענען דערוויזן, אַז מען האָט אַלץ געטון, און נאָכמער וויפל מען האָט געדאַרפט און געקענט?... צי טאַקע דערפאַר, ווייל דאָס איז אַן אויסטערלישער פאַל אין דער מעדיצינישער פּראַקטיק? אַלע שפּיטאָל־דאָקטוירים און דער גאַנצער מעדיצינישער פּערסאָנאַל האָבן אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע פאַראינטערעסירונג און וואַכזאַמקייט צום „לעבעדיקן מת".

וויערא אַנדרייעוונאַ און דער אַלטער פּראָפעסאָר זענען כמעט נישט אָפּגעטראָטן פון אים, ווי ער וואָלט געווען זייערער אַ קרוב, אָדער ווי אַן אים וואָלט אָפּהענגיק געווען זייער גאַנצע קאַריערע און עקזיסטענץ.

— די נאַכט וועט אַלץ דעצידירן!

— זאָל ער נאָר אויסהאַלטן די היינטיקע נאַכט!

***

נייך: ביי וויערא אַנדרייעוונאַן איז דאָס נישט געווען קיין געוויסנס־ביסן. עס איז איר אויך אַריבער די שרעק פאַר דער געפאַר פון אומאַנ־גענעמלעכקייטן. דער אויסטערלישער פאַל אין דער מעדיצינישער פּראַק־טיק האָט זי אוודאי איצט נישט אינטערעסירט.

פונדעסטוועגן האָט זי די נאַכט נישט געקענט אַהיים גיין שלאָפן און האָט באַשלאָסן צו בלייבן אין שפּיטאָל. זי איז די גאַנצע נאַכט אָפּ־געזעסן מיט דער קראַנקן־שוועסטער ביים בעט פון דעם פלאַטערנדיקן צווישן לעבן און טויט.

וואָס־זשע אַזוינס האָט זי צוגעשמידט צו זיין בעט? וואָס צאַפּלט זי אַזוי איבער זיין גורל? ווייניק האָט זי געזען גוססדיקע? ווייניק געזען שטאַרבנדיקע? צי מאַכט עס דען אויף איר אַן איינדרוק?

דאָס מאָל — יאָ.

באַלד אינדערפרי, ווען זי איז צוגעקומען צום שוועל פון מתים־שטיבל און דערזען זיינע גרויס־אויפגעריסענע ביר־אויגן, האָט עס איר אַ מאָדנעם זעץ געטון אין האַרצן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז נישט קיין אַנ־דערער, נאָר קאָליאַ ליגט עס דאָ אַ גוססדיקער! שפּעטער, ווען זי האָט זיינע איניציאַלן צוריק אין בוך אַריינגעשריבן, איז זי ווידער געבליבן זיצן אַ צעמישטע: קאָליאַס איניציאַלן! זי איז דאַן געלאָפן אין אָפּעראַציע־צימער, וווהין מען האָט אים שוין אַריבערגעטראָגן. אָבער דאָס מאָל זע־נען זיינע אויגן געווען געשלאָסן. זי האָט זיך לאַנג איינגעקוקט אין זיין פּנים און געזוכט ענלעכע שטריכן, וואָס זאָלן איר עפּעס באַשטעטיקן. זי האָט זיי נישט געפונען און צו זיך אַליין אַ זאָג געטון:

— נאַרישקייטן! עס איז דאָך נישט מעגלעך! פּוסטיאַקי!...

פונדעסטוועגן האָט עס איר כסדר געצויגן אַ קוק צו טון, צי עפנט ער נישט אַמאָל די אויגן...

וויעראַ אַנדרייעוונאַ האָט איר רו פאַרלוירן. זי האָט זיך שוין נישט באַרואיקט אפילו שפּעטער, נאָכדעם ווי זי האָט זיך איבערצייגט אויפן סמך פון צענדליקער סמנים, אַז דאָס איז נישט קאָליאַ. זיכער נישט ער! — איר מיט ווייטיק־אויפגעוואַכטער געפיל האָט זיך שוין מער נישט געוואָלט צוריקלייגן אין געלעגער פון דער שוין־פאַרהיילטער וווּנד און גליווערן אין פאַרגעסונג... זיבן יאָר איז דאָס געפיל געווען פאַרשלאָסן אין קבר פון איר האַרץ. און איצט האָט עס אויפגעוואַכט מיט אַ באַזונדערער עקשנות!

זי האָט זיך שוין היינט פאַרשלאָסן ביי זיך אין צימער און היסטעריש זיך צעוויינט. שפּעטער האָט זי זיך אַליין געמוסרט און פון איר נאַריש־קייט געלאַכט... ענלעכע איניציאַלן קענען דאָך זיין אין די הונדערטער טויזנטער!... אפילו דאָ אין שפּיטאָל האָט זי זיי אַ פּאָר צענדליק. זי האָט

עס שוין קאָנטראָלירט... און די אויגן? — אפשר האָט זי אַ טעות גע־
האַט? און אפילו ווען ענלעכע, איז וואָס?...

ניין, דאָס איז נישט קאַליאַ! זיכער אַ פרעמדער. און דאַכט זיך גאָר,
אַ ייד!... און פונדעסטוועגן...

זיין גורל איז איר אַזוי טייער געוואָרן, אַז זי וואָלט גרייט געווען
פאַר אים אויף קרבנות! ווען עס וואָלט נויטיק געווען אים צו ראַטעווען,
וואָלט זי איצט גרייט געווען אפילו איר בלוט צו געבן פאַר אַ טראַנספוזיע
פאַר אים!...

⁂

וויעראַ אַנדרייעוונאַ שטאַמט פון מינסק. אַ ווייסרוסישע איז זי. מיט
קאַליאַן האָט זי זיך באַקענט אין לענינגראַד, ווו זיי האָבןביידע שטו־
דירט. ער איז אַהין געקומען פון פּאָוואָלזשאַ, פון שטעטעלע קראַסני קוט,
וואָס אין דער דייטשער אויטאָנאָמער געגנט. ביידע — קאָמסאָמאָלצעס
פון דער פריסטער יוגנט. מיט באַגייסטערונג פאַרן סאָוויעטישן היימלאַנד,
מיט ליבע און פאַרערונג צו די לערער און פירער פון דער פאַרטיי און
רעגירונג. ביידע זענען געווען באַפליגלט מיט דער אידעע צו שטודירן
און ווערן וואָס מער נוצלעכערע בירגער און מיטשאַפער פון אַ בעסערן
און שענערן מאָרגן. וויעראַ אַנדרייעוונאַ האָט זיך אויסגעקליבן דעם מעדי־
צינישן פאַקולטעט און קאַליאַ האָט דווקא געוואָלט ווערן אַן אינזשיניער.
ער האָט געחלומט צו בויען הייזער, בריקן, זאַוואָדן...

זייער ליבע האָט זיך אָנגעפאַנגען באַלד ביי זייער ערשטער באַגע־
געניש, אין די ערשטע טעג פון זייער קומען קיין לענינגראַד. טראָץ דעם,
האָבן זיי ביידע באַשלאָסן, זיך נישט צו פאַראייניקן פריער, ווי זיי וועלן
דערגרייכן זייערע צילן און באַקומען די דיפּלאָמען. זיי האָבן טאַקע גע־
שמט אַלס די בעסטע, פעאיקסטע סטודענטן פון גאַנץ לענינגראַד. זיי
האָבן סטיפּענדיעס באַקומען און אָפטמאָל אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלס
מוסטערן.

דער שענסטער פעריאָד אין זייער סטודענטן־לעבן איז געווען קאַני־
קול־צייט. ווען אָנשטאַט באַזונדער צו פאָרן אין זייערע היימען, זענען
זיי צוזאַמען געפאָרן קיין קרים און גליקלעכע פאַרבראַכט אין יאַלטע.
זאָרגלאָזע, מונטערע, מיט דער גאַנצער יוגנטלעכער התלהבות פון מענטשן
מיט אַ שטראַלנדיקער צוקונפט האָבן זיי דאָרט געשעפּט גליק מיט פולע

הויפנס, געטרונקען און זיך פאַרכליניעט... און ווידער אין לענינגראַד, מיט דער גרעסטער התמדה זיך גענומען צום לערנען. אין די לענינגראַ־דער ווייסע נעכט זענען זיי אַפּט מיט אַ שיפל אַרויסגעשווומען טיף אין ים אַריין, לידער געזונגען און געטרוימט פון זייער צוקונפט...

און דער טאָג איז געקומען!... זיי האָבן די אויסגעחלומטע דיפּלאָמען באַקומען און אין לענינגראַדער „זאַגס״ זיך אַלס מאַן און ווייב פאַרשריבן.

נישט באַשערט איז זיי אָבער געווען זיך אַ פאַמיליען־נעסט איינצו־אָרדענען. און געניסן מיטן פולן יוגנט־טעמפּעראַמענט פון זייער צעפלאַ־קערטער ליבע.

דאָס סאָוויעטיש פאָטערלאַנד, וואָס גיט יעדן די מעגלעכקייט צו שטודירן אומזיסט, אויפן חשבון פון דער מלוכה, פאָדערט אויך אַ קרבן. און דער קרבן באַשטייט אין דעם, וואָס די ערשטע דריי יאָר נאָכן באַ־קומען דעם דיפּלאָם מוז דער יונגער דאָקטאָר, אינזשיניער, קאָמפּאָזיטאָר, מאָלער, לערער און אַקטיאָר, פאָרן אַרבעטן אַהין, וווהין די מלוכה שיקט אים. אוודאי איז באַקוועמער צו זיצן אין מאָסקווע און לענינגראַד. אָבער אין וויטן סיביר בויען זיך פאַבריקן און עס פאָדערן זיך דאָרט אינזשי־ניערן. און קירקיטשי, דאָס פאַרוואָרפענע, טראַפּישע גרענעץ־שטעטל אין טורקמעניע, וואָס איבערן סירדאַריאַ, האָט נישט קיין שפּיטאָל. עס מוז האָבן אַ יונגן, ענערגישן דאָקטאָר, וועלכער זאָל לייגן דעם פונדאַ־מענט פאַר אַ שטעטלדיקן שפּיטאָל.

און וויעראַ אַנדרייעוונאַ האָט אין טראָפּישן מיטל־אַזיע געבויט אַ שפּיטאָל. און קאָליאַ האָט, טויזנטער קילאָמעטערן פון איר, אין וויטן סיביר, געבויט פאַבריקן.

יאָרן זענען אַוועק מיט איבערמענטשלעכער פּראַצע, מיט דערשטיק־טער „ליובאָוו און סטראַדאַניעס״. אין די אָוונטן, ביי נאָפט־לעמפּלעך, האָבן זיי געפיבערט איבער בריוו, געלייענט און געשריבן. און ביינאַכט האָבן זיי זיך געקורטשעט אויף זייערע געלעגערס. די הערצער האָבן זיך געקראַמפּט פון בענקעניש און די בלוטן זענען זיי געזעצט געוואָרן. דער פיבער האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע אין די לעצטע חדשים פון דריטן יאָר... נאָך אַ פּאָר חדשים און זיי וועלן זיך פאַראייניקן!... ווער וועט זיך גלייכן צו זיי און צו זייער גליק?... אָט די לעצטע פּאָר חדשים, איז זיי שווערער געווען אַריבערצוטראָגן ווי די גאַנצע דריי יאָר!...

און דאַן איז דאָס געשען.

וויערא אַנדרייעוונאַ האָט פּלוצלינג אויפגעהערט צו קריגן בריוו פון קאָליאַן. נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָרטן טוט זיך און געמיינט, אַז זי גייט פון זינען אַראָפּ.

און שפּעטער איז געקומען די פינצטערע בשורה: קאָליאַ איז אַרעס־טירט געוואָרן ווי אַ פאַררעטער, אַ שפּיאָן, אַ שונא פון פאָלק! קאָליאַ האָט געפירט סאַבאָטאַזש־אַרבעט! איינע פון זיינע אויפגעבויטע פאַבריקן איז איינגעפאַלן און פאַרשאָטן אונטער זיך פיל קרבנות!

וויערא אַנדרייעוונאַ האָט געקענט איר קאָליען, געוווּסט, אַז עס איז אַ ליגן די גאַנצע געשיכטע. ער איז אַ געטרייער קאָמוניסט! נישט פּעאיק אויף קיין פאַרראַט און קיין סאַבאָטאַזש! דאָס האָבן זיכער געטון אַנדערע! דאָס האָבן געטון די, וועלכע האָבן אים אַרעסטירט און פאַרנעמען איצט אַליין די וויכטיקסטע פּאָסטנס!

אָבער אין וויטן סיביר זענען צוגעשטעלט געוואָרן עדות און באַ־ווייזן. און אין טראָפּישן מיטל־אַזיע האָט וויערא אַנדרייעוונאַ נאָר געקענט וויינען, ספּאַזמירן און רייסן זיך די האָר פון קאָפּ.

דעם לעצטן בריוו זיינעם האָט זי באַקומען ערגעץ פון אַ פאַרשי־קונג, ערגעץ פון אַ שפּיטאָל אַרויס, ווו ער ליגט שווער־קראַנק. דער בריוו איז געווען אָן אַ צוריק־אַדרעס. און דאַן איז ער פאַרלוירן געגאַנגען פאַר איר, אָן יעדער שפּור.

וויערא אַנדרייעוונאַ איז צוריקגעקומען קיין מינסק. איז אָנגעקומען אַרבעטן אין אַ דאָרטיקן קליניק. אָבער שוין אָן דער באַגייסטערונג פאַרן סאָוויעטישן פאָטערלאַנד, אָן ליבע צו די פירער פון דער פּאַרטיי און רע־גירונג, אָן גלויבן אין זייער גערעכטיקייט און אָן צוטרוי צו אַלץ, וואָס עס ווערט דאָרט געטון. פאַרקערט: אין איר פאַרביטערט האַרץ איז כסדר געוואַקסן די עוולה, נישט צום פאַרגעבן!

פונדעסטוועגן, ווען די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען מערב־ווייס־רוסלאַנד און מערב־אוקראַינע, איז וויערא אַנדרייעוונאַ געשיקט געוואָרן קיין ביאַליסטאָק, צו פאַרוואַלטן מיטן דאָרטיקן שפּיטאָל.

*****

פאַרטאָג איז דאָס געווען. דער קראַנקער האָט אָנגעהויבן ווייכער און שטילער צו כאָרכלען, און שפּעטער גענומען אָטעמען רואיקער און רעגלמעסיקער.

זיי האָבן אים געמאָסטן די טעמפּעראַטור: — יאָ!... די היץ האָט אָנגעהויבן צו פאַלן!...

וויערא אַנדרייעוונאַ האָט אַזש אויסגעשריען פון שמחה!... און אָט ביי דעם אויסגעשריי אירן האָט דער קראַנקער געעפנט די אויגן!...

— אַך, וואָס פאַר אַ אויגן! — האָט די קראַנקנשוועסטער אַ פליסטער געטון.

און וויערא אַנדרייעוונאַ איז שטיין געבליבן מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם: עס האָבן אויף איר געקוקט אַ פּאָר גרויסע, מוטנע ביר־אויגן. זי וואָלט געשווירן, קאָליאַס אויגן!...

אַ מאָדנער בליק איז דאָס געווען: פון איין זייט מיט פאַרוווּנדערונג און שטוינונג. און פון דער אַנדערער זייט — אַ פאַרבלאָנדזשעטער, נעפּל־דיקער בליק פון אַ באַוווּסטלאָזן, וועמענס זכרון עס הויבט ערשט אָן אַרויפצוטויכן, און ער הויבט אָן אויפצוּוואַכן צום לעבן... אָבער וויעראַ אַנדרייעוונאַן האָבן די אויגן געזאָגט גאָר עפּעס אַנדערש!

פון אירע אייגענע אויגן האָט עס אַ פלייץ געטון אַ האַסטיקער שטראָם טרערן. הייסע, בריאיקע, וואָס האָבן איר ביטער געמאַכט אין נאָז. איז זי אַנטלאָפן צו זיך אין צימער אַריין, ווו זי האָט זיך ערשט רעכט אויסגעכליפּעט.

שפּעטער האָט זי אין בוך נעבן די איניציאַלן **ב. ק.** צוגעשריבן:

„ער וועט לעבן!...

ער מוז לעבן!...״

קאַפּיטל 6

## דערוואַכונג

צום ערשטן איז געווען איין פּעכיקע פינצטערניש, אַ תוהו ובוהו ווי ערב דעם וועלט־באַשאַף. אַ שפּרוּך פון אַלמעכטיקייט האָט געמאַכט אַ חלק פון דער פינצטערניש אויפצאַפּלען, ווי אין די אינגעווייִדן פון אַ שוואַנגער־פרוי. דאָס צאַפּלען האָט שוין נישט אויפגעהערט מער, נאָר אַלץ אָפטער און דרייסטער גענומען זיך ווידערהאָלן. פון דעם אַלגעמיינעם חושך האָט זיך איין שטיק גענומען אָפּרייסן, אָפּשיידן זיך און ווערן באַזונדער. אַ באַזונדערער אַליין, אַ באַזונדערער איך. ענדלעך האָט עס זיך

באַפרייט, זיך אָפּגעריסן פון די טיפענישן, ווי אַ וואַסער־פלאַנץ פון זיין יניקה־שטענגל און אַרויפגעטויכט אויף דער אויבערפלאַך. אַ שטים פון אַלמעכטיקייט האָט באַפוילן: „ליכט!" — און רויטע קרייזן האָבן זיך צעשווינדלט אַלץ העלער, אַלץ בלוטיקער. אין דעם אָפּגעזונדערטן חלק פינצטערניש האָבן זיך עלעקטרישע שטראָמען צעיאָגט און אַ ווייטיק צעוואָרעמט, ווי אַ פלאַם פון אַ טליענדיקן פונק. דער אָפּגעזונדערטער שאָטן האָט געצאַפּלט אין חבלי־לידה, געוואָלט לעשן אין זיך די געצונדענע פלאַמען, צוריק זיך פאַראייניקן און צוזאַמענגיסן זיך מיט דער אַלגעמיינער פּעכיקייט. נאָר דער שפּרוך פון אַלמעכטיקייט האָט באַפוילן: „קענן דיין ווילן, לעבן!" און די פלאַמען האָבן זיך נאָך שטאַרקער און העלער צעפלאַקערט.

און ס'איז געווען נאַכט און ס'איז געוואָרן טאָג. דער אָפּגעזונדערטער „איך" איז געלעגן ווי אַ גולם, אַן אויסגעקנאָטענער פון תוהו־ובוהו־פּעכיקייט. די אויערן האָבן שוין געהערט קלאַנגען, די אויגן האָבן שוין געזען ליכט־בלענדעניש. נאָר אין פינצטערן מוח האָט זיך נאָך אַלץ געמישט אָן אַ סדר און אָן אַ קאָנטראָל. לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, האָט זיך גענומען אָפּשטיין אין מוח אַ מוטנעקייט און אַלץ לויטערער האָט אָנגעהויבן צו קרישטאָליקן־זיך דער באַוווסטזיין...

דאָס ערשטע וואָס ער האָט דערזען אין ים פון בלענדיקער ליכטיקייט, איז געווען אַ מטושטשער קנויל. דער מטושטשער קנויל איז אַלץ דייטלעכער געוואָרן און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאָפּ. אַ לענגלעך־בלייך געזיכט אין אַן אָרעאָל פון ווייצן־האָר... און איןביידע זייטן פון פאַרריסענעם נעזל גלאַנצן אַ פּאָר פּייכטע, סערע, קעצישע אויגן... ווער זאָל דאָס זיין? דאָס פּנים איז אים אַזוי באַקאַנט, ווי עס וואָלט אַזוי, פון אייביקע אייביקייטן אָן, געהאָנגען איבער אים ווי אַ לבנה און געגלאַנצט מיט די פּייכטע, סערע, קעצישע אויגן...

עס האָט לאַנג געדויערט, ביז די צונג האָט זיך אָפּגעקלעבט פון גומען און מיט אָנשטרענגונג זיך אומגעלומפּערט אַ באַוועג געטון:

— וואָס איז מיט מיר?

— סאַראַ! שנעלער סאַראַ! — האָט זיך וויעראַ אַנדרייעווּנאַ פריידיק צעשריגן — ער רעדט עפּעס!... יידיש אוודאי, און איך פאַרשטיי נישט!

די קראַנקן־שוועסטער איז תיכף צוגעקומען און צוגעלייגט דאָס אויער נאָענט צו זיינע ליפּן. אָבער מער ווי אַן אומבאַהאָלפענעם פרעפלען,

האָט זי שוין נישט געהערט. דעם קראַנקן האָבן מער קיין קרעפּטן נישט געקלעקט צו רירן מיט דער ליימיק־שווערער צונג. זיינע ליפּן האָבן זיך נאָך באַוועגט, נישט אַרויסברענגענדיק מער קיין קלאַנג.

די טעמפּעראַטור איז שוין לאַנג אַראָפּגעפאַלן. דער קוועקזילבער אין טערמאָמעטער האָט זיך קוים פאַרהאַלטן אָן אַ דיניק שטריכעלע אונטערן „35". ער איז איצט געלעגן אַ מאַכטלאָזער, אַ בלוטלאָזער, אַ קילער. זיינע מוטנע־פאַרגלאָסענע ביר־אויגן אין פאַרמעט־בלייכן געזיכט זענען איצט העל און לויטער געוואָרן, מיט אַ קאָנצענטרירטן בליק. נאָר אַ מאַכטלאָזיקייט האָט דעם גאַנצן קערפּער געצויגן אין אַן אָפּגרונט אַראָפּ. ער דערווידערט נישט. ער וואָלט שוין גערן פאַרזונקען, ווען נישט דאָס לענגלעך־שמאָל געזיכט, אין אָרעאַל פון ווייצן־האָר, וואָס וויגט זיך אײַבער אים... ווען נישט די וואַרעמקייט פון די פייכטע, קעצישע אייגעלעך, וואָס אין בײדע זייטן פון חנעוודיק־פאַרשאַרצטן נעזל...

די שטראַלנדיקע בליקן אירע האָבן אים געבונדן ווי זילבער־פעדעם און האַלטן אים. זיי לאָזן אים נישט פאַרזינקען... און אירע שמאָלינקע, פיבערנדיקע ליפּלעך באַוועגן זיך כסדר, ווי בעט אַ תפילה:

— טייערינקער, רעד עפּעס... זאָג עפּעס... ווי רופט מען דיך? ווער ביסטו?...

איר שטים איז אַ וואַרעמע, אַ האַרציקע. דער בליק — אַ ליבער, אַ געטרייער... נאָר ענטפערן קען ער נישט. ער געפינט שוין אפילו פיזישן כוח צו באַוועגן מיט דער צונג. אָבער עפּעס קען ער נישט אין אָרדענונג ברענגען די צעוואָרפנקייט אין זיין מוח. געדעכענישן וואַלגערן זיך דאָרט, ווי צעשאָטענע חפצים אין אַ דעמאָלירטער וווינונג. ער ווייסט נישט: וועלכעס, ווהין עס געהערט... עפּעס דאַרף מען דאָ אויסאָרטירן, אויססדרן און צוזאַמענבינדן, עס זאָל באַקומען אַ היימיש, גאַנץ בילד... — פעלט אים ווילן דאָס צו טון. האָט ער נישט קיין ענערגיע דערצו.

— טייערינקער... רעד עפּעס... זאָג... — האָט זיך דאָס לענגלעך־שמאָל פּנימל דערנענטערט, פאַרשאָטן אים מיט די צעפּלאָשעטע ווייצן־האָר און הייסע, פיבערנדיקע ליפּן האָבן זיך צוגעפּרעסט צו זיין קאַלטן שטערן...

עס איז אים איצט אַזוי גוט געווען, ווי ייִנגלווייז, ווען ער איז געווען שווער קראַנק און די מאַמע האָט מעת־לעתן געוואַכט ביי זיין בעט. ווען זי האָט אים געקושט און עין־הרעס אָפּגעשפּראָכן... עס איז נישטאָ

קיין טייערס און הייליקערס פאַר דעם געטרייען ווייב, וואָס וואַכט צוקאָפּנס פון קראַנקן און ווישט אָפּ מיט אַ גלעט, אָדער מיט אַ קוש, די בלוטיקע קאָשמאַרן פון צעווייטיקטן קאָפּ!

וויעראַ אַנדרייעוונאַ האָט געזען, ווי ער שטרענגט זיך אָן, עפּעס צו זאָגן. נאָר אָנשטאָט רייד זענען זיינע אויגן איבערפולט געוואָרן. אויפגעזאָטן מיט מוטנע טרערן, וואָס זענען איבערגעלאָפן די ראַנדן און אַראָפּגעשטראָמט צו די אויערן...

— נו, באַרואיק זיך, מיין ליבער... נאָר רעג זיך נישט אויף... — האָט זי אים צערטלעך אָפּגעווישט די טרערן און דערזען, ווי עס צעבליט זיך אַ פיינפולער שמייכל אויף זיין בלוטלאָז געזיכט...

***

און געווען איז עס אַ ווינטערדיקער פאַרטאָג, ווען בעריש קופּערשמיד האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ געווענלעכן שלאָף, אָן אָנגעזעטיקטן מיט משונהדיקע חלומות.

ער האָט זיך דערפילט אָן אויסגערוטער און דאָך — אַ מאַכטלאָזער. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס איז אַ זונטיק באַגינען און ער דאַרף גיין עפענען דאָס וויין־געשעפט. עס רופט אים אַ מי־פולע וואָך מיט לייזונג און פרנסה. נאָר שטענדיק נאָך אָן אויסגערוטן שבת איז ער מידלעך און פויל...

ער האָט זיך מיט אָנשטרענגונג אויפגעזעצט און דערפילט דערביי אַ שאַרפן, שטעכעדיקן ווייטיק אין קאָפּ. ער האָט זיך אַזש אַ כאַפּ געטון מיט דער האַנט און פעסטגעשטעלט, אַז דער קאָפּ איז אים פאַרבאַנדאַזשירט. זיינע בליקן האָבן זיך שנעל געגומען גליטשן איבער דער לענג און ברייט פון דער מאַט־באַלויכטענער פּאַלאַטע, איבער די בלייכע געזיכטער אין די בלאַנקענדיקע שפּיטאָל־בעטלעך. די ווירקלעכקייט האָט אים מיט דער גאַנצער שטרענגער אומהיימלעכקייט אַנטקעגן געבליקט, אַריינגעבלייכט אין זיין מוח אַריין און ער האָט תיכף באַנומען זיין לאַגע.

ער האָט זיך תיכף אַלץ דערמאָנט מיט דער לויטערסטער קלאָרקייט: זיינע לעצטע טעג אין וואַרשע, די נסיעה צו דער גרענעץ און אַלץ וואָס עס איז געשען מיט אים, ביז דער סאַמע לעצטער מינוט. עס האָבן אים אפילו אויפגעהילכט, ווי עכאָס אין מוח, די לעצטע קולות וואָס ער האָט

דאַן געהערט. די מוח־שטימעלע פון דעם דייטשל „זאָ! היר!...״ און זינעס און עסטושעס געוואַלדן.

— הייסט עס, אַז איך לעב?!... — האָט ער זיך צעשמייכלט — בלויז פאַרוווּנדעט!... איך ליג אין אַ שפּיטאָל. דאָס איז קלאָר. אָבער ווו? אין וועלכער שטאָט? ביי די דייטשן, צי ביי די סאָוויעטן? ווער האָט עס מיך דאָ אַהערגעבראַכט פון דער גרענעץ באַלד־באַלד! און ווו זענען זינע מיט עסטושיען? האָבן זיי עס מיך אַהערגעבראַכט? אָדער... אפשר ווייסן זיי גאָרנישט, אַז איך עקזיסטיר?!

דער פרימאָרגן האָט אַריינגעבלויט דורך די אייז־באַקאָווּעטע פענצ־טער. דער פראָסט האָט אויפגעמאָלט אויף די שויבן זילבעריק־בלוילעכע אוזארן פון וועלדער און בלומען. בעריש קופערשמיד האָט געקוקט אויף די פראָסטיקע אוזארן און פאַרשטאַנען, אַז ער ליגט שוין דאָ לאַנג. מן־הסתם זייער לאַנג. ער איז דאָך אַרויס פון וואַרשע אין האַרבסט. טאַקע שפּעטער האַרבסט. אָבער קיין שניי איז נאָך נישט געפאַלן. און איצט איז אַ פראָסט... און ווער ווייסט, דער וויפלטער פראָסט?...

די מאַכטלאָזיקייט האָט אים צוריקגעלייגט דעם צעוויטיקטן קאָפּ אויפן קישן. ער איז שוין אָבער ליגן געבליבן מיט אַ ניכטערן מוח און מיט קלאָרע, לויטערע בליקן.

— ווו בין איך? — האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין — ווו געפין איך זיך? עסטושיענקאַ, זינעטשקאַ, ווו זענט איר?

די פראַגן האָבן אים נישט אויפגעהערט צו מאַטערן. ער האָט שוין געוואַרט, מיט אומגעדולד, אַז עס זאָל טאָג ווערן. עס זאָל זיך שוין ווער באַווייזן, צוקומען צו זיין בעט. אפשר ווייס ווער עפּעס? אפשר קען אים ווער קלאָר מאַכן זיין לאַגע? זאָל מען זאָגן, ווו זיין ווייב און קינד איז. און... וואָס טוט זיך דאָ מיט אים?

נאָר וואָס העלער דער מאָרגן האָט אַריינגעבלויט דורך די זילבער־באַקאָוועטע שויבן, אַלץ אומהיימלעכער איז בערישן געוואָרן.

די מאַכטלאָזיקייט האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַן אומבאַהאָלפן קינד. אַ קינד וואָס בענקט נאָך אַ מאַמעס צערטלעכקייטן און טרייסט. עס דוכט זיך אים, אַז ערשט די נאַכט איז זיין מאַמע נעבן אים געזעסן, געקושט אים אין שטערן און געקוקט אויף אים מיט פייכטע, מוטערלעכע אויגן... די מאַמע עליה השלום, וועלכע איז שוין פופצן יאָר טויט, איז אים צו חלום געקומען און געבראַכט מסתמא אַ רפואה־שלימה... אָבער ניי?

זיין מאַמע איז דאָך געווען אַ ברונעטע, מיט אַ פול, קיילעכדיק פּנים. און דאָ איז גאָר געווען אַ קאָפּ ווייצן־האָר... אַ לענגלעך־שמאָל געזיכט, אַ בלייכס, מיט אַ פּאָר סערע, קעצישע אויגן... און די מאַמע, עליה השלום, האָט געהאַט גרויסע, קיילעכדיקע ביר־אויגן, אַזוי־ווי ביי אים אַליין. ער איז דאָך אינגאַנצן ענלעך צו דער מאַמען עליה־השלום. איז ווער־זשע זענען עס געווען אָט די קעציש־געשניטענע, סערע אייגעלעך? זאָל עס האָבן געווען אַ זיסער חלום?

ער פאַרמאַכט די אויגן און וויל ווידער דערזען דאָס פּנימל אין אָרעאָל פון ווייצן־האָר, וואָס איז געהאָנגען איבער אים ווי אַ בלייכע לבנה... ניין, דאָס איז דאָך נישט געווען קיין חלום! ער פילט דאָך נאָך איצט אויף זיין קאַלטן שטערן די פייכטע וואַרעמקייט פון אירע פיבערנדיקע ליפּן!...

ער פאַרגעסט איצט אָן אַלץ און אָן אַלעמען. און בלויז די בענקשאַפט צו אָט דעם צאַרטן ווען צעכוואַליעט זיך אין זיין געמיט. קיינעם נישט און גאָרנישט — נאָר אָט דאָס לענגלעך פּנימל מיט די קעצישע אייגעלעך, אין אָרעאָל פון ווייצן־האָר, וויל ער איצט זען!

— דאָברע אוטראָ... ווי פילט איר זיך?...

בעריש קוקט אויף דער קראַנקן־שוועסטער אין ווייסן פאַרטוך, מיטן ווייסן טשעפּיק אויפן קאָפּ, וועלכע רוקט אים דעם טערמאָמעטער אונטערן אָרעם. אויך זי איז אים קענטלעך, ווי ער וואָלט זי שוין אַ סך מאָל געזען. ער געדענקט נישט, ווו... אָבער נישט זי מיינט ער...

— שוועסטער... ווו בין איך?...

— אין שפּיטאָל, טייערער... דער קריזיס איז שוין אַריבער... איר וועט שוין בקרוב זיין געזונט!...

— אין שפּיטאָל... אָבער ווו?...

— אין ביאַליסטאָק...

— ביי די סאָוויעטן? שוין לאַנג?

— שוין באַלד אַ מאָנאַט.

— און ווער האָט מיך אַהערגעבראַכט?

— דאָס ווייס איך נישט. אָבער איך ווייס, אַז פון דער גרענעץ...

— מיין פרוי? מיין קינד?

די קראַנקן־שוועסטער האָט געשוויגן.

— האָט זיך קיינער נישט געפרעגט אויף מיר די גאַנצע צייט?

— קען זיין אַז יאָ... אָבער מיר ווייסן דאָך אפילו נישט, ווי איר הייסט...

— קופּערשמיד הייס איך. בעריש קופּערשמיד. האָט ווער געפרעגט?

— איך וועל עס אויספאָרשן. זייט רואיק.

— שוועסטער...

— איר טאָרט נישט רעדן אַזוי פיל... איר טאָרט זיך נישט אָנ־שטרענגען...

— איין פראַגע בלויז... ווער איז דאָ געווען ביי מיין בעט?

— ווען?

— נו... ביינאַכט... נעכטן, אייערנעכטן. די גאַנצע צייט?...

— איך בין געווען...

— און ווער נאָך?

— נו, ווער? די דאָקטוירים, דער פּראָפעסאָר, די שפּיטאָל־לייטערין. אַלע!...

— נו, באַרואיקט זיך. איר טאָרט קיין סך נישט רעדן. איר זענט זייער אָפּגעשוואַכט. אַז איר וועט קומען אַ ביסל צו די כוחות, וועלן מיר אייך העלפן אין אַלץ, וואָס איר וועט וועלן. דער עיקר איז נאָר גע־זונט ווערן!... איר וועט זיך טרעפן מיט אייער פרוי און קינד. זייט נאָר געזונט...

— אַ דאַנק שוועסטער. אַ דאַנק.

ער האָט געזען, ווי די קראַנקן־שוועסטער בויגט זיך אַריבער אי־בער אַ צווייט בעטל צו אַ קראַנקן, וועלכן זי גיט דעם טערמאָמעטער אונטערן אָרעם. פון דעם צווייטן גייט זי צו אַ דריטן און פאַר יעדן האָט זי אַ גוט וואָרט און אַ צאַרטן שמייכל. ווי אַ ווייסער שמעטערלינג פלאַ־טערט זי אַרום...

און פּלוצלינג האָט עס אַ בלענד געטון פאַר בערישעס אויגן, אַז ער האָט זיך אַזש אויפגעזעצט: אַנטקעגן אים האָט געשוועבט אַ צע־שמייכלטס דאָס לענגלעך־שמאָל געזיכט אין אָרעאָל פון ווייצן־האָר, מיט אַ פּאָר פּייכטע קעציש־סערע אייגעלעך, אין בײדע זייטן פון חנעוודיק־פּאַרשאַרצטן נעזל... איז דאָך עס נישט געווען קיין חלום! איז דאָך עס נישט קיין געשטאַלט, וואָס ער האָט אויסגעפיבערט אין די גרויסע היצן! — אַ פרוי אַ לעבעדיקע, אַ דיקע... ווער איז זי? אַ פרעמדע, אַ ווייטע און דאָך — אַזוי נאָענט און אייגן... דאַכט זיך, אַן אומבאַקאַנטע

און... ווי ער וואָלט פון קינדווייז־אָן זיך מיט איר צוזאַמען דערצויגן...

די קראַנקן־שוועסטער דערנענטערט זיך צו איר אַ שטראַלנדיקע, וויזנדיק אויף בעריש:

— וויעראַ אַנדרייעוונאַ, איר זעט... דער אויסגעמעקטער!... דער לעבעדיקער מת!...

און וויעראַ אַנדרייעוונאַ, נאָך אין מאַנטל, פון גאַס קומענדיק, זעצט זיך אויף דער טאַבורעטקע, וואָס נעבן זיין בעט, נעמט צערטלעך זיין האַנט אין אירער און שמייכלט אים אין פּנים אַריין:

— איר רעדט רוסיש?...

— אַ ביסל...

— איז ווי פילט איר זיך?

— איצט... גוט...

— סלאַוואַ־באָגו!... ענדלעך אַרויסגעריסן אייך פון די נעגל פון טויט!... אַ געוווּנענער מענטש!... דאָס איז אַ סימן, אַז אייך איז באַשערט צו לעבן און גליקלעך זיין!... איז ווי רופט מען אייך?...

— קופּערשמיד בעריש...

— באָריס?

— זאָל זיין באָריס...

— און מיך רופט מען וויעראַ אַנדרייעוונאַ... איך באַגריס אייך, צו אייער אומקערן זיך צום לעבן!... לעבט באָריס... לעבט!...

— אַז דאָס לעבן מאַכט מיר אַזאַ שמייכלענדיקן קבלת־פּנים, וועל איך פּרווון... וויעראַ אַנדרייעוונאַ... מאָדנע...

— וואָס ווילט איר זאָגן, באָריס?...

— איר... זענט מיר אַזוי באַקאַנט... אייער גאַנץ ווען איז מיר אַזוי נאָענט, אַזוי אייגן און... דער נאָמען אייערער איז מיר אַזוי אומבאַקאַנט, פרעמד...

— אויך איר, באָריס... ביז איצט, האָב איך אייער נאָמען נישט געוווּסט... אָבער טייער זענט איר מיר די גאַנצע צייט, זינט...

— זינט ווען?...

— זינט איך האָב אייך דערזען אין מתים־שטיבל...

— ???!

— כ'מיין, ווען איר זענט נאָך געווען צווישן לעבן און טויט... דריי שווערע אָפּעראַציעס האָט איר אַדורכגעמאַכט און אפילו דער פּראָפעסאָר

האָט שוין אויף איך נישט געהאָפט... איר האָט אַ געזונט האַרץ און דאָס האָט איך גערעאַטעוועט... יאָ... איז ווען איר זענט געלעגן אַ באַוווסטלאָזער, אין גרויסע היץ און איך האָב געוואַכט איבער אייך, אין די קריזיס־נעכט...

— זענט איר אַ קראַנקן־שוועסטער?

— ניין. אַ דאָקטאָר בין איך. די לייטערין פון שפּיטאָל. עס איז נישט געווען מיין פליכט צו וואַכן נעבן אייך, נאָר איך האָב אַזוי געוואָלט...

— פאַרוואָס־זשע, וויערא אַנדרייעוונאַ?...

— ווייל... איך ווייס נישט, קאָליאַ טייערער... מיין איך, באַריס!... נאָר איך האָב אַנדערש נישט געקענט...

— קאָליאַ?... ווער איז קאָליאַ?...

— מיין מאַן געווען... איר זענט זייער ענלעך צו אים...

— אַזוי... הם...

און ווידער האָבן זיך אירע ווייצן־האָר צעשאָטן איבער זיין געזיכט און ער האָט דערפילט הייסע, פיבערנדיקע ליפּן אויף זיין קאַלטן שטערן... יאָ, ער האָט עס שוין איינמאָל אַזוי געפילט. ער געדענקט נאָר נישט ווען, און צי דאָס איז געווען אין חלום, צי אויף דער וואָר...

ווען וויערא אַנדרייעוונאַ האָט דעם קאָפּ אַוועקגענומען, האָט בעריש געזען טרערן אין אירע סערע אייגעלעך.

— וויערא אַנדרייעוונאַ!...

— גוט אַזוי, באַריס!... גוט!...

***

וויערא אַנדרייעוונאַ האָט איצט איבערגעלעבט אַזעלכע פיבערנדיקע מעת־לעתן ווי דאַן, ווען זי האָט מיט קאָליאַן פאַרבראַכט זייער אָדפּוסק־צייט אין קרים. ניין, זי איז נישט מער די אומגליקלעכע, פאַרביטערטע אלמנה; — אַ נאַרישע, פאַרליבטע סטודענטקע איז זי... אַ סענטימענטאַל־פאַרחלומטע און קאַפּריזנע...

דאָס לויפן באַגינען אין שפּיטאָל אַריין איז שוין ביי איר נישט קיין פליכט. עס איז שוין נישט אויס מורא פאַר דיסציפּלין־ברוך, פאַר „פּראָגול"... און די אַרבעט אין שפּיטאָל איז שוין נישט קיין באַשעפטיקונג,

כדי זיך צו פֿאַרגעסן... — זי לויפֿט אַהער יעדן פֿרימאָרגן אַ שטראַלנ־דיקע, מיט אומרואיקע, וואַרעם־צאַפּלענדיקע דערוואַרטונגען... אַזוי פֿלעגט זי לויפֿן אין לעני־נגראַד, אין אוניווערזיטעט אַריין, ווו זי פֿלעגט זיך באַגעגענען מיט קאָליאַס בליקן און... אויפֿן ווונק זיך פֿאַרשטענדיקן וועגן דער אָוונטיקער ראַנדעווו...

זי ווייסט, אַז ווי נאָר זי קומט אַריין אין שפּיטאָל אַריין, זוכט ער זי מיט זיינע בליקן... זי קען שווערן, אַז ער ווערט מונטערער, צע־שמייכלט און צעשיינט, ווען ער דערזעט זי...

זי האָט אויף זיך גענומען די אויפֿגאַבע אים צו קאָרמענען. קיינער טאָר אים נישט דערלאַנגען קיין עסן, נאָר זי אַליין... זי האָט שוין אפֿילו איר בלומען־געשעפֿט ווו, אין די גרעסטע פּרעסט, באַקומט זי פֿרישע, לעבעדיקע בוקעטן... זי ברענגט און שטעלט עס אין דער בלומען־וואַזע, וואָס אויפֿן טישל, נעבן בערישעס בעט...

אירע נעכט, אירע חלומות זענען שוין היינט אַנדערע... און אויך די פֿרייע שעהען בייטאָג, ווען זי איז אין גאַס. זי טראַכט וועגן אים און איז פֿריידיק באַשעפֿטיקט מיט זיינע ענינים: מיטן אַרומזוכן זיין ווייב און קינד... זי לויפֿט כסדר אַרום איבער יידישע געזעלשאַפֿטן און פֿרעגט זיך נאָך, צי מען האָט נישט באַגעגנט און צי מען ווייסט נישט וועגן אַ פֿרוי מיט אַ טאָכטער פֿון צוועלף יאָר, וועלכע שטאַמען פֿון וואַרשע און זייער פֿאַמיליען־נאָמען איז קופּערשמיד? זינאַ און עסטושיאַ קופּער־שמיד... — ניין. קיינער ווייסט נישט. נישט געזען און נישט געהערט.

פֿונדעסטוועגן ברענגט זי אַלע טאָג בערישן אַ פֿרישע ידיעה, אַ האָ־פֿענונג, אַ טרייסט:

— בקרוב וועט דאָ אַדורכגעפֿירט ווערן אַ פּאַספּאָרטיזאַציע... אַלע וועלן מוזן אָננעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפֿט און באַקומען פֿינף־יעריקע סאָוויעטישע פּעסער. און דאַן... דאַן וועט פֿיל לייכטער זיין דאָס זוכן... אין די פּאַספּאָרטן־אָפּטיילונגען, אין דער מיליץ וועט מען קענען געוווּיר ווערן... אויב זיי האָבן זיך נאָר נישט צוריקגעשוואַרצט די גרע־נעץ קיין דייטשלאַנד, ווי אַ סך אייערע טוען עס... — וועלן מיר זיי זיכער געפֿינען!...

אין בערישן האָבן לאַנגזאַם אָנגעהויבן צוריקקומען זיינע כוחות. טראָץ דעם אומגעהויער־גרויסן בלוט פֿאַרלוסט, האָט זיין פֿאַרמעט־בלייך גע־

זיכט אָנגעהויבן אָנצונעמען קאָליר א־י די באַקן האָבן זיך אָנגעהויבן צו צעבליען...

און כאָטש ער האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן זינען און עסטושיען: „ווו זענען זיי? ווו וואַלגערן זיי זיך, נעבעך, אַרום? האַלטן מיך פאַר אַ טויטן. ווייסן נישט, אַז איך לעב דאָ אין שפּיטאָל...״ — איז אים דאָך ליב געווען די געטריישאַפט פון וויעראַ אַנדרייעוונאַן, איר שוועסטערלעכע איבערגעגעבנקייט און זאָרג. אַ באַציאונג, וואָס איז שוין גאָרנישט שוועסטערלעך און אַ סך מער ווי געטריישאַפט...

פון קיינעם האָט ער אַזוי געַרן נישט גענומען קיין שפּייז, כאָטש אַ ווילדער הונגער איז זיך אין אים צעוואַקסן. אַ חיהשער הונגער, וועלכן ער האָט קיינמאָל ביז היינט נישט געפילט... וויעראַ אַנדרייעוונאַ האָט אים געקאָרמעט נישט נאָר מיטן לעפל, נאָר מיט אירע האַרציקע בליקן, מיט איר ליבן שמייכעלע און מיט הייס־פּליסטערנדיקע ווערטער, וואָס זענען אי באַטעמט, אי פול מיט היילונג... בעריש האָט געהאַט דעם איינ־דרוק, אַז די כוחות וואָס קומען אָן אין אים, שטראָמען פון אירע בליקן... פון איר קאָרמענען אים מיטן שמייכל און געפּליסטער...

„זינאַ... עסטושיאַ... ווו וואַלגערן זיי זיך ערגעץ אַרום? ווי גיט מען זיי צו וויסן, אַז איך לעב? אַז איך קער זיך אום צו די כוחות? ווו גע־פינט מען זיי?״

די פראַגן האָבן אַ גאַנצן טאָג געבויערט זיינע צעוויטיקטע געהירן און נישט געגעבן קיין רו. נישט געגעבן קיין רו אַזוי לאַנג, ווי וויעראַ אַנדרייעוונאַ איז נישט געווען אין דער פּאַלאַטע... האָט זי זיך נאָר באַ־וויזן, האָבן תיכף אַלע מאַטערנדיקע פראַגן צו־רו געלאָזן זיין מידן קאָפּ און ער האָט פאַרגעסן אָן אַלע זיינע ווייטיקן...

עס איז אים ליב געוואָרן די פּאַלאַטע און אָנגענעם — דאָס ליגן דאָ. ער איז שוין אפילו צופרידן מיט דעם וואָס ער איז קראַנק און זי באַדינט אים אַזוי צערטלעך. וואָס אַ דאַנק זיינע יסורים איז ער צוזאַמען מיט איר, אַזוי נאָענט...

בייטאָג, אין די שעהען ווען וויעראַ אַנדרייעוונאַ איז נישטאָ, קוקט בע־ריש צו די מיט פראָסט־באַוועלדערטע שויבן און טראַכט, אַז ער איז אַ ניי־געבוירענער, אינגאַנצן אַן אַנדערער... יענער בעריש קופערשמיד, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן אויף דער גרענעץ, איז דאָך קיינמאָל נישט געווען קיין ראָמאַנטיקער!... נישט געווען אַזוי סענטימענטאַל... אין

זיין גאַנצער יוגנט האָט ער פון קיין ליבעס נישט געוווּסט. ער איז אַמאָל געגאַנגען מיט אַ מיידל. אָבער דאָס איז געווען בלויז דערפאַר, ווייל אַ בחור דאַרף האָבן אַ מיידל מיט וועלכער אַרומצוגיין... אָט, ווי אַ פלעשל וויין דאַרף האָבן אַן עטיקעט... ווי אַן אַקטיאָר דאַרף האָבן אַ שטיקל רעקוויזיט, צו גיין דערמיט אויף דער בינע... אָבער ער האָט קיינמאָל נישט געפילט אַזאַ יום-טובדיקייט, אַזאַ אינערלעך-פריידיקע אויפרעגונג...

זינט ער האָט איבערגענומען דאָס ירושה-געשעפט, האָט עס אים אינגאַנצן פאַרשלונגען. אַלע זיינע אַמביציעס זענען געווען נאָר סוחרישע. אַלע זיינע שטרעבונגען און חלומות — נאָר מאַטעריעלע... ער האָט געוואָלט וואַקסן און שטייגן אין זיין בראַנזשע און ווערן די פּאָפּולערסטע לאַנדס-פירמע!...

אמת, נאָך דער חתונה האָט ער ליב געהאַט זיין היים. אַזוי ליב געהאַט, אַז ער האָט זיך זעלטן געוואָלט אויסקלייבן צו גיין ערגעץ זיך פאַרווילן. עס איז אים גוט געווען די אָוונטן צו פאַרברענגען מיט ווייב און קינד אין זייער ליבער, וואַרעמער נעסט... גוט, ווי אַ געטרייען מאַן און טאַטן. עס זענען אים זיס געווען די זאָרגן און פליכטן פאַר זיי. ער איז גליקלעך געווען מיט די באַקוועמלעכקייטן און לוקסוסן, וואָס ער האָט זיי געקענט געבן.

זינאַן, וועלכע איז געקומען צו אים דורך אַ גערעדטן שידוך, האָט ער ליב באַקומען. יאָ, אוודאי האָט ער זי ליב. זי איז דאָך זיין ווייב און די מוטער פון זיין טעכטערל, פון עסטושיען! אָבער פאַרליבט איז ער אין איר קיינמאָל נישט געווען... אָט דאָס פאַרשטייט ער ערשט איצט. עס איז אים קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו פילן אָט דאָס געפיל, וואָס ער ווייסט נישט ווי מען רופט עס... אָט דאָס, וואָס ער פילט היינט, יעדן אָוונט... און דאָס אומגעדולדיקע, אומרואיקע וואַרטן אויפן אָוונט...

ווען אַלע לאָמפּן, אויסערן מילכיק-מאַטן דיזשור-לעמפּל, ווערן אויסגעלאָשן, ווען אַ סאַמעטענע טיפע בלויקייט טוליעט זיך צו די דיק-באַפראָסטעטע שויבן און די קראַנקע דרימלען איין מיט זייערע ווייטיקן; — זעצט זיך וויערא אַנדרייעוונאַ אויפן ראַנד און זיין בעט... זי זיצט אַזוי ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, אַן אָנגעלענטע איבער אים, באַשיטנדיק אים און באַדעקנדיק אים מיט אירע געדיכטע סנאָפּעס ווייצן-האָר... ער אָטעמט דעם געדעמפּטן, שכורדיקן אַראָמאַט פון איר ווייכער, וואַרעמער

װײבלעכקײט, מיט װאָס זי טוליעט זיך צו אים אַ פיבערנדיקע און אַ שװײגנדיקע...

און װען זײַנע הענט גלעטן איר קעפּל, װען זײַנע פינגער פאַרבלאָנדזשען זיך אין די כװאַליעס װײיצן־האָר, פאַרמאַכט בעריש זײַנע אויגן און דער־זעט זינאַן...

ער רעדט דאַן צו איר:

„זינאַ... דו ביסט מײַן װײַב! מײַן אײנציקע, נאָר דאָס איז עפּעס אַנדערש. איך בין תחית־המתים אויפגעשטאַנען אַ טאָפּלטער, אַ צװײיאַי־קער, מיט נײַע געפילן פון װעלכע איך האָב פריער נישט געװוּסט! איך האָב פאַרלוירן מײַן בלוט און מײַן לעבן. אַװעק פון דער װעלט! און איצט, מיטן נײַעם אויפלעבן, מיט די בלוט־טראַנספוזיעס און מיט די פרישע כוחות װאָס שטראָמען אין מיר אַרײַן, — האָבן אויפגעװאַכט אין מיר פרישע, אומבאַקאַנטע געפילן!... זינאַ, באַגײ איך דען אַ זינד? זינאַ, זינאַ, װאָס טוט זיך מיט מיר? איך דערקען זיך דאָך טאַקע אַלײן נישט. זינאַ, עסטושיאַ אײנציקע, װוּ זענט איר?"

װיערא אַנדרײיעװנאַס װאַרעמע בעקלעך גליטשן זיך איבער בערי־שעס באַקן. איר חנעװודיק, שיקסיש־פאַרשאַרצט נעזל פאַרטשעפּעט זיך כסדר אָן זײַן עטװאָס־געהויקערטער ייִדישער נאָז. און װען אירע פיבערנ־דיקע ליפּלעך זויגן זיך אײַן, לײדנשאַפטלעך־הייסע, אין זײַנע, — צע־פליען זיך אַלע געדאַנקען, צװײפלען און פראַגן פון זײַן קאָפּ אַרויס, װי טשאַטעס טויבן — פון אַ טויבן־שלאַק.

קאַפּיטל 7

## ביאַליסטאָקער מעת־לעתן...

ביאַליסטאָק האָט געפּראַװעט דעם לעצטן מאָלצײַט. דעם לעצטן מאָל־צײַט פון פאַרמשפּטע אין זײער צעלע. טײל האָבן געהוליעט, זיך פאַר־שכורט, נישט צו װיסן מער, װאָס דער מאָרגנגרוי ברענגט. טײל האָבן מעלאַנכאָליש און רעזיגנירט געשװיגן. טײל האָבן געגלאָצט מיט שגעוני־שע אויגן, געריסן זיך די האָר, געיאָמערט און געשלאָגן קאָפּ אָן װאַנט. און אַ טײל האָט גאָר געיובלט... נישט געגלויבט אין אורטײל. פאַרקערט: אין דער צעלע זענען זײ געזיכערט נישט געלינטשט צו װערן אין דרויסן.

דאָ האָבן זיי שוין, דאָ האָבן זיי פרייהייט! איז אַ לויב צו דער פרייהייט! אַ געזאַנג צו דער פרייהייט:

— אור־ר־ר־אַ־אַ־אַ!!!

ביאַליסטאָק האָט אַזאַ מענטשן־שטראָם נאָך קיינמאָל נישט געזען. ביאַליסטאָק איז פאַרפלייצט מיט מענטשן. מען זעט שוין קיין ביאַליסטאָקער נישט אַרויס... און טרעפט מען צופעליק אַזאַ איינעם אין גאַס, פרעגט מען אים אין שפּאַס:

— אַ ביאַליסטאָקער? איז וואָס־זשע טוט איר דאָ?...

ווי אַ קליין ריטשקעלע אין אַ טיפן טאָל, וואָס ווערט פון הויכע בערג־שטראָמען פאַרפלייצט און אין אַ צעבושעוועטן ים פאַרוואַנדלט, — אַזוי האָבן זיך אין ביאַליסטאָק אַריינגעגאָסן האַסטיקע שטראָמען. פון איין זייט: וואַרשע און לאָדזש, שטעט און שטעטלעך פון פוילן, גאַנצע וואָיעוואָדשאַפטן. און פון דער צווייטער זייט: מאָסקווע, לענינגראַד, מינסק, אוראַל, סיביר, קאַווקאַז און מיטל־אַזיע. יידן מיט היטלען, מיט קאַפּעליושן און האַרטע מעלאָניקעס. מיט אַנצוגן, ספּאָרט־קאָסטיומען און לאַנגע קאַפּאָטעס. רויטאַרמייער אין לייוונטענע שטיוול מיט גומענע זוילן, קאָמאַנדירן מיט הויכע, ווייסע וואַליקעס, פרויען מיט וואָלענע טיכער אויף די קעפּ. בלאָנדע רוסן, שוואַרצע טורקמענער, שמאָל־שטערנדיקע גרוזינער, שפּיציק־קינבאַקנדיקע קאַלמיקן מיט פאַרוויינטע אייגעלעך. טאַטאַרן, קאַזאַקן, מאָנגאָלן און יידן. מאָדנע יידן. ווי קומען אַזעלכע צו די באָלשעוויקעס? מיט גרויסע פּוטערס און שטריימלעך, ווי חסידישע רביים... נאָר מיט רויטע שטערנס און מיט לענין־אָרדנס. דאַכט זיך: אָט גייט דער גערער!... אָט גייט דער קאָצקער... דער סטאָלינער, דער סלאָנימער!... אונדזערע היימישע גוטע־יידן, נאָר מיט רויטע שטערנס, מיט סערפּ און האַמער און מיט גלאַנצנדיקע אָרדנס באַהאָנגען... מען גייט און מען רייט און מען פאָרט אויף רעדלעך. פערד און וועגענער, אויטאָס, טאַנקן און האַרמאַטן.

אין די גאַסן זעט מען שוין קיין גאַסן נישט אַרויס. עס הוידען זיך נאָר שוואַרצע, באַוועגלעכע שטראָמען אָן אַ סוף און אָן אַן אָפּהאַלט. אַזוי בייטאָג, אַזוי ביינאַכט, — גאַנצע קיילעכדיקע מעת־לעתן. עס זעט אויס, ווי קיין יחיד וואָלט נישט עקזיסטירט און ער האָט נישט זיין באַזונדערן גאַנג און ציל. עס איז איין צוזאַמענגעגאָסענע מאַסע און אַ סטיכיע טראָגט זי שטראָמענווייז.

איבער אַלעמענס קעפּ פלאַקערן רויטע פענער. אויף הויכע באַלקאָנען זענען ריזיקע פּאָרטרעטן צעהאָנגען. און ריזיקע אומבאַקאַנטע פּנימער — ערנסטע און שמייכלענדיקע , גוטמוטיקע און בייזע, גלייכגילטיקע און דראָענדיק־וואָרנענדיקע — קוקן אַראָפּ פון די באַלקאָנען, אויפן אונ־טערשטן שוואַרצן געפּלייץ. און איבער אַלעמענס קעפּ כוואַליען זיך גע־דיכט־צעהאָנגענע און ברייט־פּאַרצויגענע טראַנספּאַרענטן. לאָזונגען און ציטאַטן מיט אונטערשריפטן אין רוסיש, ווייסרוסיש, פּויליש און יידיש. ווי פּסוקים פון אַ נייער ביבל, לוחות פון אַ נייער אמונה, מיט נייע גע־באָטן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט פון דער גאַנצער וועלט. גן־עדן פאַר גלויביקע, גיהנום פאַר געצנדינער, זאָגט־צו אַ נייער משה אין נאָמען פון זיין אַלמעכטיקן גאָט!

אונטן — אַ שוואַרצער געפּלייץ פון אַ צעטומלטער, פּחדפּולער, מהומהדיקער מאַסע, ווי צופּוסנס פון באַרג סיני. און אויבן — פלאַקערט עס מיט אַ רויטן ים לאָזונגען, פענער און רויטע פּאָרטרעטן־ראַמען. און רויטע קולות וברקים פון ראַדיאָ־הילכער צעהאָנגענע אין יעדן ראָג.

עס דונערט אַ מעכטיקע שטימע:

— אוררראַ, טאָוואַרישטשי!

און דאָס פאָלק ענטפערט זיין נעשה ונשמע:

— או־ו־ו־ר־ר־ר־ר־ר־אַ־אַ־אַ־אַ־אַ!!!

און עס שאַלן האָרנס. בלאָז־אָרקעסטערס רוישן מונטערע מאַרשן און הימנען. כאָרן זינגען פאָלקס־לידער און לויב.

אין דער הויך איז עס מתּן־תּורה, רויטער יום־טוב פון באַפרייאונג, פון וועלט־ און מענטש־דערלייזונג. און אונטן שטראָמט די שוואַרצע, אימהדיקע, בהלהדיקע מאַסע. שטראָמט און שטראָמט מיט יעדן טאָג, מיט יעדער שעה, אַלץ שוואַרצער און געדיכטער.

חוץ מיט פענער, פּאָרטרעטן און לאָזונגען, זענען די ווענט אויך באַהאָנגען און באַקלעבט מיט צעטעלעך. הונדערטער טויזנטער פּאַפּירע־לעך בלייכן און שרייען אַראָפּ פון די ווענט. זיי שרייען מיט ווערטער פון בליי, פון טינט און פון בלוט. זיי פרעגן, זיי מאָנען, זיי רופן: אַ מאַמע זוכט איר קינד. אַ קינד זוכט דער מאַמען. אַ מאַן זוכט זיין ווייב און אַ ווייב זוכט איר מאַן. משפּחות זענען צעריסן געוואָרן, איבער גרענעץ און וואָגל־וועגן האָט מען זיך פאַרלוירן, פאַרבלאָנדזשעט און צעשיידט. ביי וועמען זאָל מען איצט פרעגן? ווו זאָל מען איצט זוכן? צו וועמען איז דען דאָ

צו רעדן? — רעדט מען צו די ווענט! יאָ, צו די ווענט! מען פרעגט ביי די שטומע, גרויע טויער־ווענט און מען זוכט ביי זיי אַן ענטפער. ווענט האָבן אויערן. און ווענט האָבן מיילער באַקומען. זיי רעדן, זיי דערציילן וועגן יידישן עלנט, פּיין און גרויל. מען רעדט צו די ווענט און מען פרעגט ביי זיי און די ווענט ענטפערן, שרייען און רופן:

„האָט רחמנות! ווער האָט געזען מיין קינד?"
„מאַמע! ווו ביסטו?"
„איך זוך מיין פרוי מיט מיין טעכטערל"
„טאַטעשי, איך וועל שוין מער נישט וויינען אויף דער גרענעץ! קום צוריק!!!"

מעת־לעתן פאַלן שנייען. אין דער לופטן איז דער שניי גרוי, אויף קעפּ און אַקסלען איז ער ווייס און אונטער הונדערטער־טויזנטער טריט, איז ער אַ געדיכטע, שוואַרצע בלאָטע, וואָס קנעט זיך און קנעט. און פאַר טויזנטער פּליטים, וועלכע האָבן שוין קיין אָרט נישט צום שלאָפן אין שול, בית־מדרש, הקדש און פרעמדע קאָרידאָרן, — איז די געדיכטע בלאָטע, אַ ווייך געלעגער. מען ליגט אויף די טראָטואַרן מיט די רוקזעק אויף די פּלייצעס. מען ליגט האַרט צו די מויער־ווענט צוגעשפּאַרט, נישט צעטראָטן צו ווערן פון סטיכישן געפּלייץ. מען הוסט און מען קייכט און מען דרימלט. זויג־קינדער וויינען, רייסן זיך. מאַמעס שעלטן און שינדן זיך די הויט פון די פּנימער. טאַטעס שטייען בלייכע, אומבאַהאָלפענע און גלאָצן פאַרלוירענע אַרום זיך מיט רויטע סאָווע־אויגן.

נויט לערנט שכל חיות אין וואַלד און פּליטים אין ביאַליסטאָק: אין נעכט ווען פרעסט נעמען סמאַליען, שטייף מאַכן די פייכטע קליידער און דעם מידן, נישט דערנערטן גוף — פאַלן די פּליטים אויף המצאות. מען שטייט שעהען לאַנג אין דער ריי, נאָך אַ בילעט אין אַ קינאָ, טעאַטער, אָדער אויף אַ פאָרלעזונג. מען באַקומט זיך ענדלעך אַריין אין דעם וואַרעמען, ליכטיקן זאַל, פון וואַנען עס ווילט זיך שפּעטער נישט אַרויסגיין. דער פראָסט לאָזט אָפּ די לייבער און זיין אָרט פאַרנעמט מידיקייט און שלאָף.

אויף די עקראַנען גליטשן זיך די שענסטע בילדער פון דער סאָוויעטישער קינאָ־פּראָדוקציע. אויף די בינעס און עסטראַדעס שטייען די גרעסטע קינסטלער פון מאָסקווע, לענינגראַד, מינסק און קיעוו. אַרטיסטן

מיט טיטולן „זאַסלוזשעני״, „נאַראָדני״, „לאַורעאַט״. אויף זייערע בריסטן גלאַנצן אָרדנס און מעדאַלן, ווי זיי וואָלטן נישט קיין אַקטיאָרן, דיכטער און רעדנער געווען, נאָר זיגרייכע גענעראַלן. זיי טאַנצן און דאָס פּובליקום דרימלט. זיי רעדן און דער עולם שלאָפט. מען זינגט, מען רעציטירט און דער עולם כראָפּעט. עס רוישן אָרקעסטערס און דער עולם שנאָרכט. מיט די קינדער אויף די הענט, מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס שלאָפט מען. און פון שלאָף הוסט מען מיט אַ פייף, מיט אַ כריפּ. מען קרעכצט, מען זיפצט און מען טענהט אין עמיצן אַריין... פּלוצלינג דאַכט זיך זיי, אַז מען שיסט! — רייסט מען זיך אויף צעשראָקענע פון די ערטער און מען גלאָצט מיט צעטומלטע, רויטע אויגן. ניין, מען שיסט נישט. דאָס פּאַטשט מען „בראַוואָ״... — פּאַטשט מען מיט, שרייט מען „אורררררראַאַאַאַאַ!!!״ און מען שלאָפט ווייטער.

אויך אַלע קאַפעען און רעסטאָראַנען זענען איבערפולט. נישט אומעטום לאָזט מען פּליטים אַריין. אַ סך עס־לאָקאַלן זענען נאָר פאַר די באַפרייער פון באַפרייאונג־לאַנד געקומענע. דאָרט באַשטעלט זיך יעדער איינער צו זעקס זיסע גלעזער טיי אויף אַמאָל. טשיי ססאַכאַראָם... צו פינף זופּן, זעקס שניצלען, אַכט קאָטלעטן און צען קאָמפּאָטן. די צענדליקער טעלער „פּיערוואָיע״ און „וטאָראָיע״, די טוצן פלעשער ביר, גלעזער הייסע טיי און קאַלטע „מאָראָזשענאָיע״ מוזן דערלאַנגט ווערן אויף אַמאָל. דאָס טישל איז אַזוי באַשטעלט, אַז דער קאָנסומענט האָט זיך נישט ווו אַ ריר צו טון. אָבער אַז מען זאָל אים איינציקווייז דערלאַנגען, דאָס וויל ער נישט. אויף שפּעטער וויל זיך קיינער נישט פאַרלאָזן. מען האָט מורא, טאָמער עס וועט אויספעלן. און דאָס וואָס עס שטייט שוין אויף זיין טישל, מיט דעם איז ער זיכער. דאָס איז שוין זיינס!

און אין די פּליטים קאַפעען קאָנסומירט מען, מערסטנטייל, נאָר דאָס טישל מיטן בענקל... עסן עסט מען פון אייגענעם רוק־זאַק אַרויס, ווער וואָס עס האָט. מען וואַרעמט זיך און מען רעדט פון פּאָליטיק. וועגן גרענעץ, וועגן „דאָ״ און „דאָרטן״ און „ווי לאַנג וועט עס אַזוי דויערן?״, „וואָס טוט מען?״ און „וואָס וועט זיין אונדזער שוואַרצער סוף?״. מען פרעגט און מען איז מיד צו הערן אַן ענטפער. שפּאַרט מען אָן דעם קאָפּ אויפן טישל און מען שלאָפט. די, וועלכע קענען זיך נישט דערוואַרטן אויף אַ טישל און אויף אַ בענקל, דרימלען שטייענדיק, אָנגעשפּאַרט אָן וואָס עס לאָזט זיך. אַבי אין דער וואַרעם און נישט אויף דער גאַס.

ווייל דער אינהאָבער שפּעט ביינאַכט פאַרמאַכן זיין לאָקאַל, — קלאַפּט ער מיט אַ וואַלגער־האָלץ אין אַ בלעכענער טאָץ און שרייט מען זאָל אַרויסגיין. — כאַפּן זיך די שלאָפנדיקע אויף צעטומלט, פּאַטשן בראַוואָ און שרייען: „א־ו־ו־ר־ר־ר־אַ־אַ־אַ!“.

אַ גאַנצן טאָג גייט אַ האַנדל. מען קויפט און מען פאַרקויפט. די רוקזעק פון די פּליטים, איבער דער גרענעץ געשלעפּטע, ווערן מאָגערער און לייכטער און די טשעמאָדאַנעס פון נאַטשאַלניקעס און קאָמאַנדירן ווערן פולער און שווערער. מען האַנדלט אויף דער גאַס און מען האַנדלט אין שטיבער, אין טעאַטער און קאַפע. יעדער הויף איז אַ באַזאַר, די גאַנצע שטאָט — איין גרויסער פעלקער־יאַריד. אינמיטן גאַס מעסט מען מאַנט־לען מיט פוטערס, הויזן, שטיוול און העמדער. איינער טוט זיך אויס זיין רעקל און אַ צווייטער טוט אים אָן. אַ זייגערל גייט פון האַנט צו האַנט, אַן אייבּיקע פעדער — פון טאַש, צו טאַש. און אַ רויטער זיידענער קראַ־וואַט פאַרראַט זיין באַלעבאָס און טוליעט זיך צו אַ צווייטנס האַלדז... אַלע זענען סוחרים, אַלע זענען ספּעקוליאַנטן. האָט מען שוין נישט קיין אייגנס, איז מען אַ מעקלער פון יענעמס. מען ציילט די קנאַקעדיקע טשערוואָנצעס און מען זוכט דערפאַר אַ ווינקל צום שלאָפן.

די ביאַליסטאָקער זענען אויפגעריכט געוואָרן. יעדע שטוב איז אַ קראָם. יעדע שטוב איז אַ סקלאַד, אַ הורט־לאַגער! די טירן רוען נישט: פּליטים טראָגן אַריין און רויטאַרמייער טראָגן אַרויס. און נייע אַסיגנאַ־ציעס קנאַקן צווישן פיבערדיקע פינגער. פּעק מיט טשערוואָנצעס! זעק גאַנצע, קאַסטנס! ס'איז שוין פול אין די שופלאָדן, אין די שענק און קרעדענצן. אַ שפּע קיין עין־הרע, נישטאָ ווו אַהינצוטון! הייזער צו קויפן!... מען איז צעשראָקן, מען האָט מורא, נאָר אַז די מזל־ברכה שטראָמט דורך טיר און טויער, — ווער־זשע האָט עס אַ כוח זיך אָפּצוזאָגן?!...

די גרענעץ איז שוין אייגנטלעך פאַרמאַכט. קיין פרישע פּליטים קו־מען נישט מער. אָבער פּוילישע גרענעץ־שמוגלער ריזיקירן און גייען היך־און־צוריק. זיי ברענגען אַריבער יידישן פאַרמעגן, געשעפטן גאַנצע. אַ מאַן שיקט אַ בריוועלע צום ווייב קיין וואַרשע: „גיב אַרויס דעם ערל כך־וכך“. שפּעטער קומט ווידער דער ערל מיט אַ באַשטעטיקונג פון מאַן, אַז ער האָט דערהאַלטן, און ער באַקומט נאָך. ברענגען זיי גאָרסעטן, ביוסטהאַל־טערס און שרייב־מאַשינען, מעדיקאַמענטן און זאָקן, זייגערלעך און אונ־

טערוועש, שוכוואַרג און פּאַפּיראָסן, דאַמען־נאַכט־העמדער, וואָס „זיי״ האַלטן עס פאַר באַל־קליידער און קומען דערמיט טאַנצן אין לאָקאַלן... און צוריק קיין וואַרשע שיקט מען שפּייז: פּעטס און זיסוואַרג, וווּרשט, מעל און קאַשע.

און נישט נאָר זאַכן פירן די פּוילישע גרענעץ־שמוגלער, נאָר אויך לעבעדיקע סחורה: זיי ברענגען נאָך אַריבער פון וואַרשע, אַ ווייב צו אַ מאַן, וועלכער האָט זיך שוין דאָ אַ ביסל איינגעאָרדנט, און פירן צוריק פון ביאַליסטאָק קיין וואַרשע, אַ מאַן צו זיין ווייב און קינדער. ער ווילליידן מיט זיין משפחה אינאיינעם. און אויב אומקומען, איז מיט זיי צוזאַמען! די פּוילישע גרענעץ־שמוגלער איז אַלץ איינס, וואָס פאַר אַ סחורה זיי פירן. זיי ווערן גוט באַלוינט.

קומט אַזאַ ווייב פון וואַרשע, ברענגט זי אַ לעבעדיקן גרוס, די סאַמע לעצטע נייעס. זאַמלען זיך הונדערטער מענטשן אַרום איר, מיט אויפגעפּראַלטע מיילער, אויערן און אויגן. און שעהן לאַנג רעדט זי און דערציילט. שפּעטער גייט עס פון מויל צו מויל. פון גאַס צו גאַס:

— מען שטאַרבט פון הונגער!!!

— געלע לאַטעס!!!

— מען בויט אַ געטאָ־מויער!!!

און יעדערער דערזעט זיין משפחה, וואָס ער האָט דאָרטן איבערגעלאָזן עלנט און הפקר, אין תלינס הענט. באַקומט ער אַרויסגעזעצטע, שגעונישע שוואַרצאַפּלען און די האָר־וואָרצלען נעמען ווי נאָדלען שטעכן אין קאָפּ, אַזש ביז צו די געהירן!

***

אין צעכוואַליעטן, צעשטורעמטן ביאַליסטאָק האָט איצט רוזשעלע סקולביסעס וווינונג באַקומען דעם אויסזען פון אַ פּאָרט. אַ פּאָרט, ווו פראַכט־שיפן ווערן פיבערדיק אָנגעלאָדן און אויסגעלאָדן. רוזשעלע אַליין איז איצט אַ צעיאָכמערטע אַרומגעשוווּמען צווישן טומלענדיקע מענטשן, צווישן בערג מיט סחורה און זעק מיט באַנקנאָטן. די סחורות האָבן געשטראָמט צו איר פון דריי קוואַלן: פון פּליטים, וועלכע פאַרקויפן פון זיך אַראָפּ און פון די רוקזעק אַרויס; פון פּוילישע גרענעץ־שמוגלער, וועלכע ברענגען סחורה דירעקט פון וואַרשע און פון אירע „יאַטן״ פון די כאַנייקעס. די יאַטן פון די כאַנייקעס: קצבים, פורמאַנעס, פערד־הענדלער

און פֿאַרשווינען, פֿון שטענדיק אָן פֿאַרמישטע אין טונקעלע געשעפֿטן — רוזשעלעס אַמאָליקע פֿריינט — האָבן זיך איצטער אַרומגעטראָגן מיט ביקסן אויף די אַקסלען און מיט מיליציאָנערן־בענדער אויף די אָרעמס. עס איז פֿול מיט זיי אויף די באַזאַרן, אין די גאַסן, אויף די הייף. זיי כאַפּן איצט ספּעקולאַנטן און שלעפּן אין דער מיליץ אַריין. זיי שלעפּן און דער־שלעפּן נישט... די צעשראָקענע פּליטים בעטן זיך אָפּ. האָבן די מיליציאָ־נערן ווייכע הערצער, באַקומען זיי רחמנות... דעם הענדלער לאָזן זיי אָפּ און די „רעקוויזירטע" סחורה ווערט געבראַכט צו רוזשעלען.

ליגן דאָ איצט אָנגעוואַליעט איבער אַלע צימערן: ראָווערן, ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, זאַדעס פֿלייש, פּוטערוואַרג, לעדער, מאַנופֿאַקטור און קאָנפֿעק־ציע, שרייב־ און רעכן־מאַשינען, זייגערלעך, פּילפּעדערס, פֿאָטאָ־אַפּאַראַטן און קאָסמעטיק. אויך די פּעק אַסיגנאַציעס זענען פֿאַרשידענע: פּוילישע זלאָטעס און סאָוויעטישע טשערוואָנצעס. לויטן ווערט, שטייט דאָ דער רובל גלייך מיטן זלאָטי. אין שטאָט נעמט מען בײדע, אָן אונטערשיד. נאָר רוזשעלען און אַ סך אַנדערע סוחרים אימפּאָנירן בעסער די פּוילישע זלאָטעס. מען האַלט עס פֿאַר ווערטפֿולער, פֿאַר זיכערער. די רובלס און טשערוואָנצעס זענען עפּעס ווי קאָלירטע, אָן־צאָליקע, ווערטלאָזע פּאַ־פּירלעך, וואָס אָט דערווײַלע „גייען" זיי...

ביים סאָרטירן די סחורות און די געלטער אַרבעטן רוזשעלעס אַלע פֿריינט. איניקע זענען אירע שותפים און אַ סך קריגן ביי איר לייטישע פֿאַרדינסטלעך פֿאַרן צוהעלפֿן. עס אַרבעט דער „פּראָפֿעסאָר"־טאַנצמייסטער גאַרזשעלטשיק, וועלכער האָט זיך שוין אינגאַנצן אַריבערגעצויגן אַהער און צוזאַמען מיט רוזשעלען פּייפֿט ער אויף דער עפֿנטלעכער מיינונג... עס אַרבעטן גבריאל סקולביסעס בראַנזשע־קאָנקורענטן, די ווײַן־סוחרים ראַפּאָפּאָרט און קאָוואַלסקי. זייער ווײַן־געשעפֿט איז שוין נאַציאָנאַליזירט געוואָרן און פֿאַרוואַנדלט אין אַן „אוניווערמאַג" (אוניווערסאַלער מאַגאַ־זין). זיי, די געוועזענע באַלעבאַטים, האָט מען דאָרט אפֿילו פֿאַר קיין אָנגעשטעלטע נישט געוואָלט צונעמען. עס אַרבעטן רוזשעלעס מענטשן פֿון די כאַנייקעס און אויך זינאַ מיט איר דרייצניעריקער עסטושיען. זיי ביידע זענען גאָר מיט לייב און לעבן אַריינגעטון אין רוזשעלעס גע־שעפֿטן.

זינאַ האָט אַ שטיקל צייט געאַרבעט ביי ראַפּאָפּאָרטן און קאָוואַלסקין אין ווײַן־געשעפֿט און איז פֿון דאָרטן באַזייטיקט געוואָרן צוזאַמען מיט

אירע באַלעבאַטים. זי האָט אַלץ געטון, נישט צו זיצן אויף רוזשעלעס קעסט און אפילו פאַרן צימער געצאָלט. זי האָט זיך אַרומגעזען, אַז נישט אַזוי גיך וועט זי קענען עסטושיען איינאָרדענען און האָבן פרייע הענט אויסצופירן איר זעלבסטמאָרד־פּלאַן. דאָס גאַנצע לעבן איז דאָ עפּעס ווי אויף דער וויל. אַ כאַפּ־לאַפּ־לעבן בלויז מיטן היינט, מיטן איצטער און קיינער ווייסט נישט און וויל נישט וויסן, וואָס אַ שעה שפּעטער וועט זיין... ווו־זשע זאָל זי זוכן אַ זיכערן פּלאַץ פאַרן קינד? אַ היים פאַר איר אומבאַ־האָלפן, קיילעכדיק יתומהלע? ניין, זי טאָר איצט עסטושיען נישט פאַר־לאָזן. רוזשעלע איז גערעכט: מען מוז זיך מקריב זיין פאַר אַ קינד! און לעבן אַזוי, הייסט אויך אַ קרבן. און מיט זעלבסטמאָרד פאַרשפּעטיקט מען נישט. זי וועט עס באַווייזן צו טון אין אַ מאַנאַט אַרום, אין צוויי, ווען זי וועט זיין איבערצייגט, אַז עסטושיע איז אין זיכערע הענט, אַז זי האָט אַ היים.

די פּוסטע טעג און די שלאָפלאָזע נעכט האָבן אָבער אויסגעמאַטערט אירע געהירן. זי האָט געפילט אַז זי גייט פון זינען אַראָפּ. און דאָס, האָט זיך איר אויסגעוויזן, איז ערגער פאַרן טויט און אפילו ערגער פאַרן לעבן! זי מוז עפּעס טון, זי מוז זיך מיט עפּעס באַשעפטיקן, כדי דער מוח זאָל זיין מיט עפּעס פאַרנומען. זי טאָר נישט טראַכטן, — פאַרגעסן זיך! נאָר פאַרגעסן.

און דאַן האָט זיך עס אָנגעהויבן דער מסחר ביי רוזשעלען אין שטוב. זינאַ איז געוואָרן איר וויכטיקסטע אַרויסהעלפערין. מיט אַלץ און מיט אַלעמען האָט זיך איצט רוזשעלע פאַרלאָזן נאָר אויף זינאַן. מיט אומגע־ציילטע סחורות און מיט אומגעציילטע געלטער.

אויך עסטושיאַ האָט שווער און פלינק געאַרבעט. די דרייצניעריקע עסטושיע איז שוין גאָרנישט אַזוי קינדעריש און אומבאַהאָלפן, ווי די מאַמע אירע מיינט. אין דער צייט ווען רוזשעלעס זון, פעליקס, וועלכער טוט נישט קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער, רייסט אַרויס ביי זיין מאַמען הונדערטער רובלס און פאַרטאַכליעוועט עס אין שטאָט, — איז עסטושיאַ שטאָלץ דערמיט, וואָס זי העלפט דער מאַמען, אַרבעט און פאַרדינט. זי וויל דער מאַמען גרינגער מאַכן דאָס לעבן, דעם יאָך און די זאָרג. אַז די מאַמע וועט זען אַז זי, עסטושיאַ, איז שוין נישט אַזוי קינדעריש־אומבאַ־האָלפן, וועט איר לייכטער זיין דאָס געמיט און זי וועט האָבן אַ בעסערן הומאָר... איז עסטושיאַ טאַקע גליקלעך, וואָס זי לייגט איר פאַרדינסט

צוזאַמען מיט דער מאַמעס אין זייער רוקזאַק אַריין און פּילעווועט עס. רוזשעלע איז אויך צופרידן פון עסטושיעס פליייסיקייט און רוקט איר דערפאַר אונטער פון צייט צו צייט אַ גוט שטיקל שאָקאָלאַד... אוודאי ווילט זיך איר אויך גיין אין שטאָט, פאַרברענגען מיט מיידלעך פון איר עלטער, קויפן זיך גוטע זאַכן און האָבן פאַרגעניגן. וויל זי אָבער נישט לאָזן דער מאַמען אַליין, ווייל דער מאַמען איז זייער אומעטיק!...

און שפּעט ביינאַכט, ווען זי לייגט זיך מיט דער מאַמען אין בעט אַריין, שושקעט זי איר פריידיק אין אויער אַריין:

— מאַמעשי... מיר האָבן שוין באַלד אַ דרייסיק טויזנט זלאָטעס!... דו זעסט, פיל פליטים איז ערגער פאַר אונדז... וואַלגערן זיך, נעבעך, אַרום הונגעריקע און געפּרוירענע אויף דער גאַס, אָן אַ גראָשן! מיר האָבן דערווייל אַ היים און פּרנסה... דרייסיק טויזנט זלאָטעס!... ס׳איז נישט קיין קלייניקייט. דו ווייסט, מאַמאַ, איך טו אויך אַזוי ווי רוזשעלע: איך האַלט נישט די רובלס, נאָר פּוילישע זלאָטעס!... וועסט זען, מאַמעשי, וועסט זען!...

— נו, גוט, טאָכטערשי... שלאָף מיין קינד, שלאָף...

און ווען עסטושיאַ שלאָפט שוין איין אַ צעשמייכלטע, אַ גליקלעכע, — בלייבט זינאַ ליגן מיט אָפענע אויגן, צו וועלכע קיין שלאָף קומט נישט. זי ליגט און טראַכט, אַז אפילו מיט הונדערט טויזנט זלאָטעס האָט זי נישט ווו איינצואָרדענען איר קינד אין אַ זיכערער היים, אַז זי זאָל קענען פריי ווערן און אַוועק...

און רוזשעלעס סקולביס איז אַזוי אַריין אין אירע מסחרים, אַז זי האָט זיך דערפילט ווי דער וויכטיקסטער און זיכערסטער מענטש אין גאַנץ ביאַליסטאָק... ווי זי וואָלט געווען דער אַקס אַרום וועלכן אַלץ דרייט זיך... זי האָט שוין אפילו נישט קיין מורא פאַר די סאָוויעטישע נאַטשאַלניקעס און אָפיצירן, וועלכע קומען צו איר אין הויז און קויפן זיך איין גאַנצע וואַליזן סחורה. דערצו איז די גאַנצע מיליץ ביי איר אין די האַנט. אַלע מיליציאָנערן זענען דאָך אירע היימישע יאַטן פון די כאַנייקעס!... און אַלעמען גיט זי צו פאַרדינען... זיי ברענגען איר סחורה און ברענגען געהיימע ידיעות. זיי שושקען איר וויכטיקע סודות אין אויער אַריין. זי ווייסט שטענדיק, מיט אַ טאָג פריער, ווען מען גרייט זיך צו אַרעסטירן און פאַרשיקן. מען קומט שוין צו איר אפילו נאָך פּראָטעקציע, אַרויסצו־באַקומען אַן אַרעסטירטן פאַר אַ קליינעם קרימינעלן פאַרברעכן. עס

קומט איר אָן לייכט און זי קריגט דערפאַר ברכות, מתנות און פעק כ״ט באַנקנאָטן...

אין יענע טעג איז איר אָנגעקומען דאָס ערשטע בריוועלע פון איר מאַן, פון גבריאלן. ער געפינט זיך ערגעץ אין אַ ווילדער געגנט, וואָס הייסט קאָמי־א.ס.ס.ר. ער בעט, אַז זי זאָל רחמנות האָבן אויף אים און אים שיקן אַ סוועטער, הענטשקעס און שפּיוז־פּעקלעך, אַנישט וועט ער דאָרט אויסגיין פון הונגער און קעלט.

די שפּיוז־פּעקלעך פאַר גבריאלן האָט טאַקע איצט געפּאַקט און אָפּגעשיקט נישט קיין אַנדערער, נאָר דער „פּראָפעסאָר" גאָרזשעלטשיק אַליין. גאָרזשעלטשיק, וועלכער שלאָפט איצטער אין גבריאלס שלאָף־צימער און טאַקע אין זיין בעט. טראָגט גבריאלס פּיזשאַמעס און ליבט זיין ווייב, — ער האָט מיטן שיקן און פאָרען זיך ביי די־אַ פּעקלעך פאַר גבריאלן ריין און לויטער געמאַכט זיין געוויסן...

און רוזשעלע שטאָלצירט פאַר גאָט און פאַר לייט:

— דאָס טו איך דאָך אַלץ פאַר מיין מאַן און מיין קינד!... זעט, אדרבה... ווער וואָלט אים איצט געקענט שיקן אַזעלכע פּעקלעך?... און אַ קינד דערציען איז נישט קיין קלייניקייט! איך בין זיך דאָך מקריב פאַר זיי!

**
*

פּלוצלינג איז דאָס געשען.

אפילו די מיליציאָנערן, רוזשעלעס היימישע יאַטן פון די כאַנייקעס, האָבן עס נישט געוווסט און נישט באַוויזן עס איר פאָראויסצוזאָגן. עס האָבן איר אויך גאָר נישט אָנגעזאָגט די נאַטשאַלניקעס און קאָמאַנדירן, מיט וועלכע זי איז לעצטנס געוואָרן אַזוי קנעפּל־שבקנעפּל, אַז מען האָט שוין צוזאַמען געשנאַפּסעוועט און געמאַכט אַ קערטל...

ווי אַ דונער איז עס אַריין אין רוזשעלעס שטוב:

— מען נעמט נישט מער קיין זלאָטעס!

— דער זלאָטי איז שוין גאָרנישט ווערט!

— פּאַפּירלעך צום פאַרברענען!

— טויזנטער מענטשן געמאַכט פאַר אָרעמע לייט!

— בדיל־הדל געשטעלט!

און נאָך אַ ידיעה האָט מען געבראַכט:

— פאַר ספעקולאַציע וועט מען געבן צען יאָר און פאַרשיקן צו די ווייסע בערן!!!

רוזשעלע איז איצט געזעסן אין מיטן שטוב, מיט אַ נאַסן האַנטוך אויפֿן קאָפּ, און געגלאָצט אויפֿן באַרג אָנגעשאָטענע זלאָטעס, ווי אויף אַ מת.

אַלע שטוביקע האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט בלאַסע פּנימער, ווי אבלים און זיך געבראָכן די הענט.

— ווער האָט זיך עס געקענט ריכטן?!

— אַזאַ אומגליק!

פון כּעס האָט מען געבריקעט מיט די פיס אין די בערג אָנגעשאָטענע סחורה, וואָס האָבן, מיט זייערע פאַרשידענע גערוכן און גלאַנצן, ווי חוזק געמאַכט, ווי געררייצט זיך און געשפּאַסט...

קיין קונים האָבן זיך שוין דעם טאָג נישט געוויזן. דאַקעגן די אָרע־מע פּליטים האָט מען באַלד פון דער שוועל פאַרטריבן:

— מען דאַרף נישט!

— גייט געזונטערהייט! מען דאַרף שוין מער גאָאָרנישט!

אָבער דעם זעלבן טאָג, שפּעט אין אָוונט, איז רוזשעלעס אַ יאַט, אַ מיליציאָנער, דאָך געקומען מיט אַ פרישער ידיעה, פון וועלכער אַלע זענען עטוואָס אויפגעהייטערט געוואָרן און רוזשעלע האָט תּיכּף דעם נאַסן האַנטוך פון קאָפּ אַראָפּגעוואָרפן.

— מען קען נאָך ראַטעווען פערציק פּראָצענט! די פּוילישע גרענעץ־שמוגלער קויפן פּוילישע זלאָטעס אויף צו פירן עס קיין וואַרשע!... זיי צאָלן פערציק קאָפּיקעס פאַר אַ זלאָטע! זיי ווילן נאָר גרעבער געלט, פּופּציקער, הונדערטער! איז דאַרף מען זיך איילן, ווייל קיין בעלנים פעלן נישט! מען וועט זיי אָנשיטן גאַנצע בערג!... איצט, כּל־זמן קיינער ווייסט נאָך נישט...

באַלד האָט רוזשעלע אָרגאַניזירט איר גאַנצן שטאַב. יעדן איינציקן אָנגעשטאָפּט אַלע טאַשן, וויפל עס איז נאָר אַריין... און אַלע, אויסער זינען, האָבן זיך אַוועקגעלאָזן צו יענער קנייפּיע, וווּ עס איז די בערזע פון די גרענעץ־שמוגלער.

זינען האָט מען איבערגעלאָזן אין שטוב, צו פּילעווען דאָס פאַרמעגן.

רוזשעלע האָט איר אָנגעזאָגט, קיינעם נישט אַריינצולאָזן. זאָל מען אפילו קלאַפּן קאָפּ אָן וואַנט! ענטפערן זאָל זי נאָר איר, רוזשעלען אַליין.

און ווען אַלע האָבן זיך צוריקגעקערט, האָבן זיי טאַקע לאַנג געמוזט קלאַפּן. זינאַ האָט אפילו נישט געענטפערט אויף רוזשעלעס שטימע, נישט אויף גאָרזשעלטשיקס און נישט אויף עסטושיעס.

וואָס לענגער מען האָט געקלאַפּט, אַלץ נערוועזער איז מען געוואָרן. מען האָט שוין געוואָלט לויפן צום סטרוזש און נאָך אַ שלאָסער, אויפצו־ברעכן די טיר. נאָר דאָ האָט רוזשעלעס אַ יאַט, פון „יענע יאָטן", געהאָט ביי זיך אַ וויטריך און נאָך אַ פּאָר שטיקלעך „פּאַך־געצייג". ביי אים האָט עס לאַנג נישט געדויערט און די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט.

אַלע זענען האַסטיק אַריינגעלאָפן און זיך אַ לאָז געטון איבער אַלע צימערן. זיי האָבן געזוכט זינען און נישט געפונען.

— וואָס קען דאָס זיין?

— וווהין איז זי אַוועק?

אָבער פּלוצלינג האָט מען דערהערט רוזשעלעס אַ היסטערישן קוויטש פון באָד־צימער אַרויס.

אַלע זענען זיך צונויפגעלאָפן און געטראָפן זינאַן שטיין אויף אַ טישל, מיט צעשויבערטע האָר און מיט וואַנזיניק־צעגלאָצטע אויגן. אין האַנט האָט זי געהאַלטן דעם עק פון אַ שטריק, וואָס זי האָט שוין באַוויזן צו פאַרוואַרפן אויפן באַלקן־האָק.

— זינאַ! וואָס טוט זיך מיט אייך?!

— זענט איר משוגע געוואָרן, צי וואָס?!

זינאַ האָט אַראָפּגעקוקט אויף אַלעמען מיט אַ צעטומלטן נישט־היגן בליק און איר פּנים האָט אויסגעדריקט פאַרוווּנדערונג. ווי זי וואָלט גאָר־נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך און וואָס מען וויל פון איר. וואָס איז מען זיך דאָ צונויפגעלאָפן? וואָס שרייט מען צו איר אַזוי?

נאָר ווען עסטושיאַ איז צוגעפאַלן צו אירע פיס, מיט גרויליקע ספּאַזמען:

— מאַמאַ! וואָס טוסטו, מאַמאַ???!!! וואָס לאָזסטו מיך דאָ איבער אַליין?!

האָט זיך זינאַ ערשט אַ וואַקל געטון און טרערן האָבן איר אַ שטראָם געטון איבער די באַקן.

די מענער האָבן זי אונטערגעכאַפּט און פון טיש אַראָפּגענומען. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בענקל, קראַמפּהאַפּט אומאָרעמט עסטושיען, געקושט זי און געיאָמערט:

— נייך, מיין קינד, איך וועל דיר נישט איבערלאָזן! איך וועל זיין מיט דיר! איך ווייס אַליין נישט, וואָס איך האָב געוואָלט טון! איך ווייס נישט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר! מענטשן, זייט מיר מוחל! איך ווייס נישט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר!

קאַפּיטל 8

## צו די ווייסע בערן...

רוזשעלע סקולביס האָט איר גרויסן פאַרלוסט לייכט איבערגעווייטיקט און איז גיך צו זיך געקומען. סוף־כל־סוף האָט זי נאָך אָפּגעשניטן אַ סך בעסער ווי אַנדערע. זי האָט נאָך אָפּגענומען צו פערציק קאָפּיקעס פּאַר אַ זלאָטע, אין דער צייט ווען אַנדערע האָבן שוין געקראָגן נאָר צו פינף און צוואנציק. און אַ סך זענען טאַקע געבליבן ביי פּעק ווערטלאָזע פּוילישע זלאָטעס. רוזשעלע האָט איצט פאַרמאָגט אירע צוויי הונדערט און פופציק טויזנט רובל. פון האַנדלען האָט זי מער נישט געוואָלט הערן און געדענקען. נישט געוואָלט ריזיקירן פאַרשיקט צו ווערן צו איר מאַן. שנעל האָט זי אַלץ אויספאַרקויפט און ליקווידירט די סקלאַדעס סחורה, וואָס איז געלעגן אָנגעוואַליעט איבער אַלע צימערן. אויס סקלאַדעס, אויס האַנדלס־פּאָרט! די שטוב האָט ווידער באַקומען דעם אויסזען פון אַ פּאַר־מעגלעך־באַלעבאַטישער שטוב, ווו מען לעבט פון גרייטן, פון נאָך פריער אָנגעזאַמלטע זאַפּאַסן.

ביאַליסטאָק האָט איצט אויפגעלעבט און איז עולה לגדולה געוואָרן. דאָס איז שוין נישט מער די אָרעמע, פּראָווינצער וועבער־שטאָט, ווו אַ סעזאָן אַרבעט מען טאַנדעט־סחורה און די איבעריקע חדשים פון יאָר גייט מען אַרום אַרבעטסלאָז. ביאַליסטאָק האָט איצט געלעבט מיטן רוישיק־אימפּולסיוון לעבן פון אַ גרויסער שטאָט, פון אַ הויפּטשטאָט. נייך, נאָך מער, ווי אַ הויפּטשטאָט; — אַן אינטערנאַציאָנאַלער צענטער! אין דעם צענטער איז איצט אָנגעגאַנגען אַ פאַרמעסט פון מזרח און מערב: מיט קולטור, מיט קונסט, מיט פאַרמעגלעכקייט און עלעגאַנץ...

גענאָסן דערפון האָט ביאַליסטאָק. אַלדאָס גוטס איז דאָ איצט געווען אין שטאָט. אַזעלכע זאַכן, וואָס אין די בעסטע יאָרן פון פרידנס־צייט האָט מען דאָ נישט געזען. ביאַליסטאָק איז פאַרוואָרפן געוואָרן מיט די בעסטע סחורות פון דער סאָוויעטישער אויסאַרבעטונג און איז איצט בע־סער פאַרזאָרגט געוואָרן ווי מאָסקווע אַליין.

אין די ליכטיקע שוי־פענצטער פון די ניי־געעפנטע גרויסע מלוכה־געשעפטן, וואָס זענען שוין נאַציאָנאַליזירט געוואָרן פון די פריוואַט־אייגנ־טימער, אויסגערעמאָנטירט און דעקאָרירט לויטן סאָוויעטישן שטייגער, איז איצט אָנגעלייגט געוואָרן מיט לוקסוס־סחורות פון שענסטן און פון בעסטן. עס האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן פוטערוואַרג פון קאַמטשאַטקאַ, פיש פון אַסטראַכאַן, שוואַרצער און רויטער איקראַ (רויגן), „סאָוויעט־סקאָיע שאָמפּאַנסקאָיע" (שאַמפּאַניער) און פּאַפּיראָסן פון דער לענינגראַ־דער אוריצקי־פאַבריק, ווי: „סעווערנאַיאַ פּאַלמיראַ", „קאַזבעק" און „ביע־לאַמאָר־קאַנאַל". פרוכטן פון קאַווקאַז און מיטלאַזיע. אַנצוגן פון מאָסקווע, סאַמאָוואַרן פון טולאַ. געפעסן, כלים, מכשירים, קרישטאָלן און שוכוואַרג. גוטע קאָנסערוון פון פלייש, פיש און פרוכטן, אין עלעגאַנטער פּאַקונג. מזרח־אוקראַינע און מזרח־ווייסרוסלאַנד האָבן געגעבן די פעטסטע פוטער און די געשמאַקסטע קעזן, עופות און וווּרשטן. יעדע רעפּובליק האָט זיך דאָ באַוויזן מיטן שענסטן און בעסטן, וואָס זי פאַרמאָגט, ווי אויף אַן אינ־טערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג. עס האָט פאַרשמעקט מיט פרישע, אָנגע־נעמע ריחות, עס האָבן געבלענדט גלאַנציקייטן און קאָלירן. אַ שפע און אַ רחבות! און אַלץ האָט זיך געבעטן: נעם מיך, קויף מיך, פאַרזוך מיך... עס קאָסט נישט טייער...

ביאַליסטאָקער האָבן געהאַט געלט. פאַר ביאַליסטאָקער איז געקומען אַ לעבן, פון וועלכן זיי האָבן קיינמאָל נישט געחלומט. די אָרעמסטע ווע־בער האָבן זיך איצט אַריינגעקויפט אין די שטיבער אַריין אַזעלכע זאַכן, וואָס זיי האָבן די נעמען דערפון נישט געוווּסט... נישט געוווּסט, ווי מען עסט עס, ווי מען נוצט עס, ווי מען טוט דאָס אָן... די קעשענעס זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט רובלס און צו די רובלס האָט מען קיין איבעריקן צוטרוי נישט געהאַט. האָט מען זיך געקויפט אַלץ, וואָס דאָס אויג האָט נאָר געזען...

און צווישן זיך האָט מען גערעדט:

— ווען אַזוי זאָל עס בלייבן, איז דאָך דאָ טאַקע אַ גן־עדן!...

— און אפשר איז עס טאַקע אַן ארץ זבת חלב ודבש?...

— זיי טענהן דאָך אַלע: „אונאַס ווסיאָ יעסט!...״

— נו, אויב אַזוי, מעג מען טאַקע דאַנקען און לויבן סטאַלינען און דער באַפרייערישער רויטער אַרמיי!

עס זענען געלאָזן געוואָרן אין גאַנג אַלע פאַבריקן פון שטאָט. קיין אַרבעטסלאָזע וועבער זענען איצט נישט געווען. מען האָט געאַרבעט אין דריי „סמיענעס״, אָ קיילעכדיקן מעת־לעת. מען איז געוואָרן שלאָגלער און סטאַכאַנאָווצעס, באַלוינט געוואָרן מיט פּרעמיעס און אויסצייכענונגען.

טעאַטערן, קינאָס און קאָנצערט־זאַלן זענען אָפן פון באַגינען, ביז שפּעט אין דער נאַכט. אויסער די אָרטיקע רעפּרעזענטאַנץ־טרופּעס פון פּליטים, זענען אָנגעקומען די גרעסטע מייסטער פון גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד. געזאַנג־ און טאַנץ־אַנסאַמבלען פון דער רויטער אַרמיי, דזשאַז־אָרקעס־טערס און כאָרן. פּרעלעגענטן אויף שריט און טריט. מיטינגען און פאַר־זאַמלונגען. און נישט נאָר אין די זאַלן, — די יום־טובדיק־דעקאָרירטע גאַסן זענען פול מיט רעדעס, געזאַנג און מוזיק. צעזונגענע ראָטעס רויט־אַרמייער מאַרשירן, שול־קינדער פּאַראַדירן. מאַניפעסטירנדיקע אַרבעטער מיט רויטע בלימעלעך אין די לאַצן, מיט לאָזונגען און „אורררראַאַאַ!!!״. און די ראַדיאָהילכער הערן נישט אויף צו גרעגערן.

די פרילינגס־זון איז געהאָנגען אַ צעשמייכלטע, ווי ספּעציעל אויסגע־שייערט און אויפגעהאָנגען אין לויטערן הימל, צו דעקאָרירן די יובלענ־דיקע שטאָט צום ענדלאָזן יום־טוב פון באַפרייאונג. דער שניי איז שוין לאַנג געווען צעלאָזט. נאָר אפילו די צעקנאָטענע, שיטערע בלאָטע האָט יום־טובדיק געשיינט...

צעשיינט זענען געווען די ביאַליסטאָקער טעכטער, וועלכע האָבן שטאָלץ שפּאַצירט מיט רויטאַרמייער און קאָמאַנדירן איבער די גאַסן און אין די אַלעען פון פּאַרקן און סקווערן. עס האָבן געשיינט די פרישע סטאַכאַנאָווצעס, וועלכע האָבן זיך שוין אויסגעלערנט פון זייערע סאָוויע־טישע חברים צו זיצן אין די רעסטאָראַנען און באַשטעלן אַלץ אויף אַמאָל: זעקס קאָטלעטן, אַכט מאָראָזשענאָיע (אייז־קרעם), ניין שניצלען, פינף יאַיטשניצעס, צען קאָמפּאָטן און צוועלף קופל ביר...

אפילו די היימלאָזע פּליטים האָבן באַקומען שיינענדיקע שמייכעלעך אויף זייערע בלייכע געזיכטער: די פרעסט זענען אַריבער, דער פרילינג איז לינד... אַ גרויסער טייל האָט שוין אַרבעט באַקומען און אַ ווינקל

צום שלאָפֿן. אַ טייל האַנדלט נאָך מיט זייגערלעך, פּילפּעדערס און פּוילישע פּאַפּיראָסן. קיינער שטאַרבט היינט נישט פֿון הונגער. ווער מער, ווער ווייניקער — פּרנסה האָט יעדער. קיין פֿאַרמעגן אָבער קלייבט מען זיך נישט. קיין פֿאַרמעגנס קען מען דאָ נישט קויפֿן. און מען האָט שוין געזען, וואָס פֿון פֿאַרמעגנס איז געוואָרן... — קויפֿט מען זיך, וואָס עס לאָזט זיך. לייגט מען דאָס געלט אַריין אין זיך, אין מאָגן אַריין, אויפֿן נייעם שטייגער: אַ האַלב טוץ קאָטלעטן, אַ טוץ קאָמפּאָטן. מען עסט אייז־קרעם און מען זשליאָקעט ביר. מען פּאַטשט בראַוואָ און מען שרייט „אורררראַאַאַ!!!".

— איבערוואַרטן אַזוי די מלחמה וואָלט גאָרנישט שלעכט געווען!...

— עס באַקומט מיר גאָרנישט, ווען איך ווייס, אַז מיינע, דאָרטן, הונגערן, לעבן אין שרעק און אין געפֿאַר און זענען מיטן לעבן נישט זיכער!

— ווו איז געווען מיין שכל? פֿאַרוואָס האָב איך זיי אַהער נישט אַריבערגעשלעפּט? וואָלטן זיי דאָ אויך פֿאַרזוכט פֿון אַ לעבן!...

אין די רעסטאָראַנען איז ענג. קאָפּ אויף קאָפּ שטייט מען און מען וואַרט שעהען לאַנג אויף אַ טישל. אויך אין דרויסן, פֿאַר דער טיר, שטייט אַ לאַנגע ריי. אומעטום שטייען רייען: צו יעדער קאַפֿע, צו יעדער קראָם, צו קיאָסקן פֿון צייטונגען און פּאַפּיראָסן, צו קינאָ און טעאַטער־קאַסעס, צו אַפּטייק־סקלאַדן און צו אַפּטייקן. יאָ, רייען פֿון זיך־איבערגעפּרעסענע שטייען מיט גרין־פֿאַרקרימטע פּנימער אין אַפּטייק. עס איז אַן אויסכאַפּעניש אויף ריצנאייל און קאַסטאָרקע... אַן אויסרייסעניש אויף קליזמעס...

שטייט דער אַפּטייקער אויפֿן לייטערל, ביי די אויבערשטע פּאָליצעס און לאָזט אַראָפּ די הענט:

— נישטאָ מער, טאָוואַרישטשי, אוזשע ניעט... עס האָט אויסגעפֿעלט, ניע כוואַטאַיעט...

און די ניי־געבאַקענע טאָוואַרישטשעס, מיט קראַמפּן אין די בייכער פֿון קאָטלעטן מיט „מאַראָזשענאָיע" — פֿאַרשטייען קיין רוסיש נישט. זיי קענען נאָר דריי ווערטער:

— דאַ זדראַסטוויעט, אורררראַאַאַ!...

זענען די ביאַליסטאָקער אויפֿגערעגט. זענען זיי בייז און זיי וואָרטשען:

— מען וואָלט געקענט לעבן, ווען נישט די פּליטים!

— אַז אומעטום זענען זיי פֿול!

— אָנגעמאַכט אָטשערעדן, אַ יקרות, אַן אויסכאַפּעניש אויף אַלץ!
— אַז מען קען גאָר די גאַס נישט אַדורכגיין פון ענגשאַפט!
— וואָס ראַמט מען זיי נישט אָפּ פון דאַנען?
— פאַרוואָס צעשיקט מען זיי נישט ערגעץ אַנדערש?
— מ׳עט זיי אָפּרייניקן... מ׳עט זיי אַוועקשיקן... שוין נישט לאַנג...
— יאָ, איך האָב שוין אויך אַזוי געהערט...

*****

און ווידער זענען ביי רוזשעלען אין שטוב געווען זאָרגלאָזע טעג און פריילעכע אָוונטן. דער „דיעוויאַטי וואַל" איז איצט אָנגעגאַנגען אימ־פּעטדיקער, מיט מער ברען און האַזאַרד. צו הונדערט רובל אויף איין קאָרט האָט מען געשטעלט. יעדע נאַכט פלעגן אייניקע אַוועקגיין פון טיש געוווּנענע, אָדער פאַרשפּילטע אויף שיינע טויזנטער. רוזשעלעס בופעט איז געשטאַנען אָפן, צו אַלעמענס דיספּאָזיציע. ווער וואָס עס האָט גע־וואָלט, האָט זיך אָנגעגאָסן: ליקער, קאָניאַק, ווייַן און שאַמפּאַניער. קליאָשן מיט פּרוכטן, זיסוואַרג, קיכעלעך, טאָרטן און בוטערבראָטן מכל המינים. אַ גרויסער סאַמאָוואַר האָט כסדר געזאָטן. ווער עס האָט געוואָלט טיי, דער האָט זיך אַליין גענומען. מען האָט געגעסן, געטרונקען, געררויכערט און געשפּילט. וויצן האָבן זיך געשאָטן שמאַלציקע, געזאַלצן און געפעפּערטע. אַנעקדאָטן פּילדייטיקע, פּרעכע, לידלעך פאָרנאָגראַפישע. די פרויען האָבן זיך גערויטלט און הנאהדיק מיטגעלאַכט. בלויז קאָקעטיש צוגעוואָרפן אַן:

— איי, מענער, וואָס איר זענט!...

מיט אַ בליק, מיט אַ ווונק, מיט אַ שמייכעלע, וואָס האָט זיך געבעטן: „גוט אַזוי... דערלאַנג נאָך..."

צווישן איין „באַנק" און אַנדערן בלויז, האָט מען געכאַפּט אַ שמועס וועגן פּאָליטיק. מיינונגען זענען דאָ פאַרשידענע, נאָר צו אַמפּערן זיך איז נישטאָ קיין צייט. די פרויען ווילן נישט קיין פּאָליטיק, און די פאַר־שפּילטע יאָגן, זיי ווילן „זיך אָפּכאַפּן"...

אויך זינאַ איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער קאָרטן־שפּיל.

צום ערשט האָט עס רוזשעלע געטון בכיוון:

— מען מוז זי אַרויסשלעפּן פון דער מרה שחורה! זי מוז זיך צע־שטרייען און פאַרגעסן...

דעם ערשטן אָוונט איז עס איר נישט געגאַנגען, זינען. זי האָט פאַרשפּילט אַ סך געלט. אָבער רוזשעלע, וועלכע האָט די באַנק געהאַלטן, האָט איר דאָס געלט אומגעקערט:

— נעם צו, מאַך זיך נישט נאַריש... דו ביסט דאָך נאָך אַ יאָלדוווקע און איך דאַרף נישט אויסנאַרן ביי דיר קיין געלט... אַז דו וועסט זיך אויסלערנען, איז עפּעס אַנדערש... נאַ, נעם און שפּיל ווייטער, אויף מיין מזל...

שפּעטער האָט שוין זינאַ איבערגעשטיגן אַלעמען, סיי מיטן האַזאַרד און סיי מיטן מזל. זי האָט שוין דווקא געשפּילט אויף איר אייגן געלט און אויף איר אייגן מזל...

ווי זי האָט נאָר דערפּילט דעם טעם פון קאָרטן, אַזוי איז זי אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם האַזאַרד און זיך שוין נישט געקענט מער האַמעווען, ווי אַ שכור, אָדער ווי אַ מאָרפיניסט.

אין אָנפאַנג האָט זי אַליין געזוכט עפּעס, אָן וואָס זיך אָנצוכאַפּן, ווי אַ זיך־טרינקענדיקער זוכט אַ רעטונגס־ברעט. נאָכן נישט געלונגענעם זעלבסטמאָרד־פּרווו האָט זי זיך דערשראָקן פאַר זיך אַליין, פאַר דער פּוסטקייט פון איר לעבן און פאַרן שגעון וואָס אין איר קאָפּ. עסטושיעס גרויליק געוויין, ווען מען האָט זי, זינען, פון טיש אַראָפּגענומען, האָט זי אינגאַנצן צעטרייסלט. זי האָט איצט פאַרשטאַנען וואָס דאָס הייסט, איבערלאָזן עסטושיען עלנט און אומבאַהאָלפן אויף דער קדחתדיקער וועלט. זי קען זיך נישט שענקען פאַר איר לייכטזיניקייט און פאַרן משוגעת, וואָס זי האָט שיער אָפּגעטון. און אַזוי ווי עס האָט זי, ביז איצט, געצויגן צו זעלבסטמאָרד, אַזוי האָט זי איצט מורא געקראָגן דערפאַר און פיינט געקראָגן דעם טויט. זי האָט, אָבער געפילט, אַז זי קען זיך אַליין נישט געטרויען. אַז זי איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די שטימונגען, וואָס קענען זי באַפאַלן נאָך אַ שלאָפלאָזער און נאָך אַ קאָשמאַרנער נאַכט! — האָט זי געזוכט זיך צו ראַטעווען. ראַטעווען זיך פון זיך אַליין. האָט זי געפּאָלגט רוזשעלען, געפּרווט אַ שפּיל טון. און דער קאָרטן־האַזאַרד איז געוואָרן פאַר איר די בעסטע רפואה...

איצט קליאַמערט זי זיך אָן די קאָרטן ווי אָן לעבן גופא.

און אַזוי ווי רוזשעלע האָט זיך אָפּגעקליבן איר מזלדיקן וואַליעט רויט... און אַזוי ווי טאַנצמייסטער גארזשעלטשיק האָט זיך פאַרלייגט נאָר אויף זיין שוואַרץ־חנעוודיקער דאַמע פּיק... — אַזוי האָט זיך זינאַ אויך

אָפּגעקליבן אירע מזל־קאָרטן. אירע קאָרטן זענען „שפּיצן אייכל״, אויף וועלכע זי שטעלט וואָס אַמאָל אַלץ גרעסערע סומען. פאַרוואָס שפּיצן אייכל דווקא? — זינאַ האָט אַ פאַרוואָס: די שפּיצן אייכל זעען איר אויס ווי צלמים און דערמאָנען אָן קברים, אָן בית־עולמס. איר איז אייגן דאָס בילד פון די צלמימדיקע קאָרטן. מיט אַ בית־עולם־שטימונג איז זי דאָך געקומען צום קאָרטן־טיש און מיט קבר לעבט זי דאָך כסדר...

אָבער די צלמימדיקע בית־עולמס האָבן איר געבראַכט געווינסן. גרויסע סומען. האָט זי שוין שפּעטער פאַרגעסן, צוליב וואָס זי שפּילט אויף „שפּיצן אייכל״. זי האָט נאָר געוווסט, אַז דאָס איז איר קאָרט און אפילו פריידיק זיך צעשריגן, ווען אַ „שפּיץ אייכל״ איז אַרויסגעקומען אין ניינטן וואַל... זי האָט „צעשאָסן״ די באַנק און צוגענומען די גאַנצע סומע...

עסטושיען לייגט זי פרי שלאָפן אין צווייטן צימער. אַליין האָט זי אָנגעהויבן טרינקען קאָניאַק און אַ שאַמפּאַניער. אָנגעפּאַנגען צו רויכערן און וואָס אַמאָל — מער און מער. איצט לאָזט זי דעם פּאַפּיראָס נישט אַרויס פון מויל, זויגט ליידנשאַפטלעך, פאַרציט טיף דעם רויך און האַ־זאַרדירט זיך. די באַקן האָבן באַקומען פלאַמען. די אויגן — בליצן. זי לאַכט שוין הויך, ווי אַלע פרויען, און ווי אַלע פרויען, וויל זי נישט וויסן, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך, אין וואָס פאַר אַ צייט זי לעבט און וואָס דער מאָרגן קען ברענגען.

איין זאַך אינטערעסירט זי איצט:

— שפּיצן אייכל מיט טונקעלע צענטעלעך. פאַרן צענטעלע אייכל, עקסטראַ אַ הונדערטער!...

***

אין יענע טעג איז פּלוצלינג פאַרלאָשן געוואָרן דער שמייכל אויף די בלייכע געזיכטער פון די פּליטים. ווידער זענען זיי אַרומגעלאָפן מיט ברייט־צעפּראַלטע פּחדפולע אויגן און צעטומלט געפרעגט איינער ביים אַנדערן:

— איז וואָס־זשע טוט מען?

— איז ווי ראַט איר?

גאַנצע נעכט איז מען געלעגן שלאָפלאָזע אויף די געלעגערס און געפּרעגלט די געהירן אויפן פייער פון פאַרצווייפלונג:

„יאָ זיך רעגיסטרירן, צי נישט?"

„נעמען אַ פּאַס, אָדער נישט נעמען?"

„שפּרינגען אין וואַסער, צי שפּרינגען אין פייער?"

„אַ פּאַס איז אויף פינף יאָר. ווערן אַ סאָוויעטישער בירגער, הייסט אָפּגעשניטן ווערן לעולם ועד פון דער היים, פון ווייב און קינד! נישט נעמען קיין פּאַס, הייסט פאַרשיקט ווערן צו אַלדי שוואַרצע יאָר, ערגעץ הינטער די הרי־חושך און ווידער נישט זען מער די היים, דאָס ווייב און קינד! — — —"

ווען די רעגיסטראַציע האָט זיך אָנגעהויבן, האָט מען נאָך געגוי נישט געוווּסט, צו וואָס דאָס צילט. אַ טייל האָט געהאַפּט, אַז דאָס איז אין שייכות מיטן גאַנץ מאַכן די צעריסענע משפּחות, מיטן אַריבערברענגען זיי פון וואַרשע ווייב און קינד. אַזוי האָבן אויך געזאָגט די באַאַמטע. איז טאַקע ביי די רעגיסטריר־טישן געשטאַנען אַ לאַנגע ריי און מען האָט זיך געריסן צו זיין פון די ערשטע... אַ גרעסערער טייל אָבער האָט קיין גוטס נישט פאָרגעפילט און כסדר אָפּגעלייגט אויף שפּעטער דאָס רעגיסטרירן זיך.

די נאַטשאַלניקעס האָבן אויך געזאָגט, אַז עס איז אַ פרייער אויס־וואַל. ווער עס וויל בלייבן דאָ, דער קען נעמען אַ פינף־יעריקן סאָוויע־טישן פּאַס, ווערן אַ נאָרמאַלער בירגער און זיצן דאָ. דאַקעגן, ווער עס וויל צוריקפאָרן צום דייטש, דער קען זיך רואיק רעגיסטרירן און מען וועט אים צוריקשיקן מיט אַ ספּעציעלן עשעלאָן. ראַטנפאַרבאַנד און דייטשלאַנד מאַכן אַן אויסטויש פון בירגער.

שפּעטער האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז נאָרמאַלע פּעסער קריגן נאָר ביאַליסטאָקער איינוווינער. דאַקעגן די פּליטים באַקומען פּעסער מיט אַ פאַרברעכער־פּאַראַגראַף, מיט אַ נומער 11. ביים אַרויסגעבן די פּעסער מיט די „עלפטלעך" באַקומען די פּליטים גלייכצייטיק אַ מינד־לעכע און שריפטלעכע פאַראָרדענונג:

„אין משך פון 24 שעה פאַרלאָזן ביאַליסטאָק!"

„וווהין?"

„וווהין איר ווילט! איר האָט אַ רעכט צו וווינען נאָר אין דערפער און פּראָווינץ־שטעטלעך, נישט נענטער ווי הונדערט און פופציק קילאָ־מעטער פון דער גרענעץ!"

— וואָס וועלן מיר טון אין אַ דאָרף?

— פון וואָס וועלן מיר דאָרטן לעבן?

— איך פאַרליר דאָך דעם קאָנטאַקט מיט מיין משפּחה! איך האָף דאָך זיי אַריבערצובריינגען!

— און פון דאַנען קען מען נאָך אַריבערשיקן אַ שפּייז־פּעקל. איך דערהאַלט דאָך זיי דערמיט ביים לעבן!

— ס׳וואָלט שוין גלייכער געווען, ווען איך רעגיסטריר זיך אויף צוריק. זאָל זיין צום דייטש, אַן ענדע זאָל עס נעמען! וואָלט איך געוווּסט, אַז איך בין צוזאַמען מיט מייניקע און כ׳וואָלט אויפגעהערט צו קלערן!

און די, וועלכע האָבן זיך רעגיסטרירט אויף צוריק, האָט מען טאַקע אַריינגעזעצט אין עשעלאָנען. איין עשעלאָן איז טאַקע אַריבער די גרענעץ קיין דייטשלאַנד. אָבער די איבעריקע — זענען אַוועק אין אַנדערע ריכטונגען...

— איז וואָס טוט מען, מענטשן?

— גיט אַן עצה!

ווי פאַרסמטע מייז איז מען אַרומגעלאָפן. גאַנץ ביאַליסטאָק האָט געפיבערט אין איין בהלה. אפילו די ביאַליסטאָקער אַליין זענען אומרואיק געוואָרן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען הויבט אָן מיט די פּליטים און ענדיקן קען מען מיט זיי. די געפאַר איז, מיט יעדן טאָג, געוואָרן נענטער, שרעקלעכער, גרויזאַמער! מען האָט שוין מער נישט געפרעגט מיט די מיילער, נאָר מיט די אויגן. די אויגן האָבן געגליט, ווי ביי הויכע טעמפּעראַטורן. עס האָט אויסגעזען, ווי אַ מבול דאַרף זיך דאָ באַלד אַראָפּלאָזן אויף דער שטאָט און קיין רעטונג איז נישטאָ.

און אַז איינער האָט נישט געקראָגן קיין ענטפער ביים אַנדערן און ביי זיך אַליין, האָט ער געזוכט אַן ענטפער ביים ראַדיאָ. אפשר וועט פון דאָרטן קומען אַ גוטע בשורה, אַ נס?... דער ראַדיאָ האָט אָבער גערעדט וועגן פרייהייט און גערעכטיקייט, וועגן סאָציאַלן יושר, וועגן די פרייהייט־ליבנדע פעלקער פון ראַטנפאַרבאַנד און זייערע דערגרייכונגען, וועגן דעם פעלקער־פירער, פריינט, לערער, נביא, חבר און פאָטער. און וועגן דעם, ווי הייליק עס איז דער מענטש! דאָס טייערסטע אויף דער וועלט איז דער מענטש!...

און דער מענטש, אין ביאַליסטאָק, האָט שוין צעשמאָלצענע געהירן. ער קען זיך נישט באַשליסן: נישט אַהער און נישט אַהין. באַשליסט ער: זיך נישט צו באַשליסן!

— לאָמיר זען, וואָס עס וועט געשען, אָן אַ באַשלוס!

— אַלנפאַלס, וואָס עס זאָל נאָר נישט געשען, וועל איך זיך אַליין שפּעטער נישט קענען פאָרוואַרפן, אַז איך האָב זיך אַליין גענומען די צרה אויף מיין קאָפּ...

— איך קען שוין גאָרנישט אויסטראַכטן! דער קאָפּ אַרבעט נישט מער!

און ווידער האָבן זיך פאַרצווייפלטע גרופּן אַ לאָז געטון צו די גרענ־נעצן, וועלכע זענען שוין איצט געווען שטרענגער געהיט און הערמעטיש פאַרמאַכט. אַ סך זענען געלאָפן קיין ווילנע, וועלכע האָט שוין איצט געהייסן ווילניוס און „געהערט״ צו די ליטווינער. קלאַנגען האָבן זיך דאָ פאַרשפּרייט, אַז אין ליטע זיצן אויסלענדישע קאָנסולן און טיילן וויזעס יעדן, ווער עס שטרעקט נאָר אויס די האַנט... מען פאָרט פון דאָרטן קיין יאַפּאַן, קיין אַמעריקע, קיין ארץ־ישראל!... אין ליטע אַרבעט נאָך דער „דזשוינט״, מען קריגט שטיצע און אפילו אויף שיפסקאַרטן!...

אָבער די גרענעץ־שמוגלער הייסן זיך פאַרן אַריבערפירן אָנשיטן זעק מיט גאָלד! דאָס קענען זיך נאָר דערלויבן גבירים. ביאַליסטאָקער פאָרן טאַקע. אָבער קיין גאַראַנטיע גיבן זיי נישט, די גרענעץ־שמוגלער, און עס איז גאָר נישט זיכער.

וואָס די פּליטים קענען יאָ טון, איז: נישט שלאָפן „אינדערהיים״, ביי זיך אויפן געלעגער. שלאָפט טאַקע איינער ביים אַנדערן און מען ווייסט, אַז עס איז אין ערגעץ נישט זיכער. מען שלאָפט אויף בוידעמער און אין קעלערן, אין קראָמען, אין סקלאַדן, אין שטאַלן. און אַז מען איז שוין צעבראָכן און מיד פון אויסבאַהאַלטן זיך, קומט מען צוריק „צו זיך״ אין שטוב אַריין, כאַפּן אַ שלאָף אויפן „אייגענעם״ בעט. מען איז שוין מיד פון אָפּוואַרטן דאָס, וואָס עס דאַרף געשען, איז זאָל עס שוין געשען, וואָס שנעלער! אַן ענדע זאָל עס נעמען!

זינאַ האָט דעם גאַנצן ענין אויפגענומען גלייכגילטיק, אָן דער מינד־סטער אויפרעגונג.

רוזשעלע און אַלע שטוביקע האָבן זיך מער אויפגערעגט פאַר איר.

— איז וואָס באַשליסטו, זינאַ?

— גאָרנישט... איך באַשליס דען?... די וועלט קייקלט זיך באַרג־אַראָפּ און איך, מיט איר... עמיץ האָט שוין מיין גורל געחתמעט...

— אָבער היינט איז דאָך דער לעצטער טאָג פון רעגיסטראַציע. נעמ־סטו אַ פּאַס?

— איך רעגיסטריר זיך נישט און נעם גאָרנישט. מיר איז שוין אַלץ איינס, וואָס מיט מיר וועט געשען. איך האָב שוין נישט קיין כוח נאָכאַמאָל צו באַגיין זעלבסטמאָרד. איז זאָל עס גיין, ווי עס גייט...

אַלע זענען געשטאַנען אַרום איר מיט באַדויערנדיקע בליקן, מיט מינעס פון מיטשולדיקע אין איר גורל. ווי עפּעס וואָלט זיך דאָ געווענדט אָן זיי און זיי האָבן עס פאַרנאַכלעסיקט...

זינאַ, דאַקעגן, האָט אויסגעטרונקען אַ קאָניאַק, פאַררויכערט אַ פּאַ־פּיראָס און איבערגעריסן דאָס שטילשווייגן:

— איז וואָס איז מיט אַ „דיעוויאַטי־וואַל"?... ביז וואָס־ווען, וויל איך גאָרנישט טראַכטן! איינס איז וויכטיק: שפּיצן אייכל!...

— גערעכט, ווי איך בין אַ ייד!...

— זינאַ, איר זענט אַ מאַלאַטשינאַ!... אַ גערויאיניע!... כ'שטאָלציר מיט אייך!

— אַ חכמת! אַ חכמה!

— אַז היינט קען מען גאָר קיין חכם נישט זיין!

— די וועלט פאַלט אין אַן אָפּגרונט אַראָפּ און גיי, זיי אַ נביא און זע פאָראויס, צי זי וועט פאַלן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, אָדער גאָר פאַרקערט!...

— אַ נייע מעשה!... הערט נאָר אַ פילאָזאָפיע: די וועלט האָט אַ קאָפּ און די וועלט האָט פּיס!...

— מילא די פיס בין איך אייך מוחל... ס'איז אַן אַלטע וועלט מיט אַ פּאָר אַלטע פיס... נאָר ווו האָט איר געזען, אַז אונדזער וועלט האָט אַ קאָפּ?... וואָלט זי געהאַט אַ קאָפּ, וואָלט זי דאָך געהאַט שכל!... וואָלטן מיר דאָך אַנדערש אויסגעזען!...

— טאָ לאָמיר טאַקע זען, ווי מיר זעען אויס מיט די קאָרטן...

— ווער האַלט די באַנק? פּאַניע קאָוואַלסקי, דאַכט זיך, אַז איר?

— יאָ, דער באַנקיר בין איך!...

— זינאַ, שפּיצן אייכל...

— אַבי איר ווייסט... מיט די טונקעלע זיבעלעך און מיטן זיבעלע...

— איך האָב מורא, אַז דאָס מאָל וועט דאָס זיבעלע מאַפּלען...

— נישטאָ וואָס מורא צו האָבן...

די שפּיצן אייכל זענען כסדר אַרויסגעקומען. דאָס בערגעלע געלט נעבן זינען איז געוואַקסן. אירע באַקן האָבן קרענקלעך געפלאַמט און די אויגן האָבן שכורלעך שעמערירט...

***

און דאָך איז עס געקומען אומדערוואַרט.

עס איז געווען אין די טעג, ווען דער לאָנדאָנער ראַדיאָ האָט כסדר געמאָלדן און געוואָרנט: דער דייטש האַלט ביים אָנגרייפן רוסלאַנד! היט־לער וואַרפט אַריבער צענדליקער דיוויזיעס אויף מזרח! זיבעציק דיווי־זיעס שטייען שוין לענגאויס דער סאָוויעטישער גרענעץ, גרייט אָנצו־פאַלן. אַ ליאַדע טאָג ברעכט עס אויס אַ מלחמה צווישן די „סאָיוזניקעס"!...

געשעענישן האָבן געיאָגט איינע די אַנדערע. אין ידיעה איז פאַר־לאָפן דעם וועג דער צווייטער. קלאַנגען זענען זיך סותר געווען און צום סוף — נאָך מער פאַרשאַרפט און פאַרשפּיצט געוואָרן.

זענען פּליטים גאָר געוואָרן האָפערדיקער:

— איז ווו וועלן זיי איצט האָבן קאָפּ צו אונדז?...

— זיי וועלן איצט האָבן מיט זיך צו טון!...

— יאָ פּאַספּאָרטן, נישט פּאַספּאָרטן, אַז די מלחמה הענגט אויפן שפּיץ נאָז!...

— אַ גדולה האָט אייך באַטראַסקעט! פרייען זיך מיט דער מלחמה... איר ווייסט שוין זיכער, וואָס עס איז פאַר אייך בעסער?

— אויך גערעכט! אַ מלחמה איז זיכער נישט גוט! יידן, אַ מלחמה טויג נישט!

— נו גוט, וועלן מיר נישט מלחמה האַלטן... זאָל פּאַסטן, אַז עס ווענדט זיך עפּעס אָן אונדז...

— עס וועדנט זיך טאַקע נישט אָן אייך, נאָר איר פרייט זיך!... עס האַלט ביי אַ שרפה און איר נעמט נקמה אָן די וואַנצן!...

— איר האָט שוין פאַרגעסן די באָמבאַרדירונג אין וואַרשע... אויף קאַשע קענען מיר דאָ צעריבן ווערן!

— און אַז דער דייטש וועט אַריין אַהער...

— גייט שוין! מאַכט זיך נישט צום נאַר, וועט מען נישט לאַכן פון אייך!... דער דייטש וועט אַריינגיין אַהער, הערסטו גאָר... ס'איז ראַטנ־

פאַרבאַנד, חבר לעבן!... דאָ וועט היטלער, ימח שמו, נישט מאַכן קיין בליץ־קריג!... עס איז נישט פוילן, ווו ער האָט זיך דורכגעשפּאַצירט מיט פּאַראַד... פּאָניע קען מיט די היטלען בלויז פּאַרוואַרפן גאַנץ בערלין!... קוקט נאָר אָן די כּלים!... זעט, וואָס זיי פאַרמאָגן... די טאַנקען, די האַר־מאַטן, ריזן!... און די באָמבאַרדיר־אַעראָפּלאַנען, דעם לופט־פּלאַט!... סטאַ־לינישע אָדלערס זענען דאָס! אין אַ צוויי־דריי טעג רייניקן זיי אָפּ פוילן און צעשמעטערן דעם דייטש!...

— וואָאָאָס דען?... מיט פינלאַנד האָט מען זיך געמאַטערט אַ ווינטער און מיטן דייטש וועט מען פערטיק ווערן אין דריי טעג... נאַאיווע מענטשן!...

— זייט נישט קיין אַנטיסעמיט!... לאָזט אַ ביסל פאַנטאַזירן... יידן ווילן זיך אַ ביסעלע נאַרן, איינרעדן זיך... זיסע חלומות... לאָזט באַקומען...

— טאַקע אַזוי! פינצטער און ביטער איז אונדז סיי־ווי. לאָמיר זיך כאָטש טרייסטן, אַז דער דייטש וועט במשך פון דריי טעג איינגעמען אַ מיתה משונה און מיר וועלן זיך אומקערן אַהיים, צו ווייב און קינד!...

— גאָלדענע ווערטער!

— נו, גוט, טרייסט זיך... טרייסט זיך!...

— איז לאָמיר טאַקע זיין געטרייסט, יידן! געציילטע טעג און מיר וועלן געהאָלפן ווערן!... עס קען געשען אַ גרויסער נס!...

— לאָמיר הערן, וואָס עס זאָגט דער ראַדיאָ...

— קומט ערגעץ הערן ראַדיאָ...

קיין ראַדיאָ־אַפּאַראַטן האָט מען אין ערגעץ נישט אַרויסגעזען. יעדעס ראַדיאָ־קעסטעלע איז געווען באַלייגט און באַשאָטן מיט קעפּ, אַקסלען און פּלייצעס. די קורצע ראַדיאָ־וועלן זענען האַסטיק און הילכיק אָנגע־קומען און באַלד צוריקגעלאָפן, שטילער, געדעמפּטער געוואָרן, ביזן זשו־מען פון אַ פליג... עפּעס האָט אַרויסגעגרילצט, עפּעס האָט אַרויסגעפּיפּן. האָט מען געזשמורעט די אויגן, געשריען „שאַט! שטילער!!! לאָזט הערן!!!" און שטאַרקער געדריקט די קעפּ צום קעסטעלע...

און פונדעסטוועגן האָט מען אויפגעכאַפּט גאַנצע זאַצן און שפּעטער עס איבערגעחזרט הויך, פאַר אַלע.

דער לאָנדאָנער ספּיקער האָט איצט, מיט יעדער שעה, פאַרגרעסערט די צאָל דייטשע דיוויזיעס, געוואָרפענע אויף דער סאָוויעטישער גרענעץ,

און כסדר פאַרקירצט דעם טערמין פון דייטשן אָנפאַל אויפן ראָטנפאַר־באַנד!...

— שטעלט־אָן מאָסקווע... טשיקאַווע, וואָס זאָגט מאָסקווע?...

האָט מען איבערגעדרייט דאָס קנעפּעלע, געזוכט מאָסקווע און תיכּף געפונען. מאָסקווע האָט אַ הילך געטון מיט אַן אוקראַאינישן פאָלקס־כאָר, מיט פויערישע לידער... און נאָכדעם, איז געלייענט געוואָרן אַ לאַנגע ביאָגראַפיע פון אַ סטאַכאַנאָווקע אין אַ קאָלכאָז, וועלכע האָט אויסגע־מאָלקן אַ קו אויף צוויי הונדערט פּראָצענט!...

— וואָס טוט זיך דאָ, יידן?

— לאָנדאָן וואַרפט אַהער צענדליקער דייטשע דיוויזיעס... יעדע מי־נוט קען זיך אָנצינדן די באָד מיט די בעזימלעך... ווערן אַ בלוט־באָד! און מאָסקווע מעלקט קי אויף צוויי הונדערט פּראָצענט!...

— דאַכט זיך, מען ליגט אויפן אָפּעראַציע־טיש, באַלד וועט מען דיר שניידן דעם בויך און אַרויסנעמען די בלינדע קישקע, פאַרנעמסטו זיך גאָר מיט אַ פרישטשיק אויפן נאָז, אָדער מיט מאָזאָליעס אויף די פיס!...

— מיין קאָפּ באַנעמט עס נישט!

סיידן עס איז נישט מער, ווי אַ פּראָוואָקאַציע...

— וואָס דען? מיר הערן דעם לאָנדאָנער ראַדיאָ און דער קרעמל הערט נישט?

— וואָס דער דייטש גרייט, ווייסט מאָסקווע נישט ערגער פאַר לאָנדאָן!...

— לאָמיר אַרויס אין גאַס! לאָמיר זען וואָס עס טוט זיך אין גאַס... אפשר וועט מען עפּעס הערן פון זייערע...

און אין גאַס טוט זיך דאָס זעלבע, וואָס אַלע טאָג: ראָטעס רויט־אַרמייער גייען אין באָד אַריין און צוריק פון באָד, מיט געזאַנג... טעאַטערן און קינאָס שפּילן נאָרמאַל. קאָמאַנדירן זיצן מיט ביאַליסטאָקער מיידלעך אין די קאַפעען און רעסטאָראַנען און באַשטעלן זיך צו טוצן שניצלען, מאַראָזשענאָיע און ביר...

מען פרעגט זיי וועגן די לאָנדאָנער ידיעות, וועגן די דייטשע הכנות אויף דער סאָוויעטישער גרענעץ, וועגן דער דראָענדיקער נאָענטער גע־פאַר.

ענטפערן זיי:

— פוסטיאַקי!... די קאַפּיטאַליסטיש־פאַשיסטישע גרויסמאַכטן ווילן עס אָנרייצן די סאָיוזניקעס איינעם אויפן אַנדערן... זיי העצן, עס זאָל אויסברעכן צווישן אונדז אַ קריג... אַני אַשיבאַיוטסיאַ... די פּריינטשאַפט פון דייטשלאַנד און מעכטיקן ראַטנפאַרבאַנד איז אַ פעסטע און אַ דויער־האַפטע!...

— הייסט עס, אַז לאָנדאָן זויגט עס אויס פון פינגער?...

— קאַניעטשנאָ!... עס האַלט נישט דערביי... און אפילו ווען יאָ, זע־נען מיר מאָרגן אין בערלין!...

אַ געמיטלעכקייט און אַ רואיקייט איז אויסגעגאָסן אויף זייערע גע־זיכטער, ווי קיין שום געפאַר איז נישטאָ און וועט קיינמאָל נישט זיין!...

— אָפּיציאַנט! יעשטשאָ שעסט׳ קרושקי פּיוואַ!

די פּליטים האָבן פונדעסטוועגן נישט געגלויבט דער געמיטלעכער רואיקייט און זעלבסט־זיכערקייט. זיי האָבן גיכער געגלויבט דעם לאָנ־דאָנער ספּיקער.

עס האָבן זיך שוין געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן געזען צענדליקער ליידיקע עשעלאָנען אויף דער טאָוואַרנער סטאַציע און הונדערטער קאָנ־צענטרירטע לאַסט־אויטאָס הינטער דער שטאָט. מסתמא האָט מען דאָס געבראַכט פאַרשטאַרקונג צו דער גרענעץ... מסתמא וואַרפט מען אויך אַריבער צענדליקער דיוויזיעס אַנטקעגן דעם דייטש. מען מאַכט עס אָבער שטיל, געהיים, אַז אין שטאָט זאָל קיין פּאַניק נישט ווערן...

נאָר ניין, רוסלאַנד האָט טאַקע, אין יענע טעג, געמאָלקן די קי אויף צוויי הונדערט פּראָצענט און קיין פאַרשטאַרקונג, קיין דיוויזיעס צו דער גרענעץ נישט געוואָרפן.

די צענדליקע עשעלאָנען און הונדערטער אויטאָס האָבן קיינעם נישט געבראַכט. זיי זענען געקומען נעמען. און צו־שפּעט האָבן זיך די פּליטים אַרומגעזען, אַז דאָס מיינט מען טאַקע זיי...

בלויז רוזשעלע האָט זיך עס דערוווסט, מיט אַ טאָג פריער. אַ יאַט פון אירע יאַטן פון די כאַנייקעס, מיט אַ ביקס און מיליציאָנערן־באַנד אויפן אָרעם, איז אַרויפגעקומען און פאַרטרויט איר דעם סוד:

— די צענדליקער עשעלאָנען און הונדערטער גרוזעוויקעס, וואָס שטייען, וואַרטן אויף אָפּצוריניקן פון דאַנען די פּליטים!...

— ווייסט עס באַשטימט?

— באַשטימט! נאָר עס איז אַ סוד!
— וווהין וועט מען זיי פירן?
— צו די ווייסע בערן!...
— צו גבריאלן?
— אָדער נאָך ווייטער.
— ווען דאַרף עס געשען?
— עס קען זיין, אַז עס וועט זיך אָנהויבן נאָך היינט ביינאַכט! זאָגט אייער שכנה מיט איר טאָכטער, אַז זיי זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן עטלעכע טעג, ביז עס וועט שטיל ווערן.

קאַפּיטל 9

## דאַ סווידאַניאַ גאַראַדאַ אי כאַטי...

די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך האַלבער נאַכט.

דער מאָטאָרן־געוויש פון הונדערטער לאַסט־אויטאָס האָט צעקלונגען די פענצטער־שויבן און צעציטערט די ווענט פון דער שלאָפנדיקער שטאָט. די גאַסן האָבן זיך צעהילכט און די הייזער האָבן זיך צעוויגט, ווי זיי וואָלטן אַליין געגאַנגען אויף רעדער. באַלד האָט זיך אויך דער־הערט אַ טראַסקען אין טירן און באַפעלנדיקע אויסגעשרייען:

— אַטקרויטיע!
— סקאַרעי!
— אַדיעוואַיטיעס!
— ביסטראָ! ביסטראָ!

אַ סיבירער פראָסט איז אַדורך די לייבער פון די וואַרשעווער פּליטים, אין דער ביאַליסטאָקער פרילינגס־נאַכט.

זיי זענען איצט אַרומגעלאָפן אין די אונטער־וועש, געזוכט אַ גרוב, ווו אַריינצושפּרינגען, אַ נאָרע ווו אַריינצוקריכן און אויסצובאַהאַלטן זיך.

דער פלוצלינגדיקער איבערפאַל אינמיטן דער נאַכט, וואָס האָט זיי פון די בעטן אַרויסגעוואָרפן, האָט די פּאַניק געדיכטער און גרויליקער געמאַכט. און פון די צעטומלטע, נאָך פאַרשלאָפענע מוחות, איז די לאָגיק און דער שכל אָפּגענומען געוואָרן.

מען איז געקראָכן אויף שאַפעס, אין שופלאָדן אַריין, אין פּאַרסאַדזע־

טע אויוונס, אויף בוידעמער און אין קעלערן. אויף די הויפן, אין די שטאַלן, אין מיסטקאַסטנס און קלאָזעטן. געלעגן ווי פאַרפאַלגטע חיות און געציטערט פון קעלט און פון שרעק. אַנדערע האָבן פענצטער אויפגעפּראַלט, געוואָלט פון די שטאָקן שפּרינגען. אָבער באַלד האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז עס איז נישטאָ קיין אַנטרינונג: די גאַסן זענען אָפּגעשניטן, אַרומגעצוימט מיט געדיכטע קאָרדאָנען זעלנער און אויטאָס. אַ וואַלד פון באַגנעטן און מאַשין־געווער.

זינאַ איז די נאַכט נישט געשלאָפן.

זי איז געשטאַנען אין איר צימער, ביים אָפענעם פענצטער, מיט די עלנבויגנס אויפן פאַראַפּעט אָנגעשפּאַרט און רואיק אָפּגעוואַרט איר גורל. זי האָט שוין פון פריער געוווסט, אַז די נאַכט דאַרף עס געשען. רוזשעלע האָט איר באַצייטנס צו וויסן געטון, געוואָרנט און געבעטן זיך, אַז זי זאָל זיך אויסבאַהאַלטן ערגעץ. נאָר אַן עקשנטע איז זי, די זינאַ: „ניין!" און „ניין!":

— פון אייגענעם גורל אַנטלויפט מען נישט. און פון דעם, וואָס עס איז באַשערט, קען מען זיך נישט אויסבאַהאַלטן!

— אָבער ווער קריכט עס דעם וואָלף אין פּיסק אַריין?!

— איך בין סיי־ווי אין פּיסק... צי אונטערן צונג, צי אויפן צונג, איז שוין נישט קיין אונטערשיד... ווען איך וועל זיין צווישן די ציין, וועל איך וויסן, אַז איך בין אַ פּאַרטיקע...

— וויצלסט זיך?...

— נו, טאַקע אַזוי: צי פריער, צי שפּעטער, וועלן זיי דאָך מיך כאַפּן. זיי וועלן אונדז געפינען פאַרשטעקטערהייט, מיט חרפּה, און סיי־ווי פאַרשיקן... איז זאָל שוין זיין פריער, איידער שפּעטער!...

— ניין! קיינער גיט זיך אַליין נישט איבער דעם טייוול אין די הענט אַריין!

— און אפשר איז גאָר דער טייוול נישט אַזוי שוואַרץ, ווי מען מאָלט אים?... אין פאַרשיקונג לעבן דאָך אויך מענטשן! אַזעלכע זינדיקע, ווי איך... מיט וואָס־זשע בין איך עס בעסער פון זיי?...

און עס האָבן נישט געהאָלפן קיינעמס בעטן און קיינעמס עצות. עסטושיען האָט זינאַ פרי געלייגט שלאָפן. זי צוגעגרייט צו דעם, וואָס קען עווענטועל געשען, כדי זי זאָל זיך נישט דערשרעקן, ווען מען וועט זי וועקן אינמיטן דער נאַכט.

— שלאָף זיך היינט גוט אויס, עסטושיענקאַ, ווייל עס קען זיין, אַז מיר וועלן דאַרפן פאַרטאָג, אָדער אינמיטן נאַכט אַוועקפאָרן...

— וווהין, מאַמאַ? פאַרוואָס אַזוי פּלוצלינג? האָסט דאָך מיר גאָרנישט געזאָגט?—האָט עסטושיאַ אַנגעשטעלט אויף איר אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אייגעלעך.

— איך האָב דיר ביז איצט נישט געזאָגט, ווייל איך בין נישט זיכער געווען אין דעם... איך ווייס נאָך נישט, וווהין מיר וועלן פאָרן. אָבער דאָ וויל מען אונדז נישט האָבן... עס איז דאָ צו ענג... צופיל מענטשן אין ביאַליסטאָק, דו פאַרשטייסט?... וועט מען אונדז שיקן ערגעץ אַנדערש... מסתמא טיפער קיין רוסלאַנד...

— מאַמאַ, מען זאָגט דאָך, אַז דאָרטן זענען דאָ ווייסע בערן! איך האָב מורא אַהין צו פאָרן! לאָמיר בעסער בלייבן דאָ, אין ביאַליסטאָק.

— קינד... די בערן זענען אין אַ וואַלד. און מיר וועלן, מסתמא, וווינען אין אַ שטאָט... איז שלאָף געזונטערהייט און רו זיך אויס... דער וועג איז אַ ווייטער! זייער אַ ווייטער!... וואָכן גאַנצע וועלן מיר דאַרפן פאָרן!...

— וואָכן??? — האָט זיך עסטושיאַ פאַרוווּנדערט — איז דאָך עס, מסתמא, קיין אַמעריקע?... קיין אַמעריקע פאָרט מען דאָך וואָכן!

— ניין, טאָכטערשי... דאָס איז נישט קיין אַמעריקע... ס'איז אַ קליין ביסעלע אַנדערש... נאָר דאָרט וווינען אויך מענטשן... איז שלאָף, מיין קינד. און טאָמער וועק איך דיך ביינאַכט, זאָלסטו זיך נישט דערשרעקן. מיר וועלן זיך אָנטון, זיך זעצן אין אַן אויטאָ און אַ פּאָר סאָלדאַטן וועלן אונדז באַגלייטן צום באַן...

עסטושיאַ האָט געקוקט אויף דער מאַמען אַן אומרואיקע, אַ צעטומלטע. זי האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס זיי מוזן עס אַזוי פּלוצלינג אַוועקפאָרן און וועמען זיי מאַכן דאָ ענג... פאַרקערט; די טשאָטשאַ רוזשאַ האָט זיי געגעבן, איז שטענדיק מכבד מיט גוטע זאַכן... זי האָט ליב געקראָגן רוזשעלען און זיך שוין צוגעוווינט צו ביאַליסטאָק ווי צו וואַרשע. זי האָט שוין דאָ אירע חברטעס, וועלכע וווינען בשכנות און זי פאַרברענגט מיט זיי.

נאָר אַז די מאַמע איז פריילעך און מונטער... אַז די מאַמע איז רואיק און שמייכלט אַזוי גוטמוטיק, — האָט זיך עסטושיאַ אויך באַרואיקט און זיך געלייגט אין בעט אַריין.

— אַזוי, מיין קינד... אַ גוטע נאַכט, שלאָף געזונטערהייט און האָב גוטע חלומות!... — האָט איר זינאַ אַ קוש געטון און איינגעדעקט.

ווען עסטושיאַ איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן, האָט זינאַ באַזאָכט פּאַרפּאַקט אירע צוויי רוקזעק און אָוועקגעלייגט זיי ביי דער טיר... אַלץ איז פּאַרטיק און זי איז גרייט... ווען מען קלאַפּן, וועט זי אויפוועקן עסטושיען, אָנטון און גיין...

און אַליין האָט זיך זינאַ אַוועקגעשטעלט ביים אָפֿענעם פֿענצטער און געקוקט אין דער נאַכט אַריין.

די נאַכט איז געווען אַ וואַרעמע און אַ ליכטיקע. אַ פֿולע לבֿנה איז געשוואומען איבער די דעכער און זיך יעדע ווײַלע פֿאַרהילט אין דיניקע וואָלקנדלעך, ווי אין דורכזיכטיקע וואָלן. אין דער לויטערער בלויקייט פֿון הימל־קופּאָל האָבן זיך גאָלדענע שטערן געצייטיקט, זיך געוויגט און געמיניעט.

די גאַסן זענען פּוסט און שטיל געווען. ווו־נישט־ווו האָט זיך אַ גע־טוליעט פּאָרל געשלייכט און פֿון ערגעץ, הינטער אַ פּלויט, האָט זיך גע־טראָגן אַ קעציש סערענאַדע.

אַרום האַלבע נאַכט איז זי מיד געוואָרן. אַ טראַכט געטון: „עס וועט שוין היינט גאָרנישט זיין!" און זיך געוואָלט לייגן שלאָפֿן.

נאָר דאָ האָט איר אויער באַנומען אַ פֿאַרדעכטיקן, שטילן גערויש, וואָס קומט פֿון ערגעץ ווייט־ווייט. דער גערויש האָט זיך דערנענטערט און געשטאַרקט. און זינאַן האָט עס דערמאָנט אַן גערויש פֿון אַן אָנפֿליענדי־קער, מעכטיקער עסקאַדרע באָמבאַרדירער. מיטן זעלבן גערויש זענען דאָך די דייטשע עראָפּלאַנען אָנגעפֿלויגן אויף וואַרשע!

באַלד האָט זיך די גאַנצע שטאָט צערוישט און צעציטערט. און זינאַ האָט דערזען לאַנגע רייען פֿון הונדערטער גרויסע לאַסט־אויטאָס, באַ־זעצטע מיט רויטאַרמייער, באַוואָפֿנטע מיט בלאַנקענדיק געווער.

די אויטאָס האָבן פֿאַרפּראָפּט די ראָגן פֿון די גאַסן און שטעקן גע־בליבן, ווי אַ ביין אין גאָרגל. די באַוואָפֿנטע לייט זענען אַראָפּגעשפּרונגען און האַסטיקע, שווערע זעלנער טריט האָבן זיך צעשאָטן איבערן ברוק.

גרופּעס צו פֿינף־זעקס מאַן זענען פֿאַרשלונגען געוואָרן אין טויערן פֿון הויפֿן און איינציקע זענען געבליבן וואַכן אין דרויסן, אויפֿן טראָטואַר.

באַלד האָט זיך צעטראָגן אַ טראַסקען אין טירן און שטרענגע באַ־פֿעלן:

— אָטקרוויטיע!

— סקאַרעי!

— ביסטראָ!

— ביסטרעי!

זינאַ האָט אינטואיטיוו געוואָרפן אַ בליק צו עסטושיען. זי איז גע־שמאַק געשלאָפן. אפילו געשמייכלט אין שלאָף, ווי פון אַ זיסן חלום.

פון דרויסן האָבן זיך איצט דערהערט יאָמערלעכע קולות. אַ האַרץ־רייסנד געבעט און אַ גרויליק, ספּאַזמאַטיש געוויין. אַזוי וויינט מען ביי־נאַכט, ווען מען לויפט נאָך אַ דאָקטאָר צו אַ שטאַרבנדיקן, אָדער ווען עס איז שוין נאָך אַלעמען.

זינאַ האָט צוגעמאַכט דאָס פענצטער, עסטושיאַ זאָל זיך נישט דער־שרעקן. זי וועט צייט האָבן צו וועקן עסטושיען, ווען מען וועט זיי קומען נעמען. דערווייל זאָל זי שלאָפן און חלומען איר זיסן, צעשמייכלטן חלום. זי האָט נישט געקענט צוזען און דאָך נישט געקענט אָפּרייסן אירע אומ־רואיקע בליקן פון דער גאַס:

דאָ האָט מען איצט געשלעפּט האַלב־נאַקעטע מענער, צעשויבערטע מאַמעס מיט איבערגעוועקטע, צעשראָקענע קינדער. זיי האָבן געפלאַ־טערט, ווי עופות, ערב יום־כפור, ביים שוחט.

וואָס מער מען האָט אַרויסגעשלעפּט מענטשן פון הייזער, וואָס מער מען האָט זיי אַרויסגעשאָטן פון די הויפן, אַלץ געדיכטער און גרויליקער זענען געוואָרן די היסטערישע געשרייען און אַלץ שטרענגער און באַפעלנ־דיקער — די סאָלדאַטן.

אַ שכנה איז אַרויסגעלאָפן פון איר הויף מיט אַ מאַנטל און מיט אַ לאַבן ברויט. געוואָלט אָניאָגן און איבערגעבן עס אירע אַרעסטירטע. זיך געריסן אַ צעטומלטע:

— רחלע! דעם מאַנטל פאַרגעסן! דאָרט איז קאַלט! אַ ברויט אויפן וועג! רחלע!!!

נאָר עטלעכע גלאַנציקע באַגנעטן האָבן זי צוריקגעשטויסן אין הויף אַריין, מיטן אויסגעשטרעקטן מאַנטל און לאַבן ברויט איןביידע הענט. זי האָט זיך, אַ צום טויט דערשראָקענע, געררוקט הינטערווייליכטס און נישט אויפגעהערט אַרויסצולאָזן פון זיך גרילציקע קולות:

— רחלע!!! רחלע!!!

רחלען האָט מען שוין נישט געזען. מען האָט נאָר געהערט, ווי זי האָט צוריק געיאָמערט פון אויטאָ אַראָפּ, וואָס אין ראָג, ביים עק גאַס.

מען האָט איצט געשלעפּט אַ מיטליעריקע פרוי מיט אַ זויג־קינד

אויף די הענט. זי האָט נישט געוואָלט גיין. זי האָט זיך אַנידערגעוואָרפן אויפן ברוק, געקושט די שטיוול פון די סאָלדאַטן און איז געלעגן אַזוי, ווי ביים איינרייסן קברים. צוויי דערוואַקסענע מיידלעך, אין עסטושיעס עלטער, האָבן זיך געקליאַמערט אָן איר און געפּלאָנטערט פון ביידע זייטן. די רויטאַרמייער האָבן זיי געשטופּט מיט די ביקסן־קאָלבעס און גע־שריען:

— לאַדנאָ! לאַדנאָ! ווסטאַוואַי!

— דאַוואָלנאָ דוראַקאָ וואַליאַט׳!

— פּאָדנימאַיסיאָ! ביסטרעי!

די פרוי האָט געהאַלטן מיט איין האַנט דאָס קינד, וואָס האָט זיך געריסן אַ הייזעריקס, מיט אַ כריפּ און געקייכט. און מיט דער צווייטער האַנט האָט זי זיך געקליאַמערט אָן די ברוק־שטיינער. די רויטאַרמייער האָבן זי אַ נעם געטון אונטער די אָרעמס און געשלעפּט, מיט די נאָכ־הענגענדיקע פיס איבערן ברוק, ביז צום ראָג. זי האָט זיך געריסן פון זיי, געבריקעט מיט די פיס, געשפּיגן זיי אין די פּנימער אַריין און געברעוועט, ווי אַ געבונדענע קו.

אין ענדע פון דער גאַס האָט מען זי אַרויפגעשטופּט מיט די קינ־דער אויף אַ לאַסט־אויטאָ אַרויף, ווו זי האָט נישט אויפגעהערט צו רע־דן מיט אַן אויסגעטריקנטן גאָרגל און שיטן מיט פינצטערע קללות.

זינאַ האָט איר גלייכגעוויכט פאַרלוירן.

אַזוי רואיק ווי זי איז געווען ביז איצט, אַזוי גלייכגילטיק ווי זי איז געווען צו איר אייגענעם גורל, צו אַלדאָס בייזע, וואָס איר דערוואַרט, — אַזוי האָט, דאָס טראַגישע בילד פון דער יידענע מיט די קינדער גע־שלעפּטע צום אויטאָ איר צעזאָטן די בלוטן, צעטרייסלט און צעשטורעמט איר געמיט ביז די טיפסטע טיפענישן. זי וואָלט זיך איצט אַליין גע־וואָרפן אויף די זעלנער ווי אַ קאַץ, געשפּרונגען זיי אין די צורות אַריין און די אויגן אויסגעדראַפּעט! זי וואָלט זיי אויך די הויט צעשונדן און אין פּנים געשפּיגן!

„אַזוי שלעפּן נאָר הינט־שלעגער די היימלאָזע, קרעציקע הינט פון די גאַסן פון שטאָט! גאָט מיינער! ווהין און צו וועמען בין איך עס געלאָפן פון מיין היים, פון וואַרשע? צוליב וואָס און צוליב וועמען האָב איך בערישן אומגעבראַכט? איך האָב זיך געוואָלט ראַטעווען פון איין גיהנום, און אַריין אין אַ צווייטן! גאָט! האָסט מיר דעם שכל צוגענומען! — — —“

דאָס האַרץ האָט איר האַסטיק געקלאַפּט און די קני האָבן זיך איר אונטערגעבראָכן. זי האָט זיך מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזן אויף דער שטול, וואָס נעבן פענצטער. מיטן קאָפּ — אָן פאַראַפּעט אָנגעשפּאַרט און מיט פאַרמאַכטע אויגן. זיך צוגעהערט צו די גרויליקע געוואַלדן פון דער גאַס.

מיטן צערינען פון דער נאַכט זענען שיטערער און שטילער געוואָרן די קולות אין דרויסן.

— באַשערט מיר צו זיין פון די לעצטע און עסטושיאַ זאָל נאָך אַריינ־כאַפּן אַ ביסל שלאָף... — האָט זינאַ אַ טראַכט געטון. — וואָס הער איך נישט קיין טריט צו אונדזער טיר? מען איז אינגאַנצן נאָך צו אונדז אין הויף נישט אַריין!...

ביסלעכווייז האָבן אָפּגערוישט די מאָטאָרן פון די לעצטע לאַסט־אויטאָס, וואָס זענען, באַלאָדענע מיט גרויל און ספּאַזמען, אָפּגעפאָרן אין אַן אומבאַוווסטער ריכטונג.

זינאַ איז געשטאַנען אַ בלייכע, ציטערנדיקע מיטן גאַנצן לייב, מיט דער געגרונצלטער הויט און קלינגענדיק מיט די שיטערע ציינדלעך. זי האָט געבליקט דאָ צו דער אויסגעשטאָרבענער גאַס, דאָ — צו דער שלאָ־פנדיקער עסטושיען און זיך אליין געפרעגט:

— וואָס איז דאָ געשען? מען האָט דאָך שוין אַלעמען פון דער גאַנצער גאַס אַוועקגעשלעפּט! וואָס זשע איז מען נאָך מיר נישט געקומען? זאָל זיין, אַז מען האָט אָן מיר אינגאַנצן פאַרגעסן?... באַהאַלטן האָב איך זיך דאָך נישט! אפשר האָב איך געדאַרפט אַרויסגיין, אַנטקעגן גיין און זיך איבער־געבן אין זייערע הענט?... ניין... דאָס נישט! גערעכט איז טאַקע רוזשעלע: דעם וואָלף אין פּיסק אַריין קריכט מען נישט! און דעם טייוול אין די הענט אַריין גיט מען זיך אַליין נישט איבער!...

פאַרטאָג זיינען די גאַסן שטיל און פּוסט געוואָרן, ווי עס וואָלט דאָ גאָרנישט פאָרגעקומען. זינאַן האָט זיך שוין אָנגעהויבן אויסצודוכטן, אַז דאָס איז געווען איינער פון די בלוטיקע קאָשמאַרן, וואָס פּייניקן אָפט איר צעווייטיקטן קאָפּ. אַ פינסטערער חלום איז עס געווען, נישט מער! אָט זעט זי דאָך, נאַכט־ביי־נאַכט כסדר, שחיטות און פּאַגראָמען, פּייניקונגען, צעשי־סונגען, בית־עולמס און קברים! איז עס היינט ווידער א קאָשמאַר געווען. האָט זי היינט געזען, ווי טייוולאָנים באַפאַלן די זינדיקע נשמות אין גיהנום, פאַרפּייניקן זיי, פאַרשלעפּן ערגעץ־ווו און פאַרשווינדן! — — — — —

זי האָט געפילט, אז זי מוז איצט אנטשלאָפן ווערן. כאָטש איינדרימלען

און פאַרגעסן. פאַרגעסן אָן דעם אַלעם, וואָס דאָ איז היינט געשען, אין דער ווירקלעכקייט, צי אין קאָשמאַר. זי מוז איצט פאַרגעסן אַזוי, ווי דאָס געשע־ענע האָט פאַרגעסן אָן איר!... ניין, זי טאָר איצט נישט זיין וואַך! עס האַקן איר אַזוי די שלייפן, ווי די געהירן צו צעשמעטערן! געוואַלד, ווי פאַר־טרייבט מען די בילדער פון פאַר די אויגן? די פינסטערע געדאַנקען פון מידן קאָפּ אַרויס?! זי טאָר איצט גאָרנישט קלערן מער, אַנישט וועט זי דאָ באַלד משוגע ווערן! דער שאַרבן הויבט זיך!!!

האָט זי, ווי אַ פאַרטשאַדעטע, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די טופל און מיט די קליידער זיך אַרונטערגעשאַרט אונטער דער קאָלדרע, אין אויסגעוואַ־רעמטן בעט, נעבן עסטושיען. זיך אַוועקגעלייגט און באַלד אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף, ווי א שטיין פאַרזינקט אין אַ טיפן זומפּ אַריין.

***

צומאָרגנס האָט זיך עס געטומלט ביי רוזשעלען אין שטוב. צענדליקער מענטשן, שכנים, פריינט, באַקאַנטע, זענען אַרויפגעקומען מיט בלייכע פּנימער און צעשראָקענע אויגן און דערציילט וועגן „חורבן" וואָס איז גע־מאַכט געוואָרן אין שטאָט.

— דאָס איז געווען אַ האַרבסטיקער שניט! מען האָט געקאָשיעט אַזוי ווי אַ לאָנקע היי!...

— אַ שחיטה איז דאָס געווען!

— היינטיקע נאַכט האָבן זיי באַוויזן, וואָס זיי קענען!

— זיי האָבן אַרויסגעפירט א שיינע פּאָר צענדליק טויזנט!

— און מען ראַמט נאָך! מען ראַמט און מען וועט נאָך ראַמען!

— אַזאַ אַקציע! מיט אַזאַ פאַרנעם! ווער וואָלט זיך עס געריכט? וואָלטן זיי אין פינלאַנד געווען אַזעלכע בריהס!...

— מען זאָגט, אַז דער עיקר „טשיסטקע" וועט זיך ווידער אָנהויבן די קומענדיקע נאַכט...

— דערוויילע פאַרהאַלטן זיי מענטשן אין די גאַסן, שלעפּן אַרויס פון אַרבעטס־פּלעצער, פון פאַבריקן, פון געשעפטן אַרויס...

שפּעטער האָט מען שוין אויך געוווּסט צו דערציילן וועגן פינף קרבנות. דריי זעלבסטמאָרדן: איין פרוי האָט זיך געסמט, איינע האָט זיך איבער־געשניטן די אָדערן מיט אַ ראַזיר־מעסערל, און אַ יידישער אַקטיאָר פון

וואַרשע, אַ באַקאַנטער קאָמיקער, האָט זיך אויפגעהאַנגען. דער פערטער קרבן איז אַ פּאָפּולערער גאַזעלשאַפטלעכער טוער. אין עשעלאָן, ווהין מען האָט אים אַריינגעפּאַקט, איז ער תיכּף געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג. און דער פינפטער — אַ יונגערמאַן, איז אַראָפּ פון זינען. ער האָט געלאַכט און געזונגען און געשריען, אַז די וועלט איז אַראָפּ פון די רעלסן!..

— אַ שווינדער! אַ שווינדער!

— די גאַסן זענען איצט פּוסט, ווי נאָך אַ פּאָגראָם!

— קיין פּליט זעט מען גאָר נישט פאַר די אויגן! ווי קיין פּליטים וואָלטן דאָ גאָר קיינמאָל נישט געווען!.. אַ סך ליגן נאָך פאַרשטעקט אין זייערע נאָרעס און אַ סך צעלויפן זיך אין די דערבייאיקע שטעטלעך.

— שוין לאַנג נישט געלאָפן... אַ פריש לויפעניש מיט אַ פרישער בהלה!

— מען זאָגט, אַז היינטיקע נאַכט האָט מען אַ סך ביאַליסטאָקער אויך גענומען!

— גענומען! נאָך ווי גענומען!... מען וועט ערשט אָנהויבן צו נעמען!

— יאָ־יאָ: זיי וועלן ענדיקן מיט די פּליטים, וועלן זיי אָנהויבן מיט אונדז... זיי ווילן האָבן אויף דער גרענעץ אַ זיכערן עלעמענט... אונדז וועלן זיי שיקן צו גבריאלן... יידן זענען אויף דער דייטשער גרענעץ נישט זיכער... דערקעגן אוקריינער נאַציאָנאַליסטן און ווייסרוסישע זענען יאָ אַ זיכערער עלעמענט אויף דער דייטשער גרענעץ... וועט מען עס מיט זיי באַזעצן ביאַ־ליסטאָק! איר שטעלט זיך עס פאָר, וואָס פאַר אַ פּנים ביאַליסטאָק וועט דאַן האָבן?...

— און וואָס פאַר אַ זיכערקייט, אָט די „זיכערע" עלעמענטן, וועלן עס דאָ פאַרזיכערן!...

— מענטשן, איך זאָג אייך, דער משוגע־געוואָרענער יונגערמאַן איז שוין גאָרנישט משוגע! די וועלט איז טאַקע אַראָפּ פון די רעלסן!...

זינאַ איז אַריינגעשלאָפן ביז שפּעט אין האַלבן טאָג אַרייַן. ווען זי איז אויפגעשטאַנען, אַ פאַרגרינטע, אַ צעקנייטשטע, אַ מעלאַנכאָלישע, האָט זי זיך איצט אויפסניי איבערצייגט, אַז דאָס געשעענע איז טאַקע געשען. אַז דאָס האָט זי אַלץ געזען אויף דער וואָר און נישט אין קאָשמאַרנעם שלאָף. זי האָט זיך איצט נישט געקענט שענקען, פאַרוואָס מען האָט אָן איר פאַר־געסן. וואָס איז זי, נישט קיין פּליטה? מיט וואָס איז זי דאָס בעסער פאַר אַלע?

— וואָס טוט זיך מיט אייך, זינעטשקאָ? איר דאַרפט דאָך גליקלעך

זיין! גומל בענטשן! קיין עין־הרע נישט, אַ מזל!... מענטשן האָט מען דאָך פון די נאַרעס אַרויסגעשלעפּט!...

— די מענטשן אָבער זענען שוין אַלץ איבערגעקומען... און איך דאַרף לעבן מיט שרעק און דערוואַרטונג!

— דאָס „גליק" וועט איר נישט פאַרשפּעטיקן!...

— מענטשן צעלויפן זיך פון ביאַליסטאָק, באַהאַלטן זיך אויס! און איר...

— און איך בין זיך אַליין איבעריק! איך ווייס נישט, וואָס צו טון מיט זיך.

— פאַרגעסט נישט, אַז איר זענט אַ מאַמע! איר האָט אַ טאָכטער, זינאַ!

— אָט דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס לאָזט מיר נישט זיך פאַרגעסן...

— האָט זינאַ אַ בלייכן שמייכל געטון און גענומען אַ קאָניאַק פון רוזשעלעס בופעט.

דעם אָוונט האָט מען שוין קיין קאָרטן נישט געשפּילט.

דער עולם איז נערוועז געזעסן אַרום דעם ראַדיאָ־קאַסטן און געשפּאַנט זיך צוגעהערט צו דער שטים פון לאָנדאָנער ספּיקער.

דער לאָנדאָנער ספּיקער האָט שוין איצט פאַרטאָפּלט די צאָל דייטשע דיוויזיעס, געוואָרפענע אויף דער סאָוועטישער גרעניץ און אומברחמנותדיק געמאָלדן, אַז דער אָנגריף פון היטלערן אויף ראַטנפאַרבאַנד איז שוין אַ פראַגע פון געציילטע טעג און אפשר שעהען!

איינער האָט געקוקט אויפן אַנדערן מיט פרעגנדיקע בליקן און אַלס ענטפער דערזען ביי יענעם פלאַמען אין די באַקן און שווייס אויפן שטערן. און ווען מען האָט זיך דעם אייגענעם שטערן אַ וויש־געטון, איז ער געווען נאָס ווי ביים צווייטן...

— יידן, ס'איז שלעכט! — האָט זיך ראַפּאַפּאָרט אויפגעשטעלט און אַ פּאַטש געטון מיט די הענט. — דאַכט זיך, אַז מאָרגן־איבערמאָרגן וועלן מיר אַליין זיין שוין ערגעץ פּליטים! אויב מיר וועלן נאָר באַוויזן צו אַנטלויפן...

און קאָוואַלסקי האָט צוגעגעבן:

— עס קען זיין, אַז מיר וועלן נאָך מקנא זיין אָט די, וועלכע מען האָט היינט אַרויסגעפירט!... מיר זענען צו נאָענט צו דער גרעניץ! דער ערשטער קלאַפּ איז אויף אונדזער קאָפּ!

און טאַנצמייסטער גאַרזשעלטשיק, דער אייביקער דאַמען־פאַרוויילער, וועלכער האָט אַ דיק ביכל אין קעשענע, פאַרשריבן מיט פּיקאַנטע וויצן און

אַנעקדאָטן, — האָט איצט אויך זיין הומאָר נישט פאַרלוירן. ער האָט נאָר, מיטן אויטאָריטעטן טאָן פון אַ פּראָפעסאָר ,פעסטגעשטעלט:

— וואָס דען? איך האָב שוין לאַנג געזאָגט, אַז עס בלייבט נאָך נישט אַזוי!... מיט קיין „קראָסנאָארמייסקי אַנסאַמבל פּיעסני אי פּליאַסקי" וועט מען קיין דייטשן אָנגריף נישט אָפּשלאָגן!... ביי זיי קען געשען ,אַז איין מת זאָל לעבעדיק ווערן און טויזנט לעבעדיקע זאָלן פּלוצלינג ווערן טויט... אָבער פאַרקערט — נישט!...

— וועגן וואָס רעדט איר, פּאַניע פּראָפעסאָזשעי? ווו איז דען אַ מת לעבעדיק געוואָרן?...

— וואָס? איר ווייסט גאָרנישט? כאַ־כאַ־כאַ!... שוין אַן אַלטע געשיכטע... גאַנץ ביאַליסטאָק האָט דאָך דערמיט געקלונגען... אין האַרבסט נאָך איז דאָס געווען. אָט דאַן, ווען אונדזער זינאַטשקאַ איז געקומען צופאָרן. יאָ־יאָ! טאַקע אין יענער צייט. האָט מען דאַן, הייסט עס, געבראַכט פון דער גרעניץ אַ שווער־פאַרוווּנדעטן אין שפּיטאָל אַריין. די דאָקטוירים האָבן אים באַטראַכט און פעסטגעשטעלט, אַז ער איז טויט. האָט מען אים גענומען און אַריינגעוואָרפן אין מתים־שטיבל, צוגלייך מיט אַלע טויטע!... צומאָרגנס זענען געקומען סטודענטן זיך נעמען אַ מת צום פּאַלמעסן. ערשט דער מת האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף און אַ נאַקעטער געמאַכט פּיס אין שטאָט אַריין!... כאַ־כאַ־כאַ!...

— פון דער גרעניץ, זאָגט איר? אַ שווער־פאַרוווּנדעטן?! — איז זינאַ אויפגעשפּרונגען אַ בלייכע, אַ ציטערנדיקע — ווען איך בין געקומען צו־פאָרן?! פאַרוואָס־זשע האָט איר מיר עס קיינמאָל נישט דערציילט?!!!

אַלע זענען ווי עלעקטריזירט געוואָרן פון זינאַס בליק און שטים. ווי אַ לונאַטיקערין האָט זי גענומען זיך באַוועגן פאָראויס. און גאַרזשעלטשיק, אַ צעטומלטער, האָט זיך גענומען הינטערוויילעכטס צוריקציען. זיין גע־שטופּלט פּנים האָט אים באַקומען נאָך טיפערע, פינסטערע גריבער. ער האָט געשטאַמלט:

— איך, איך... מאַדאַם קופּערשמיד... די גאַנצע שטאָט האָט געקלונ־גען... איך, איך, כ'האָב געמיינט, אַז איר ווייסט... אָבער, כ'מיין, וואָס פאַר אַ שייכות קען עס דען האָבן?

— און אפשר האָט עס יאָ אַ שייכות? — האָט זינאַ אויסגעגלאָצט אויף אים אַ פּאָר פאַרווירטע אויגן — איר האָט געוווּסט מיין טראַגעדיע? פּאַר־וואָס האָט איר מיר דאָס קיינמאָל נישט דערציילט??

— זינעטשקאַ, באַרואיקט זיך... — האָט רוזשעלע זי געפּרוווט איינ־נעמען — ווען עפּעס וואָלט א שייכות געהאַט, איז.. ווער ווייסט עס דען נישט מיין אַדרעס?... ווהין וואָלט ער דען געלאָפן, אויב נישט צו מיר?... איבעריקנס, צו באַרואיקן זיך די נערוון, כ׳מיין דאָס געוויסן זאָל זיין רואיק... איז קען מען זיך צוכאַפּן מאָרגן אין שפּיטאָל אַריין און געניער געוואויר ווערן... אָט, זאָל נאָר די נאכט אַדורכגיין רואיק!...

און ראפּאָפּאָרט האָט זיך אוועקגעזעצט ביי זינאס אנדערער זייט און אין איר אַריינגעטענהט:

— איין פאַרוואונדעטן האָט מען דען געבראכט צו יענער צייט פון דער גרעניץ?... טאָג־טעגלעך! אָבער, מאדאם קופּערשמיד, ווען עפּעס וואָס... וואָלטן מיר, בראַנזשע־לייט, דאָך געוווּסט... און רוזשעלע איז טאַקע גע־רעכט: נאָר כדי זיך צו באַרואיקן... אז איר ווילט דווקא... איז קען מען מאָרגן צוגיין... איך גלויב, אַז היינטיקע נאכט וועט נאָך גאָרנישט געשען...

נאָר זינא, ווי זי וואָלט גאָרנישט געהערט קיינעמס רייד און נישט קיינעם אַרום זיך. זי האָט געקוקט ערגעץ ווייט־פאָראויס און גערעדט, ווי צו קיינעם נישט, ווי צו זיך אַליין, ווי זי וואָלט הויך געטראַכט:

— א מאָדנעם זעץ אין האַרצן האָט עס מיר געגעבן! איך קען זיך נישט באַרואיקן. עפּעס זאָגט עס מיר. איך האָב דאָך פּאַקטיש בעריש נישט געזען טויט! איך האָב נאָר געהערט דעם שאָס און דערזען, ווי ער פאַלט! און... נישט מער... מען האָט נישט צוגעלאָזן! פאַרטריבן! און איך ווייס דאָך פּאַקטיש גאָרנישט, וואָס מיט אים איז געוואָרן! און עפּעס האָט זיך מיר כסדר געדאכט, אז ער לעבט... אז אָט קומט ער א שווער־פאַרוואונדעטער, א צעבלוטיקטער! ער לייגט זיין קאָפּ אויף מיין שויס און בעט זיך: „זינעטשקאַ, העלף״!... נייז, איך האָב דאָך פּאַקטיש קיינמאָל נישט געהאַט דאָס אמתע געפיל פון אַן אלמנה. איצט ווייס איך עס... עס האָט זיך מיר כסדר פאַר־גנבעט אַ געדאַנק, אַז בעריש לעבט... בעריש! בעריש! — — — — — —

זינאַ האָט זיך אַ וואַקל געטון. רוזשעלע האָט זי אַרומגעכאַפּט, אַרויפ־געלייגט די האַנט אויף איר שטערן און דערפילט, אַז זי ברענט!

— זי האָט היץ, ווייי איז מיר! זי ברענט דאָך אינגאַנצן! זעט ווי זי פיבערט! העלפט מיר זי לייגן אין בעט אַריין!

די מענער האָבן זינאַן אַריינגעטראָגן אין איר צימער אריין און גע־

לייגט אין בעט, רוזשעלע האָט זי אויסגעטון, איינגעדעקט און געמאָסטן די היץ.

— מענטשן! אַ מוראדיקע טעמפּעראַטור! איבער פערציק גראַד! פּראָ־פעסאָר! איר מוזט תיכף לויפן נאָך אַ דאָקטאָר!

— יאַ־יאַ־יאַ! איך לויף שוין! — האָט גארזשעלטשיק געכאַפּט זיין שוואַרצן קינסטלער־הוט מיט די ברייטע ראַנדן און, ווי אַ שולדיקער אין גאַנצן אומגליק זיך געלאָזן לויפן פון די טרעפּ.

עסטושיא האָט געכליפּעט ביי דער מאַמעס בעט. געקושט איר די הענט און געשלוכצט. און זינאַ, מיט מוטנע, וויינדיק־פאַרגאָסענע אויגן, האָט מיט אַ הייסן קורץ־אָפּגעהאַקטן אָטעם, געפּליסטערט:

— וויין נישט, טאָכטערשי, וויין נישט... דער טאַטע לעבט... ער וועט צוריקקומען!... מיר וועלן זיך טרעפן... ער האָט אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן פאָרן נאָר צום פעטער אליהו, קיין תל־אביב!... גוט, וואָס ער האָט אַזוי אָנגעזאָגט... מיר וועלן טאַקע פאָרן אַהין און מיר וועלן זיך טרעפן... — —

דער דאָקטאָר האָט זינאַן לאַנג באַטראַכט און פאַרשריבן אַ רעצעפּט. נאָכדעם האָט ער אָפּגערופן רוזשעלען און איר געזאָגט:

— אַ שטאַרקע נערוון־דערשיטערונג! עס איז איר געקומען פון שרעק, אָדער פון עגמת־נפש. זי מוז איצט האָבן רו. אַבסאָלוטע רו!

*****

קיין אַבסאָלוטע רו, איז שוין זינאַן נישט באַשערט געווען.

די זעלבע נאַכט האָט זיך ווידער די שטאָט צערוישט מיט הונדערטער מאָטאָרן פון שווערע לאַסט־אויטאָס. און פאַרטאָג האָט מען געטראַסקעט אין איר טיר.

עטלעכע באַוואָפנטע רויטאַרמייער זענען אַריינגעקומען מיט אימפּעט און געאייל:

— דאַוואַיטיע, גראַזשדאַנעטשקאַ, אַדיעוואַיטיעס!

— ביסטראַ! ביסטראַ!

און דווקא איצט האָט זיך זינאַן זייער נישט געוואָלט פאַרלאָזן ביאַליס־טאָק. זי האָט געפילט, אַז זי מוז דאָ בלייבן. אַז אומגליקלעך וועט זי זיין, טאָמער פאָרט זי איצט אַוועק! דערצו האָט זי קיין מאַכט נישט צו רירן

מיט קיין אבר. עס העלפט נישט דער „ביסטרא־ביסטרא!" — נישט נאָר מיט קיין האנט אָדער פוס קען זי נישט באַוועגן, נאָר זי האָט אַפילו קיין מאכט נישט .די צונג איבערצודרייען און דערקלערן, פאַרוואָס זי קען איצט נישט...

רוזשעלע האָט געפּרוּווט רעדן:

— זי איז קראַנק, טאָוואַרישטש־! פּערציק גראַד היץ! דער דאָקטאָר האָט נעכטן ביינאכט אָנגעזאָגט: אבסאָלוטע רו.

— ניטשעוואָ... מיר וועלן דעם דאָקטאָר אייערן אויך נעמען... ביי אונדז וועט זי שוין געזונט ווערן!... מיר וועלן זי שיקן אין אַ פיינער סאַנאַטאָריע!... דאַוואַיטיע, גראַזשדאַנקאַ! אדיעוואַ־טיעס! סקאָרענקאָ!

רוזשעלע און עסטושיע האָבן, פיבערנדיק פון אויפרעגונג און שרעק, געהאָלפן זינאַן זיך אָנטון. אין בהלה האָבן זיי דערווייל נישט געוווסט, ווו צו געפינען אַ זאַק, אַ שטיקל וועש, אַ סוועטער, און אַרומגעפּלאָנטערט פאַר־לוירענע.

זינא האָט נאָך אלץ געברענט אין גרויסע היץ. אירע אויגן זענען געווען פאַרנעפּלטע, מוטנע־פאַרגאָסענע. די צונג, ווי מיט קלייסטער פארקלעפט צום גומען. דער אָטעם —אַ שנעלער, א קורצער, אַן אָפּגעהאַקטער. שוין אַן אָנגעטוענע, האָט זי זיך אויף די פיס נישט געקענט האַלטן און צוריק־געפאַלן אין בעט.

— סמאַטריטיע, טאָוואַרישטשי, סמאַטריטיע! — האָט זיך רוזשעלע נאָך געבעטן — אַנאַ זשע ניע ווידיערזשיט! זי וועט דאָך נישט אויסהאַלטן!

— קאַק־ני־בוד ווידערזשיט!... ניטשעוואָ! — האָבן צוויי רויטאַרמייער א נעם געטון זינען אונטער די אָרעמס. אַ דריטער האָט גענומען די צוויי רוקזעק ביי דער טיר און אונטערגעטריבן עסטושיען מיט חוזק:

— ביסטראָ פּאַני!... פּאַני טאַנטשי פּאָלקאַ־מאַזורקאַ, פּאַני?... סקאַרעי!

און דאָס ערשטע מאָל פאר דער גאנצער צייט פון דער מלחמה איז רוזשעלע געפאלן גארזשעלטשיקן אין די אָרעמס אריין און זיך היסטעריש צעוויינט.

זינא האָט גאָרנישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך מיט איר. נישט באַנו־מען, אַז מען שלעפּט זי מיט די פיס איבערן ברוק, ווי די נעכטיקע מוטער מיט דעם זויג־קינד. זי האָט געהערט דאָס רוישן פון אויטאָ און נישט געוווסט, וווהין ער טראָגט זי. און אין ענג־אָנגעפּראָפּטן וואַגאָן,

ווו מען האָט זי אויף דער ערד אַריינגעוואַליעט, האָט זיך איר אַלץ גע־דאַכט, אַז זי ליגט אין בעט, ביי רוזשעלען אין דער וווינונג. נאָר וואָס טוט זיך דאָ מיט איר? עפּעס דרייט זיך די גאַנצע וועלט ווי אַ קאַרוזעלע, אין אַ משונהדיקן, אימפּעטדיקן געדריי! און אפשר נישט די וועלט, נאָר זי אַליין דרייט זיך עס אין אַ שרעקלעכן געווירבל! — — — — — —

עסטושיא האָט שוין מער נישט געוויינט. זי האָט באַנומען די גאַנצע גרויליקייט פון איר לאַגע, געפילט דעם אומגליק וואָס קען אַ ליאַדע מינוט געשען מיט דער מאַמען. מיט דער ליבער, מיט דער טייערער, מיט דער איינציקער אויף דער וועלט! און טאָמער, חלילה, געשעט עס, אַ, גאָט! זי וועט עס נישט איבערטראָגן! און ווו וועט זי זיך אַהינטון אַן עלנטע אויף דער וועלט?! — — —

אָבער די שרעק האָט אויסגעטריקנט איר טרערן־קוואַל און פאַרשטיקט איר קעל. דווקא איצטער קען זי בשום אופן נישט וויינען!

און אפשר איז דאָס געווען דער געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער מאַמעס לעבן? די געפאַר האָט אַריינגעשריען אין איר קינדערשן באַ־וווסטזיין אַריין: שטאַרק זיך, עסטושיא! קרעפטיק זיך! זיי וואַך און ראַטעווע דער מאַמען!!!

האָט זי ביי עמיצן אַ ביסל קאַלט וואַסער אויסגעבעטלט, אַ האַנטוך פון רוקזאַק אַרויסגעשלעפּט, גענעצט אים און געלייגט אויף דער מאַמעס ברענענדיקן קאָפּ.

פאַרטאָג האָט דער עשעלאָן געריררט פון אָרט.

פון די וואַגאָנען האָבן זיך געטראָגן היסטערישע קולות: געוויין, גע־שריי און געזאַנג. יאָ, געזאַנג!... אַ יאָמערלעך געזאַנג איז דאָס געווען. מיט אייגענע אימפּראָוויזירטע ווערטער. פּאַראַפראַזירט פון אַ סאָוועטיש פּאָ־פּולער פאָלקס־ליד:

דאָ סווידאַניאַ גאָראָדאַ אי כאַטי,
גאָט ווייסט, צי מירן אייך נאָך זען!...
געווען אַ היים, אַ מאַמע און אַ טאַטע
און אַ ווייב מיט קינדערלעך געווען!...

קאַפּיטל צען

# מלחמה!

בעריש איז שוין אייגנטלעך געווען געזונט.

כאָטש פון צייט־צו־צייט האָט אים נאָך אַ מיש־געטון אין קאָפּ. מיט אַ שטעכעניש ווי פון נאָדעלעך און עס האָט אים אַ שווינדל־געטון פאַר די אויגן, — דאָך, לויטן רעגולאַמין, האָט ער שוין געדאַרפט ווערן אויסגעשריבן פון שפּיטאָל און זיך פאָרן ערגעץ אין אַ קור־אָרט זיך דערהאָלן. בפרט נאָך, ווען עס איז אַזאַ מאַנגל אין פּלאַץ, אין שפּיטאָל־בעטלעך און שווער־קראַנקע ליגן אין די קאָרידאָרן.

די שפּיטאָל־לייטערין וויעראַ אַנדרייעוונא האָט אים אָבער נישט געוואָלט אויסשרייבן. דער הויפּט־דאָקטאָר האָט איר נישט איינמאָל אָנגעדייט אויף בערישן, אַז פאַר אים איז שוין צייט צו גיין און זיין בעטל איז נויטיק פאַר אַנדערע. זי האָט אָבער געהאַט דעם צוגעגרייטן תירוץ סיי פאַרן הויפּט־דאָקטאָר, סיי פאַר אַן עווענטועלער קאָנטראָל פון „נאַרקאָמזדראַוו" (פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר געזונטהייט):

— דאָס איז אַן אויסטערלישער פאַל אין דער מעדיצין. מיר מוזן אים האָבן פאַר אָבסערוואַציע!..

דער הויפּט־דאָקטאָר און דער גאַנצער מעדיצינישער פּערסאָנאַל האָבן טאַקע געזען, ווי כמעט יעדן טאָג קומען צו וויעראַ אַנדרייעוונאַן פרעמדע מענטשן, נייע פּנימער. זי שטעלט זיי פאָר אַלס פאָרשטייער פון „נאַרקאָמזדראַוו", וועלכע זענען ספּעציעל געקומען זיך צו באַקענען מיטן „אויסטערלישן פאַל"...

די מענטשן גייען אַריין צו וויעראַ אַנדרייעוונאַן אין קאַבינעט, וווהין אויך בעריש ווערט העפלעך איינגעלאַדן אויף לענגערע שמועסן און אונטערזוכונגען.

אין קאַבינעט אָבער ווייזן זיך אַרויס די „פאָרשטייער" פון „נאַרקאָמזדראַוו" אַלס מענטשן פון גאַנץ אַנדערע פּראָפעסיעס: איינער איז אַ שניידער, וועלכער נעמט בערישן אַ מאָס אויף אַן אָנצוג און אַ מאַנטל... דער צווייטער איז אַ שוסטער און די דריטע — אַ וועש־נייטערין... אָנשטאָט

אַן אונטערזוכונג, ווערט דאָרט געמאַכט אַ לייטישער פאַרזוכונג... וואָס צו פאַרזוכן איז דאָ!... וויערא אַנדרייעוונא נעמט אַרויס פון איר שענקעלע אַ „מאָסקאָווסקאַיאַ", אַ געוועגדלזטע שינקע, שוואַרצן רויג און סערדינן. די „פאַרשטייער" פאַרזוכן מיט אַפּעטיט און שמועסן אַדורך דעם „אויסטערלי־שן פאַל" פון פרייז און מאָדע...

דער גאַנצער שפּיטאָל באַמערקט שוין פון לאַנג די באַזונדערע באַצי־אונג פון דער לייטערין צו בערישן און אַלע פּריווילעגיעס, וואָס ער באַקומט. זיי וויסן אָבער אויך דעם תירוץ, אין וואָס זיין באַזונדערער מזל באַשטייט: „אַן אויסטערלישער פאַל!"...

אזוי האָט מען אים טאַקע אַ נאָמען געגעבן און אַזוי רופן אים טאַקע אַלע גוטמוטיק:

— טאָוואַרישטש אויסטערלישער פאַל... זייט אזוי פריינטלעך...

— אפשר האָט איר אַ שוועבעלע, חבר אויסטערלישער פאַל?...

אָדער:

— צו קרענקען דאַרף מען אויך האָבן מזל!... אָט איר, צום ביישפּיל: ווי זענט איר דאָס געפאַלן אויף דעם איינפאַל צו ווערן אַן אויסטערלישער פאַל, האַ?...

און בעריש שמייכלט גוטמוטיק:

— מענטשן, איר האָט שוין נישט וועמען מקנא צו זיין?... איך פאַר־גין מיין „אויסטערלישן פאַל" היטלערן, מיטן גאַנצן הארצן!... און איך מיין, אַז איר אלע מעגט אים אוועקשענקען אייערע „מציאות"!...

— אוי־אוי־אוי!...

— אָבער מען טאָר דאָ אַזוי נישט רעדן!... היטלער איז דאָך אונדזער „סאָיוזניק"!...

— מילא... האָב איך גאָרנישט געזאָגט!... ער איז אַ צדיק הדור!...

בעריש איז לאַנגזאַם געקומען צו די כוחות. וויערא אַנדרייעוונא האָט אים געקאָרמעט אַזוי, אַז מיט יעדן לעפל איז אים צוגעקומען געזונט...

און ווען מען האָט אים דאָס ערשטע מאָל ענדלעך אַראָפּגענומען די באַנדאַזשן פון קאָפּ, האָט זיך אַרויסגעשיילט זיין פול, ענערגיש פּנים מיט צעבליטע, צעשמייכלטע, בלוט־שפּריצנדיקע באַקן... זיינע געדיכטע בלאָנדע ברעמען איבער די גרויסע, קיילעכדיקע ביר־אויגן זענען פיל העלער געוואָרן און די אויגן — במילא טונקעלער. זיינע טונקל־קופּערנע קרויזן זענען איצט געדיכט געמישט געווען מיט זילבער־גלאַנציקע פעדימלעך,

וואָס האָבן זיין ליכטיקן קאָפּ נאָך ליכטיקער און שיינענדיקער געמאַכט...

אין יידישע אויגן האָט ער אויסגעזען ווי אַן אתרוג וואָס מען וויקלט אַרויס פון קליאַטשע... אַן ענלעכן איינדרוק האָט אויך געהאַט וויערא אנד־רייעוונא: ווי אַ זאַפטיקע פרוכט וואָס האָט זיך געצייטיקט אין הייי און דאָרטן קאָלירן באַקומען...

די נישט־געצוימטע, פּשוטע, אַן ווייבערישער כיטרעקייט, וויעראַ אַנדרייעוונא האָט אזש ארויסגעלאָזן א הויכן, פריידיקן „אַך, מיין גאָט!״... דערביי זענען אירע סערע קעציִשע אייגלעך נחתדיק פייכט און גלאַנציק געוואָרן און דאָס שיקסיש־קורנאָסע נעזל האָט זיך נאָך מער פאַררייסן...

בעריש האָט שוין מער אין בעט נישט געקענט איינליגן. דער פרילינג האָט זיך געריסן דורך די אָפענע פענצטער אין שפּיטאָל אַריין. פאַרפלייצט די פאַלאַטעס מיט זון, מיט בליאונגס־ריחות און מיטן פריידיקן טשוויטשעריי פון פייגעלעך. דער פרילינג האָט זיך אַריינגעריסן אין שפּיטאָל אַריין און בעריש האָט זיך געריסן פון שפּיטאָל אין דרויסן אַרויס... געריסן זיך צום רוישיקן, אימפעטדיקן לעבן.

צופיל אויסגערוט איז ער געווען, בעריש. און צוזאַמען מיט די כוחות איז צוריקגעקומען דער אַמאָליקער אימפעט, דער אומרו, דער דראַנג צו באַוועגלעכקייט, צו מסחר, צו אַן אַרבעטזאַם, מיפּול לעבן, ווי ער איז געוווינט. בעריש האָט נאָר פאַרשטאַנען אַ לעבן אַ האַווענדיקס, מיט אַמביצ־יעס, מיט אינטערעס. אין די לאַנגע חדשים פון בעט־ליגן האָט זיך אין אים אָנגעזאַמלט ענערגיע. אַן איבערפלוס פון ענערגיע האָט איצט גע־שפּאַרט פון זיין קרעפטיקן קערפּער און געזוכט אויסלאָדונגס־מעגלעכקייט.

ער איז שוין איצט נישט געווען קיין קראַנקער אין א שפּיטאָל, נאָר אַן אַרעסטאַנט אין תפיסה ערב זיין באַפרייאונג... און, ווי ס'איז דערלויבט אַ לאַנגטערמיניקן אַרעסטאנט, ערב זיין באפרייונג, אָנצומעסטן זיינע ציווילע בגדים, מיט וועלכע ער וועט מאָרגן פאַרלאָזן דעם תפיסה־טויער; — אַזוי האָט שוין בעריש אָנגעמאָסטן זיין נייעם אָנצוג און שיך, וואָס וויערא אנד־רייעוונא האָט אים באַשטעלט אויף איר חשבון... ער האָט עס געמאָסטן מיטן ארעסטאנטישן פיבער... און אין נייעם אָנצוג האָט זיין הויך־וווקסי־קייט און ברייט־פּלייציקייט זיך צעשריען מיט גבורה און פאַרמעסט!... ער האָט אָנגעטון דעם פילצענעם הוט, געפלאָכטן דעם זיידענעם, רויטן אויס־בינדער, געקוקט א צעשמייכלטער אין שפּיגל אַריין און געטראַכט וועגן „מאָרגן״... וועגן דער „פריי״... וועגן דער ליכטיקער וועלט... וועגן שטעט

און שטעטלעך, איבער וועלכע ער וועט אַרומפאָרן זוכן זיין ווייב און קינד.
און: ווי זינא און עסטושיא וועלן עס איבערראַשט ווערן, ווען זיי וועלן אים דערזען א לעבעדיקן, א תחית־המתים־אויפגעשטאַנענעם, א געזונטן, א פרישן, א מונטערן!...

קוקנדיק אויף אים, האָט זיך די שווארץ־חנעוודיקע קראַנקן־שוועס־טער סאַרא נישט געקענט איינהאַלטן, נישט א שושקע־צו־טון וויעראַ אַנד־רייעווּנאַן אין אויער:

— האָסט זיך אויסגעפּאַשעט אַ וואַזשנעם אינדיק אויף יום־טוב!...

פון וואָס וויעראַ אַנדרייעווּנאַס בעקלעך זענען געוואָרן פּורפּור־רויט און די סערע, קעצישע אייגעלעך — נאָך פייכטער און גלאַנציקער...

וויעראַ אַנדרייעווּנא האָט א גאַנץ אַנדערן חשבון געמאַכט אין צוזאַ־מענהאַנג מיט בערישעס אויסגעשריבן־ווערן פון שפּיטאָל. זי האָט געהאַלטן אַז אויף צו געפינען זיין ווייב און קינד, אין די טעג פון מאַסן־פאַרשיקונג און לויפעניש איבער גרענעצן, זענען דאָ קנאַפּע שאַנסן... פון איר לעבנס־דערפאַרונג אין איר לאַנד ווייסט זי: אַז מען ווערט איין מאָל צעשיידט, איז מען שוין צעשיידט אויפן גאַנצן לעבן!... און דערפאַר טאַקע, האָט זי זיך איצט פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן זייערע בשותפותדיקע צוקונפטס־פּלענער און קודם־כל — מיטן אינטענסיוון בויען א פאַמיליען־נעסט... זי האָט אויסגערעמאַנטירט איר וווינונג, וואָס איז נאַציאָנאַליזירט געוואָרן ביי א פּוילישן פּאָלקאָווניק, אריינגעשטעלט קאָנפיסקירטע ניי־מעבל, אויסגע־פּוצט מיט טעפּיכער און זשיראַנדאָלן, מיט בילדער, בלומען־וואַזעס, פּאָר־צעליי־פיגורן און קרישטאָלן... אין דער קליאַטקע וועט זיך דער אָדלער אירער פילן היימיש!... זי וועט אים געבן אַזויפיל ווארעמקייט, אַזויפיל צערטלעכקייט און ליבע, אַז ער וועט אָן אַלץ פאַרגעסן און צוגעבונדן ווערן נאָר צו איר!...

דערווייל האָט בעריש, אַן אומרואיק־נערוועזער, טאַקע ווי אַן אָדלער אין אַ קליאַטקע, אַרומגעשפּאַנט איבער דער פּאַלאַטע אין זיין שפּיטאָל־כאַלאַט און נישט געקענט פאַרשלינגען דעם צעשמייכלטן געדאַנק, אַז ער איז ניי־געבוירן... אַז ער איז תחית־המתים אויפגעשטאַנען צו א ניי לעבן!...

און אריבערבויגנדיק זיך איבערן פאַראַפּעט פון פענצטער, וואָס איז אַרויס אין א צעגרינטן סקווער, האָט ער אליין נישט געפילט, ווי ער האָט זיך צעזונגען מיט זיין זאַפטיקער וויאָלאָנטשעל־שטימע...

וויעראַ אַנדרייעווּנא האָט אים דאָס ערשטע מאָל געהערט זינגען...

און אַלץ אין איר האָט זיך געריסן, מיטצוזינגען מיט אים צוזאַמען, אַ ניי, פריידיק, בשותפותדיק געזאַנג...

***

דאָס איז געווען די לעצטע נאַכט פאַרן אויסשרייבן זיך פון שפּיטאָל.

בעריש האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען אויף דעם שמאָלן, צוגע־געסענעם שפּיטאָל־בעטל. כאָטש אין דעם בעטל האָט ער זיך אויסגע־קרענקט און אויסגעווייטיקט, כוחות אָנגעזאַמלט און שיכרותדיקע אָוונטן פאַרבראַכט, אונטער וויעראַ אנדרייעוונאַס צעשאָטענע סנאָפּעס ווייצן־האָר... — האָט ער עס פיינט געקראָגן, ווי די גאַנצע פּאַלאַטע, מיטן קרעכצעניש און קאַרבאָל־גערוך!... ער האָט זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער אַנדערער. אויפגעזעצט זיך און ווידער זיך געלייגט. יעדעס מאָל — אויפגעקלאַפּט דאָס קישעלע, אַרויף און אַראָפּגערוקט און... קיין שלאָף האָט אים אַלץ נישט גענומען.

ער האָט געוווּסט, אַז ביי וויעראַ אַנדרייעוונאַן אין קאַנצעלאַריע־צי־מער הענגט שוין זיין נייער אנצוג... עס הענגט דער רעגנמאַנטל, דער אויסבינדער, דער הוט... עס שטייען די נייע טופל און עס וואַרט אַ פּע־קעלע וועש... מאָרגן אין דער פרי, ווען זי וועט קומען, וועט ער זיך אָנטון און ... אַדיע מיטן שפּיטאָל!...

דער ערשטער וויזיט זיינער דאַרף טאַקע זיין ביי איר, ביי וויעראַ אַנדרייעוונאַן... אַזוי האָט ער מיט איר אָפּגערעדט. דאָרטן וועלן זיי אויס־טרינקען לכבוד זיין געזונט ווערן... זי האָט אים אויך צוגעזאָגט צו באָרגן עטלעכע הונדערט רובל אויף אַרומצופּאָרן זוכן זינאַן און עסטושיענקאַן...

זי האָט אים געזאָגט:

— ווּעסטו זיי געפינען, איז ווינטש איך דיר גליק אין דיין ווייטער־דיקן לעבן מיט דיין משפחה!... אָבער אַזוי לאַנג ווי דו וועסט זיי נישט געפינען און ביז דו וועסט זיך איינאָרדענען, וועסטו וווינען ביי מיר... עס וועט דיר גאָרנישט פעלן ביי מיר... און דו ביסט זיך מיט גאָרנישט מתחייב!...

און נאָך האָט זי אים געזאָגט:

ער וועט זיין ביי איר אַזוי לאַנג, ווי ער וועט עס וועלן... דערצו איז איצטער אַ סך געזונטער פאַר אים צו וווינען ביי איר אויס זיכערקייטס־

טעמים... מען כאַפּט לעצטנס זייער פיל און מען פאַרשיקט... וווהין?... ער איז אַ נאַאיווער מענטש, אויב ער פרעגט אַזוי!... אין רוסלאַנד איז דאָ וווהין צו פאַרשיקן... גיב גאָט געזונט!... אָבער פאַר אים, בעריש, וועט זי זיך אויסטאַרען אַ פּאַס אָן אַ פּאַראַגראַף, אָן אַ נומער „11". יאָ, זי וועט עס אים זיכער קענען דערליידיקן און אויך אַ פּאָסטן וועט זי פאַר אים קענען קריגן אַ לייטישן, אויב ער וועט וועלן אַרבעטן. כאָטש זאָל ער נישט מיינען, אַז ער איז שוין פולקאָם געזונט! ער מוז נאָך זיין אונטער איר אָבסערוואַציע... ער מוז האָבן רו און גוטע דערנערונג. מען מוז אים נאָך באַדינען און זאָרגן פאַר אים ווי פאַר אַ קינד!...

און בעריש טראַכט:

אַ האַרציקע, אַ טייערע, אַ זיסע מויד איז זי, די וויערא אַנדרייעווּנאַ!... אַ פּשוטע אַזאַ, אָן קיין שום קונצן!... און די פּשוטקייט האָט אַ באַזונדערן חן... וואָלט ער אַ בחור געווען, וואָלט ער זיך געדאַרפט שעצן גליקלעך, וואָס ער האָט געוווּנען איר האַרץ, איר ליבע... דאָס איז דאָך אַן אוצר!... אַזאַ צערטלעך באַשעפעניש איז זי!... מיט אַזאַ פרויען־רייץ, וואָס פאַר־שכורט אים! זי איז אַזאַ פלאַמיקע, אַז זי צינדט אים אַזש אָן די געבלוטן!... און ווי געטריי זי איז! זי האָט זיך דאָך ממש מקריב געווען פאַר אים! זי און נאָר זי האָט אים דאָך געשטעלט אויף די פיס. ווען נישט זי!... און איצט גיט זי אים נאָך געלט צו פאָרן זוכן זיין ווייב און קינד!... אויס־געקליידט אים פון קאָפּ ביז די פיס, גיט געלט און שיקט זוכן אַן אַנדער ווייב!... מען דאַרף דאָך שטיין אויף אַ הויכער, מאָראַלישער מדרגה. מען דאַרף דאָך האָבן אַ כוח צו גיין אויף אַזעלכע קרבנות, ווען מען ליבט אַ מאַן!...

זינאַ... עסטושיאַ... — אוודאי געהערט ער צו זיי! ער וועט זיי זוכן און נישט רוען, ביז ער וועט זיי געפינען! ער מוז זיי געפינען! זיי וואַל־גערן זיך דאָך ערגעץ נעבעך אַרום, עלנטע און הילפלאָזע! ווי מעג ער זיך גאָר פאַרשכורן מיט פרעמדער ליבע? איצט, אין אַזאַ צייט! אין אַזעלכע בלוטיקע, מהומהדיקע טעג! זיין אייגן ווייב און קינד מאַכן איצט אַדורך דאָס שווידערלעכסטע פון מלחמה־גיהנום! און ער... וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן ליגן אים אין זינען! ער שפּילט זיך גאָר אין סענטימענטן! ראָמאַנען גאָר! וויערא אַנדרייעווּנאַ האָט פאַר אים פיל געטון. דאָס איז אמת! איז דאַרף ער איר דאַנקבאַר זיין דערפאַר און נישט מער! זי איז אַ גוטע, אַ טייערע נשמה! זי איז אוודאי ווערט געליבט צו ווערן. אָבער

ער, — ער האָט נישט דערצו דערצו קיין רעכט! ווי וואַגט ער גאָר צו טראַכטן וועגן דעם?! עס פּאַסט פאַר אַן אומפּאַראַנטוואָרטלעכן ייִנגל! אָבער נישט פאַר קיין טאַטן פון אַ צוועלף־דרייצן־יעריקער טאָכטער! טאַקע דרייצן יאָר... ערב פּורים איז דאָך געווען איר געבורטס־טאָג... עסטושיע איז שוין אַ פריילין פון דרייצן יאָר!...

ווי וואַגט ער צו טראַכטן?...

נאָכדעם שוין ווי ער האָט זיך אַליין אָנגעזידלט פאַר זיינע זינדיקע געדאַנקען און באַשלאָסן מער דערפון נישט צו טראַכטן, — האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז עס טראַכט זיך ווידער... קעגן זיין ווילן, צו להכעיס זיין באַשלוס, טראַכט זיך עס! ווי ער וואָלט גאָר קיין באַלעבאָס נישט געווען איבער זיינע געדאַנקען... וויערא אַנדרייעוונאַ מיט אירע סנאָפּעס ווייצן־האָר, מיט איר פאַרריסענעם נעזל און סערע, קעצישע אייגלעך, מיט איר ליידנשאַפטלעכקייט און יונגפרוילעכער, זאַפטיקער רייפקייט, נאָך וועלכער ער איז אַזוי אויסגעבענקט און אויסגעהונגערט; — זי איז שטאַרקער פאַר אים... מיט אַלע אירע שוואַכקייטן איז זי שטאַרקער פאַר אים און זיינע באַשלוסן. זי וויל בשום אופן נישט אַרויס פון זיין האַרץ און געדאַנק!...

„מאָדנע פרויען זענען זיי, די רוסישע!... דער היפוך פון ייִדישע מייד־לעך! אַ ייִדיש מיידל טוט דיר אַ טובה, אַז זי לאָזט זיך געבן אַ קוש... זי מאַכט דיך רייך מיט איר ביסל ליבע און באַגילד זי דערפאַר!... אפילו ווען זי אַליין איז פאַרליבט, באַמיט זי זיך נישט אַרויסצוווייזן עס, חלילה... פאַרקערט: זי שפּילט אַ ראָל, ווי זי איז גלייכגילטיק, זי דאַרף עס נישט... זי טוט עס נאָר פאַר אים... און זאָל ער וויסן, ווי דאָס אָפּצושאַצן!... און דער מאַן פילט זיך טאַקע תמיד ביי איר ווי פאַרפליכ־טעט! פאַרפליכטעט פון ערשטן קוש אָן... דאַקעגן די רוסישע זענען אָפנהערציקע, צוגעלאָזענע, אויפריכטיקע... זיי זאָגן ערלעך, וואָס זיי טראַכטן און וואָס זיי פילן. האָבן זיי ליב, איז מיטן גאַנצן האַרצן! מיט דער נשמה און מיטן קערפּער. זיי מאַכן נישט מיט זיך קיין צימעס, קיין מענטליק... ברענגען זיך דיר נישט קיין „קרבן" און פאַרלאַנגען נישט דערפאַר קיין אונטערטעניקייט. פאַרקערט: זיי גיבן זיך דיר אָפּ מיט לייב און לעבן און פאָדערן נישט דערפאַר קיין פאַרפליכטונגען. אָט, וויערא... זי גיט מיר נאָך געלט צו פאָרן זוכן מיין ווייב און קינד. וועל איך זיי געפינען, איז ווינטשט זי מיר גליק... און האָט נישט צו מיר

קיין טענות, אַז איך האָב איר „צוגענומען די קרוין פון קאָפּ, אויסגענוצט און געשאָכטן אָן אַ מעסער"!... און ווען נישט; — וועט זי וואַרטן אויף מיר מיט איר ליבע און געטריישאַפט!"...

און ווידער:

„זאָל זי וואַרטן! איך האָב מיינע פליכטן. איך בין אַ מאַן פון אַ פרוי און אַ טאַטע פון אַ קינד!" — האָט ער זיך אויפגעריסן פון זיין געלעגער, ווי מיט דער האַסטיקער באַוועגונג איבערצורייסן אויך זיינע געדאַנקען.

ער האָט אָנגעטון דעם שפּיטאָל־כאַלאַט, די שטעק־לאַטשן און איז צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענצטער.

אַ ליכטיקע, וואַרעמע לבנה־נאַכט. אַ פריש, שמעקענדיק ווינטל האָט אים שטיפעריש אין פּנים אַ קוש געטון און אַ שפּיל געטון זיך מיט זיינע קרויזן. אַזוי פּשוט און שיקסיש־דרייסט ווי וויעראַ אַנדרייעוונאַ...

„וויעראַ, וויעראַ אַנדרייעוונאַ... אַ געזונט איר אין די ביינער אַריין!... ווי זי האָט עס מיך אַ נעם געטון!...

„און אפשר בין איך פאַרט נישט איך?... נישט דער זעלבער בעריש קופערשמיד פון אַמאָל! ווי קומט עס דען צו מיר, דעם סוחר, דעם געשעפטסמאַן, וועלכער האָט זיך קיינמאָל אין די זאַכן נישט געשפּילט?... און דערצו נאָך — אַ שיקסע! אין דער צייט ווען גויים פאַרגיסן יידיש בלוט, זאָל איך האָבן צו טון מיט אַ שיקסע! נישט אַנדערש, נאָר תחית־המתים בין איך אויפגעשטאַנען טאַקע אינגאַנצן אַן אַנדערער!... וויעראַ אַנדרייעוונאַ זאָגט, אַז מען האָט מיר געמאַכט גרויסע בלוט־טראַנספוזיעס. אַז אין מיר איז איצט דאָ מער פרעמד בלוט ווי אייגן... ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ בלוט עס פליסט איצט אין מיר?... מיט וועמענס בלוט איך לעבן?... אפשר האָט עס אַ השפּעה אויף געדאַנקען און געפילן?... און אפשר האָט עס וויעראַ אַנדרייעוונאַ אַליין געגעבן איר בלוט פאַר מיר אויף טראַנספוזיעס?! און איצטער רייסט זיך איר בלוט אין מיר, צוריק צום פריערדיקן, אייגנטלעכן קוואַל?... דאָס פאַרליבטע, געטרייע קעצל איז אויף אַלץ פּעאיק!... ווייל... איך בין דאָך פאַרט נישט דער זעלבער פון פאַר מיין טויט! איך דערקען זיך דאָך אַליין נישט. וואָס טוט זיך דאָ?... אַזאַ פּשוטע, ווייצענע שיקלסטשינע האָט עס מיר דעם גאַנצן מוח און דאָס האַרץ צוגענומען!... אַז אפילו ביינאַכט קען איך זיך נישט פון איר באַפרייען... אָט שטיי איך אַ גאַנצע נאַכט, ווי אַ נאַריש סטודענטל און ווייק זיך אין סענ־

טימענטאַלן ראָסל!... ווען בין איך עס געווען אַזאַ לעקישעוואַטער סטו־דענטל?!... — — —".

און ווידער האָט ער זיך דערמאָנט אָן די נייע קליידער, וואָס הענגען אין צווייטן צימער. ער וועט זיי מאָרגן אָנטון און אַרויס פון שפּיטאָל, אין דער וועלט אַריין!...

צווישן די ווענט פון שפּיטאָל איז ער אַלץ נישט אין אָרדענונג מיט זיינע געדאַנקען. אין דרויסן, וועט ער זיך אויסניכטערן!... דאָס רעאַלע לעבן וועט אים צוימען זיין קרענקלעכע שפּיטאָל־פאַנטאַזיע, וואָס קומט פון חדשים לאַנג פּוסט און פּאַסטעווען אין אַ בעט... אין דרויסן וועט ער אָנהויבן צו טראַכטן רעאַל. דיווירקלעכקייט וועט אים צווינגען!

**
*

שטייענדיק אַזוי ביים פענצטער, האָט בעריש באַמערקט עפּעס אַ מאָדנע, פלוצלינגדיקע באַוועגונג אין גאַס. עס איז דאָך ערשט האַלבע נאַכט. עס מוז זיין אַרום צוויי אַ זייגער. און די באַוועגונג איז, ווי עס וואָלט שוין געווען באַגינען. אויטאָס האָבן זיך צערוישט און אימפּעדיק פאַרבייגעפאָרן הין און צוריק די דערביי ליגנדיקע גאַסן. מיליטער לייט אין פולער קריגס־אוניפאָרם, מיט מעטאַלענע העלמען און געווער לויפן אימפּעדיק פאַרביי ווי אויף מאַנעווערעס.

— זאָלן עס זיין מאַנעווערעס?

זיינע אויערן האָבן אויך אָנגעהויבן צו באַנעמען ווייטע, טעמפּע אָפּ־הילכן, ווי עס וואָלט ערגעץ ווייט געדונערט. ער קוקט אויפן הימל. דער הימל איז לויטער. קיין מינדסטער וואָלקנדל איז נישטאָ. מען זעט אויך נישט קיין מינדסטן בליץ, וואָס קומט געוויינלעך פאַר אַ דונער. און דאָך דונערט עס! און וואָס אַמאָל שטאַרקער! און אויטאָס מערן זיך אין גאַס און מיליטער לייט לויפן וואָס אַמאָל אַלץ געדיכטער, האַסטיקער און בהלהדיקער!

— וואָס זאָל דאָס זיין? מלחמה? מלחמה צווישן רוסלאַנד און דייטש־לאַנד? עס איז מעגלעך! אוודאי איז עס מעגלעך! ווער האָט זיך עס דען נישט פאָרגעשטעלט?... אָבער וואָס טוט זיך דאָ: אויף די אויטאָס זיצן דאָך אויך פרויען און קינדער!... זאָל זיין, אַז מען עוואַקואירט זיך? באַלד ביים ערשטן שאָס עוואַקואירט מען זיך?! מען לויפט אַזוי ווי פון פוילן... און געזאָגט האָט מען, אַז זיי קענען אין איין טאָג בערלין צעשמעטערן!...

די דונערן זענען געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ מעכטיקער, אַזוי אַז די שפּיטאָל־שויבן האָבן זיך שוין אַזש צעקלונגען. די קראַנקע האָבן זיך אויפגעכאַפּט, גענומען זיך זעצן און הויבן פון די ערטער:

— וואָס איז געשען, האַ?!

— דאַכט זיך, מלחמה! — האָט בעריש, אַ בלייך געוואָרענער, אַרויסגעזיפּצט פון צווישן די ציין.

ווער עס האָט נאָר געקענט פון בעט אַרויסגיין, האָט זיך בהלהדיק געשפּאַרט צו די פענצטער. און די צום בעט צוגעשמידטע האָבן צעפּראַלט צעשראָקענע אויגן, פאַרקרימט די בלייכע געזיכטער און אַנגסטיק זיך צערעוועט.

עס איז געוואָרן אַ געלויף פון קראַנקן־שוועסטער צו באַרואיקן דעם עולם. די קראַנקן־שוועסטער אַליין האָבן אָבער פּחדנותדיק געפּלאָנטערט, אָנגעוואָרפן נאָך מער אימה און גרעסער געמאַכט די בהלה.

בערישן איז געקומען אַ ניכטערער געדאַנק אין קאָפּ אַריין: ער מוז איצט זיין אָנגעטון! ער מוז איצט זיין גרייט אויף אַלע עווענטואַליטעטן! זיין גרייט צום לויפן! דעם דייטש האָט ער שוין פאַרזוכט. אַ גרויל נעמט אים אַרום דאָס גאַנצע לייב ביים געדאַנק, אַז ער קען דאָ אַמאָל בלייבן שטעקן און ווידער אַריינפאַלן אין זייערע הענט. וואָס טוט מען אָבער מיט די קליידער? אין די שפּיטאָל־וועש מיטן כאַלאַט און שטעק־לאַטשן קען מען דאָך נישט לויפן! ער מוז זיך אָנטון און וואָס שנעלער! וואָס־זשע טוט מען? אַלץ איז פאַרשלאָסן אין וויערא אַנדרייעוונאַס צימער. ער מוז עס אָבער אַרויסבאַקומען! ווער ווייסט, ווען וויערא קען קומען? און צי זי וועט נאָך בכלל קומען?! ליבע און געפאַר זענען צוויי באַזונדערע זאַכן... זי וועט איצט טראַכטן וועגן זיך. לויפן זיך ראַטעווען. און זי וועט גערעכט זיין. און ער, אין אונטער־וועש... עס קען אַמאָל זיין צו שפּעט!!!

אין דער אַלגעמיינער בהלה האָט קיינער נישט באַמערקט, ווי בעריש איז צוגעגאַנגען צו דער טיר פון וויערא אַנדרייעוונאַס צימער און זי גענומען שפּאַרן. צי דער שלאָס איז געווען אַ שוואַכער, צי די נערוון אין אים האָבן אַזוי האַסטיק אַ שטויס געטון? — די טיר האָט זיך לייכט נאָכגעגעבן. בעריש איז אַריין, גענומען פיבערדיק אַראָפּוואַרפן פון זיך די שפּיטאָל־וועש און אָנטון זיך זיינע נייע בגדים. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, איז ער אַרויס פון צימער און צוריק פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

— וואָס טוט מען איצט? — האָט ער אַ טראַכט געטון — וואַרטן ביז עס וועט טאָג ווערן, אָדער שוין לויפן? און וווהין לויפט מען?

ער קוקט דורכן פענצטער און זעט נישט, אַז ציוויל־באַפעלקערונג זאָל בכלל לויפן. מען זעט איבערהויפּט נישט קיין ציווילע מענטשן אויף דער גאַס! די פרויען און קינדער, וואָס ער זעט אין די מיליטערישע אויטאָס, ·זענען רוסישע. זעט אויס, די משפחות פון די נאַטשאַלניקעס און קאָמאַנדירן, וועלכע עוואַקויִרן זיך.

די האַרמאַטן־שאָסן זענען שוין איצט געווען אַזעלכע שטאַרקע, ווי זיי וואָלטן געקומען פון גאָר נאָענט, ממש פון הינטערן שטאָט! דערצו האָט ער דערהערט דעם גוט־באַקאַנטן געוויש פון באָמבאַרדיר־עסקאַד־רעס. ער האָט אַרויפגעקוקט צום הימל און דערזען מחנות שוואַרצע פינטעלעך, אין די הונדערטער! און אַרום זיי — ווייסע רויכלעך, ווי קליינע וואָלקנדלעך, וואָס קומט פון זעניט־אַרטילערישע באַשיסונגען.

— יאָ, די חתונה האָט זיך אָנגעהויבן!... — האָט ער הויך אַ זאָג געטון צו זיך אַליין — דאָס בילד איז מיר באַקאַנט... איך קען שוין דעם טעם!...

פון די פּאַלאַטעס האָט זיך צעטראָגן אַ האַרץ־רייסנדער יאָמער. די צוגעשמידטע צו זייערע בעטן שווער־קראַנקע, האָבן דערפילט דעם גרויל פון זייער סיטואַציע און אַנגסטיק זיך צעקלאָגט, פּלאַטערנדיק מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

איינעם, צוויי, דריי, קען מען אַמאָל ראַטעווען, מיטשלעפּן אויף די פּלייצעס. אָבער נישט אַן איבערפולטן שפּיטאָל! אַלע זענען עלנט און הפקר, אָן פריינט און אָן משפחה, דאָ ליגן מערסטנטייל פּליטים. ווער אָן אַ פוס און ווער — מיט אַ צעשניטענעם בויך, מיט פּאָדעס, אָדער קלאַמערעס פאַרנייט. מען קען דאָך נישט לויפן בלוטנדיקע און האַלטן די געדערים אין די הענט!

פּלאַטערן זיי. די אַנגסט האָט נאָך מער פאַרקרימט זייערע יסורים־פּנימער, צעפּראַלט וואַנזיניקע אויגן און פאַרשמאַכטע מיילער. און אַלע־מענס קולות האָבן זיך פאַראייניקט אין איין גרויליקן קלאָג! אַזוי קלאָגן, מסתמא, מענטשן אויף אַ צעבראָכענער שיף, וועלכע טרינקט זיך ביינאַכט אין מיטן ים!

בערישן האָט דאָס האַרץ פאַרקלעמט. ער האָט עס נישט געקענט

צוהערן און צוזען. אים אַליין האָט אַ געוויין געשטיקט, אויף זייער הילפסלאָזיקייט און עלנט. אויף זייער געחתמטן גורל!

אַן אימפעט האָט אים אַרויסגעטראָגן פון דער פּאַלאַטע, אַדורכגע־טראָגן דעם לאַנגן קאָרידאָר און אַראָפּגעטראָגן איבער די טרעפּ, צום הויף צו. ער איז צוגעלאָפן צום טויער. דאָס טויער איז געווען געשלאָסן און אין דער דרויסנדיקער זייט איז געשטאַנען דער וועכטער.

— מאַך אויף! — האָט בעריש אַ געשריי געטון.

— וווהין לויפט איר?

— זיך ראַטעווען! איר זעט דאָך, וואָס עס טוט זיך! גלאָצט נישט מיט די אויגן, נאָר עפנט שנעלער דאָס טויער! קיין טויער טאָר איצט נישט זיין געשלאָסן אין אַזאַ געפאַר!

— איך ווייס אָבער נישט, צי איך האָב אַ רעכט? — האָט דער וועכטער געשטאַמלט אַ צעטומלטער.

— וואָס פאַר אַ רעכט, אין אַ צייט פון אַ באָמבאַרדירונג?! טאָמער געשעט אַן אומגליק, דאַרף זיין פריי דער וועג, מען זאָל קענען לויפן! עפנט שנעל אויף!

בערישעס טאָן איז געווען אַזוי באַפעלנד, אַז דער צעטומלטער וועכ־טער האָט תיכף אויפגעשלאָסן.

איצט איז בעריש געשטאַנען אין דרויסן, נעבן דעם וועכטער, געקוקט צו די שוואַרצע, ברומענדיקע פינטעלעך אין הימל־קופּאָל, צו די פאַרביי־פאָרנדיקע אויטאָס און פאַרביילויפנדיקע מיליטערלייט און אַלץ נישט געקענט זיך דעצידירן, וואָס צו טון: לויפן, אָדער וואַרטן?

כאָטש פאַר אים איז אַלצדינג שוין געווען קלאָר, האָט ער דאָך ביי איין פאַרביילויפנדיקן אָפיציר אַ פרעג געטון:

— טאָוואַרישטש קאָמאַנדיר! וואָינאַ?

— „קאַזשעטסיאַ!... — האָט דער אָפיציר אַ וואָרף געטון מיט אַ פּיל דייטיקן בליק און ווייטער געלאָפן.

— „קאַזשעטסיאַ“ איז גענוג!... — האָט בעריש אַ זאָג געטון צום וועכטער. — „קאַזשעטסיאַ“ הייסט: נאָך אַלעמען!... איז וווהין לויפט מען?

אין דעם מאָמענט איז אָנגעפאָרן אַ לאַסט־מאַשין און זיך האַסטיק אָפּ־געשטעלט פאַרן שפּיטאָל־טויער. אין דער אויפגעפּראַלטער טיר פון דער „שאָפערקע“ האָט פאַר בערישן אויפגעלויכטן דער קאָפּ ווייצן־האָר פון ווערא אַנדרייעוונאַ!...

— וויעראַ!!!... — האָט בעריש פריידיק אויסגעשריען ווי אַ באַגייס־טערט יינגל, פאַר וועלכן עס געשעט אַ נס...

— באריס דאָראָגאָי!... — איז וויעראַ אַרויסגעשפרונגען פון אויטאָ און געפאַלן בעריש איין די אָרעמס אַריין. — אַזוי זעט עס אויס, באריס!... אַז דאָס מזל גיט שוין צו מיר אַ שמייכל, מוז באַלד געשען אַן אומגליק!... אָבער זאָרג נישט, טייערער, לאָמיר זיך מוטיקן איינער דעם אַנדערן. איך בין איצט ספּעציעל געקומען נאָך דיר... גוט, וואָס דו האָסט זיך אָנגעטוין. זעסט וווּנדערלעך אויס, באריס!... — האָט זי צו אים אַ שמייכל געטון מיט פולע אויגן טרערן.

און בעריש האָט איצט אַנדערש נישט געקענט. זי איז אים איצט געווען דאָס טייערסטע און נאָענטסטע וועזן אויף דער וועלט! ער האָט זי פעסט אומאָרעמט און אויסגעקושט די זאַלציק־נאַסע בעקלעך און פיבערדיק געגלעט איר וויַיצן־קעפּל.

— אונדזערע דאָקטוירים מיט די משפחות וועלן זיך היינט נאָך עיוואַקואירן. איך ווייס נאָך נישט גענוי, ווען. אָבער מען מוז זיין אויף דער וואַך! איך וועל אויספּועלן אויך אַ פּלאַץ פאַר דיר. אַן דיר, פאַר איך נישט! אויב דו בלייבסט, בלייב איך מיט דיר!

— וויעראַ!!!...

— אַזוי איז דאָס, באריס!... און איצט, קום מיט מיר. ווי אַ זאַך מאַכט זיך, לאָמיר זיך האַלטן צוזאַמען! אַנישט קען מען נאָך צעשיידט ווערן! מיר טאָרן זיך מער נישט צעשיידן, באריס!...

קאַפּיטל 11

## אין אַ ברענענדיקער וועלט

זיי זענען ביידע געלאָפן, האַלטנדיק זיך ביי די הענט, ווי צוויי פאַר־בלאָנדזשעטע, צעטומלט־פאַרלוירענע קינדער אין אַ פרעמדער, רוישיקער שטאָט.

יאָ: בעריש קופערשמיד, ביי זיין הויך־ווּקסיקייט און ברייט־פּלייצי־קייט, האָט זיך איצט געפילט, ווי אַן אומבאַהאָלפן חדר־יינגל. דאַקעגן די שלאַנקע, רירעוודיקע וויעראַ, וועלכע איז פיל יינגער פאַר אים, האָט אים דאָך ווי אַ דערוואַקסענערע, ווי אַ מער פאַרשטענדלעכערע שוועס־

טערל, וואָס נעמט אויף זיך אין אַזאַ פאַל מוטערלעכע אחריות, — גע־שלעפּט ביי דער האַנט:

— שנעלער באַריס! שנעלער! לאָמיר אַריינלויפן אין אַ טויער!

די טויערן און פּראַנטיקע הייזער־קאָרידאָרן זענען פול געפּאַקט מיט צעשראָקענעם עולם. די שרעק שרייט זיי פון די ברייט־צעפּראַלטע, אויס־געגלאָצטע אויגן אַרויס און פון דער בלייכקייט אויף זייערע פּנימער. זיי אַליין שרייען נישט. מען קלאָגט נישט, מען ספּאַזמירט נישט. פאַרקערט: ווי מען וואָלט מורא געהאַט, אַז דער שונא זאָל, חלילה, דערהערן, — קרעכצט מען און מען זיפצט שטיל, געדעמפּט און מען שעפּטשעט:

— שמע ישראל! טאַטע זיסער!

— באָזשע מאָי!

— יעזוס, מאַריאַ!

— העלף!

נאָר די געטער קענען איצט נישט דערהערן די שעפּטשענדיקע, גע־דעמפּטע תפילות פון זייערע גלויביקע, וועלכע קורטשען זיך אין אַנגסטן. צו ווייט זענען זיי און הימל און ערד איז צעשטורעמט. עס איז איצט ערד־ציטערניש און הימל־ציטערניש! און אפילו דער חלל צווישן הימל און ערד איז צעציטערט אין אַ גרויזאַמער לופט־ציטערניש. די ערד וויגט זיך, די ערד הויבט זיך, ווי צו צעעפענען אָפּגרונטן און צו פאַר־שלינגען הייזער מיט מענטשן צוזאַמען! עס דונערט רונד־אַרום דער שטאָט פון מעכטיקע און נאָענטע אויפרייסן און עס הויבן זיך וואָלקנס פון שטויב, רויך און פלאַמען. פלאַמען פון שווערער אַרטילעריע און פון פלוגצויג־באָמבעס. די הערמאָטן רעדן ווערטער. זיי זאָגן־אָן, אַז אָט־אָט־אָט קומען זיי אָן אויף די חורבות פון דער שטאָט! די לופט איז אַן אומ־זעבאַרע, צעציטערטע געדיכטעניש. פון שטאַרקן און האַסטיקן לופט־דרוק ציטערט דאָס פון שרעק שיטער געוואָרענע פלייש אויפן מענטש־לעכן געביין. עס ציטערן הערצער און ס׳ציטערן ווענט און עס צעבראַזגען זיך מיט אַ טייוולאָניש־פריילעכן געלעכטער צעפּלאַצטע שויבן.

עס איז שוין ליכטיקער פרימאָרגן. נאָר ביי די ביאַליסטאָקער איז דאָס אַ פינצטערער פרימאָרגן.

דער גאַנצער הימל־קופּאָל איז פאַרזייט מיט אַ געדיכטעניש פון טונקעלע, הודזשענדיקע פינטעלעך, ווי כמאַרעס מיטן שטורעם־אָנגע־טראָגענע היישעריקן. אָדער ווי מחנות דרוינען (בינען־זכרים) וואָס יאָגן

זיך נאָך זייערע צייטיקע בינען־קעניגינס, מיט מסירת נפש צו באַפּרוכ־פּערן... אַרום די טונקעלע פּינטעלעך צעשפּרייטן זיך ווייסע וואָלקנדלעך פון זעניט־אויפרייסן. אַ שוואַרץ פּינטעלע ווערט פּלוצלינג רויט, צעפלאַ־קערט זיך און נעמט פאַלן צו דער ערד, ווי אַ צעשאָטענער שטערן, ווי אַ פלאַקערנדיקע קאָמעטע. באַלד צעצינדט זיך אַ צווייט פּינטעלע, אַ דריטס און זיי פאַלן, ווי שטיקער פייער פון הימל צו דער ערד. די איבעריקע פּינטעלעך, אין דער הויך, צערוקן זיך, צעשפּרייטן זיך און באַוועגן זיך שנעלער, הודזשענדיקער, אויפגערייצטער, ווי מוראַשקעס ביי אַ פאַרשאָ־טענעם מוראַשניק. איצט פאַלן שוין די באָמבעס געוואָרפענע אין אומאָר־דענונג, ווי נישט אויף קיין באַשטימטע אָביעקטן, אָפּטער און געדיכטער. דער לופט־דרוק פון די באָמבן־אויפרייסן וואַרפט אַזש מענטשן אום און פאַרטויבט מיט ווייטיק די אויערן. צווישן איין אויפרייס און אַנדערן, קלאַפּן כסדר די פּוליעמיאָטן און זעניט־אַרטילעריע: טאַ־טאַ־טאַ! טאַ־טאַ־טאַ! טאַ־טאַ־טאַ! טאַ!

אומעטום איז געפאַר, אומעטום שוועבט דער טויט: אין הימל, אין אין אוויר, אויף דער ערד און אין די שוץ־קעלערן אונטער דער ערד.

— פּעך און שוועבל! סדום קערט זיך!

— די גאַנצע שטאָט איז איין ווולקאַן!

— אַ מבול פון בליי! אַ מבול פון פייער!

— אַ מבול פון בלוט, וויי איז מיר!

— וואָס טוט מען? וווּ ראַטעוועט מען זיך?

— יעזוס, מאַריאַ!

— שמע ישראל!

די קאַנאָנאַדע הערט אויף קיין רגע נישט אויף. עסקאַדרעס פליען־אָפּ און פרישע, שווער־באַלאָדענע עסקאַדרעס קומען־אָן. דער הימל איז מיט שוואַרצן מאָן באַשאָטן. זעניט־אַרטילעריע האַקט פון פאַרשידענע פּונקטן און פּולעמיאָטן טאַ־טאַ־טאַ־טאַקעווען אָן אָפּהאַלט, ווי עס וואָלט זיי גאָר קיין אָטעם נישט אויסגעפעלט. עס פאַלן שפּליטערס, טינק און ציגל. עס פליען דאַך־בלעכן, שטיקער קוימענס און פענצטער־ראַמען. עס קלינגט צעבראַזגעט גלאָז און כלים. עס פלאַקערט אַ צעשמעטערטער אויטאָ. אַ פערד ליגט מיטן אויפגעלאָפּענעם בויך אַרויף און דריגעט מיט די פיס אינדערלופטן. איבער די אָפּגעליידיקטע גאַסן־ברוקן וואַלגערן זיך חפצים: אַ רענצל, אַ רוק־זאַק, אַ היטל, אַ קאַפּעלוש, אַ שוך און אַ שטיקל

קינדער־מלבוש. מענטשן האָבן עס פון זיך־אַראָפּ פאַרלוירן, לויפנדיק זיך ראַטעווען די קעפּ.

עס איז שוין זוניקער טאָג. די אַרטילעריע און לופט־אַנגריפן הערן קיין רגע נישט אויף. דער הימל באָמבאַרדירט די ערד און די ערד צעי רייסט מיט זעניט־שאָסן דעם הימל. און אין צעוווירענעם אַוויר קרייצן זיך די פייערדיקע שליחים פון משחית און טויט.

מענטשן אָבער געוווינען זיך שוין צו צום צעדונערטן גיהנום, צוי־ מען דעם פּחד און אימת־מות. עס איז דאָ נאָך אַ גרעסערער פּחד, אַ גרע־ סערע געפאַר. עס האָט אַ נאָמען. איין וואָרט:

— דייטש!!!

שוין בעסער אומקומען פון אַ בלינדער קויל, פון אַ שפּליטער, אויפ־ געריסן ווערן דורך אַ באָמבע, איידער אַריינפאַלן אַ לעבעדיקער צום דייטש אין די הענט אַריין!

קוקט מען נישט אויפן האָגל פון בליי און פון שרויט, אויף די פעד־ און שוועבל־לאַווינעס און מען לויפט! מען לויפט פון די הויפן, קאָרי־ דאָרן און קעלערן, אין גאַס אַרויס. גאַס־אויס, גאַס־איין און צוריק.

— וווהין לויפט מען?!

— ווו אַנטלויפט מען?!

די פרעגער און לויפער זענען אַליין נאָך פרעמדע. די וועלכע מען האָט נאָך נישט באַוויזן אויסצורייניקן, אַרויסצופירן פון שטאָט און פאַרשיקן צו די ווייסע בערן: די פליטים פון וואַרשע, לאָדזש און אומגעגנט. זיי זענען שוין מקנא די פאַרשיקטע און באַדויערן, וואָס זיי האָבן זיך אויס־ באַהאַלטן. דאַקעגן די ביאַליסטאָקער, טראָץ זייער גרוויליקער שרעק, ווילן נישט לויפן.

— איר, פליטים, האָט שוין סיי־ווי נישט וואָס צו פאַרלירן, איז אייך לייכט צו לויפן!... מיר דאַרפן זיך ערשט צעברעכן!

זיי האָבן שוין געזען, די ביאַליסטאָקער, ווי פליטים זעען אויס. ניין! זיי ווילן אַזוי נישט אויסזען! זיי וועלן נישט לויפן! אָט דאָ וועלן זיי בלייבן און גאָט דער איינציקער זאָל זיי באַשיצן און באַשירעמען! און צווייטנס זענען זיי נישט זיכער, צי דער דייטש וועט זיי נישט אָניאָגן אין מינסק, ווי ער האָט דאָ אָנגעיאָגט די וואַרשעווער און לאָדזשער! זעט אויס, עס איז אַ גזר פון הימל און מען קען גאָרנישט מאַכן! דאָס פאָלק ישראל איז פאַרמשפּט דערטרונקען צו ווערן אין אייגן בלוט! נישטאָ

היינט קיין משה רבינו, וועלכער זאָל שפּאַלטן דעם בלוטיקן ים, נישטאָ! איז נאָכוואָס איז דאָס לויפן? אויב אומקומען, איז שוין בעסער אין דער היים!

דאָך זעט עס אויס, ווי די ביאַליסטאָקער זענען איצט מקנא די פּלי־טים, וועלכע האָבן שוין נישט, וואָס צו פאַרלירן... וועלכע האָבן שוין „געפּאָקט און געמאָזלט און אַדורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרעמס״... מקנא, וואָס איצט איז זיי „שוין אַלץ איינס, ווו זיי וועלן זיך וואַלגערן און ווהין זיי וועלן לויפן...״

אויך בערישן, ווי נאָר דער ערשטער גרויל איז אַריבער זיין לייב און ער האָט זיך אַ זאָג געטון „בישטאָ קיין אַנטרינונגג!״, איז אים איצט שוין אַלץ איינס געוועזן. ער איז איצט געשטאַנען אַ רעזיגנירטער און אַ רואיקער, ווי אַ מענטש וועלכער האָט אויסגעהערט זיין אורטייל און איצט איז שוין קיין ברירה נישטאָ. ער מוז גיין אָפּקומען זיין שטראָף.

„פּאַרפּאַלן, פּאַרפאַלן. דער טויט שפּילט זיך מיט מיר, ווי אַ קאַץ מיט אַ מייזל: זי לאָזט עס אָפּ און כאַפּט עס ווידער... צום סוף בלייבט עס אָן כוחות און ווערט דערשיקט! יאָ, איך בין ביים טויט אין די לאַפּעס! קיין סך מאָל וועט ער מיך שוין נישט אָפּלאָזן. איך וועל אָפּלויפן עטלעכע קילאָמעטער, ער וועט מיך סיי־ווי כאַפּן אונטערוועגנס און דערווערגן ערגעץ ביי אַ פּלויט! נאָכוואָס־זשע איז דאָס לויפן? נאָכוואָס דאָס אָפּציען? אַ סוף זאָל דאָס נעמען! — — —״

דאַקעגן וויעראַ אַנדרייעוונאַ, וועלכע האָט זיך געטוליעט צו אים, ווי אַ דערשראָקן העזעלע, ציטערנדיק מיטן גאַנצן לייב, זי האָט דווקא נישט געוואָלט אומקומען! עס האָט זיך איר נאָך קיינמאָל נישט געגלוסט צו לעבן אַזוי שטאַרק ווי איצט. זי האָט דאָך קיינמאָל נישט געהאַט נאָכוואָס און פאַר ווער... אָבער איצט... — זי מוז דערלויפן מיט בע־רישן צום אָפּגערעדטן פּונקט! זיי וועלן זיכער וואַרטן אויף איר. זיי מוזן זיך עוואַקואירן, אַנטלויפן פון דער געפאַר און דאָרטן... אַך, באַזשע מאָי! אפשר וועט איר שוין ענדלעך באַשערט זיין אַ ביסעלע גליק?...

און בעריש, פילנדיק ווי זי ציטערט און פלאַטערט אויף זיין ברוסט, גלעט ער און קושט אירע ווייצן־האָר, ווי אַ מיט־פאַרמשפּטן, וועלכער ברעכט זיך און דאַרף אַ טרייסט. מעג די טרייסט זיין אַ גענאַרטע, — זי באַרואיקט, אָבער די צעשויבערטע נערוון...

— פּאַניע קופּערשמידז???!

— אוי, ווי איז מיר! דאַכט זיך, טאַקע קופּערשמידט!...

בעריש האָט אָפּגעלאָזן וויעראַן און זיך האַסטיק אומגעקוקט: אַנט־קעגן אים האָבן געבליצט צוויי משוגע־צעשראָקענע, אָבער אויך עטוואָס באַקאַנטע פּנימער.

— יאָ, קופּערשמידט! ווער זענט איר?

— איר לע־ע־ע־בט?!?! — האָבן ביידע, גרויליק־איבערראַשטע, אויסגעשריען מיט איין מאָל.

— האַ? וואָס? אַ, יאָ!... איר זעט דאָך!... — האָט בעריש גע־שטאַמלט — נאָרוואָס אַרויס פון שפּיטאָל.

— ווי איז מיר! אייער פרוי מיט דער טאָכטער זענען דאָך דאָ גע־ווען!... — האָט זיך איינער געגומען קנייפּן די באַקן.

— ווו? וואָס? ווען???! — איז בעריש אויפגעשפּרונגען אַ צעצונדע־נער, פאַרגעסנדיק תיכף דעם גאַנצן גיהנום אַרום אים.

— איי־איי־איי! ערשט מיט דריי טעג צוריק אַוועק...

— וווהין?!

— קיין רוסלאַנד... טיף קיין רוסלאַנד...

— ע... איר פאַרשטייט?... נו, מען האָט זיי אַרויסגעשיקט. אָבער, גלויבט מיר, עס איז גלייכער פאַר זיי!... אַזאַ געפאַר! איר זעט דאָך דעם גיהנום, וואָס דאָ טוט זיך!...

— אוודאי, אוודאי! — האַקט איבער איינער דעם אַנדערן, ווי וועלנ־דיק עפּעס אויסכאַפּן און בעסער דערציילן, אָדער דערקלערן — מזל האָבן זיי געהאַט, די פּליטים, וואָס מען האָט זיי באַצייטנס פאַרשיקט פון דאַנען! יאָ, יאָ... דאָרט זענען זיי כאָטש מיטן לעבן געזיכערט!

— אָבער... אַנטשולדיקט, ווער זענט איר?... — האָט בעריש גע־פיבערט אינגאַנצן.

— איר דערקענט נישט?... ראַפּאָפּאָרט...

— קאָוואַלסקי... פון ווייך געשעפט...

— אַ!... איז דערציילט־זשע מיר, דערציילט גיכער, ווו זענען זיי געווען? ווי האָבן זיי דאָ געלעבט? וואָס האָבן זיי געטון? ווי האָבן זיי אויסגעזען? וואָס האָבן זיי געוווסט וועגן מיר?... דערציילט שוין! גזלנים, רעדט אַ וואָרט!... — האָט זיי ביידן בעריש געכאַפּט ביי די לאַצן פון די רעקלעך און ווילד געטרייסלט הין און צוריק...

וויעראַ אַנדרייעוונאַ האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס די פרעמדע מענער

דערציילן אין יידיש, אָבער איר אייגענע, ווייבערישע אינטואיציע האָט איר שוין אַלץ געזאָגט... דערצו, זעענדיק בערישעס ווילדע איבעררו־אַ־שונג, ווי זיין געזיכט און אויגן האָבן אויפגעלויכטן, ווי זיינע הענט ציטערן, — איז איר די גאַנצע טויטשרעק אַריבער און אַן אַנדער פּחד האָט פאַרנומען דאָס אָרט... דאָס הערצל האָט איצט געשלאָגן טרעוואָגע און אָנגעזאָגט אַ געפאַר, וואָס איז געפערלעכער, ווי דער טויט...

— אוי־וואַ! אוי־וואַ! — האָט זיך ראַפּאָפּאָרט נאָך אַלץ געכאַפּט ביים קאָפּ.

— איי־איי־איי! איינגאַנצן מיט דריי טעג פריער!... מזל, נו!...

— געוואַלד, רעדט שוין אַ וואָרט!... — האָט זיך בעריש געבעטן.

— נו, וואָס זאָלן מיר אייך זאָגן? — האָט ראַפּאָפּאָרט אַלץ נישט געקענט צו זיך קומען פון איבערראַשונג — עס האָט זיי דאָ, חלילה, גאָר נישט געפעלט!

— צווישן אייגענע מענטשן ווערט מען נישט פאַרלוירן!... — האָט קאָוואַלסקי זיך אויסגעדרוקט מיט אַ שמייכל — פּאָרט סוחרים פון איין בראַנזשע...

— ביי רוזשעלע סקולביסעס האָבן זיי געוווינט. איר קענט דאָך די סקולביסעס... ביי זיי אין אַ צימער... איר מאַן איז אויך פאַרשיקט.

— ביי סקולביסן?! — האָט בעריש זיך אַליין אַ פּראַסק געטון אין איין באַק און אין דער צווייטער — אָקס! פערד! בהמה! ווו איז מיין טעמפּער קאָפּ געווען?? מאַנאַטן לאַנג זוך איך זיי אַרום! ליג אין שפּיטאָל, אין ביאַליסטאָק! עטלעכע גאַסן פון דאַנען! און סקולביס איז מיר פון קאָפּ אַרויס! די גאַנצע בראַנזשע פאַרגעסן! קודם־כל האָב איך דאָך געדאַרפט טראַכטן וועגן בראַנזשע־סוחרים! אָט אַ חמור־קאָפּ!!! אַן אייזל! אַן אידיאָט איך בין! נאָר שטרוי צום קייען!!! — האָט ער געשריען מיט אַ ווילד קול, וואָס האָט זיך כסדר געבראָכן און פאַרשטיקט געוואָרן מיט טרערן.

— באַרואיקט זיך, פּאַניע קופּערשמיד. דאַנקט גאָט, אַז איר אַלע לעבט!... אַז מען לעבט, טרעפט מען זיך!... אַ באַרג מיט אַ באַרג טרעפט זיך נישט אָבער...

— וואָס שטייען מיר דאָ, אונטערן האָגל? קומט טאַקע אַרויף צו רוזשעלען, צו די סקולביסעס. זי וועט אייך אַלץ דערציילן!...

— יאָ! קומט!

— איך לויף פאַראויס אַנזאָגן... — האָט קאָוואַלסקי אַוועקגעאײַלט.

זיי זענען איצט געגאַנגען אונטערן האָגל פון פּיפּנדיקע קוילן און שפּליטערס, פאַרגעסנדיק אָן דער גאַנצער געפאַר. בעריש, ווי אַ שטורעם וואָלט אים געטראָגן! דאָקעגן וויעראַן האָבן די קני געציטערט און די טריטלעך האָבן זיך געוואַקלט און געבראָכן...

— ווער איז זי?... — האָט ראַפּאָפּאָרט אַ ווונק געטון אויף וויעראַן.

— אַ דאָקטאָר. די פאַרוואַלטערין פון שפּיטאָל. זי האָט מיך געראַ־טעוועט!...

— אַזוי... נישט קיין מיאוסע...

בעריש האָט באַמערקט ראַפּאָפּאָרטס פּילדייטיקן שמייכל און זיין טאָן דערביי. ער האָט פאַרשטאַנען וואָס יענער אין אויסן. עס האָט אים אַ ברי געטון אין האַרצן, אָבער ער האָט באַשלאָסן, אַז נישט איצט איז דער מאָמענט אויסצוטייטשן און פאַרענטפערן... און ער איז זיך נישט מחויב צו פאַרענטפערן. זאָל יענער טראַכטן וואָס ער וויל! איצט איז אים נאָר וויכטיק צו דערגיין אַלץ וועגן זיין פרוי און קינד!

רוזשעלע האָט גערעדט „פאַר פייער און פאַר וואַסער״... פון איר געשמינקט מיילעכל האָט עס געפליצט אָן אומאויפהערלעכער שטראָם. אַ שטראָם פון האַרטע אַרבעסלעך, צעקלונגענע אויף אַ הילכיקער בלעך...

בעריש האָט געוויינט און געלאַכט, געלאַכט און געוויינט, ווי גערירט פון זינען. זיינע באַקן האָבן געפלאַמט. דער שטערן — געשוויצט, די אויגן — פאַרפערלמוטערט. דערביי האָט ער נערוועז געשלונגען דעם רויך פון סיגאַרעטן, וואָס ער האָט כסדר פאַררויכערט איינעם אָן דעם אַנדערן.

רוזשעלע האָט אים אַריינגעפירט וויזן דאָס צימער, וווּ זיבאַ און עסטושיאַ האָבן געוווינט. דאָס צימער איז אים תיכף ליב, טייער און היי־מיש געוואָרן, ווי זיין וואַרשעווער וווינונג, ווי זייער בשותפותער שלאָף־צימער... ער האָט אַ גלעט געטון דאָס קישן און די קאָלדרע אויפן בעט און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס איז נאָך וואַרעם... אַז עס שמעקט מיטן גערוך פון זייערע קערפּערס... און אין חלל פון צימער, האָט זיך אים געדאַכט, הענגען נאָך ווערטער, וואָס קענען עפּעס דערציילן... ווי קוועליק וואַסער כוואַליען זיך אין חלל די געדעמפּטע, פליסטערנדיקע שטימען פון עסטושיעלען... פון זינען... מיט דריי טעג צוריק זענען זיי

דאָך געווען... ער האָט באַקוקט און מיט ציטערנדיקע פינגער באַטאַפּט יעדע קלייניקייט, וואָס אפשר האָבן עס זינאַ און עסטושיאַ אין זייערע הענט געהאַלטן... און ער האָט שוין לאַנג נישט געהערט מער, וואָס רוזשעלע רעדט צו אים אַזוי געדיכט...

רוזשעלע האָט געאַרבעט אויף אַלע כלים: רעדנדיק צו בערישן, האָט זי גלייכצייטיק גנביש געוווּנקען צו ראַפּאַפּאָרטן און קאָוואַלסקין, טייט־לענדיק אויף וויעראַן... און צווישן איין זאַץ און אַנדערן, צו בערישן, האָט זי באַוויזן אויך זיי אַריינצוואַרפן:

— אָט, מענער, וואָס איר זענט!... דאָס ווייב נעמט זיך דאָס לעבן פאַר אים! און ער נעמט זיך דאָס לעבן מיט אַ שיקסע!... לויבט זיך צו זיין געטריי? ווי די הינט דאַרף מען אייך באַהאַנדלען... און טרייבן פון זיך ווי די הינט!...

וויעראַ אַנדרייעוונאַ האָט נאָך אַלץ נישט געוווּסט גענוי, וואָס דאָ טוט זיך. צי איז דאָ זיין ווייב מיט דער טאָכטער, צי נישט? געזעסן איז זי אַ בלייכע, אַ צערודערטע און אַ שטום־שווייגנדיקע, ווי אויף אַ באַשול־דיקונגס־באַנק. די ריכטער, אַדוואָקאַטן און פּראָקוראָרן רעדן שוין פאַר איר... זיי האַלטן איר גורל אין זייערע הענט, וועגן און מעסטן און שפּילן זיך מיט דעם...

ווען בעריש איז צוריק אַרויסגעקומען פון צווייטן צימער, האָט עס שוין וויעראַ מער נישט אויסגעהאַלטן:

— נאַ, שטאָ?... — האָט זי קוים אַדורכגעזיפּט דורך די ציינדלעך.

— דאָ זענען זיי געווען די גאַנצע צייט... — האָט בעריש אומעטיק געשמייכלט — ביז מיט דריי טעג צוריק זענען זיי דאָ געווען!... מיט דער לעצטער פּאַרטיע האָט מען זיי פאַרשיקט. קיין סיביר, זאָגן זיי. אָדער ערגעץ קיין קאָמי־אַ.ס.ס.ר.

וויעראַ אַנדרייעוונאַ האָט טיף אָפּגעזיפצט מיט דערלייכטערונג. די גע־שפּאַנטע נערוון האָבן נאָכגעלאָזן און ערשט איצט האָט זיך איר פאַר־גלוסט צו וויינען...

די באָמבאַרדירונג איז איצט אָפטער און פילפאַכיק שטאַרקער גע־וואָרן. יעדער טעמפּער דונער, ווי געטראָפן נאָענט, בשכנות, האָט אַזש דאָס גאַנצע הויז אונטערגעהויבן. די ווענט האָבן זיך צעוויגט און דער דיל האָט זיך צעהוידעט, ווי איינגעזונקען צו ווערן אין אַ תהום! אַלץ

געדיכטער זענען שפליטערס געפאַלן און קוילן האָבן פאַרבייגעפייפט די אויערן. אויפגעטרייסלט פונדאַסניי די געמיטער און אויפגעוואַכט די פריערדיקע פאַניק.

— ווי איז מיר! — האָט זיך רוזשעלע צעשריען — קומט אַראָפּ אין „סכראָן״!

— אין קעלער! שנעלער אין קעלער אַראָפּ!

— דאָס הויז פאַלט איין!!! מיר ווערן פאַרשאָטן!

— קינדער, עס איז דער סוף!!!

— געוואַלד! שמע ישראל!

אַלע האָבן זיך אַ שאָט געטון איבער די טרעפּ אַראָפּ, געשפּרונגען ווילד איינער איבערן אַנדערן. געפאַלן, אויפגעהויבן זיך און מיט אַנגסטי-קע געשרייען ווייטער געלאָפן.

ביים שוועל פון קעלער האָט וויערא אַנדרייעוונאַ פאַרהאַלטן בע-רישן:

— וואָס האָסטו באַשלאָסן, באַריס? מיר בלייבן, צי מיר לויפן? נו, באַדענק זיך שנעלער! קיין צייט נישטאָ!

— מיר לויפן, וויערעטשקאַ! נישטאָ נאָכוואָס צו בלייבן! מיינע לייט זענען דאָך אויך אין רוסלאַנד, סיי־ווי מוז איך זיי יאָגן!

— איז שנעלער! מיר טאָרן קיין מינוט נישט פאַרזאמען! זיי קענען נאָך אַנטלויפן און זיך עוואַקואירן אָן אונדז!!!

— קום וויערעטשקאַ, קום! אָדער מיר וועלן געהרגעט ווערן אויפן וועג, אָדער עס וועט אונדז געלינגען זיך אַרויסצורייסן פון דאַנען! נאָר דאָ בלייבן אַ לעבעדיקער, דאָס נישט!!!

און זיי האָבן זיך געלאָזן לויפן אין מיטן גאַס־ברוק, אונטערן האָגל פון בליי, דורך נעפּלען פון רויך, שטויב און פייער.

גלאָז און גרוז, טינק און ציגל האָט זיך געשאָטן אויף זיי און זיי זענען געלאָפן. וויערא האָט נישט אָפּגעלאָזן בערישעס האַנט. אַ שמאָלינקע, אַ רירעוודיקע איז זי געלאָפן פאָראויס און נאָכגעשלעפּט דעם שווערן, הויך־ווּוקסיקן און ברייט־פּלייציקן מאַן, וועלכער האָט איר נאָכגעפּאָלגט ווי אַ געהאָרכזאַם יינגל...

מענטשן האָבן זיי נאָכגעקוקט פון געמויערטע טויערן, קאָרידאָרן און

קעלערן אַרויס, ווי צוויי משוגעים וועלכע זענען, צוליב דער באָמבאַרדי־
רונג אַראָפּ פון זינען!...

****

אין דער סאַמע לעצטער מינוט זענען זיי אָנגעקומען. די דריי לאַסט־
אויטאָס, רעזערווירטע צום עוואַקואירן די מעדיצינישע באַדינונג, זענען
שוין געשטאַנען גרייט אָפּצופאָרן. די מאָטאָרן האָבן שוין גערוישט און
די שאָפערן האָבן געזידלט אויפן רוסישן שטייגער. עס האָבן נאָך געפעלט
מענטשן, עטלעכע וויכטיקע פערזענלעכקייטן. אָבער קיינער האָט נישט
געוואָלט ריזיקירן און וואַרטן אויף זיי.

נישט קוקנדיק אויף דער געפאַר, האָבן זיך אַרומגעדרייט אויפן
טראָטואַר גרופּעס פּוילישע שקצים. זיי זענען איצט געווען אָנגעטון אין
זייערע שענסטע אָנצוגן. באַפּוצט מיט בלימעלעך אין די לאַצן און לוסטי־
קע שמייכעלעך אויף זייערע געזיכטער, ווי צו אַ זונטיק, אָדער חגא־
שפּאַציר... זיי האָבן געוואָרפן שפּאָטישע בליקן צו די זיך־עוואַקואירנדיקע
אין פּאַניק און מונטער אונטערגעזונגען זיך נאַציאָנאַלע לידער... פאַרביי־
שפּאַצירנדיק, האָבן זיי אויך געזונגען דעם פּוילישן הימן: „יעשטשע פּאָל־
סקאַ ניע זגינעלאַ, פּוקי מי זשיעמי!..." דאָס האָט געדאַרפט הייסן: „מיר
ווערן אייך פּטור!"... נישט איין אָקופּאַנט וועט נאָך קומען און גיין און
פאַרגיסן זייער בלוט אויף די פּוילישע פעלדער, אָבער פּוילן וועט זיי
אַלע איבערלעבן, פּוילן וועט נישט פאַרלוירן גיין!... ביז איצט האָט איר
אונדז געהאַלטן אין פּאַניק, אָבער איצט אַנטלויפט איר אַליין אין פּאַניק
און מיר, פּאָליאַקן, בלייבן אויף אונדזער ערד!...

אָט־אָ די שפּאָטישע בליקן, שמייכעלעך און לידעלעך פון דער יום־
טובדיק אויסגעפּוצטער פּוילישער יוגנט, אין די גרוליקסטע מינוטן פון
טויט־געפאַר, האָט די זיך־עוואַקואירנדיקע געבריט נישט ווינציקער, ווי
דער פּעך און שוועבלדיקער מלאך־המוות אַליין.

— דאַוואַי פּאָיעדיעם!

— נישטאָ וואָס צו וואַרטן!

— מיר וועלן וואַרטן, וועלן מיר די קעפּ פאַרלירן!

— אָדער אַריינפאַלן צום דייטש אין די הענט!

וויערא אַנדרייעווונאַ און בערישן איז איצט נישט געווען צום דער־

קענען: די האָר, פּנימער און קליידונג זענען באַדעקט געווען מיט גרויען שטויב פון צעשאָטענעם טינק. פאַרסאַפּעט זענען זיי געווען, מיט אַרויס־געשטעקטע צינגער, ווי מיט שטיינער־פּאַריאַגטע הינט. בלויז די אויגן זייערע האָבן פייכט געגלאַנצט פון פרייד, וואָס זיי האָבן נישט פאַרשפּע־טיקט... מען האָט זיי דערלאַנגט די הענט און געהאָלפן אַרויפשטייגן, אונטעריאָגנדיק:

— דאַוואַיטיע סקאַרעי!

— ביסטראָ! ביסטראָ!

און ווי נאָר זיי האָבן אַרויפגעקלעטערט, האָבן די אויטאָס געריררט פון אָרט. אָבער איידער וואָס־ווען, האָט זיך אַ שאָט געטון אויף זיי אַ האָגל פון שטיינער. דאָס האָט די פּוילישע יוגנט דערלאַנגט זייער לעצטע אָפּ־שיידס־מתנה דעם אָפּטרעטנדיקן אָקופּאַנט... זיי האָבן עפּעס נאָכגעשריען אין כאָר, מיט פריילעך־צעשיינטע פּנימער און צעבליצטע אויגן... די מאָ־טאָרן האָבן פאַררוישט זייערע געשרייען און די אויטאָס האָבן זיך פאַר־קירעוועט צו דער אויסגאַנגס־גאַס פון שטאָט.

— געקומען אין דער לעצטער רגע... אַ גוטער סימן!... — האָט וויעראַ געשמייכלט מיטן גרוי־פאַרשטויבטן פּנים צו בערישן, טוליענדיק זיך אין זיינע אָרעמס.

— האָסט אַ מזלדיקן שטערן, וויערעטשקאַ... און איך געניס אין דיין זכות... — האָט איר בעריש אַ קוש געטון אין פאַרשטויבטן קאָפּ ווייצן־האָר.

ווי נאָר די אויטאָס האָבן אַרויסגערוישט פון די לעצטע הינטער־שטאָטישע געסלעך, אַריבערגעפאָרן דאָס לעצטע בריקל און דורכגעשניטן די באַן־ליניעס, האָבן אַלע פרייער אָפּגעאָטעמט, ווי זיי וואָלטן זיך אַרויס־געריסן פון גיהנום און האָבן שוין אַלע געפאַרן הינטער זיך... די שטאַרק־סטע לופט־אַנגריפן זענען דאָך קאָנצענטרירט אויפן צענטער שטאָט, אויף די בריקן, אייזנבאַן־קנופּן און אַנדערע סטראַטעגיש־וויכטיקע אָביעקטן. אָבער איצט, דאָ אויפן שאָסיי, מיט יעדן קילאָמעטער וואָס די מאַשינען שלינגען איין, האָבן זיי געפילט, אַז זיי דערווייטערן זיך פון פראָנט, פון פאַרשאָלטענעם אָנגרייפנדיקן דייטש!...

אויפן שאָסיי ביאַליסטאָק — באַראַנאָוויטש איז דער געדראַנג פון אויטאָס, וועגענער, מאָטאָציקלען, ראָווערן און פוס־גייער געווען אומ־

געהויער. אַלץ איז געלאָפן אין בהלה און זיך ממש געשטופּט איינער אויפן אַנדערן.

דאַקעגן אויף די פעלדער, ביי די זייטן פון שאָסיי, ווי אַן אויסטער־לישער משונהדיקער קאָנטראַסט, האָבן פויערים רואיק און געמיטלעך געאַרבעט... פּאַסטוכער האָבן געפּאַשעט זייערע קי און ביי טייכלעך האָבן פויערטעס וועש געוואַשן... אויך אין די דערפלעך, וואָס מען איז פאַר־בייגעפאָרן, איז די אָרטיקע באַפעלקערונג געשטאַנען פאַר זייערע שוועלן, געמיטלעך גערויכערט, געשמועסט און אפילו געשמייכלט. אָט ווי די גאַנצע מלחמה וואָלט זיי נישט אָנגעגאַנגען. אַלץ איז נאָר אַ טשיקאַווע שפּיל, אַ פאַרוויילונג פאַר זייערע אויגן...

מיטן זון־פאַרגאַנג איז די שטימונג געוואָרן נאָך פרייער. אין דער פינצטער וועלן דאָך די באָמבאַרדירער נישט זוכן קיין איינציקע אויטאָס, אָדער פורלעך, צום וואַרפן אויף זיי באָמבעס!... וועט מען טאַקע אַזוי, אין טעמפּאָ, אַריינשניידן ביז באַראַנאָוויטש. און דאָרטן איז דאָך שוין זיכער רואיק!...

די אַרטילעריע האָט אַ גאַנצע נאַכט נישט אויפגעהערט. די קאַנאָנאַדע האָט זיך געטראָגן פון אַלע זייטן, ווי פון אַלע זייטן וואָלט דער שונא אָנגעגריפן. אויך אַ גאַנצע נאַכט האָבן געגרעגערט די שטאָלענע רויב־פייגל אין דער לופטן. קיין באָמבעס האָבן זיי איצט נישט געוואָרפן. אָבער פון די פעלדער און וועלדער, אין בײדע זייטן פון שאָסיי, האָבן יעדע ווײלע פאַרדעכטיק אויפגעבליצט פאַרשידן־קאָלירקע פייערלעך און ראַקעטעס, ווי געהיימע סמנים פון שפּיאָנען, אָדער פאַרעטער. אויפן מיניען־זיך פון די פאַרדעכטיקע, פאַרשידן־קאָלירקע פייערלעך, האָבן אויך די אַעראָ־פּלאַנען געענטפערט מיט ליכט־צייכנס און כסדר אַרומגעקרייזט איבערן שאָסיי און די אַרומיקע פעלדער און וועלדער.

די נאַכט איז אַריבער רואיק.

פאַרטאָג האָבן די רייזנדע באַמערקט, אַז אויף די פעלדער וואַלגערן זיך אָן אַ שיער צעשאָטענע פאַראַשוטן. פאַר אַלעמען איז איצט קלאָר געוואָרן, אַז עס האָבן זיך דאָ ביינאַכט אַראָפּגעלאָזן דעסאַנטן און אַז איצט געפינט מען זיך צווישן דייטשן. די געפאַר רינגלט זיי אַרום! די געפאַר פאַרלויפט זיי דעם וועג! די געפאַר איז אויך אַריין אין זייער מיט און זיך אויסגעמישט מיט זיי צוזאַמען!!!

מיטן העלן פון טאָג איז דער הימל ווי דער פאַרצויגן געוואָרן מיט כמאַרעס הודזשענדיקע היישעריקן.

דאָס מאָל, ווי נישט מורא האָבנדיק פאַר קיין זעניט־פייער, האָבן זיך די עסקאַדרעס אַעראָפּלאַנען אַראָפּגעלאָזן נידעריקער, גאָר נידעריק, ממש איבער די קעפּ! איינצלנע האָבן אָנגעהויבן וואַרפן באָמבעס אויפן מהומהדיק־באַוועגלעכן שאָסיי און די איבעריקע האָבן אַראָפּגעשאָסן מיט מאַשין־געווער. זיי זענען געפלויגן אַזוי נידעריק, אַז מען האָט אַזש געזען די פליער און ווי זיי קירעווען מיט די פּוליעמיאָטן. געדיכטע סעריעס קוילן האָבן זיך איצט האָגלדיק געשאָטן איבער שאָסיי און פעלד. געדיכטע סעריעס קוילן פון מאַשין־געווער האָבן איצט געקאָשיעט איבער די קעפּ פון דער פאַרנדיקער און בהלהדיק־לויפנדיקער מאַסע.

אַ פּאָר אויטאָס זענען צעשמעטערט געוואָרן. אייניקע האָבן זיך צע־פלאַקערט און די איבעריקע זענען שטיין געבליבן פאַרדרענגט, פאַר־שטעקט ווי אַ ביין אין האַלדז. די גאַנצע ראָד־באַוועגונג האָט זיך תיכף אָפּגעשטעלט.

דער עולם האָט זיך אַ שאָט געטון פון שאָסיי, צו די זייטיקע פעלדער, צו די וועלדער און קוסטעס, לאָזנדיק אויף הפקר די אויטאָס און גע־שפּאַנען. די שטאָלענע רויב־פייגל האָבן איבער די פעלדער אַרומגעקרייזט פראַנק און פריי און געפּוליעמיאָטעוועט איבערן ליגנדיקן עולם.

אויך בעריש און וויערא זענען געלעגן אין אַ פּייכטער, מאָכיקער גרוב, מיט די פּנימער פאַרגראָבן אין דער קילער פּייכטקייט, וואָס איז וואַרעם געוואָרן פון זייערע הייסע, טרוקענע אָטעמס. פּילנדיק איבער זיך כסדר די ברילנדיקע מלאכי־המוות, האָבן זיי געציטערט מיט די גאַנצע לייבער. געדיכטע סעריעס קוילן זענען געפּאַלן רונד אַרום זיי, געקלאַפּט אין דער פּייכטער ערד אַריין, געהויבן הויפנס ערד און באַשפּריצט זייערע קעפּ און קליידונג. ביידע האָבן איצט געאַנט, אַז דער טויט איז שוין אומפאַרמיידלעך און גרויליק דערוואַרט צו דערפילן דעם שניידנדיקן ווײ־טיק פון די סעריעס, ערגעץ אין אַ טייל פון קערפּער. וווּ וועט עס מיר טרעפן? אין קאָפּ? אין דער פּלייצע? צי אין די פיס? טויטן, אָדער פאַר־וווּנדיקן?״

ביידע זענען שוין זיכער געווען, אַז אָט־אָט און עס וועט זיי ערגעץ טרעפן! און אפשר האָט עס זיי שוין געטראָפן, נאָר פון אַנגסט־שרעק פילן זיי עס נאָך נישט?? די קערפּערס זענען דאָך ווי אָפּגענומען, ווי פאַר־

גליווערטע שטיקער ליים! ניין — ווי העלצער! אפשר וועלן זיי עס שפע־
טער דעם ווייטיק דערפילן?...

וויערא האָט געפּרווווט זיך אַ באַוועג טון. ניין, עס טוט איר אין ערגעץ נישט וויי!... „און וואָס איז מיט באַריסן?" — האָט זי אים אָנגע־כאַפּט ביי דער האַנט. בעריש האָט איר צוריק אַ דריק געטון די האַנט, אַלס צייכן אַז ער לעבט, אַז ער איז גאַנץ, נישט פאַרוווּנדעט... דאַן האָבן זיי זיך בענטער צוגערוקט און צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן און ליגן געבליבן אין אַנגסטיקן שווייגן.

לאַנג האָט געדויערט דער איצטיקער אָנגריף. שעהען גאַנצע! עסקאַד־רעס זענען אַוועק און עסקאַדרעס זענען געקומען און נישט אויפגעהערט אַרומצוקרייזן און פּוליעמיאָטעווען איבערן שאָסיי און פעלדער. שעהען זענען דאָס געווען? ניין! — גיהנומדיקע אייביקייטן!

ווען בעריש און וויערא האָבן זיך נאָכדעם אויפגעהויבן פון זייער גרוב, זענען זיי געווען אַזוי דערשעפּט פון דער אימת־מוותדיקער גע־שפּאַנטקייט, אַז זיי האָבן זיך קוים אויף די פיס געהאַלטן. די קני האָבן געציטערט. די הויט האָט געגרונצלט. און כאָטש די זון האָט שוין שטאַרק געוואַרעמט, האָבן זייערע לייבער געשוידערט פון פּראָסטיקער קעלט. די גאָמבעס האָבן זיך געשאָקלט און די ציינער האָבן געקלונגען... וויערא האָט זיך ערשט היסטעריש צעכליפּעט און בעריש האָט זי שטומערהייט אומאָרעמט און געדריקט צו זיך.

איבערן פעלד זענען נאָך געלעגן מענטשן. טייל זענען געלעגן אום־באַוועגלעך, טייל האָבן געוויינט און טייל האָבן גערופן הילף. אָבער דער גרעסטער טייל איז געלאָפן צוריק צום שאָסיי, צו זייערע אויטאָס און וועגענער.

איבערן שאָסיי איז איצט שוין ווידער געווען אַ האַסטיקע באַווע־גונג. די צעשמעטערטע אויטאָס, וועגענער, פערד און הרוגים, האָט מען פון שאָסיי אַראָפּגעראָמט און אין די זייטיקע ראָוועס אַראָפּגעשלעפּט. דער וועג איז איצט פריי און מאַשינען שטראָמען ווידער מיט אַ האַסטיקן געפלייץ.

— ווו זענען אונדזערע אויטאָס?! אונדזערע אויטאָס זענען דאָך נישטאָ!!! — האָט זיך וויערא אַנדרייעוונאַ גרויליק צעשריגן.

בעריש האָט געקוקט אין אַלע זייטן און האָט טאַקע קיין שטייענדיקע

אויטאָס נישט געזען. אַלץ האָט געדרוישט אין האַסטיקער, אימפּעטדיקער באַוועגונג און בהלהדיק פאַרבייגעשווינדלט פאַר זיינע אויגן.

אַ רגע זענען זיי ביידע געשטאַנען פאַרלוירענע. נאָכדעם האָבן זיי געפּרוווט הויבן די הענט צו די פאַרביישווינדלענדיקע מאַשינען, מיט רחמים־בליקן, מען זאָל זיך אָפּשטעלן, מען זאָל זיי אויפנעמען. קיינער האָט אָבער נישט געענטפערט. קיין איין מאַשין האָט אויף קיין רגע זיך נישט פאַרהאַלטן און אפילו נישט פאַרלאַנגזאַמערט דעם טעמפּאָ.

— נישטאָ די מאַשינען, באריס! וואָס וועט איצט זיין? — האָט וויערא געפּלאָטערט און איר שטים איז מיט טרערן פאַרשטיקט געוואָרן.

עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, ווי איר איינציקע רעטונג איז איר פאַר דער נאָז אַנטלאָפן. אָט ווי עס גליטשט זיך אָפּיר דאָס בענקעלע פון אונטער די פיס פון אַ געהאָנגענעם! זי איז אַזש צוגעפאַלן צו בערישעס ברוסט מיט אַ ספּאַזמאַטישן כליפּ.

בעריש דאַקעגן האָט איצט, ווי שטענדיק אין אַ נויט־פאַל, געפונען זיין גלייכגעוויכט און כוח זיך און זי צו מוטיקן און טרייסטן:

— זאָרג נישט וויערעטשקאַ. זעסט ווי טויזנטער מענטשן גייען צו־פוס?... לאָמיר אויך גיין!... — האָט ער גערעדט מיט זיין וויאָלאָנטשעל־שטים און מיט אַ בלייכן שמייכל, וואָס האָט טאַקע וויעראַן עטוואָס באַרואיקט — מיר וועלן גיין אַזוי לאַנג, ווי די כוחות וועלן אונדז טראָגן! און אפשר וועט זיך שפּעטער אויפן וועג מאַכן עפּעס אַ געלעגנהייט... קום, וויערעטשקאַ!...

און זיי האָבן זיך אַריינגעגאָסן אין געדיכטן מענטשן־שטראָם, וואָס האָט אומאויפהערלעך געפלייצט אין ביידע זייטן לענגאויס דעם שאָסיי.

אויפן וועג זענען געלעגן צעשמעטערטע אויטאָס, וועגענער, פערד און הרוגים. עס האָבן זיך געוואַלגערט אָן אַ שיער אויף הפקר אַוועקגע־וואָרפענע חפצים, וואָס איז שווער געווען צו שלעפּן מיט זיך און אויף זיך אין דער גליאיקער חמימה און אין אימהדיקן געלאָף: פוטערס און מאַנטלען, קאַפּעלושן און סוועטערס, וואַליזן און רוקזעק. קיינער האָט זיך אויף דעם נישט אומגעקוקט. טויזנטער פאָר פיס האָבן איבער דעם גע־טראָטן און געטאָפּטשעט.

נאָך האַלבן טאָג האָבן ביידע דערפילט, אַז זיי האָבן שוין צוויי טעג נישט געגעסן און די אינגעוויידן קראַמפּן זיך שוין פון הונגער. אָבער נאָך ערגער האָט געמאַטערט דער דורשט. די ליפּן זענען שוין

צעפּלאַצט געוועזן פון פאַרטריקנטקייט, פאַרברענטע פון זון און פון שטויב און די צינגער זענען ווי מיט קלייסטער .צוגעקלעפּט געווען צום גומען. זיי האָבן זיך געהאַלטן אונטער די אָרעמס און שוין קוים געשטעלט די מידע, וואַקלענדיקע טריט. שעהען האָבן זיי זיך געשלעפּט, נישט אויס־ריידנדיק איינער צום אַנדערן קיין וואָרט.

און ווען מען האָט ענדלעך דערזען אַ זילבעריק־קוואַליקן טייכל, איז מען צוגעלאָפן צו דעם און לאַנג־לאַנג נישט אַוועקגענומען די פּני־מער פון דער אויבערפלאַך, ווי פערד נאָך פאַרשמיסענע קילאָמעטערן... אייניקע האָבן זיך אפילו אויסגעטון און אין לויטערן, קילן וואַסער גע־שפּרונגען, אַראָפּצושווענקען פון זיך דעם שווייס און שטויב. מען האָט זיך געוואַשן די הענט און די פיס און כסדר געניורעט די קעפּ אין וואַסער אַריין... דאָס איז געווען די איינציקע מינוט און דאָס איינציקע אָרט, וואָס די פּליטים האָבן געבענטשט...

און ווידער האָבן זיך מעכטיקע עסקאַדרעס אויפן הימל צערוישט און אָנגעהויבן זייען פּאַניק, טויט און פאַרוויסטונג. בריקן זענען אויפ־געריסן געוואָרן, דערפער און שטעטלעך האָבן זיך צעפלאַקערט אין שרפות. אין אַלע פיר זייטן האָט געברענט. דאָס פייער האָט דעם גאַנצן האָריזאָנט אַרומגענומען, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט איצט געשטאַנען אין פלאַמען און קיין אַנטרינונג איז נישטאָ. דעם גאַנצן הימל האָבן רוי־זיקע פּורפּור־צונגען געלעקט. די זון פאַרגייט אין מזרח און אין מערב, אין צפון און אין דרום! נײן, נישט די זון פאַרגייט, — די גאַנצע וועלט פאַרגייט אין פלאַמען!!!

קאַפּיטל 12

## אין יענער נאַכט...

דער מענטשן־שטראָם וואָס האָט זיך געטראָגן בייטאָג און ביינאַכט, לענגאויס דעם שאָסיי, ווי אַ שטורעמדיק וואַסער אין אַ טייך־מולטער, האָט זיך פלוצלינג פאַרהאַלטן, ווי ביי געשלאָסענע דאַמבעס און שליוזן. איצט האָט עס זיך צעשפּרייט אין דער ברייט און געפּלייצט איבער די פעלדער און לאָנקעס, וואָס אין ביידע זייטן פון שאָסיי און זיך אַריינגעגאָסן אין טונקעלע וועלדער, מיט אַ סטיכישן געברום:

— דער דייטש! — — —

— דער דייטש! — — —

און וואָס גרילציקער עס האָבן זיך, איבערן שאָסיי, צערוישט די שווערע טאַנקען, האַרמאַטן און פּאַנצער־אויטאָס, — אַלץ בהלהדיקער האָט געפּלייצט די פּליטים־מאַסע אין דער טיף פון פעלד און וואַלד.

אין יעדן איינציקן האָט געגרוילט דער געדאַנק, אַז: „פאַרפאַלן!“, „שטעקן געבליבן ביים דייטש!“, „אַרומגערינגלט!“, „אין אַ פּאַסטקע אַריין!“.

אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז עס איז שוין נישטאָ נאָכוואָס צו לויפן, ווייל דער דייטש איז שוין דעם וועג פאַרלאָפן און פאַרצאַמט. דער דייטש איז פאָראויס, דער דייטש איז הינטער זיי, דער דייטש איז אויף אַלע שאָסייען אַרום זיי. און דאָך איז מען געלאָפן. און לויפנדיק האָט יעדער איינציקער באַדויערט, וואָס ער איז באַלד פון דער היים, אָדער פון ביאַליסטאָק אַרויסגעלאָפן און וואָס ער געפינט זיך איצט נישט אין קיין ישוב. אַריינפאַלן צום דייטש אין די הענט אַריין אינמיטן וועג, איז יעדן אויסגעקומען גרויליקער, ווי אין אַ שטאָט מיט קאָמפּאַקטע מאַסן. דער גורל וואָלט אפשר געווען דער זעלבער, אָבער צוזאַמען ליידט זיך גרינגער.

— אין דער היים וואָלט געווען „צרת רבים — חצי נחמה“!

— אין ביאַליסטאָק, „וואָס עס וואָלט געווען מיט אַלע, וואָלט געווען מיט דער כלה“!

איבערהויפּט האָט עס בעריש קופערשמידן געגרוילט. ער האָט דאָך שוין איין מאָל פאַרזוכט דעם טעם פון אַ הינטישן טויט אונטערוועגנס!

די ראַפּטום־צוגעפאַלענע נאַכט־פינצטערניש האָט נאָך גערדיכטער געמאַכט די פּאַניק. מען האָט געטאַפּטשעט איבער פּייכטע לאָנקעס, זיך געגליטשט איבער בערגלעך און גריבער. איבער קוסטעס און שטעכל־דראָטן אַריבערגעפאַלן. אויפגעוועקט און אויפגערייצט אויף זיך די הינט פון דער אַרומיקער געגנט, וועלכע האָבן זיך געריסן מיט אַ מוראדיקן געביל. אַ בילעריי וואָס עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס מסורט, אַז עס זאָגט אָן דעם שונא: דאָ זענען זיי!... דאָ לויפן זיי, די צעשראָקענע יידע־לעך!... — האָט מען זיך טיפער אין די וועלדער געשפּאַרט, אָן ביימער זיך אָנגעשלאָגן, איבער פּיעניעס געפאַלן און די פיס פאַרוווּנדעט. יעדער באַוועגלעכער שאָטן האָט געשראָקן. דער אייגענער— אפילו. יעדע העכע־

רע שטים האָט אויפגעשוידערט. און מיט געדעמפטע, פליסטערנדיקע שטימען האָט מען זיך געבעטן, געמוסרט און געזידלט:

— וואָס שרייט איר אויף די ציין?!

— איר ווילט אונדז אַלעמען פאַרשיטן?! אומגליקלעך מאַכן?!

— די קאַלב האָט זיך פאַרבענקט נאָך דער קו, מעקעט זי!!!

אין דער פינצטערניש האָבן זיך דערהערט היסטערישע געוואַלדן, הילפסרופן. עמיץ איז אין אַ זומפּ פאַרקראָכן! עמיץ טרינקט זיך!

— ררראַ־אַ־אַ־טעווע־ע־ע־ט!!!

אָבער דער נאָענטסטער שטח איז אין דער חושכניש — ווייט און פול מיט שטרויכלונג און געפאַר. קיינער ענטפערט נישט אויף די געוואַלדן און לויפט נישט אַנטקעגן כדי קומען צו הילף, כאָטש דאָס האַרץ פאַרקראַמפּט זיך אין ווייטיק. מען טראָגט זיך נאָך בהלהדיקער פאָראויס, ברומענדיק בלויז צו זיך אַליין: „ווי איז מיר! ווי איז מיר!“

— אָבער וווהין לויפט מען?!

— וווהין???

דער מוח גיט נישט קיין קלאָרן ענטפער, נאָר דער אינסטינקט טראָגט! דער אינסטינקט פון יעדער גערודפטער חיה אין וואַלד, וואָס איז פון יעגער און הינט אַרומגערינגלט. דער אינסטינקט טראָגט: אַנטלויף! ראַטעווע זיך! געפאַר!!! אויב שוין אַריינפאַלן אין דעם דייטשס הענט, איז וואָס שפּעטער! ראַטעווען חיי־שעה. יעדע מינוט לעבן איז אַ קרן! און אפשר זענען נאָך פאָרט נישט אַלע וועגן אָפּגעשניטן? אפשר זענען די דייטשן נאָר אויף די הויפּט־שאָסייען? מען זאָגט דאָך, אַז אין דערפער און וועלדער קריכן זיי נישט, ווייל זיי אַליין זענען פּחדנים!... איז אפשר טאַקע, מיט די־אָ וואַלד־ און פעלד־וועגן, מיט די זומפּיקע און ווילד־פאַרוואַקסענע שטעגעלעך, וועט מען נאָך ערגעץ געפינען אַן אַרויסגאַנג? אפשר וועט פאָרט געלינגען אַ מעגלעכקייט זיך אַדורכצורייסן?

אפשר...

אָבער קיינער ווייסט נישט, וווּ ער געפינט זיך און וווהין אייגנטלעך ער שפּאַנט. קען גרייכלעך זיין, אַז גאָר אין אַ פאַרקערטער ריכטונג! קען זיין, אַז צום וואָלף אין פיסק אַריין! די שרעק און דער חושך, אין דער אומבאַקאַנטער, וואַלדיקער געגנט, האָבן דעם שכל און די אָריענטאַציע צוגענומען.

— ווו געפינען מיר זיך דאָ אויף גאָטס וועלט?!
— אויף גאָטס וועלט?... ביים טייוול אין גיהנום!!!



וויעראַ אַנדרייעוונאַ, וועלכע האָט די גאַנצע צייט פלינק און רירעוו־דיק נאָכגעהאָפּסלט בעריש'ן ווי אַ יונג הערשעלע — נאָך אַן אַלטן הערש, האָט גענומען אָפּשטיין. ווען בעריש האָט זי גענומען אונטעריאָגן, איז זי צוגעפאַלן צו אים מיט אַ געוויין:

— באַריס... טייערער באַריס! לויף אַליין... לויף און ראַטעווע זיך! איך... איך קען נישט מער!... איך קען נישט... איך בין אַ פאַרלוירענע, באַריס!...

— וואָס רעדסטו נאַרישקייטן, וויעראַ?! קום!

— איך קען נישט, באַריס... גלויב מיר, איך קען נישט. די פיס זע־נען מיר צעריסן, צעבלוטיקט און געשוואָלן. איך האָב דיר נישט געוואָלט זאָגן וועגן דעם... איך האָב ביז איצט געקריצט מיט די ציינער פון יסורים און געגאַנגען. אָבער איך קען שוין מער קיין טריט נישט שטעלן! איך קען נישט, באַריס!...

— אָבער וויערעטשקאַ, זיי נישט קיין קינד! פאַרשטיי, אַז מיר טאָרן דאָך דאָ נישט בלייבן! — האָט זיך בעריש אַנגסטיק געבעטן.

— גיי, באַריס, אַליין... לאָז מיך דאָ איבער און גיי... דו ביסט אַ ייד! קעגן אייערע איז „ער" דאָך פיל שטרענגער...

— און דו, וויערעטשקאַ, ביסט דאָך אַ „באָלשעוויק"!... און קעגן „אייערע" איז „ער" נישט בעסער!... — האָט בעריש צוריקבאַקומען זיין קלאָגנדיקע וויאָלאָנטשעל־שטימע. שטענדיק אַזוי, אין אַלע ערנסטע מאָ־מענטן, הויבן אָן זיינע האַלדז־סטרונעס צו קלינגען, ווי די סטרונעס אויף אַ וויאָלאָנטשעל...

וויעראַ האָט געענטפערט מיט אַ הילפסלאָזן העשען אויף בערישעס ברוסט, ציטערנדיק מיט אירע שמאָלע אַקסלען.

אַ רגע איז בעריש געשטאַנען אַן אומבאַוועגלעכער. און פלוצלינג, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, האָט ער זי אַ כאַפּ געטון, מיט אַלע זיינע כוחות, אויף די פּלייצעס אַרויף. ער האָט זי איצט געטראָגן, ווי מען טראָגט פון פעלד אַ ניי־געבוירן קעלבל, וואָס קען נאָך די פיס נישט שטעלן.

אָבער אַזוי טראַגנדיק זי, זענען אים אויפֿן געדאַנק געקומען עסטו־שיאַ און זינאַ; זיין פרוי און זיין קינד האָט ער דאָך איצט געדאַרפט אַזוי טראָגן און ראַטעווען פֿון געפֿאַר! ווער ווייסט, ווו זיי לויפֿן איצט מהומה־דיק, געטריבענע אין די סטעפּעס, אָדער טייגעס פון ווייטן סיביר, אָדער דעם וויסטן קאַמי דאָרטן, ערגעץ הינטער די הרי־חושך?! זינאַ איז דאָך זיין יידישע, געזעצלעכע פרוי כדת משה וישראל! און די מוטער פון זיין איינציק קינד! ער האָט דאָך זי תמיד ליב געהאַט, קיינמאָל נישט פֿאַרביטן, קיינמאָל נישט פֿאַראַטן! אין פריידן, אין נחת, אין אַ גרינג און זאָרגלאָז לעבן, זענען זיי תמיד געווען צוזאַמען. און איצט, אין אַ נויט, אין געפֿאַר, האָט זיי דער גורל אַזוי צעשיידט! אַזוי גרויזאַם צע־שיידט, איבער גרענעצן און מיילן! נישט צו געבן זיך קיין הילף און נישט צו ברענגען זיך קיין טרייסט! ווו איז זי, נעבעך, די שוואַכינקע, די צאַרטע זינאַ, זיין ווייב?!... און עסטושיענקאַ — זיין בלוט און פֿלייש, דאָס טייערסטע און הייליקסטע אין זיין לעבן! צי האָט ער זיך עס ווען פֿאַר־געשטעלט, אַז עס קען קומען אַזאַ טייוולאָנישע מינוט אויף דער וועלט, וואָס זאָל בכוח זיין אים מיט זיין בת־יחידקעלע צו צעשיידן! און דאָך... נישט עסטושיען טראָגט ער איצט אויף זיינע פּלייצעס, נאָר אַ שיקסע, וועלכע האָט אים דעם קאָפּ פֿאַרדרייט! אַ שיקסע, אין אַזאַ אַנטיסעמיטי־שער צייט! אַ שיקסע, ווען אַלע גויים ווילן אונדז דערטרינקען אין אונ־דזער אייגן בלוט! וואָס טוט זיך דאָ מיט אים? באַגייט ער אַן אַבסורד, אָדער אַ פֿאַרברעכן? אַ פֿאַרברעכן קעגן זיך, קעגן זינען, קעגן עסטושיען, קעגן אַלע פֿאַרוואָגלטע פּליטים, קעגן גאַנצן געפּייניקטן יידישן פֿאָלק!

ער איז שטיין געבליבן. שוין געוואָלט זי אַראָפּלאָזן און זאָגן, אַז ער האָט נישט קיין כוח זי צו טראָגן. אַראָפּלאָזן און פֿאַרשווינדן אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט. פֿאַרלירן זי און אַן עק זאָל דאָס נעמען!

נאָר דאָ האָט זיך שוין ווערעאַ אַליין אָנגערופֿן:

— באָריס... נו, לאָז מיך שוין איבער! דו האָסט דאָך קיין כוח נישט! לאָז מיך איבער און אַנטלויף! ראַטעווע זיך! איך בין שוין סיי־ווי אַ פֿאַר־לוירענע!

בעריש האָט אויפֿגעשווידערט. עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט זיינע גע־דאַנקען דערהערט און איצט עס אַרויסגעזאָגט!... זי האָט דאָך איצט גע־זאָגט זיינע ווערטער! ער האָט זיך פֿאַרשעמט פֿאַר איר און פֿאַר זיך אַליין און באַלד חרטה געהאַט אויף זיין געדאַנק און באַשלוס. ער האָט עס איצט

אַרויסגעשריגן הויך אויפן קול. געשריען צו וויעראַן און צו זיך אַליין. צום פאַרשרייען זיין אייגענע, פריערדיקע שטים, זיינע וואַקלעדיקע, זיין געוויסן:

— ניין, וויעראַ! אָדער מיר וועלן זיך ביידע ראַטעווען, אָדער מיר וועלן ביידע אומקומען! דו ביסט מיר איצט דאָס נאָענטסטע און טייערסטע באַשעפעניש אויף דער וועלט! אַזוי האָט דער גורל געוואָלט! די נויט האָט אונדז צוזאַמענגעפּאָרט! נישט אין קיין פריילעכן טאַנץ־זאַל אַ פלירט געכאַפּט! פון דעם טויטס נעגל האָסטו מיך דאָך אַרויסגעריסן! זאָל איך, איצט שוין אַ געזונטער, דיך איבערלאָזן ביים טויט אין די הענט?! אַ פּאַדליעץ וואָלט איך געווען! וואָס גייט מיך איצט אָן, וואָס איך בין אַ פאַרפאָלגטער ייד און דו ביסט אַ קריסטין? ביסט דאָך פּונקט אַזוי פאַר־פאָלגט ווי איך!... קיין יידן־שונא ביסטו דאָך נישט? האַ?... דו וואָלסט דאָך אונדז נישט געשאָכטן?!... מענטשן זענען מיר! אומגליקלעכע מענטשן־קינדער אין אַ בעסטיאַלישן, מענטשן־פרעסערישן דור! וויין נישט, וויע־רעטשקאַ, שטאַרק זיך!... איך וועל דיך ווייטער טראָגן. איך האָב גענוג כוח! מיט די לעצטע כוחות מיינע וועל איך דיך טראָגן און אפשר ערגעץ דערטראָגן... נאָר איבערלאָזן וועל איך דיך נישט, ניין!...

און וויעראַ, אויף זיין קאַרק, האָט געהעשעט. געקושט אים אין קאָפּ און געכליפּעט:

— מילי מאָי! טייערער... איינציקער.... גאָלדענער!... איך בין דאָך עס גאָרנישט ווערט!...

בעריש האָט געשפּאַנט מיט וויעראַן אויף די פּלייצעס און אַ לאַנגע צייט גאָרנישט געפילט איר וואָג. אָט ווי אַ קעצעלע וואָלט אים אויפן קאַרק געזעסן... געזעסן און געלאַשטשעט זיך און געלעקט אים דעם לינקן אויער מיט אַ וואַרעם, פייכט צינגל...

אָבער ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבן פילן איר וואָג און וואָס אַמאָל — אַלץ שווערער און שווערער. ביז ער איז אינגאַנצן באַדעקט גע־וואָרן מיט שווייס און די פיס זענען געוואָרן ווי טשוהונענע רערן. עס האָט אים גענומען מישן אין קאָפּ און אויפגעוועקט די אַנטשלאָפענע שטע־כעניש אין די געהירן. דאָס שטעכעניש, וואָס ער האָט מאַנאַטן לאַנג גע־פילט אין שפּיטאָל ליגנדיק און וואָס קומט, ווי דער דאָקטאָר האָט גע־זאָגט, פון אַ קויל, וואָס איז דאָרט שטעקן געבליבן און מען קען זי נאָך, דערווייל, נישט אַרויסנעמען. די שווערע, טשוהונענע פיס האָט ער איצט

שוין קוים געהויבן און ער האָט געפילט, אַז באַלד פאַלט ער אַנידער מיט וויעראַן אינאיינעם.

ער האָט נאָך געקעמפט מיט זיך, מיט זיין מאַכטלאָזיקייט. געריסן פון זיך די לעצטע קרעפטן. געוואַקלט זיך, געוואַקלט זיך און ענדלעך דערפילט, אַז ווייטער גייט עס נישט! ער איז שטיין געבליבן, אָנגעשפּאַרט זיך אָן אַ בוים און געוואַרט, אַז דאָס שטעכעניש און מישעניש אין קאָפּ זאָל אַריבער.

— וואָס איז, באריס? וואָס איז מיט דיר?! האָסט נישט קיין כוח! לאָז מיך שוין אַראָפּ... לאָמיר זיך אָפּרוען... — איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פון זיינע פּלייצעס, אויפסנייַ דערפילט דעם ווייטיק אין די פיס, אַז זי האָט זיך אַזש אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ און ביז בלוט-פאַרביסענע ליפּן.

פון גאָר נאָענט האָבן זיך קייטן צעקלונגען און צערייצטע הינט האָבן זיך צעהאַווקעט. בעריש האָט זיך אומגעקוקט און דערזען אַ בלייך פלעמל אין אַ פענצטער-רעמל. ער האָט פריער גאָרנישט באַמערקט, אַז ער שטייט נישט ווייט פון אַן איינזאַמער כאַטע.

און אַ געדאַנק איז בערישן געקומען אין קאָפּ אַריין: אַריינגיין אין דער כאַטע! אויב שטאַרבן, איז כאָטש אין אַ שטוב און נישט אין פעלד! פאַר יעדן פּרייז אַריינגיין אין דער כאַטע!

— וויערעטשקאַ, האָסט עפּעס געלט?

— יאָ. וואָס איז דען, באריס?

בעריש האָט נישט געענטפערט. מיט די לעצטע כוחות גענומען וויעראַן אויף די הענט און זיך געלאָזן צו דער בלייך-באַלויכטענער כאַטע.

אויף דער בילעריי פון די הינט, איז אַרויסגעקומען אַ צעשראָקענע פויערטע מיט אַ לאַמטערנע אין די ציטערנדיקע הענט.

— ווער איז דאָרט?!

— פּליטים, באַבושקאַ. אָט ביי איר זענען די פיס צעבלוטיקט און געשוואָלן. זי קען מער נישט גיין. לאָז אונדז אַריין איבערנעכטיקן. מיר וועלן דיר באַצאָלן!

די פויערטע האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעצלמט:

— באָזשע מאָי! באָזשע מאָי! איך בין אָבער אַליין... איך קען אייך נישט און... איך האָב מורא!

— מענטשן זענען מיר, באַבושקאַ, נישט קיין פאַרברעכער! האָב נישט קיין מורא. און מיר וועלן דיר באַצאָלן! געלט האָבן מיר!

די אַלטע האָט זיך אַלץ געקווענקלט:

— איך קען אייך נישט. פאַרשידענע פאַרשוינען שליאַיען זיך דאָ אַרום אין אַזאַ צייט. עס געשעט פאַרשידנס...

— באַבושקאַ, ביסט דאָך אַ פרומע! האָסט זיך דאָך געצלמט, טאָ האָב זשע גאָט אין האַרצן! טו אַ גוטע זאַך צו אַ קראַנקן מענטשן! עס איז דאָך אַ זינד, נישט צו קומען צו הילף אין אַזאַ צייט! — האָט זיך בעריש ווי אַ ייִנגל געבעטן.

ווײַנען האָט זיך אים איצט געגלוסט. ווען וואָלט ער זיך דאָס פאַר־געשטעלט, אַז ער, בעריש קופּערשמיד, דער אָנגעזעענער סוחר, דער גביר, דער געשעצטער און געאַכטעטער באַלעבאָס, זאָל שטיין הינטער אַ פרעמ־דער, פּויערישער טיר, ווי אַ בעטלער, ווי אַ שנאָרער און בעטלען שוץ און נאַכטלעגער?! וויי־וויי, ווי עלנט און הילפסלאָז ער איז! וויי־וויי, וואָס פון אים איז געוואָרן!

די פּויערטע האָט אַלץ געציטערט און געפּלאַטערט:

— איך ווייס? אוודאי איז אַ זינד, נישט צו העלפן. אָבער... נו מילא, קומט אַריין. איך בין אַן אָרעמע פּויערטע. איך האָב גאָרנישט. און... גאָט זאָל אונדז אָפּהיטן!

***

די גאַנצע כאַטע איז באַשטאַנען פון איין טונקעלן, טוכלען חדר. אין מיטן איז געשטאַנען אַ נאַקעטער, נישט־געהובעלטער טיש מיט אַ פּאָר הינקענדיקע טאַבורעטקעס. בייביידע קעגנאיבערדיקע ווענט — צוויי הילצערנע נאַרעס, אויף וועלכע טונקל־שמוציק בעטגעוואַנט איז געלעגן. אינמיטן, אונטערן פענצטער, איז געשטאַנען אַ קופערט, אָדער אַ קאַסטן. — דאָס גאַנצע מעבל אין שטוב. באַלויכטן איז די כאַטע געווען פון אויוון. באַלד פאַרנט, אין גרויסן פּויערישן אויוון, האָט אַ קאַסטערל געפלאַקערט. קין־העלצלעך האָבן זיך גערויכערט, פאַרשפּרייטנדיק אַ גערוך פון וואַלד־סמאָלע, פון זשיוויצע. די העלצלעך האָבן געקנאַקט, גערויכערט, גע־פלעמלט און געשפּריצט מיט גאָלדענע פונקן. איבערן קאַסטערל איז גע־שטאַנען אַ דרייפוס און אויף אים האָט זיך אַ טעפּל געקאָכט.

— זיצט... — האָט די פּויערטע מיטן פֿאַרטוך אָפּגעווישט צוויי טאַ־בורעטקעס — אַ גאַסט אין שטוב, איז גאָט אין שטוב!

בעריש האָט זיך אַוועקגעזעצט און געטראַכט, אַז דער אָפּרו אין דער כאַטע קען אים זייער טייער קאָסטן! דער פּליטים־עולם צעלויפֿט זיך, ער וועט שפּעטער נישט וויסן, וווהין! ער וועט דאָ איבערבלייבן אין ווייסטן העק. וויעראַן וועט מען סוף־כל־סוף גאָרנישט טון. זי איז דאָך אַ גויע!... נאָר אים וועט מען דאָ כאַפּן און עס וועט זיין זיין פֿינצטערער סוף! אין טויט האָט ער געהאַט צוליב זינען און איצט וועט ער אַ צווייט מאָל אומ־קומען צוליב וויעראַן! וואָס טוט מען דאָ? אַז דער קאָפּ אַרבעט שוין אינגאַנצן נישט! פֿאַרשמאַכט איז ער און דערשעפּט פֿון די כוחות. ער קען שוין סיי־ווי קיין טראָט נישט שטעלן! פֿאַרפֿאַלן. זאָל שוין נעמען אַן ענדע!

— איר זענט אוודאי הונגעריק?... — האָט די אַלטיטשקע, נאָך אַלץ פֿול מיט פֿאַרדאַכט און מורא, געפֿרעגט.

— זייער הונגעריק, באַבושקאַ!... — האָט עס פֿון בערישן אַרויסגע־שריען — געלט האָבן מיר, איך וועל פֿאַר אַלץ באַצאָלן!

— גאָט זאָל אונדז באַצאָלן! — האָט די אַלטיטשקע געענטפֿערט — אַזאַ אומגליק אויף גאָטס וועלט! אַזאַ אומגליק! וואָס עס ווערט פֿון מענטשן! גאָר קיין רחמנות נישטאָ! די גאַנצע וועלט איז היינט פֿול מיט זינד!

זי האָט אַרויפֿדערלאַנגט אויפֿן טיש צוויי טעפּלעך זויערמילך, אַן אייגן־געבאַקענעם ראַזעוואַנעם ברויט, מיט קימל פֿון אויבן און גרינע בלעטער פֿון הינטן, אָנשטאָט מעל. און זי האָט אויך צוגעשטעלט קאָכן אַ טאָפּ קאַרטאָפֿל מיט שאָלעכץ.

— טשעם כאַטאַ באַגאַטאַ... אָבער וואָס וועט זיין מיטן שלאָפֿן? — האָט זיך די אַלטיטשקע געקווענקלט — בלויז איין געלעגער קען איך אייך אָפּגעבן. בלויז איינעם, מיין זונס, וועלכער איז היינט נישטאָ. איר זענט דאָך מאַן און ווייב, ניין?

בעריש האָט געשוויגן אין פֿאַרלעגנהייט. ער האָט שוין געוואָלט זאָגן, אַז ער וועט זיך צושפּאַרן אויפֿן קאַסטן מיט די טאַבורעטקעס, אָדער אַזוי איבערזיצן די נאַכט. אַז בלויז וויעראַ וועט זיך לייגן. נאָר דאָ, האָט זיך עס ביי וויעראַן אַרויסגעכאַפּט:

— יאָ, באַבושקאַ... איך מיט מיין מאַן וועלן זיך שוין עצהנען...

פון וואָס בעריש איז פּלוצלינג הייס געוואָרן, אַזוי אַז די שפּיצן אויערן האָבן אים געבריט.

— איז אָט, אויף יענעם טאַפּטשאַן — האָט די אַלטיטשקע אָנגעוויזן אויף איינעם פון די הילצערנע נאַרעס, אויף וועלכן זי האָט אַריבערגע־וואָרפן נאָך עטלעכע שטיקלעך טונקל־טוכלע בעטגעוואַנט.

בערישן האָט דאָס האַרץ גענומען האַסטיקער קלאַפּן. די היץ האָט אים אַ יאָג געטון צום קאָפּ און די שפּיצן אויערן זענען ווי אָנגעצונדן גע־וואָרן. דאָס בלוט אין אים האָט זיך אַזוי האַסטיק צעיאָגט, אַז ער האָט איצט געקענט הערן דאָס שלאָגן פון זיין יעדן דופק.

ווירעראַ איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן און עס איז שווער געווען צו וויסן: זענען די פלאַמען אויף איר פּנים פון פלאַקערנדיקן אויוון, צי פון דעם בשותּפותדיקן געלעגער?

אויפן טיש האָט געפּאַרעט אַ ליימענע שיסל קאַרטאָפל מיט שאָלעכץ און דורך דער פּאַרע האָבן זיך געקרייצט זייערע שעמעוודיקע בליקן... ביידנס געזיכטער האָבן געפלאַמט. בערישעס גרויסע ביר־אויגן זענען איצט, ווי אין דער צייט פון גרויסע היץ, מיט אַ טונקעלער מוטנעקייט פאַר־לאָפן. דאַקעגן אין ווירעראַס סערע, קעצישע אייגעלעך, האָבן פּערלמור־טערנע טראָפּנדלעך געבריט...

די אַלטע האָט ווירעראַן דערלאַנגט אַ הייסע שיסל וואַסער צום ווייקן די צעווייטיקטע פיס. זי האָט אויך צעטרענט אַ שטיק פויעריש לייוונט און איר דערלאַנגט צום באַנדאַזשירן זיך די ווונדן. אַליין האָט זי אַנידער־געקניט פאַר איר נאַרע, איבער וועלכער עס איז געהאָנגען אַן איקאָנע. זי האָט לאַנג געפּרעפּלט אַ תּפילה, זיך געצלמט און געבויגן דעם גרויען קאָפּ. נאָכדעם האָט זי זיך געלייגט און זיך איינגעדעקט איבערן קאָפּ מיט אַ פּראָסטן פעלץ.

ווי אַ פאַרטשאַדעטער איז נאָך בעריש לאַנג געזעסן ביים טיש מיט אַ שווערן קאָפּ פול מיט אומדייטלעכע בילדער און מטושטשע געדאַנקען.

— באַריס... גיי לייג זיך, באַריס... — האָט ער דערהערט ווירעראַס וואַרעמע, צערטלעכע און סודותדיק־געדעמפּטע שטימע.

איר שטימע האָט זיך ציטערדיק געבראָכן. אַ ציטער וואָס איז ווי אַן עלעקטרישער שטראָם אַריין אין זיין בלוט. עס האָט אים דערמאָנט אָן זינאַס געדעמפּטן פּליסטערן אין די ערשטע נעכט נאָך דער חתונה.

אָט דער געדעמפּטער, ציטערנדיקער פליסטער אַליין באַרוישט און וואַכט אויף אַלע ליידנשאַפטן.

— און דדדו?...

— גיי, באַריס... איך וועל זיך די פיס אויסווייקן... אָט באַלד...

ווי אַ שכורער איז ער צו צום טאַפּטשאַן, פיבערנדיק אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קליידער, אַנידערגעוואַליעט זיך אויפן האַרטן געלעגער, פּילנ־דיק אַזש, ווי די מידע ביינער קנאַקן...

ווי דורך אַ נעפּל האָט ער געזען, אַז אין אויוון צאַנקען און רויכערן זיך אויס די לעצטע קין־העלצעלעך. אין נעפּל האָט זיך פאַר אים גע־וויגט די גאַנצע כאַטע מיט וויעראַן אינאיינעם. ניין, וויעראַ איז איצט געשווומען אין דער לופטן, אין נעפּל, מיט דער טאַבורעטקע און מיט די בלאַנקענדיקע פיס אין שיסל וואַסער... אין דרויסן האָבן זיך נאָך אַלץ געריסן די הינט פון קייט מיט אַן אויפגערייצטן געביל אין דער נאַכט אַריין. טריט האָבן נאָך אַלץ כסדר פאַרבייגעטאָפּטשעט פאַרביי דער כאַטע. וואוהין איילן זיי עס אַוועק? ער בלייבט דאָ אַליין. ווו וועט ער זיי מאָרגן געפינען? אפשר וועלן זיי געפינען אַ וועג זיך אַרויסצורייסן פון דער קלעם? טריט, טריט. און אפשר טרעטן דאָס שוין דייטשן? דייטשן זענען שוין דאָ אין וואַלד אַרום זיין כאַטע! באַלד וועלן זיי מסתמא אַריינקומען און... און ווידער בלאַנקען־אויף וויעראַס נאַקעטע פיס, ביז איבער די קני אָפּגעדעקט, מיטן פאַרשאַרצטן קליידל. וואָס איז דאָס? ווו איז דאָס קליידל? זי שטייט דאָך אינגאַנצן אַ נאַקעטע! בלויז אין דעם נעפּל, ווי אין אַ וואָל געהילט... דער וואָל איז גרוי און דורכזיכטיק, ווי אַ שפּינ־וועבס און איר קערפּער איז ראָז, דופטיק און רייף. אירע שטייפע, רונדע בריסטן מיט די ברוינע קנאָספּן רייסן זיך פון איר פאַראויס. אָט באַלד וועלן זיי, ווי צוויי ווייסע טויבן אַ פלי טון גלייך צו אים!... ווי עלאַסטיש־בויגעוודיק זי איז, וואָס פאַר אַ שלאַנקע, געטאָקטע פיס, ווי צוויי שוואַנען־העלדזער! וויפל רייץ און גראַציע, וויפל תאווה שטעקט אין זייער יעדער באַוועגונג! און דאָס פּנים... וואַרט נאָר, עס איז דאָך גאָרנישט וויעראַס פּנים. זינאַ איז דאָך דאָס! זינאַ! אַ נאַקעטע ווערט זי געטריבן אין די טייגעס פון סיביר! זי קוקט מיט פאַרווירטע אויגן און זוכט עסטושיען! ווו איז עסטושיע אַהינגעקומען?! אירע האָר זענען צעלאָזט איבער די נאַקעטע אַקסלען און איבער אירע פלייצעס פאַלן ריטער. רײ־טער שמייסן איר לייב און זי לויפט אַ נאַקעטע איבער וויסטע סטעפּעס

פון סיביר!!! טאָ ווי־זשע קומען אַהינצו דייטשן? ווי קומען דייטשן צו טרייבן זינאַן אין סיביר???!

דאָס לעצטע קין־העלצל אין אויוון איז אויסגעלאָשן געוואָרן און אויך אין בערישעס מוח איז עפּעס אויסגעלאָשן און פינצטער געוואָרן. די גאַנצע כאַטע און אויך זיין פאַרטשאַדעטער קאָפּ איז פול געוואָרן מיט אַ געדיכטער, סמאָליקער פינצטערניש.

***

וויעראַ איז נאָך אַלץ געזעסן אין דער פינצטערניש און געוויִקט די פיס אין שוין קאַלט געוואָרענעם וואַסער. זי האָט שוין אייגנטלעך פאַר־געסן אָן גאַנצן ווייטיק און אַז זי וויִקט די פיס אין וואַסער. זי האָט נישט געטראַכט וועגן דער געפאַר און וועגן דער לאַגע, אין וועלכער זי געפינט זיך. אפילו די מידיקייט האָט זיך אויסגעוועבט פון איר קערפּער. איר גאַנץ לייב האָט איצט מאָדנע געפיבערט און אונטער איר הויט האָט זיך צעבלעזלט אַ שטאַרק־גאַזירטער זאָדע־וואַסער. דאָס בלוט אין איר האָט זיך מאָדנע האַסטיק צעשטראָמט און געבריט אין די גע־פעסן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס בלוט אין איר רעדט ווערטער... עס זינגט און עס וויינט... עס באַדויערט און עס בענקט... און וויעראַ הערט זיך צו און פאַרשטייט די שפּראַך פון איר צעזאָטן בלוט. אַ הונגעריקע קינדהייט און אַן עלנטע יוגנט האָט זי געהאַט. אַ באַליידיקטע ליבע און אַ דערשטיקטן חלום פון גליק. אַלע אירע פאַרלאַנגען זענען געבליבן פאַר־שעמטע און אַלע אירע בענקשאַפטן — נישט געזעטיקטע. זי האָט געבליט און געצייטיקט אָן איינזאַמע און יעדעס מאָל האָבן, ווי צאַרטע בלעטלעך פון אַן איידל געוויקס, אָפּגעוועלקט אירע באַגערן. אויפגעשפּראָצט און אָפּגעוועלקט, נישט געפינענדיק קיין תיקון. אָט איצט... אָט ליגט דאָך דאָרט באריס... איר באריס... זי פילט, אַז ער האָט זי ליב. אוודאי האָט ער זי ליב! פאַרוואָס־זשע לאָזט ער זי ברענען אין אייגענעם פייער? צי פאַרשטייט ער נישט?... זי איז דאָך פאָרט אַ פרוי... אין אַלע ביכער וואָס זי האָט געלייענט וועגן ליבע, איז דער מאַן דאָך דער אָנגרייפנדיקער... ער גיט דעם ערשטן קוש, ער דערקלערט זיך דער ערשטע, ער... און דאָ גאָר, מוז זי טרייבן פון זיך און באַקעמפן איר ווייבלעכע שעמעוודיקייט. אָנשטאָט, ווי זי האָט זיך עס אויסגעחלומט, איר באַשערטער זאָל זי אויף

די הענט אַ כאַפּ טון, צום געלעגער ברענגען און ווילד פון תאווה, די קליידער פון איר אַראָפּרייסן, — זיצט זי ווי אַ פאַרשעמטע כלה, אַזוי שפּלדיק, אַזוי שפּלדיק... נו, ווי קען זי עס פועלן ביי זיך, אַז זי גאָר, די ערשטע!... און וואָס וועט ער דאַן טראַכטן וועגן איר?!...

זי האָט אינגאַנצן פאַרלוירן דעם חשבון פון צייט: ווי לאַנג זיצט זי שוין אַזוי? מינוטן, צי שעהען?... באַזשע מאַי, עס מוז דאָך שוין זיין האַלבע נאַכט!

די זיסע נאָגעניש אין אירע שטייפע בריסטן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין דינער, נאָדלדיקער שטעכעניש. זיי זענען איר איצט שווער געוואָרן, ווי גרויסע, קרעמערשע געוויכטער. ניין, — ווי איבערגעצייטיפּטע, מיט זאַפטן אָנגעגאָסענע אַרבוזן, וואָס בעטן זיך איינצובייסן! דער גאַנצער קערפּער אירער רופט און באַגערט. די אינגעווייידן קראַמפּן זיך און מאָנען: דערלייז! און אינגאַנצן איז זי ערשט אַ פאַרשמאַכט פעלד אין אַ חמימה־טאָג, וואָס לעכצט נאָך רעגן, כאָטש נאָך אַ ביסעלע טוי!... אַך, וואָס איז מיט אים דאָרטן, מיט באַריסן? פאַרוואָס רופט ער זי אפילו נישט? איז עס דען דערפאַר, וואָס ער קען נישט פאַרגעסן זיין געוועזענע פרוי? ווייל ער איז אַ געוויסנהאַפטער מענטש? אָבער זי פאָדערט דאָך נישט פון אים קיינע שום פאַרפליכטונגען! זי וויל דאָך בכלל נישט טראַכטן וואָס שפּעטער וועט זיין. זי האָט דאָך שוין געזען, אַז מען קען גאָרנישט אויסטראַכטן פאַר דער צוקונפט!... ער איז אַ טייערער, אַ האַר־ציקער, אַ ליבער יונג, באַריס... ער איז ווערט געליבט צו ווערן! און זי קען דאָך אים געבן אַזוי פיל פרייד, אַזוי פיל געצנוס און גליק, אַז עס זאָל פאַרגיטיקן אַלע ליידן אין די טרויעריקע טעג!... זי איז דאָך איצט גרייט אינגאַנצן צו ווערן זיינע, זיך איבערגעבן אים, ווי אַ קרבן און זאָל ער מאַכן מיט איר, וואָס ער וויל! זי וואָלט איצט געוואָלט אינגאַנצן נישט ווערן, אַריינגיסן זיך אין אים און ווערן אַ טייל פון אים!

זי הויבט זיך אויף און קען זיך אַליין נישט דעצידירן. די פיס פּלאָנ־טערן זיך, די שעמעוודיקייט כוואַליעט ביים האַרץ און אין פאַרשכורטן קעפּל דערוווידערט נאָך עפּעס אַ שטיקל ניכטערקייט. עס גיט נאָך אַ צאַפּל, ווי אַן אַרויסגעריסענער נערוו אויפן טישל ביים צאָן־דאָקטאָר: פּרויען־ווירדע!... אָבער באַלד ווערט עס פאַרפלייצט פון אַ וואַרעמער, מוטנער כוואַליע. די פיס פּלאָנטערן זיך און ווי אַ לונאַטיקעריןֹ ציט זי זיך אין דער ריכטונג צום געלעגער.



בעריש איז נישט געשלאָפן און האָט נישט געוואַכט. ער איז גע־שוואומען ערגעץ צווישן וואָר און קאָשמאַר. עס האָט לאַנגע סעקונדן גע־דויערט, ביז ער האָט באַנומען, אַז די פיבערנדיקע וואַרעמקייט וואָס טוליעט זיך אַזוי נאָענט צו זיין לייב, איז אַ פרוי, איז וויעראַ אַנדריי־עוונאַ...

— וויערעטשקאַ?

— ס׳איז מיר קאַלט, באָריס... איך ציטער אינגאַנצן!...

ער האָט זי אַרומגענומען, ווי מען נעמט אַרום אַ קינד. אָט־אַזוי ווי ער פלעגט עס אַמאָל טון מיט עסטושיען, וועלכע פלעגט אַריבערקריכן צו אים פון דער מאַמעס בעט...

אָבער ניין, וויעראַ איז נישט קיין קינד. אירע שטייפע בריסטן מיט די האַרטע, אויפגעשפּיצטע וואַרצלען, מיט וועלכע זי איז איצט געלעגן האַלב איבער אים, האָבן זיך געדריקט צו זיין ברוסט־קאַסטן גאָרנישט קינדעריש. און אַזוי האָט ער אויך דערפילט איר בריענדיקע קני צווישן זיינע...

— וויעראַ, אין אַזאַ נאַכט? אין אַזאַ...

— ווייל אין אַזאַ... — האָט וויעראַ הייס געפליסטערט — קען זיין, די לעצטע נאַכט אונדזערע... די ערשטע און די לעצטע... קען זיין, די איינציקע נאַכט אין אונדזער לעבן, באָריס... עס וועט זיך שפּעטער אַנדערש אַוועקגיין פון דער וועלט, מיט אַ לייכטער געמיט. איך וויל זיך איצטער פאַרגעסן. לאָמיר גאָרנישט טראַכטן, באָריס... מיין באָריס!...

און בעריש האָט מער נישט געטראַכט.

ער האָט איינגעניורעט זיין פּנים אין אירע סנאָפּעס ווייצן־האָר. זיך איינגעזויגן אין איר האַלדז. עס האָט אים אַ שלאָג געטון דורך די נאָז־לעכער אין מוח אַריין דער געדעמפטער אַראָמאַט פון איר לייב. דער רייצנדער אַראָמאַט פון אַלע בריאיקע גלידער, פון די סודותדיק־פאַר־באָרגנסטע קערפּער־טיילן. זיינע הענט האָבן זיך צעפיבערט איבער איר צאַפּלענדיקער, ווייבלעכער געבערגלטקייט. איבער די פאַרבאָרגנקייטן, וועגן וועלכע ער האָט ביז איצט, קוים געוואַגט צו טראַכטן אין געהיים. און — ער האָט דערפילט, אַז ער איז מאַן. ווו מידקייט און צעבראָכנ־קייט? — אַלע מוסקולן האָבן זיך אים איצט אָנגעשטרענגט און דער

גאַנצער קערפּער זיינער איז פאַרשטייפט געוואָרן, ווי אַן אויסגעגאָסענער פון בראָנז. אָבער אין דעם בראָנזענעם קערפּער האָט דאָס בלוט נאָך הייסער געשטראָמט און אַלע בענקשאַפטן און פאַרלאַנגען האָבן זיך צעכוואַליעט.

נייך, ער איז ביי זינאַן קיינמאָל אַזעלכער נישט געווען. זייער פאַמי־ליען־גליק איז אים אויסגעקומען ווי אַ נאַטירלעכע זעלבסטפאַרשטענד־לעכקייט, ווי אַ געוועגלעכע הנאה, וואָס געהער צום טאָג־טעגלעכן באַלע־באַטישן לעבן. ער האָט נאָך קיינמאָל אַזוי נישט אָפּגעשאַצט די דערהויבנ־קייט פון אָט די באַהאָפּטענע מינוטן. צי איז עס פון דער חדשים־לאַנגער אויסגעהונגערטקייט? פון צופיל אויסגערוטקייט אין ווייכן שפּיטאָל־בעטל? פון דעם איבערפלוס פון אָנגעזאַמלטער ענערגיע? אָדער איז עס טאַקע זי, וויעראַ, זיין זיווג, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן כדי נאָר אים צו געבן אַזוי פיל גליק?

איר גליענדיקער קערפּער איז ווייך און נאָכגיביק. מיט הענט און פיס האָט זי זיך פאַרוויקלט אַרום אים ווי אַ שטיקנדיקע שלאַנג. זיין לינקער אויער איז פאַרזויגן אין איר הייסן מויל, פאַרביסן ביז זיסן ווייטיק צווישן אירע שיטערע ציינדלעך. און בעריש האָט דערפילט, אַז ער לייזט זיך אינגאַנצן אויף, נישט צו ווערן. ער ווערט אויפגעלייזט אין אַ הייסן קוואַל פון איבערמענטשלעכן תענוג! — — —

וויעראַ אַנדרייעוונאַ איז איצט געלעגן מיטן קעפּל אויף בערישעס אומרואיקן ברוסט־קאַסטן, ווי אַ פויל קעצל — אויף אַ דעכל, אַ לאַש־טשענדיק, מרררראַמרראַמקענדיק קעצל, וואָס האָט זיך אָנגענאַשט מיט אַ טעלערל סמעטענע און וואַרעמט זיך איצט, אַ פוילינקע, אויף דער זון, באַלעקנדיק זיך מיטן רויטן צינגל די לאַפּקעס...

אין דרויסן האָבן זיך נאָך אַלץ די הינט געריסן פון די קייטן מיט צערייצטער בילעריי. כאָטש די פאַרבייטאָפּטשענדיקע טריט זענען שוין איצט פיל שיטערער און זעלטענער געוואָרן.

נישט די בילעריי און נישט די בהלהדיק־פאַרבייטאָפּטשענדיקע טריט האָבן איצט בערישן אַן שלעכטס דערמאָנט און בייזעס אָנגעזאָגט. ער איז געלעגן אַ נחתדיק־צענומענער, ווי ער וואָלט ביז איצט נישט געוווסט און נישט פאַרשטאַנען, וואָס לעבן הייסט. אָט איצט ערשט האָט ער פאַר־

זוכט פון דעם עץ־הדעת און זאָל די שטראָף דערפאַר זיין ווי האַרב, לוינט זיך עס!

— באַריס, מיין איינציקער, מיין גאָלדענער, טייערער מיינער!... — האָט וויעראַ, צערטלענדיק אים, געפליסטערט.

אויך באַריס האָט איר געוואָלט אַזעלכע ווערטער זאָגן. נאָך וואַ־רעמערע, באַדייטונגספולערע, אויסדרוקספולערע... — האָט ער זיך פּלוצ־לינג דערמאָנט, אַז מיט עטלעכע שעה צוריק ערשט, האָט ער זי געוואָלט פון די פּלייצעס אַראָפּוואַרפן, אין פינצטערן וואַלד, אין געפאַר איבער־לאָזן, אַנטלויפן און פאַרשווינדן!... צי וואָלט ער דען דעמאָלט געוווסט, וואָס ער וואָלט דערמיט פאַרלוירן?... אָט אַ שוטה ער איז געווען! אַזאַ נחתדיק־צאַרט באַשעפעניש! אַזאַ קוואַל פון גליק! זי איז דאָך אים איצ־טער אַזוי נאָענט און טייער! אַזוי היילק־ליב! אַזוי... אַזוי...

ער האָט זי ווידער אַ כאַפּ געטון און איינגעקלאַמערט אין זיינע פעסטע אָרעמס, ווי אַ געפונענעם אוצר, נישט אַרויסלאָזן מער פון זיינע הענט... ער האָט ווידער איינגעניורעט דאָס פּנים צווישן אירע דופטנדיקע בריסטן. און די שוין פאַרטליעטע פלאַמען אין זייערע לייבער האָבן זיך ווידער צעצונדן און צעפלאַקערט.

אין די קליינינקע פענצטער־שייבלעך האָט שוין אָנגעהויבן אַריינצו־גרויען אַ ווילד־וואַלדיקער פרימאָרגן, ווען באַריס און וויעראַ זענען ליגן געבליבן אומאָרעמטע אין מתיקותדיקער מאַכטלאָזיקייט. אַ צעשמייכלטער דרימל האָט זיי ביידן צוזאַמענגעשפינט מיט גאָלדענע פעדעמלעך און פאַרוועבט אין אַ בלענדיקן חלום־שלייער.

קאַפּיטל 13

## אדם און חוה אין גיהנום...

— אַנטלויפט! דייטשן זענען דאָ אין דער געגנט!!!

באַריס און וויעראַ האָבן זיך אויפגעריסן פון זייער האַרטן געלעגער, אויפגעפראַלט נישט־דאַאיקע, פאַרשלאָפענע אויגן און אַ לאַנגע רגע נישט באַנומען, וווּ זיי געפינען זיך און וואָס אייגנטלעך דאָ קומט פאָר.

צוזאַמען מיט דער פויערטע האָבן זיך דורך דער אויפגעפראַלטער

טיר אַריינגעריסן סנאָפּעס בלענדיקע זונען־שטראַלן. די פּויערטע האָט געפּלאָטערט אויף דער שוועל, ווי אַ שוואַרצע קרא און געקראַקעט:

— אַנטלויפט! ביי גאָט, אַנטלויפט! איר וועט נאָך ברענגען אַן אומגליק אויף מיר און אויף מיין כאַטע! ראַטעוועט זיך! אַנטלויפט!!!

איצט האָבן שוין בעריש און וויערא אַלץ פאַרשטאַנען. דאָך זענען זיי נאָך אַ היפּשע ווײַלע געזעסן אומבאַוועגלעך. עס האָט זיך נאָך געחלשט אַ ביסעלע שלאָף. די מידקייט האָט זיך ערשט בלייאיק צעגאָסן אין זייערע צעווייטיקטע גלידער. אַלע געלענקען האָבן געבראָכן. אַ האַנט אָדער אַ פוס האָט איצט פּודן געוויגן! אַך, ווען מען קען אַזוי ליגן בלייבן!...

נו, שנעלער! דערבאַרעמט זיך! שנעלער!

מיט איבערנאַטירלעכע כוחות זענען זיי די מידקייט און צעבראָכנקייט בייגעקומען. גיך אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער און זיך גענומען איילן אָנטון. דערביי האָבן ביידע געציטערט ווי אין אַ פראָסטיקן ווינטער־פרימאָרגן.

די פּויערטע האָט אַלץ אויף דער שוועל געפּלאַטערט, געוואָרפן צע־שראָקענע בליקן אין דרויסן אַרויס און געקרעכצט:

— אַזאַ אומגליק! אַזאַ אומגליק!!!

— וויפל קומט דיר, באַבושקאַ? — האָט בעריש, שוין אַן אָנגעטו־ענער, געזיפט פון צווישן די קלינגענדיקע ציינער.

— גאָרנישט! גאָרנישט! איך וועל גאָרנישט נעמען ביי אייך. גייט מיט גאָט!

— אָבער דאָך, באַבושקאַ, מיר פאַרלאַנגען נישט אומזיסט! מיר האָבן דאָך אויך געגעסן!

— זאָל אייך זיין צו געזונט! — האָט די פּויערטע אַ פלאָטער געטון צום טיש, אַ כאַפּ געטון דעם פון נעכטן־אָנגעהויבענעם לאַבן ברויט און דערלאַנגט עס בערישן — נעמט עס מיט. נעמט עס מיט אויפן וועג און זאָל אייך גאָט באַשיצן! קיין געלט דאַרף איך נישט. און די רוסישע געלטער טויגן איצט סיי־ווי שוין נישט. די דייטשן זענען שוין דאָ!!!

— באַבושקאַ, באַבושקאַ... אַ דאַנק... איך וועל דיך נישט פאַר־געסן... — האָט בערישעס שטים געציטערט און זיך געבראָכן.

וויערא האָט איצט אינגאַנצן נישט געפילט קיין פיס־ווייטיק. אָבער

פון גרויס שרעק, זענען איר די פיס ווי געפּענטעט געוואָרן. זי האָט אָנגעכאַפּט בערישן ביים אָרעם און איז נאָך אים אַריבער די שוועל.

דער וואַלד איז געשטאַנען אַ רואיקער, אַ צעגרינטער און אַ מילדער. אין פּערעלעך טוי און אין בורשטינענער זשיוויצע האָבן זיך זון־שטראַלן געשפּיזלט. פייגעלעך האָבן זאָרגלאָז געטשוויטשערט, אַרומטאַנצנדיק צווישן דעם צווייגן־געפלעכט פון די בלעטער־ און נאָדל־ביימער. די ביימער אויסגעצוואָגענע אין טוי, האָבן איצט קוים באַוועגט די צעשווי־בערטע, גרינע טשופּרינעס און אַרויסגעאָטעמט פון זיך קרעפטיקע און אינטימע וואַלד־ריחות.

בעריש און וויערא זענען איצט געשטאַנען פאַר דער שוועל פון דער כאַטע ווי אַרויסגעוואָרפענע, ווי אויסגעליפערטע דער געפאַר. די בליקן האָבן אומרואיק געבלאָנדזשעט אין דער געדיכטעניש פון דער צעגרינט־קייט און די אויערן האָבן זיך צעעפנט פאַרן מינדסטן שאָרך. נאָר שטיל איז אַרום. וואַלדיק־שטיל. נישט קיין טריט, נישט קיין שטים און אפילו נישט קיין ביל פון דעם הונט. דער הונט ליגט איצט דווקא רואיק פאַר זיין בודע און דרימלט.

אָבער דווקא אָט די פאַרגליווערטע שטילקייט, אָט די וואַלדיקע רו־איקייט, האָט זייביידן אָנגעגאָסן מיט גרענעצלאָזער שרעק. דער וואַלד איז זיי איצט אויסגעקומען סודותדיק און פאַרדעכטיק: ערגעץ אין דער טונקעלער צעגרינטקייט מוז עפּעס גרויזאַמעס זיין פאַרבאָרגן!

— גייט! גייט שנעלער! — האָט די אַלטע פויערטע אונטערגעיאָגט.

— וווהין גייט מען, באַבושקאַ?! אין וועלכער זייט זענען די דייטשן? און אין וועלכער זייט זאָלן מיר לויפן?

— די דייטשן זענען דאָרט, אויפן שאָסיי. אַ קילאָמעטער פון דאַנען. מען זאָגט, אַז אין די דערפער זענען זיי שוין אויך דאָ. און איר, לויפט אַהין, לינקס, אויף באַראַנאָוויטש! פאַרטאָג האָב איך נאָך געזען גרופּעס יידן פאַרביילויפן אַהין, אין יענער ריכטונג. אפשר וועט איר זיי נאָך אָניאָגן! איר וועט גיין מיט דעם־אָ שטעגל. ער ציט זיך דורך דריי דער־פער. דאָרט וועט איר ווייטער פרעגן. ווי גאָט איז אייך ליב, איר זאָלט נישט גיין מיטן שאָסיי, נאָר מיט די דאָרפישע וועגן!

— אַ דאַנק, באַבושקאַ, אַ דאַנק!

— זאָל דיר גאָט באַצאָלן פאַר דיין גוט האַרץ!

כאָטש דער פּחד האָט געיאָגט, זענען זיי איצט געגאַנגען פיל לאַנג־זאַמער ווי נעכטן. די פיס זענען ווי געפּענטעט געוואָרן. דווקא נאָכן אויס־רוען זיך זענען זיי שווערער געוואָרן און אומבאַוועגלעכער. פון לויפן איז שוין איצט קיין רייד נישט געווען. זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט ווי קינדער און קוים די טריט געשטעלט. דאָס שטעגל איז געווען מאָכיק, פייכט און גליטשיק.

בעריש און וויעראַ האָבן נאָך קיין וואָרט נישט אויסגערעדט איינער צום אַנדערן. זיי האָבן זיך אפילו רעכט מיט די בליקן נישט באַגעגנט. די אויגן און אויערן זענען געווען אָנגעשטרענגט פאָראויס און אין די זייטן. זיי האָבן זיך אויך יעדע ווײַלע אומגעקוקט הינטערווײַלעכטס: צי יאָגט נישט ווער? צי זעט מען נישט עמיצן? צי הערט מען נישט עפּעס?

געהערט האָבן זיי נאָר די אייגענע טריט, דאָס קלאַפּן פון די אייגענע הערצער און די אייגענע אָפּגעהאַקטע אָטעמס. זיי האָבן אויך געהערט, ווי אַ בוים קרעכצט, אַ צווייג זיפצט און ווי אַ פויגל צעפּאָכעט זיינע פליגל. געזען האָבן זיי אַן אומענדלעכע צעגרינטקייט. אַ צעכוואַליעט־קייט פון העלסטן ניי־גרין, ביז דער טונקלסטער גרינקייט, וואָס פאַלט אַזש אַריין אין ברוינלעכן פלאַש־קאָליר. געזען האָבן זיי דאָס טונקל, מאָכיק־באַוואָקסן שטעגל, וואָס שלענגלט זיך אַוועק אין דער געדיכ־טעניש צווישן דיביימער און פאַרלירט זיך דאָרט ערגעץ, ווי עס וואָלט זיך מיט אַ געהיימניש באַהאַלטן. אָבער בעריש און וויעראַ ווייסן, אַז באַלד וועט זיך די פאַרהוילענע פאָרזעצונג פון שטעגל ווידער אַנט־פּלעקן און זיי פירן דורך וואַלד און פעלד צו די דריי דערפער, וועגן וועלכע די פויערטע האָט אָנגעזאָגט. געזען האָבן זיי שטיקלעך בלויען, לויטערן הימל און גינגאָלדענע זון־שטראַלן, וואָס ציטערן ווי דינינקע שפּין־דרעטלעך אין די הענט פון אַ נחתדיק־צעשמייכלטער באָבעשי. שישקעס און טרוקענע צווייגלעך האָבן זיך געוואַלגערט אויפן וועג. און אויך אַ שטיקל צייטונגס־פּאַפּיר. אַ סימן, אַז נישט נאָר חיות, נאָר אויך מענטשן זענען שוין דאָ געווען... און פּלוצלינג האָט אַ ברוינער פלעק אַ פלאַטער געטון, ווי אַ שטיקל פון דער ווילד־וואַלדיקייט וואָלט זיך אָפּגעריסן פון דער אַלגעמיינקייט, לעבן באַקומען און פלאַטערט זיך איצט זעלבסטשטענדיק. וואָס איז דאָס? אַ... אַ וועווערקעלע, מיט אַ לאַנגן גאָל־דענעם עק... אָט איז עס שטיין געבליבן פאָראויס, אויפן שטעגל, אַ בליק געטון אויף זיי מיט אַ פּאָר גלאַנציקע יאַגעדע־אייגלעך. אַ פאַרוואונדערטער

בליק איז דאָס געוועז. זי זעט איצט צום ערשטן מאָל אַזעלכע הויכע, צוויי־פּיסיקע חיות, מיט אַזעלכע בלייכע קעפּ, אין איר וואַלדיקער קע־ניגרייך... באַלד האָט זיך דאָס וועווערקעלע אויף אַ בוים אַרויפגעדראַפּעט און פלינק געשפּרונגען פון צווייג צו צווייג, פון בוים צו בוים, ביז זי איז פאַרשוווּנדן.

און בעריש האָט אַ טראַכט געטון, אַז דאָס וועווערקעלע איז גליקלעך. עס לעבט זיך דאָ אין וואַלד, האָט זיך איר היים, געפינט זיך שפּייז, טאַנצט זיך דאָ אַרום זאָרגלאָז און אַלץ איינס איז עס, צי דייטשן זענען אין דער אומגעגנט, צי אַנדערע שוואַרציאָרן!... און ער, בעריש, ווייל ער איז אַ ייד, איז ער מער פאַרפאָלגט און היימלאָז־נע־ונדער, ווי אַ חיה אין וואַלד! — — —

פּלוצלינג איז בלענדיק־ליכטיק געוואָרן. די זוניקייט האָט אַריינגע־פלייצט צווישן דער ביימער־שיטערקייט פון סוף־וואַלד. זיי זענען גע־שטאַנען ביים וואַלד־ראַנד און אומרואיק געבליקט צו דער אָפּענער לאַנ־קע, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אין אַ ברייטן, טיפן טאָל. דורך אָט דער לאָנקע ציט זיך ווייטער דאָס שטעגל און פאַרנעמט זיך באַרג אַרויף, צום שפּוע, אויף וועלכן עס טוליען זיך עטלעכע עלנטע פּויערשע כאַטקעס, — דאָס ערשטע פון די דריי דערפלעך. זיי האָבן איצט געקוקט פאַרטייעטע, פון הינטער אַ לעצטן בוים אַפּיר, ווי אַ פּאָר הירשן וואָס קוקן אויס אַן אָפענעם שטח, צווישן איין וואַלד און אַנדערן, וואָס זיי דאַרפן אַריבער־שפּרינגען. בעריש און וויערא האָבן נאָך קיינמאָל אַזוי נישט מורא געהאַט פאַר דער ליכטיקייט און אָפנקייט פון שטחים ווי איצט. די זוניקייט פון זומער־טאָג וואָס זיי האָבן אייביק געבענטשט, איז איצט געהאָנגען איבער זיי ווי אַ קללה. און די גרינע, רחבותדיקע לאָנקע — פול מיט געפאַר!

זיי האָבן לאַנג זיך צוגעקוקט צו דער צעגרינטער פּוסטקייט, זיך איינגעהערט צו דער פאַרגליווערטער שטילקייט און מיט האַרץ־קלאַפּונג, גענומען זיך אַראָפּלאָזן אין טאָל. ווו־נישט־ווו האָט אַ זשאַבע אַ שפּרונג געטון, אַ יאַשטשערקע האָט פאַרבייגעפּויזעט און פעלד־גרילן האָבן גע־זונגען אין ווייכן גראָז. אין דער לופט האָבן ווייסע און קאָלירטע זומער־פייגעלעך געפלאַטערט, גאָלדענע בינען האָבן בייז פאַרבייגעזשומעט און אַן איינזאַמע קראָ האָט כסדר אַרומגעקרייזט איבער זייערע קעפּ און גע־קראָקערט, ווי אַ מסירה: קראַ־קראַ! דאָ זענען זיי! קיינער איז אָבער אויפן

רוף פון דער שוואַרצער קראַ נישט אָנגעלאָפן. עס האָבן זיך געטראָגן ריחות פון רומיאַנעק, פון געקאָשיעט גראָז, שטאַל־מיסט און בינשטאָק־האָניק.

דאָס ערשטע דערפעלע זענען זיי אַדורך מיט אַ פאַרשטיקטן אָטעם. כאָטש פוסט איז דאָס דערפל געווען, ווי די גאַנצע באַפעלקערונג וואָלט זיך פון דאָרט עוואַקואירט אין בהלה, קיין איינציקן לעבעדיקן מענטש האָבן זיי דאָרט נישט געטראָפן. בלויז אַ פּאָר הינט האָבן זיך געריסן פון זייערע קייטן, אַ האָן האָט געקרייט און אַ מגושמדיק גרויסער און פעטער חזיר האָט געכניוקעט אין אַ פלאַכער בלאָטע. און כאָטש זיי האָבן איצט מורא געהאַט פאַר מענטשן, האָט זיי דאָך די דערפלשע אויסגעשטאָרבנ־קייט און פוסטקייט נאָך מער געשראָקן. ערשט אַ היפּשע שטרעקע פון דעם דערפל האָבן זיי באַמערקט, אַז די פּויערים אַרבעטן אויפן פעלד. מענער, פרויען און קינדער — אַלע זענען אין פעלד, ביי דער אַרבעט. אָבער קיינער פון די פּויערים האָט זיך רעכט נישט אומגעקוקט אויף די פרעמדע דורכגייער. עס איז, זעט אויס, פאַר זיי קיין שום חידוש נישט געווען און שטאָטישע דורכוואָגלער, פּליטים — אַ טאָג־טעגלעכע נאָ־טירלעכקייט.

אויך דאָס צווייטע דערפל איז פוסט געווען. די איינציקע לעבע־דיקע באַשעפענישן, וואָס זיי האָבן דאָ באַגעגנט, זענען געווען: עטלעכע האַלב־נאַקעטע, קויטיקע קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט ביי די שוועלן פון אַ פּאָר כאַטעס, איין פּויער, וועלכער האָט אַ צעבריקעוועטן פערד אין אַ וואָגן געשפּאַנט און אַ דאָרפס־משוגענער אין שמאַטעס געהילט, וועלכער האָט געמאַכט צו זיי משונהדיקע העוויות.

אין דריטן דערפל האָט זיי אַ פּויערטע געגעבן וואַסער צום טרינ־קען. דערביי האָט זי עקשנותדיק געשוויגן, נישט געענטפערט אויף קיין שום פראַגע. ערשט צום סוף האָט זי גענומען שנעל באַוועגן מיט די הענט און אַרויסברענגען פון זיך אויסטערלישע קלאַנגען. בעריש און וויערא האָבן זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ שטומע. דאָס דריטע דערפל איז געווען דאָס גרעסטע און האָט געהאַט, אין סאַמע עק פון דער בלאָ־טיקער גאַס, אַ קליין הילצערן קלויסטערל מיט אַ מאָכיקן דאַך און צע־טריקנטן, צעטרעשטשעטן צלם. אין טורעמל איז געהאָנגען אַ האַלבער, צעבראָכענער גלאָק, אַרום וועלכן גרויע טויבן האָבן אַרומגעפלאַטערט.

הינטערן קלויסטערל האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ נישט־אַרומגעצוימטער בית־עולמל מיט אַ מנין באַצלמימטע קברים.

פון קלויסטערל איז אַרויסגעקומען אַ נידעריקער, אַ געלער, קודלאַ־טער גלחל מיט אַ צעקנאָדערט בערדל און קיינמאָל נישט געשוירענע און נישט געצוואָגענע פלאַנטערס האָר. ער האָט געטראָגן אַ הויכע, אויס־געריבענע קוטשמע אויפן קאָפּ, אַ גרויסן צלם מיט אַ קייט — אויפן פולן בייכל און אַ סענקעוואַטן שטעקן — אין דער האַנט. ער איז שטיין גע־בליבן פאַרן אַריינגאַנג צום קלויסטערל און נייגעריק באַטראַכט די דורכ־גייענדיקע.

— פּאַטערל, ווו איז דער וועג קיין באַראַנאָוויטש?

דאָס געל גלחל האָט געהאַט אַ געל שטימעלע און האָט שווער גע־שטאַמלט. דערביי האָט ער געפינטלט מיט די אויגן, געקרימט דאָס פּנים און געכאָרכלט. מיטן סענקעוואַטן שטעקן האָט ער געטייטלט פאָר־אויס, אויף רעכטס און אויף לינקס און דערביי אַרויסגעשטאַמלט משונה־דיקע דאָרפישע נעמען.

דאָס שטעגל האָט זיך איצט געצויגן לענגאויס, ביים ראַנד פון אַ געדיכטן וואַלד פון דער לינקער זייט, און פאַרזייטע פעלדער — פון דער רעכטער זייט. איבער די פעלדער, אויף ווייטע לאַנקעס, האָבן פּאַסטוכער זייערע סטאַדעס געפּאַשעט. עס איז שוין האַלבער טאָג און קיין פּליטים האָבן זיי נישט באַגעגנט. קיין איינציקן יידן נישט, קיין איינ־ציקן שטאָטישן מענטשן. די באַבושקע האָט דאָך נאָך היינט באַגינען געזען גאַנצע גרופּעס גיין אין דער ריכטונג! ווו זענען זיי אַלע אַהינגע־קומען? אויסגעטריקנט געוואָרן, צי וואָס?! אַריינגעפאַלן ערגעץ צום דייטש אין די הענט? אָדער פאַרט געפונען דעם ריכטיקן וועג און זיך אַרויס־געראַטעוועט? די נאַכט אין דער כאַטע איז שולדיק אין זייער איצטיקער איינזאַמקייט! און וועט זיי נאָך מן־הסתם טייערער קאָסטן! נישט געטאָרט זיך אָפּשיידן פון דער גאַנצער פּליטים־מאַסע! נישט געטאָרט! געדאַרפט זיך האַלטן צוזאַמען און מיטוואָגלען מיט די לעצטע כוחות! ווו געפינט מען כאָטש איין און איינציקן פּליט? עס איז דאָך שרעקלעך אַזאַ איינזאַמ־קייט, אַז עס איז נישטאָ אפילו מיט וועמען זיך צו באַראַטן! וווהין ציט דער וועג? ווו און ווען וועלן זיי אָנקומען און אויפהערן וואָגלען? אַז אַרום און אַרום זענען דייטשן! — — —

פונדעסטוועגן, שפּאַנענדיק ווייטער, האָט וויעראַ אַנדרייעווּנאַ באַ־מערקט אַ שמייכל אויף בערישעס פּנים.

— וואָס שמייכלסטו, באַריס?...

— גאָרנישט, וויערעטשקאַ, אַ נאַרישקייט!...

— דאָך, לאָמיר הערן...

— אָט ווי דער מענטש איז נאַריש!... איך האָב גאָרנישט געגלויבט, אַז אין אַזעלכע ערנסטע, טראַגישע מינוטן, קענען קומען אַזעלכע נאַרישע געדאַנקען אין מענטשלעכן קאָפּ אַריין!...

— נו, זאָג שוין, וואָס?...

— אַ נאַרישקייט געדענקט זיך... כ׳האָב אַמאָל געהערט אַ ווערטל: „דריי זאַכן איז נישט מעגלעך צו זען: אַן אָפּיציר מיט זאָנטיק, אַ גאַסן־פרוי מיט ברילן און אַ געלן גלח“... און אָט דעם לעצטן האָבן מיר איצט דווקא יאָ געזען. אַ קאָמיש טיפּל!...

איצט האָבן בײדע געשמייכלט. זיי ווייסן אייגנטלעך אַליין נישט, ווען און ווו די שרעק איז פון זיי אָפּגעפאַלן. אָט ווי זיי וואָלטן זי פּשוט אין וועג פאַרלוירן... די געפּענטעטע פּיס זענען זיך איינגעגאַנגען. און נאָך אַ האַלבן טאָג גאַנג זענען זיי גאָר לייכטער און רירעוודיקער געוואָרן. עס איז דאָך אייגנטלעך גאָרנישט געשען מער ווי די באַגעגעניש מיטן קאָמישן, געלן גלחל! און דאָך איז דאָס געמיט, אָן אַ פאַרוואָס, גרינגער געוואָרן... אַ סך גרינגער!...

זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די צעשמייכלטע בליקן און זיך דער־מאָנט די פאַרגאַנגענע נאַכט. אַ צערטלעכע וואַרעמקייט האָט אַ פּליעסקע געטון ביים האַרצן. וויערא אַנדרייעוונאַ האָט זיך פאַררויטלט און אַוועק־גענומען די גלאַנציקע בליקן, די קעצישע, סערע אייגעלעך. בעריש קופּער־שמיד האָט זי צערטלעך צוגעדריקט צו זיך און אַ קוש געטון איר דופּ־טיקן ווייצענעם קעפּל. דערביי האָט ער אַ טראַכט געטון: ווי וועט אויסזען זייער היינטיקע נאַכט? ווו וועלן זיי זייער היינטיקן נאַכטלעגער האָבן? אַ בענקשאַפט האָט אים אַרומגענומען צו אַ רואיקן נאַכטלעגער און צו דער נאָענטקייט מיט אָט דער צערטלעכער וויעראַן. ס׳איז גוט, וואָס זי וואַנדערט מיט אים. עס איז אים איצט אַ שאָד געוואָרן, וואָס דער טאָג ציט זיך אַזוי לאַנג. ווער ווייסט, וואָס מאָרגן דערוואַרט אים? אָבער איידער דער אומהיימלעכער מאָרגן וועט קומען מיט דעם, וואָס איז באַ־

שערט, וואָלט ער נאָך געוואָלט כאַטש נאָך איין נאַכט פון נאָענטקייט מיט איר, איין נאַכט פון פאַרגעסונג.

און נאָך אַ געפיל האָט אים אַ מעלק געטון זיין האַרץ־שפּיץ: הונגער. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם שטיק ברויט, וואָס אונטער זיין אָרעם און אָן דעם, אַז וויעראַ האָט זיכער אַפּעטיט און איז נישט דרייסט צו זאָגן...

— וויערעטשקאַ, ביסט הונגעריק?...

— און דו, באַריס?

— קום עסן.

— וווּהין זאָלן מיר דען גיין?...

— אָט דאָרט, ביים ברעג פון טייכל, וועלן מיר שוין האָבן צום טרינקען אויך...

— און עטוואָס זיך אָפּרוען...

זיי האָבן געקנייפּט שטיקער פון דעם שמעקנדיקן ראַזעוואַנעם ברויט מיט קימל, זאַפּטיק געקייט און געשלונגען מיט וועלפישן אַפּעטיט.

— אַ טייערע פויערטע!... — האָט באַריש געזאָגט — אַז געזונט זאָל זי זיין!

— יאָ... אַ דאַנק איר איז דאָ דעם הונגער צו שטילן און אָננעמען כוחות אויפן ווייטערדיקן גאַנג.

— און וואָס טוט מען ווייטער? האָט באַריש געפרעגט נאָכן עסן און נאָכן אָנטרינקען זיך מיט וואַסער פון טייכל, אָפּווישנדיק זיך מיטן נאַזטיכל די נאַסע גאָמבע און שפּיץ נאָז.

וויעראַ האָט איצט געפּליעסקעט מיט די באָרוועסע פיס אין וואַסער, ווי אַ זאָרגלאָז שיקסל, געשפּיגלט זיך אין דער אויבערפלאַך און גע־שמייכלט.

— קום, וויערעטשקאַ. לאָמיר ווייטער שפּאַנען.

זי האָט אָנגעטון די טופל אויף די נאַסע פיס און אַ צעשמייכלטע אָנגענומען באַרישעס אָרעם.

— מאָדנע, באַריס... — האָט זי געזאָגט מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן — איך בין דאָך קיינמאָל קיין עגאָאיסטקע און קיין מענטשן־פיינט נישט געווען. ווי־זשע קומען עס צו מיר אַזעלכע געפילן?...

— וועלכע?

— אָט די וואָס... כאָטש נעם און בענטש דעם וועלטס־אומגליק, וואָס האָט מיר פּערזענלעך געבראַכט אַ ביסל גליק!... די בלוטיקע מלחמה

איז דאָך אונדזער שדכן... אַ דאַנק איר האָבן מיר זיך דאָך באַקענט... זי האָט דאָך אונדז צונויפגעפירט אויף איין גורל־וועג...

זי האָט באַמערקט, וויעראַ, אַז בעריש האָט די ברעמען פאַרצויגן און זיין צעשמייכלט געזיכט איז ערנסט און פאַרכמורעט געוואָרן. זי האָט אַ רגע אָפּגעהאַקט און ווי אַ פאַרשולדיקטע באַלד אַראָפּגעלאָזן דעם טאָן:

— אַנטשולדיק מיר, באַריס! איך ווייס ווי שלעכט, ווי מיאוס עס איז אַזוי צו טראַכטן און פילן. איך שעם זיך איצט טאַקע פאַר זיך אַליין, וואָס איך האָב אָט די נאַרישקייט געזאָגט!

— הם!...

— באַריס, טייערער... איז דען נישט גלייכער צו זאָגן אַן אויפריכטיקע נאַרישקייט, איידער נישט קיין ערלעכע חכמה?... גלויב מיר, איך טרייב פון זיך אָט דעם געפיל און קען זיך דאָך נישט באַפרייען, ווייל... דאָס טראָפּנדל גליק שטראַלט פאָרט צו מיר אַרויס פון דעם ים אומגליקן און פאַרבלענדט מיך!...

— נו, מילא, פלאַפּל ווייטער... — האָט בעריש אַ שמייכל געטון — אַז דו פלאַפּלסט, איז פאָרט היימלעכער...

— וויל איך זיך טאַקע אויספלאַפּלען... מיר דאַכט זיך, אַז ווען נישט די קליידער וואָס מיר טראָגן אויף זיך, וואָלטן מיר אויסגעזען, ווי אַדאַם און יעוואַ אין גן־עדן... עס פעלט נאָר דאָס עפּעלע און די שלאַנג...

— דאָס זיסע עפּעלע פון דעם עץ־הדעת איז טאַקע נישטאָ, וויעראָטשקאָ. אָבער די שלאַנג איז דאָ! זי ליגט ביי מיר אין האַרצן! זי בייסט מיר די געהירן! זי פאַרסמט מיר דעם מוח! — האָט זיך ביי בערישן צעשפּילט זיין וויאָלאָנטשעל־שטימע.

ביי וויעראַן איז תיכף פאַרשוואונדן דער שמייכל פון פאַררויטלטן פּנים. זי האָט פאַרביסן דאָס אונטערשטע ליפּל און געשוויגן. ביידע זענען איצט ווידער ערנסט און שווערמוטיק געוואָרן.

— נו, זיי מיר מוחל, באַריס!... — האָט וויעראַ באַדויערנדיק געבעטן.

— נו, וואָס זאָל איך דיר מוחל זיין, נאַריש קעצל?... וואָס ביסטו דען שולדיק? האָסט דיר דען אַליין אויסגעקליבן די אומגליקלעכע צייט? וואָלסט דען נישט געוואָלט גליקלעך זיין אין אַ גליקלעכער צייט?... און טיילווייז ביסטו דאָך גערעכט...

— נו, זעסטו שוין, באַריס?... נו, מיט וואָס בין איך גערעכט?...

— מיטן פאַרגלייך צו אָדאָם און יעוואַ... עלנט און הימלאָז ווי זיי זענען מיר. נאָר נישט אין גן־עדן!... אַרויסגעטריבענע זענען מיר! אין גיהנום זענען מיר, וויעראַ!...

— איך בין עס ווערט, באָריס! איך בין עס ווערט, ווייל איך האָב גערעדט נאַרישקייט! — האָט וויעראַ געזאָגט מיט טרערן אין דער שטים. — ביסט גערעכט.

בעריש האָט עס ביים האַרץ אַ קלעם געטון.

— זיי מיר מוחל, וויערעטשקאַ... איך אַליין רעד נאַרישקייטן! וואָס שיט איך דיר איצט זאַלץ אויף דיינע ווונדן?!

— ביסט גערעכט געווען, באָריס: מיר זענען דאָך פאָרט אין אַ גי־הנום!

— אָבער אַז דו פאַרגעסט אַ ווײַלע אָן אים, בין איך דען מחויב דיר אָן אים ווידער צו דערמאָנען? איך בין אַן אידיאָט, אָט־וואָס!...



און דער גיהנום האָט זיך טאַקע איצטער ווידער אָנגעהויבן צו לאָזן הערן. טעמפּע דונערן האָבן געמאַכט ציטערן לופט און ערד און די הערצער פון די וואָגלענדיקע. דער הימל האָט זיך צערויִשט מיט מעכטיקע מאָטאָרן פון צענדליקער באָמבאַרדיר־עסקאַדרעס. אַלע זענען זיי, מיט אינטערוואַלן געפלויגן פאָראויס, אין דער ריכטונג, וווהין בעריש און וויעראַ בלאָנקען. און ווייט, ביים האָריזאָנט, האָבן זיך אויפגעהויבן פייער־דיקע זיילן און וואָלקנס רויך, ווי צענדליקער ווולקאַנען וואָלטן אויס־געבראָכן.

בעריש און וויעראַ זענען שטיין געבליבן. די באָמבעס פון דער אַוויאַציע האָט זיי איצטער נישט אינטערעסירט. דאַקעגן האָבן זיי זיך איינגעהערט פון וואַנען די אַרטילעריע דונערט. האַרמאַטן „רעדן ווער־טער“... אָבער אין וועלכער ריכטונג? זענען דאָס דייטשע, צי סאָוויעטישע? זיי האָבן זיך איינגעהערט און פעסטגעשטעלט, אַז דאָס דונערט אַזוי אין, אָדער אַרום באַראַנאָוויטש.

— מיר גייען דאָך גוט, יאָ? — האָט וויעראַ אומרויִק געפרעגט.

— לויט אַלע סימנים, וואָס דאָס געלע גלחל האָט אונדז געגעבן.

— איז וואָס־זשע זאָל דאָס באַדייטן? — האָט וויעראַ געוויזן פאָר־

אויס, פון וואַנען די טעמפּסטע אַפּהילכן קומען — זאָל זיין, אַז אונדזערע מאַכן אַ קאָנטער־אָפּענסיווע?

— מיר זאָגט דאָס האַרץ פאַרקערט... די דייטשן שפּאַרן אַלץ פאַר־אויס. זעט אויס אַז דער „בליץ־קריג״ איז טאַקע נישט קיין בלאָף!... דער פראָנט רוקט זיך ווייטער און מיר בלייבן הינטערשטעליק... וואָס אַמאָל אַלץ טיפער אין דייטשישן הינטערלאַנד...

— איז וווהין־זשע און נאָכוואָס גייען מיר?

— מיר גייען, וווהין דער אימפּעט טראָגט אונדז. אַ ברירה האָבן מיר?...

— אפשר זאָלן מיר דאָ בלייבן?

— דאָ, אין וואַלד?... ווען איך וויס, אַז די דייטשן וועלן אַהער קיינמאָל נישט קומען, וואָלט איך זיך אויסגעלערנט צו לעבן ווי אַ מאַל־פּע... ווען איך וואָלט געקענט עסן גראָז און גריזשען די קאָרע פון די ביימער, וואָלט איך זיך דאָ אויסגעבויט אַ הייל און מיר וואָלטן דאָ געלעבט ווי די חיות...

— נישט ווי חיות, באַריס, נאָר ווי מענטשן אין צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט... ביז היינט האָבן מענטשן געוווינט אין די שטעט און חיות האָבן געוווינט אין די וועלדער. היינט, אין דער צייט פון קולטור און ציוויליזאַציע, איז עס פאַרקערט: חיות זענען אין די שטעט און מענטשן באַהאַלטן זיך אין די וועלדער...

— יאָ... אָבער די חיות אין די שטעט ווערן נישט מענטשלעכער... און מיר, אין די וועלדער, וועלן פאַרחיהשט ווערן!... עס וועט קומען דער הונגער און די קעלט, וועלן מיר זיך פאַרצוקן איינער דעם אַנדערן!...

— נו, איז... לאָמיר אַוועקוואַרפן די פילאָזאָפיעס!... וואָס טוט מען פאַרט?

— ניין, וויערעטשקאַ, דאָ קענען מיר נישט בלייבן! מיר זענען ווי צוויי אַרויסגעשאָסענע קוילן, וואָס מוזן שוין פליען אַזוי לאַנג, ווי דער אימפּעט טראָגט זיי. אויב דער גורל האָט אונדז גוט געצילט, מוזן מיר דאָך סוף־כל־סוף טרעפן דאָס אָרט, ווו אויפגעריסן צו ווערן!...

— באַריס, וואָס טוט מען?!

— דאָס האָבן מיר זיך געדאַרפט פרעגן אין דער היים, איידער מיר זענען פון דער שטאָט אַרויס. איצטער איז צו שפּעט. און קיין קלוגן ענט־פער האָב איך נישט. אין דער היים בין איך געווען אַ חכם. דאָ בין איך

קיין חכם נישט... אַט איצטער זע איך אויפסניי, ווי גערעכט איך בין געווען אין וואַרשע... — האָט שוין בעריש גערעדט גיכער צו זיך, ווי צו וויעראַן — פון דער היים האָב איך זיך נישט געטאָרט אַרויסרירן! דער אומגליקלעכסטער געדאַנק און די אומגליקלעכסטע מינוט איז דאָס גע־ווען! און האָב איך זיך געלאָזן צורעדן און אַרויסגערירט זיך פון מיין היים, איז שוין קיין אָפּהאַלט צום וואַגלען נישטאָ! זעסט, אַט שטייט אַ בוים... כל־זמן ער איז פעסט אין דער ערד פאַרוואָרצלט, שטייט ער אַזוי יאָרן און יאָרן. נאָר לאָזט ער זיך פון אַ שטורעם איינברעכן, אויס־קאָרניעען, אָדער לאָזט ער זיך פון אַ פאַרפלייצונג אונטערשווענקען און ער לייגט זיך, וועלן אים שוין די שטראָמען טראָגן און טראָגן! און ווער ווייסט, וווּ ער וועט ערגעץ פאַרוואַלגערט און פאַרפוילט ווערן!

וויעראַ האָט געשוויגן. בעריש האָט אַ קוק געטון אויף איר און דער־זען, אַז אירע וויעס און בעקלעך שימערירן מיט טרערן.

— ווייך נישט, וויערעטשקאַ... אפשר וועט נאָך גאָט העלפן!... עס קען דאָך נישט זיין, אַז די טייוולאָנים זאָלן זיגן! די וועלט וואָלט דאָך טאַקע געוואָרן אויס־וועלט! עס וועט נאָך גוט זיין וויערעטשקאַ... — האָט ער זי אַרומגענומען און די טרערן אויסגעקושט. — קום וויע־רעטשקאַ, לאָמיר דערווייל גיין, כל־זמן עס לאָזט זיך... און שפּעטער... לאָמיר טאַקע וועגן דעם שפּעטער נישט טראַכטן!

— גוט, באָריס. לאָמיר מער גאָרנישט טראַכטן וועגן שפּעטער. לאָ־מיר לעבן מיטן טאָג, מיט דער שעה, מיט דער מינוט!...

— יאָ... די מינוט וואָס מיר לעבן, איז אונדזערע, וויעראַ!... און ווייטער... שפּעטער...



גייענדיק כסדר מיטן פּנים צו מזרח, האָבן בעריש און וויעראַ נישט באַמערקט, ווי גיך די זון איז געזונקען הינטער זיי, אין מערב־האָרי־זאָנט. פעלד און וואַלד זענען מיט שקיעה־שיין באַגאָסן געוואָרן. עס האָט זיך זיי געדוכט, אַז נישט די זון, נאָר די וועלט גייט אונטער. די וועלט פאַרגייט אין שרפהדיקע פלאַמען. אין אָפּענעם פעלד זעט מען זינקען די זון אַזוי גיך, ווי בעת אַ רייזע אויפן ים. בעריש דערמאָנט זיך זיינע האָניג־חדשים מיט זינאַן. זיי זענען דאַן פיל אַרומגעפאָרן און אויך דורכ־געמאַכט אַ ים־רייזע. אַט איצט דערמאָנט ער זיך, ווי זיי זענען ביידע גע־

שטאַנען געטוליעט ביים באָרט פון דער שיף און געקוקט, ווי שנעל די ריזידיק־גרויסע זון האָט זיך אַראָפּגעגליטשט און אַרונטערגעטויכט צווישן צעפלאַקערטן הימל און פורפור־באַגאָסענעם ים־פלאַך. עס איז ממש געווען מיט די אויגן צו באַמערקן, ווי די זון גליטשט זיך און זינקט שנעל אַראָפּ. אויף דער בונטער פאַרבן־שפיל האָט אים פאַרשכורט. ער האָט קיינמאָל אין דער רווישיקער, שטויביקער וואַרשע, אַזעלכע שקי־עות נישט געזען.

די לעצטע פלאַמען אויף די וואַלד־קרוינען האָבן זיך שוין גענומען לעשן. אַ העלע, דורכזיכטיקע בלויקייט האָט אַלץ פאַרהילט, ווען בעריש און וויעראַ זענען צוגעקומען צו אַ טיפן טאָל, וווּ עס שניידט זיך אַדורך אַ ברייטער שאָסיי. זיי האָבן זיך פאַרטייעט אין וואַלד און אָנגעהויבן צו אָבסערווירן דעם שאָסיי, וועלכן זיי מוזן אַריבער, כדי פאָרצוזעצן זייער וועג.

איבערן שאָסיי איז איצט אָנגעגאַנגען אַ האַסטיקע און געדיכטע באַ־וועגונג. קאַראַוואַנען, אויטאָס און מאָטאָציקלען האָבן טייוולאָניש אַדורכ־געראָיִשט הין־און־צוריק. טאַנקען־קייטן האָבן געקלונגען און שטאָל־געפּאַנצערטע געבייען האָבן געטרעשטשעט און געקרעכצט מיט זשאַווער־דיקן גרילץ.

בעריש און וויעראַ האָבן איצט, אויף אַלע פיר, געפויזעט נענטער צום ראַנד פון וואַלד. איצט האָבן זיי שוין אַלץ געזען דייטלעך. און כאָטש זיי האָבן דאָך פריער געוווסט, אַז דאָס פאָרן נישט קיין אַנדערע, נאָר דייטשן, דאָך, דערזעענדיק זייערע מונדירן, איז אַ שוידער אַדורך זייערע לייבער.

— בעסטיעס!

— טייוולאָנים!

אַריבער אַ שעה צייט זענען זיי אַזוי געלעגן. שפּעט אין אָוונט איז די באַוועגונג זעלטענער און שטילער געוואָרן. און ווען זיי האָבן שוין מער נישט געהערט קיין מינדסטן שאָרך, האָבן זיי באַשלאָסן אַדורכצושניידן דעם שאָסיי און אַריבערלויפן אין קעגנאיבערדיקן וואַלד. זיי האָבן זיך נאָכאַמאָל גוט אַרומגעקוקט און, נישט זעענדיק קיין מינדסטן באַוועגלעכן שאָטן, האָבן זיי זיך אָפּגעטיילט פון וואַלד־ראַנד און זיך אַראָפּגעשאַרט אין טיפן טאָל. אָבער פונקט דאַן, ווען זיי האָבן זיך געפונען אין סאַמע מיטן פון ברייטן שאָסיי, האָט זיך אַ מאַשין־געווער צעפּוליעמיאָטעוועט.

געדיכטע סעריעס קוילן האָבן זיך צעזיפּט אַרום זיי, געפּויקט אָן די ברוק־שטיינער און פֿאַרבייגעפּייפּט די אויערן.

— שנעלער! אין ראָוו אַריין!!!

— באַריס!

— לויף וויעראַ!

זיי האָבן זיך אַראָפּגעשליידערט פֿון הויכן שאָסיי, אין טיפֿן ראָוו אַריין, נישט פֿילנדיק קיין ווייטיק. פֿון דאָרט זענען זיי, מיט חיהשער פֿלינקייט און געניטקייט, אַרויסגעקראָכן און אַריינגעפּויזעט אין וואַלד. איינער האָט נישט געזען דעם אַנדערן און יעדע האָבן איצט נישט גע־פֿילט זייערע אייגענע לייבער. דאָס גאַנצע לייב איז איצט געווען, ווי איין שטיק האָלץ, ווי אַ בוים, אויף וועלכן די קאָרע פּלאַצט פֿון פֿראָסט. נאָר די הערצער האָבן האַסטיק געשלאָגן. האַסטיק, ווי דאָס מאַשין־געווער, וואָס האָט געשטעפּט סעריעס קוילן אין וואַלד אַריין. די קוילן האָבן גע־האָגלט איבער בערישעס קאָפּ, געקלאַפּט אָן די ביימער, אין צווייגן־געפּלעכט און אין קופּעס בלעטער אויף דער מאָכיקער ערד.

ער איז איצט געלעגן, בעריש, פֿאַרטייעט הינטער אַ בוים און מיט האָזן־אויערן זיך צוגעהערט: ניין, קיינער יאָגט זיי נישט. קיינער דער־נענטערט זיך נישט צום וואַלד. מען הערט נישט קיין טריט און קיין שאָרך. אויך דאָס מאַשין־געווער איז אַנטשוויגן געוואָרן ווי רעזיגנירט.

בעריש האָט זיך אַרומגעקוקט: וויעראַ איז נישטאָ נעבן אים! וווּ איז זי, וויעראַ? וואָס איז מיט איר?! רופֿן אויפֿן קול האָט ער מורא. ער וועט זיך דערמיט מסורן די דייטשן. האָט ער גענומען פֿליסטערן:

— וויעראַ? טססס! וויעראַ? טססס!

קיינער האָט אים נישט געענטפֿערט און דאָס האַרץ האָט זיך נאָך שטאַרקער צעהאַמערט. ער איז נאָך אַ היפּשע רגע אַזוי געלעגן. זיך ווידער איבערצייגט, אַז מען הערט נישט קיין טריט און קיין שאָרך און גענומען פּויזען צוריק צום וואַלד־ראַנד. געפּויזעט און גערופֿן מיט אַ געדעמפּטער שטים:

— וויעראַ?! טססס! וויעראַ??? טססס!

ענדלעך האָט ער דערהערט איר שוואַך קול:

— באַריס!

ער האָט זי געפֿונען ליגן איינגעאַנצן עטלעכע שריט פֿון וואַלד־ראַנד, אַפֿילו מיט קיין בוים נישט געשיצט.

— וואָס איז מיט דיר, וויעראַ? ביסט פאַרוווּנדעט?!

— איך ווייס נישט. דאַכט זיך, אַז ניין. עס טוט מיר גאָרנישט וויי. נאָר איך קען זיך פון אָרט נישט רירן.

— פאַרוואָס?

— אַלע גלידער זענען מיר ווי פאַראַליזירט.

— קום, וויעראַ! — האָט זי בעריש אַ נעם געטון אויף די הענט און זיך גענומען אייליק דערווייטערן אין וואַלד אַריין.

טרוקענע בלעטער און צווייגעלעך האָבן זיך צעשאָרכט און צעקנאַקט אונטער זיינע טריט. דאָס האָט אויפגעוואַכט די מאַשין־געווער, וואָס האָט ווידער גענומען שטעפּן סעריעס קוילן אין וואַלד אַריין.

איצט זענען זיי שוין געלעגן צוזאַמען, אַ פופציק טריט די טיף פון וואַלד־ראַנד און געהאָרכט ווי פאַרטייעטע הירשן. ס'איז ווידער שטיל געוואָרן. אַ זאַנפטע שטילקייט און אַ סאַמעטענע פינצטערניש.

ווען ביי בערישן אין האַרץ איז דאָס קלאַפּן געוואָרן לאַנגזאַמער און ווייכער, האָט ער טיף־טיף אָפּגעאָטעמט:

— וויערעטשקאַ... דיר... כ'מיין, עס טוט דיר זיכער גאָרנישט וויי?

— ניין, באָריס טייערער. און דיר?

— אויך נישט.

— איך חלש אַ טרונק, באָריס... די צונג, דער האַלדז איז מיר פאַרשמאַכט...

— אַ טרונק וועלן מיר נאָך אפשר ערגעץ קריגן. מיט מיר איז אָבער ערגער.

— וואָס איז מיט דיר?!

— איך חלש אַ פּאַפּיראָס!... דאָס לעבן וואָלט איך ערשט אַוועקגעגעבן פאַר אַ ביסעלע רויך!... און אפשר איז דאָס גאָר אַ נס, וואָס איך האָב נישט קיין פּאַפּיראָסן און קיין פייער. איך וואָלט זיך נישט באַהערשט און שוין אָט דאָ פאַררויכערט. און דאָס מאַשין־ביקסל וואָלט זיך ווידער צעקנאַלט...

— פּאַפּיראָסן?... באָריס טייערער... אינדערפרי וועסטו רויכערן...

— ווי אַזוי?

— אָבער צווינג מיך נישט איצטער צו טון קיין נאַרישקייטן, באָריס!... איך האָב פאַר דיר אַ פּעקעלע פּאַפּיראָסן... איך האָב עס געדענקט מיטצונעמען פאַר דיר... פאַרטאָג וועל איך דיר געבן...

— ווירעטשקאַ! ביסט זיס!... אַ מלאך ביסטו!... — האָט ער זי פעסט אַ קוש געטון. — קום ווירעטשקאַ!

— איך האָב מורא, באַריס! ער וועט ווידער שיסן!

— טאַקע דערפאַר טאָרן מיר דאָ נישט ליגן ביז טאָג!... דווקא איצט האָב איך שוין פאַר אים קיין מורא נישט. אין וואַלד וועלן זיי נישט קומען ביינאַכט. זיי האָבן אַליין מורא, די וועלף! און דאָס מאַשין־געווער וועט אונדז שוין איצטער נישט גרייכן. דיביימער זענען דאָ צו־געדיכט און די פינצטערניש שיצט אונדז...

זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט. אָבער ווירעראַ האָט באמת נישט געקענט רירן מיט קיין אבר. די פיס זענען איר אָפּגענומען געוואָרן פון שרעק. זענען זיי לאַנג אַזוי געשטאַנען, ווי אַ געיאָגטע הירשן־פּאָר, ביז זיי האָבן דערפילט, אַז דאָס בלוט נעמט הייס און האַסטיק שטראָמען אין די גע־פעסן. זיי האָבן איצט דערפילט, אַז די וועש אויף זיי איז פייכט און די לייבער פאַרען. און ביסלעכווייז האָבן ווירעראַס פיס אָנגעהויבן אויפלעבן. קודם־כל האָט זי דערפילט אין זיי אַ שוויענדזשעניש און אַ נאָדל־שטעכע־ניש, ווי זיי וואָלטן „אַנטשלאָפן געוואָרן". שפּעטער האָבן זיך אין זיי צעבלעזלט שטראָמען זאָדע־וואַסער און ערשט נאָכדעם זענען זיי הייס געוואָרן, ווי איבערגעפולט מיט זודיק בלוט. זי האָט זיי געפּרוווט באַ־וועגן און דערפילט אין זיי קרעפטן.

אין דער פינצטערניש האָבן זיי נישט געזען מער קיין שטעג און קיין אַלעע. זיי האָבן פאַרלוירן די אָריענטאַציע און נאָר אינסטינקטיוו געבלאָנקעט אין טיפן חושך פון וואַלד. דערשעפּטע פון כוחות, האָבן זיי זיך געטראָגן, ווי די טויט־שרעק וואָלט זיי אימפּעט געגעבן. די זעלבע שרעק האָט זיי אויך, אינטואיטיוו, געטריבן אַלץ טיפער אין וואַלד אַריין.

ווען זיי זענען, נאָך אַ נישט־געמאָסטענער צייט — נישט מיט קיין זייגער און נישט מיטן מוח — צוגעקומען צום וואַלד־אָפּשניט, האָבן זיי איצט דערזען, אַז די נאַכט איז גאָר אַ גאַנץ ליכטיקע. דער הימל איז גע־דיכט אויסגעשטערנט און די לבנה, אַ פולע, איז שוין לאַנג אויפגעגאַנגען אינמיטן הימל.

— ווי לאַנג גייען מיר, באַריס?

— איך ווייס אַליין נישט, ווירעטשקאַ... קען זיין אַ שעה, קען זיין דריי... און אפשר נאָך מער!...

— איך האָב שוין מער קיין כוח נישט...

— איך גלויב דיר, וויערעטשקאַ... איך האָב שוין אויך נישט קיין קרעפטן. כאַטש לייג זיך דאָ אַוועק אין מיטן וואַלד!...

— און דער דורשט! נישט אויסצוהאַלטן!

בעריש האָט באַמערקט אַז דאָס גראָז איז נאַס פון טוי און שעמע־רירט אַנטקעגן דער לבנה. עס איז אים איינגעפאַלן:

— וויערעטשקאַ... פּרוּוו אַ לעק טון דאָס פייכטע גראָז... ניין, וואַרט! איך אַליין וועל פּרוּוון... — האָט ער קודם־כּל איינגעגעצט די האַנט און אַ לעק געטון דעם טוי. נאָכדעם האָט ער גענומען לעקן מיט דער צונג דאָס גראָז... עס האָט געהאַט אַ טעם פון רעגן־וואַסער, אַ ביסל פאַררוי־כערט און ביטערלעך. עס האָט אָבער דערפרישט און דערמונטערט.

— לעק, וויערעטשקאַ!... עס איז גוט!...

איצט זענען זיי ביידע געשטאַנען אויף אַלע פיר און געלעקט דאָס נאַסע גראָז, ווי דורשטיקע לעמער... בעריש האָט אויך געפּרוּווט אָפּצופּן אַ גרעזל און צעקייען. דאָס ביטערלעכע גרעזל האָט דערמאָנט אָן אַ שטשאַוו־באָרשטש. אַ קאַלטן, פאָסנעם שטשאַוו־באָרשטש, איידער ער ווערט באַווייסט און מיט אָן איי פאַרשלאָגן...

— הערסט, וויערעטשקאָ? מיט דער צייט וועלן מיר ווערן נאַסטאָ־יאַשטשע חזירים!... מיין איך, ווילדע חיות!... מיר וועלן עסן גראָז, טרינ־קען טוי און וווינען אין אַ וואַלד־הייל...

— קען זיין, אַז מיר וועלן דאָ דאַן אפשר גליקלעכער זיין!...

— אָבער דערווייל זענען מיר נאָך צו־מענטשלעך!... עס איז צו נאַס און צו־קאַלט אין וואַלד. מיר מוזן געפינען אַ נאַכט־לעגער! אַנישט וועלן מיר מאָרגן שוין קיין טראָט נישט קענען שטעלן!

— איך קען שוין נישט, בעריס...

— דיך דורשט נאָך?...

— ניין... באמת אַ גוטער טרונק געווען!... בעסער ווי וויין!...

אַ האַן האָט אויפגעקרייט פון גאָר נאָענט. דערמיט האָט ער בערישן טאַקע צו־וויסן־געגעבן, אַז גאָר נאָענט איז דאָ עפּעס אַ ישוב. בעריש האָט זיך איינגעקוקט אין אָפענעם טאָל און טאַקע דערזען אַ פּאָר טונקעלע כאַטעס.

אָבער ניין! אין קיין כאַטע וועט ער איצט נישט אַריינגיין! קען זיין, אַז דייטשן ליגן דאָרט! ער קען זיי קומען גלייך אין די הענט אַריין!

אַ היפּשן מרחק פון די כאַטעס האָט בעריש באַמערקט הויכע סטויגן

היי. אַ געדאַנק האָט אים אויפגעהעלט אין קאָפּ און צעשמייכלט זיין געזיכט:

— ווערעטשקאַ, איך האָב אַ נאַכט־לעגער!...

— ווו?...

— קום! — האָט ער זי אַ נעם געטון ביי דער האַנט און זיך געלאָזן צו די סטויגן.

וויעראַ איז אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ מאַכטלאָז, שלעפעריק קינד, וואָס פאַרלאָזט זיך אויפן טאַטן, אַז ער וועט עס פאַרזאָרגן. בעריש האָט אונ־טערגעגראָבן אַ מאַסיוון סטויג היי, אויסגעגראָבן אין אים אַ טיפע לאָך און זיך נאָכאַמאָל אַרומגעקוקט, צי קיינער זעט נישט.

— אַ טייער נאַכט־לעגער, וויעראַ!... קריך אַריין!...

וויעראַ איז אַריינגעקראָכן די ערשטע. בעריש — נאָך איר. ער האָט, נאָך זיך צוריק פאַרשטאָפּט דאָס לאָך מיט היי. פּאַרדעקט, פאַרשאָטן און פאַרמאַסקירט, עס זאָל זיין נישט־באַמערקבאַר.

זיי האָבן זיך איינגעטוליעט איינער אין אַנדערן און עס איז זיי וואַ־רעם געוואָרן. קיין מינדסט ווינטעלע איז צו זיי נישט צוגעקומען. זיי האָבן זיך איצט אויך געפילט זיכערער און געשיצט. זענען זיי איצט געלעגן אין זיסער אָנמעכטיקייט, מיט הנאהדיק געשלאָסענע אויגן.

און וואָס וואָרעמער די קערפּערס זענען געוואָרן, אַלץ פולער זענען זיי געוואָרן מיט לוסט און באַגער. דאָס איז געווען אי פלאַמיקע תאווה, אי אַ צו־להכעיס דעם טויט!... דווקא דעם טויט אונטער דער נאָז האָבן זיי זיך געזעטיקט מיט ליבע און זיך אָנגעטרונקען מיט גליק!...

און דאָ איז בערישן פאַרענטפערט געוואָרן אַ פראַגע, וואָס עס האָט אים אַמאָל זייער אינטערעסירט:

„וואָס פילט אַ צום־טויט־פאַרמשפּטער אין זיין צעלע, ווען אויף זיין לעצטן פאַרלאַנג ברענגט מען אים אַריין אַ פרוי?... די לעצטע נאַכט און די לעצטע פרוי?...“ — „יאָ: צו־להכעיס דעם טויט איז נאָך די הנאה אַ פיל שטאַרקערע, אַ פאַרטויבנדיקע!“

און איצט איז אָנגעגאַנגען אַ געראַנגל פון רייצנדע אַראָמאַטן: דער אַראָמאַט פון די לייבער האָט געניכטערט און דער אַראָמאַט פון פרישן היי האָט זיי פאַרשכורט...

צום סוף האָט געזיגט דער פאַרשכורנדיקער אַראָמאַט פון פרישן היי. ער האָט האַסטיק פאַרשלעפערט זייערע מידע מוחות.

בעריש און וויערא, דערשעפטע, זענען פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טיפן, מתיקותדיקן שלאָף.

קאַפּיטל 14

## די שבועה אין וואַלד

— וואָס פאַר אַ טאָג איז היינט, וויערעטשקאַ?...

— איך ווייס נישט, באריס!...

זיי האָבן שוין פאַרלוירן דעם חשבון פון צייט, פון וואָגלענדיקע טעג און געגנבעטע נאַכטלעגערס.

בעריש וויל אָבער דווקא וויסן, ווי לאַנג זיי זענען שוין פון ביאַליסטאָק. הויבט ער אָן צו ציילן די מעת־לעתן לויט סמנים. די סמנים זענען: ווו זיי האָבן אַלץ גענעכטיקט פאַר דער צייט:

— ביי דער באַבושקאַ — די ערשטע נאַכט. אין סטויג היי — די צווייטע. אין שייער — די דריטע. אין קי־שטאַל — די פערטע. אין חזיר־שטאַל — די פינפטע. אין קלויסטערל — די זעקסטע. אויפן בית־עולם, אין דעם אהל פון אַ צדיק — די זיבעטע. אונטער דעם בריקל — די אַכטע. ווו נאָך?

— און אין דער פוסטער וואַסער־מיל, האָסטו פאַרגעסן... און אין פּרוכטן־סאָד, אין ביידל... און אין דער לאָדקע, אויף דער אָזערע...

— איז אינגאַנצן עלף טעג! ווו זענען נאָך?...

— צוויי נעכט אין וואַלד... יאָ, און אין דער חורבה, פאַר באַראַנאָוויטש!

— ריכטיק, איז האָבן מיר שוין פערצן. די נאַכט אויפן בוידעם, איז שוין פופצן און היינטיקע, איז זעכצן... זעכצן נעכט וויערעטשקאַ!... אויב מיר האָבן נישט פאַרגעסן עפּעס, די דריטע וואָך, וויערעטשקאַ!...

— די דריטע וואָך, באריס. און מיר דוכט זיך שוין, אַז דאָס דריטע יאָר!

— מסתמא לאַנגווייליגט דיך מיין געזעלשאַפט?... — האָט בעריש

געשפּאָסט — אין אַ סימפּאַטישער געזעלשאַפט זעען אויס דריי יאָר ווי דריי וואָכן! און ביי דיר איז פאַרקערט...

— יאָ, פאַרקערט, באַריס!... ווייל איך ווייס, אַז אונדזערע גליקלעכע מעת־לעתן זענען געציילטע, קוק איך אויף זיי ווי דורך אַ פאַרגרעסער־גלאָז... איך וויל זיי זען וואָס־גרעסער, וואָס־מער!...

— שעלמאַ!... דו האָסט זיך אַרויסגעדרייט...

— לויט אונדזער הומאָר, איז עס טאַקע נישט מער ווי די דריטע וואָך...

— און לויט מיין באָרד?...

— דו זעסט שוין אויס באַלד ווי אַ גייסטלעכער, ווי אַ פּאָפּ... ווען איך האָב אַן אַפּאַראַט, וואָלט איך דיך פאָטאָגראַפירט... דו וועסט זיך שפּעטער קיינמאָל נישט גלויבן, אַז דו האָסט אַזאַ בכבודיקע באָרד גע־האַט!...

— שפּעטער... ווען וועט ער זיין דער „שפּעטער"?... דערווייל פראַ־ווען מיר אַלץ „דאַטשע"... און די פרישע וואַלד־ און פעלד־לופט מאַכט אַפּעטיט!...

— אוי, בין איך הונגעריק, באַריס!...

— איז וועמענס אָטשערעד איז היינט צו גיין זוכן עסן?

— מיינע...

— איז היידאַ! אָט אין יענעם דערפעלע אַריין... אָבער געדענק, זאָם זיך נישט לאַנג! וועל איך פאַרשפּאָרן איבערצוטראַכטן.

— אַ מאַן זאָל עס זיין אַזוי אייפערזיכטיק!... האָב נישט מורא, איך וועל דיך מיט קיינעם נישט פאַרראַטן!...

וויעראַ האָט זיך אַוועקגעלאָזן מיטן פעלד־שטעגל אין דאָרף אַריין. באַריס האָט איר, פון וואַלד־אַרויס, נאָכגעקוקט און געשמייכלט:

„זי האָפּסלט, מיין באָרוועס דאָרפס־שיקסעלע!..."

און ער האָט זיך ווידער גענומען שלייפן אָן אַ שטיין דעם לאַנגן, שפּי־ציקן מעסער און די האַק, וואָס ער האָט געפונען אין אַ פוסטער קוזניע.

בעטלען שפּייז אין די דערפער, ביי די פויערים, איז מערסטנטייל געגאַנגען וויעראַ. זי איז אַ קריסטין, גיט מען איר גערנער און די געפאַר איז אַ קלענערע. דאַקעגן באַריס האָט געמוזט פאַרשאַפן פּראָדוקטן אויף אַן אַנדער אופן: ער האָט געקלעטערט איבער פּלויטן, געריסן אומרייפע

פּרוכטן פון די סעדער און גרינצייג פון די גערטנער. יונגע קאַרטאָפּעלעך, מערעלעך און אוגערקעס — פון די אָפענע פעלדער גענומען. ער האָט פון הינער־שטייגן אייער געבראַכט און פון קי־שטאַלן — לאַדישקעס סמעטענע, זויערמילך און זעקעלעך ווייסן קעז.

ער האָט שוין מער נישט געטראַכט, ווי אין די ערשטע טעג, אַז דאָס איז גנבה. ער האָט געטאַשטשעט צום עסן און אויף זאַפּאַס. ער האָט שוין אפילו געפונען אין דעם אַ פאַראינטערעסירונג. דאָס איז שוין גע־וואָרן ביי אים אַ באַשעפטיקונג ווי מסחר. צי ער האָט יאָ באַדאַרפט, צי נישט, איז ער שוין נאַכט־ביי־נאַכט געגאַנגען „זוכן". און אַלץ וואָס ער האָט „געפונען", האָט ער מיט האַזאַרדישער ליידנשאַפט געשלעפט אין וואַלד אַריין.

אויך וויעראַ האָט שוין מער נישט געפילט, אַז זי בעטלט. זיי האָבן זיך צוגעוווינט צום נייעם לעבנס־אַרט און שוין באַלד פאַרגעסן, אַז אַמאָל איז עס אַנדערש געווען... עס מאַכט זיי שוין נישט טרויעריק און זיי טוען דאָס אַלץ אָן זאָרג. פאַרקערט: דער אופן פון קריגן שפּייז, געפינען אַ נאַכטלעגער און אויסבאַהאַלטן זיך פון דייטשן איז געוואָרן אַ מין ספּאָרט. אַ סך מאָל פאַרשאַפט דאָס זיי הייטערקייט און פרייד. אפילו דאָס ענדלאָזע וואָגלען איז שוין געוואָרן אַ זוניקער שפּאַציר...

אמת טאָקע, זיי שלאָפן אין די קליידער. די קליידער האָבן זיי בלויז אַ פּיר מאָל אויסגעטון פון זיך. דאָס איז געווען ביים באָדן זיך אין אַ טייכל, אָדער אָזערע. וויעראַ איז נישט פאַרקעמט און בעריש איז נישט ראַזירט. און דאָך איז דאָס געמיט לייכט.

דאָס געמיט איז לייכטער געוואָרן דווקא נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז זיי האָבן שוין מער נישט קיין ציל. נישטאָ וווהין צו גיין און זיי מוזן בלייבן אין די וועלדער. געווען איז דאָס דעמאָלט, ווען זיי זענען צוגעקומען צו באַראַנאָוויטש און זיך דערוווּסט, אַז אין שטאָט זע־נען דייטשן, נישט נאָר אין באַראַנאָוויטש, — אין מינסק און ווייטער. מען האָט שוין מער נישט געהערט קיין שיסערייען. דער פראָנט האָט זיך אַוועקגערוקט העט־ווייט אין רוסלאַנד. און אַ סברה אַז גאַנץ ווייסרוס־לאַנד איז שוין אין דייטשישע הענט!

זיי האָבן זיך דאַן פאַרנומען אויף רעכטס, אַראָפּ קיין וואָלין. פאַר־וואָס? — ווייל דאָרטן זענען די וועלדער געדיכטער, דערפער אַ סך און ווייניק גרויסע שטעט. פאַר די גרויסע שטעט ציטערן זיי. דאָרטן זיצן

דייטשן. אויך פאַר די שאָסייען ציטערן זיי. טעג און נעכט ציען זיך איבער די שאָסייען מיליטערישע קאַראַוואַנען צום פראָנט, קיין רוסלאַנד. עס־קאַדרעס שווערע באָמבאַרדירער פליען פאַרביי. און אויף יעדן שייד־וועג שטייען פּאַטרולן.

קיין פּליטים האָבן בעריש און וויעראַ שוין ביז היינט מער נישט געטראָפן. ווי זיי וואָלטן אַוועקגעוואָגלט אין אַ קעגנגעזעצטער ריכטונג, אָדער ווי ס'וואָלטן גאָר קיינמאָל קיין פּליטים־מחנות נישט געווען. די ערשטע טעג האָבן ביידע שטאַרק באַדויערט, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט פון דער מאַסע. די איינזאַמקייט האָט געדריקט און פאַרשווערט דעם טרויער. אָבער איצט, — אַ סך מאָל זענען זיי שוין גאָר צופרידן, וואָס זיי זענען אַליין. די פּליטים־מאַסע וואָלט זיי פיל געשטערט. אַלע וואָלטן זיך געלאָזן איבער די דערפער. עס וואָלט שווערער געוואָרן מיט שפּייז און נאַכטלעגער. זיי וואָלטן אויך צופיל געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט און דערמיט זיך געמסורט.

זאַלבעצווייט פילן זיי זיך טאַקע, ווי אדם און חוה אין גן־עדן... אַ וועווערקע מאַכט זיי הימלעך און אַ פויגל הייטערט אויף... בייטאָג קלייבן זיי יאַגדעס, בראָטן קאַרטאָפל ביי אַ קאָסטערל, באָדן זיך אַמאָל, וואַשן די וועש אין יעדן אָנגעטראָפענעם וואַסערל. זיי דערציילן זיך וויצן, אַנעקדאָטן און מעשהלעך. עפּיזאָדן פון זייער פאַרגאַנגענהייט. און ביי־נאַכט; — צי האָבן אדם און חוה געוווּסט פון אַזעלכע נעכט?...

פון דער ווייטנס האָט שוין בעריש געזען, ווי זיין באָרוועס דאָרפס־שיקסל האָפּסלט אַ מונטערע, איבערן פעלד־שטעגל, צוריק...

„יאָ, זי טראָגט עפּעס!... און באַלד וועט מען מאַכן אַ סעודה!"...

***

וויעראַ אַנדרייעווּנאַ האָט אויסער שפּייז אויך געבראַכט נייעס. נייעס, וואָס האָבן בערישן צערודערט און זיין רו צוגענומען:

— אין דערפל רעדט מען, אַז די דייטשן האָבן שוין איינגענומען גאַנץ ווייסרוסלאַנד און גאַנץ אוקראַינע! מען זאָגט, אַז זיי טרעפן אין ערגעץ נישט אָן קיין ערנסטן ווידערשטאַנד. זיי שפּאַרן איצט אויף מאָסקווע און לעבינגראַד, אויף קרים און קאַווקאַז!

— וואָס רעדסטו?! הייסט דאָך עס, אַז די וועלט איז פאַרשפּילט! די

וועלט איז פֿאַרלוירן! דער טייוול וועט באַהערשן די גאַנצע וועלט! יידן וועלן אויסגעראָטן ווערן ביזן לעצטן! און אַלע אַנדערע פֿעלקער וועלן זיין קנעכט! שקלאַפֿן פֿון דריטן רייך!

— מען זאָגט טאַקע, אַז ער פֿאַרברענט סאָוויעטישע דערפֿער און שלעפּט אַוועק די באַפֿעלקערונג קיין דייטשלאַנד. די פֿרויען פֿאַר דינסטן און די מענער פֿאַר שקלאַפֿן!

— דאָס איז נאָך גאָרנישט, וויערעטשקאַ!... דו קענסט דאָך אייער רוסישן שפּריכוואָרט: „עטאָ צוויעטקי... יאַגאָדקי בודוט!...“ (דאָס זענען ערשט בליטן... די פֿרוכטן וועלן ערשט קומען!...).

— באָריס, באָריס! וואָס־זשע וועט דאָ זיין מיט אונדז, האָ?

— איך האָב נאָך געהאָפֿט, אַז די מלחמה וועט ברענגען סורפּריזן... געמיינט, אַז די בעסטיע קען נאָר איינשלינגען קליינע לענדעלעך, אָבער מיט אַ גרויס־מאַכט וועט זי זיך קרעקן און דערוואָרגן ווערן! און דאָ גאָר — פֿראַנקרייך איז געפֿאַלן, רוסלאַנד פֿאַלט! איז ווער זשע וועט זיך עס אַנטקעגנשטעלן?!

— באָריס... און אַזוי ווי מיר האָבן געלעבט ביז איצט?...

— ביסט אַ קינד, וויערעטשקאַ!... איצטער איז נאָך זומער. דאָס שלאָפֿן איז נישט קיין פּראָבלעם. אָבער עס וועט זיך אונטעררוקן אַ ווינטער מיט שנייען און פֿרעסט! ווו וועלן מיר זיך דאַן אַהינטון?!

— און אפשר זאָלן מיר זיך בויען אַ זיעמליאַנקע אין טיפֿן וואַלד?

— און בלייבן דאָ לעבן, ווי אַ חיה?... יאָ, איך האָב געטראַכט וועגן אַ זיעמליאַנקע. אָבער בלויז אויף איבערצושטופּן די צייט. אויף איבערצוּוואַרטן, ביז עס וועט קומען אַן ענדערונג. ביז דער דייטש וועט דאָך ליידן אַ מפּלה. אָבער שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז איך וועל שוין אייביק לעבן ווי אַ חיה? און ווי אַ חיה פּגרן?! ניין, וויערעטשקאַ, דאָס קען איך נישט... אַזאַ לעבן האָט נישט קיין זין...

— וואָס־זשע פֿאַר אַ ברירה האָבן מיר, באָריס?

בעריש האָט אַ לאַנגע רגע געשוויגן און נאָכדעם זיך האַסטיק אַ ווענד געטון צו וויעראַן מיט אַן אַנטשלאָסנקייט:

— וואָס פֿאַר אַ ברירה, פֿרעגסטו? אַז מען קען נישט לעבן, ווי מענטשן, האָבן מיר אָבער יאָ אַ ברירה צו שטאַרבן ווי מענטשן! מיט אַ מענטשלעכן טויט!

— באָריס! — איז וויעראַ אויפֿגעשפּרונגען און צוגעפֿאַלן צו זיין

ברוסט. — וואָס האָט עס מיר געטויגט? נאָכוואָס האָב איך דיר דאָס אַלץ דערציילט? באַרואיק זיך, באַריס... מאַלע וואָס פויערים רעדן! עס קען דאָך נאָך פאַרשידנס געשען. די מלחמה איז דאָך נאָך ווייט נישט געענ־דיקט!... וואָס רעדסטו באַרישקייטן, באַריס? מיר מוזן נאָך לעבן! און ווער ווען ווען מיר דען אָפּטון מיט אונדזער טויט? איך וויל נישט שטאַרבן! איך קען נישט באַגיין קיין זעלבסטמאָרד. איך האָב צו שוואַכע נערוון דערצו. ווען איך וואָלט געקענט, וואָלט איך עס שוין לאַנג צוריק געטון. איך קען נישט באַריס! — האָט איצט אַרויסגעקלאָגט פון איר די פאַר־צווייפלונג, וואָס איז שוין אייגנטלעך פון לאַנג פאַרטייעט אין איר ברוסט.

— דו קענסט נישט, וויערעטשקאַ... און מען דאַרף נישט!... נישט דאָס האָב איך געמיינט...

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט טרערן־איבערפולטע און פרעגנדיקע אויגן.

— אַ טויט דאַרף אויך האָבן אַ זין... פאַרוואָס עפּעס זאָל איך שטאַרבן און פאַרלייכטערן דערמיט דעם דייטש זיין אַרבעט?...

— דאָס פרעג איך דאָך?... — האָט זיך וויעראַ אָנגעכאַפּט אָן דער פראַגע, ווי אָן אַ רעטונגס־ברעט.

— איך מיין: אָנפאַלן אויף דייטשן! הרגענען, קוילענען, אונטערצינדן זייערס אַ הויז! באַצאָלן פאַר אונדזער צעבראָכן לעבן! און דאַן, אויב עס וועט אויסקומען... וועט נישט זיין קיין שאָד צו שטאַרבן!... אַזאַ טויט, אין קאַמף, האָט שוין יאָ אַ זין!...

— באַריס, ווילסטו ווערן אַ פּאַרטיזאַן?

— אַ פּאַרטיזאַן? וואָס איז דאָס אַזוינס?

— פּאַרטיזאַנער זענען פאָלקס־נקמה־נעמער, אין הינטערלאַנד ביים שונא. דאָס זענען באַוואָפנטע אונטערערדישע קעמפער. אין דאָרף רעדט מען טאָקע וועגן דעם, אַז ערגעץ אין די־אָ וועלדער, אין דער געגנט, איז דאָ אַ פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד. איך האָב אפילו געהערט, אַז זייער אָנפי־רער, זייער קאָמאַנדיר, הייסט מיט אַ צונאָמען דיאַדיאַ וואַניאַ...

— אַזוי?!... דו נאַריש קעצל! דערציילסטו מיר נישט אַזאַ זאַך?...

— אַז דו האָסט נישט געלאָזן אויסרעדן און באַלד...

— וואַרט נאָר, דיאַדיאַ וואַניאַ איז דאָך אַ רוסישער נאָמען?...

— זיכער.

— און וואָס טוען זיי, די פּאַרטיזאַנער? כ׳מיין, וואָס איז זייער אויפ־גאַבע?

— דיווערסאַנטישע אַרבעט. סאַבאָטאַזש. זיי צעשרויפן רעלסן, אַ צוג זאָל צעשמעטערט ווערן... רייסן־אויף בריקן, צינדן אונטער מיליטערי־שע סקלאַדן. זיי הרגענען און טוען אַלץ, צו שעדיקן דעם שונא. אין דער פאַריקער וועלט־מלחמה האָבן אונדזערע רויטע פּאַרטיזאַנער זייער אַ סך אויפגעטון.

— ווערעראַ! דאָס איז דאָך אַ הייליקע אַרבעט! — איז בעריש אַריין אין עקסטאַז. זיינע באַקן זענען אַזש רויט געוואָרן און די גרויסע ביר־אויגן האָבן זיך צעגליט. — פאַרוואָס זשע לעבן מיר ווי די בהמות? אונ־דזער לעבן קען דאָך אויך האָבן אַ זין!...

וויעראַ האָט איצט געפלאָטערט אַרום בערישן אַ צעשטראַלטע און אַ פאַרטרערטע. איר גאַנץ געמיט איז איצט געווען אַ געמיש פון געזאַנג און געוויין. איר איצטיקער צושטאַנד איז געווען דער אמתער אויסדרוק פון זייער נע־ונד־לעבן: אַ ליבע געהילט אין אומגליק, אַ פרייהייט אין נעץ פון געפאַר, אַ לעבן פאַרוועבט מיט טויט.

ווען די פּאַרטיזאַנער האָט זי זיך נאָך נעכטן דערוווסט. זי האָט זיך אָבער דעם גאַנצן מעת־לעת געשלאָגן מיט דער דעה: צי זאָל זי עס באריסן דערציילן, אָדער נישט? איר אַליין ציט צו די פּאַרטיזאַנער. זי איז דאָך אַ דאָקטאָר און קען דאָרט לייסטן מעדיציניש הילף. איר איי־גענער געוויסן איז אויפגערודערט געוואָרן: צי האָט זי אַ רעכט, אין אָפּ־געזונדערטקייט צו היטן די אייגענע פעל אין אַזאַ צייט? בשכנות אין וואַלד לעבן נקמה־נעמער, אַ ווייסרוסישער פּאַרטיזאַנער אָטריאַד! מען באַצאָלט דעם שונא פאַר פאַרברענטע שטעט און דערפער! פאַר תליות און פאַרשקלאַפונג פון אירע ברידער און שוועסטער! און זי? — אַנשטאָט צו זיין אַקטיוו מיטבאַטייליקט, איז גאָר פאַרקאָכט אין אַ ליובאָוו!

אָבער ליובאָוו איז ליובאָוו... עס וויל פון גאָרנישט וויסן!... זי וויל באריסן נישט פאַרלירן! זאָל זיין אַז זי איז קליינבירגערלעך, עגאָאיסטיש! אָן באריסן האָט זי סיי־ווי נישט קיין לעבן און האָט נישט נאָכוואָס און פאַר וועמען צו קעמפן! און מיט די „אייגענע" האָט זי נאָך אויך אַ „שטיקל" חשבון! דווקא די „אייגענע" האָבן דאָך איר לעבן צעבראָכן!

נאָר איצט איז שוין פאַרפאַלן. בעריש איז אַן אָנגעצונדענער. זי וועט אים שוין נישט בכוח זיין אָפּצוהאַלטן. און זי וויל עס נישט אויך. עס

וועט דאָך שוין איצט נישט מעגלעך זיין סיי־ווי צו לעבן אַזוי אידיליש־רואיק אין זייער אָפּגעזונדערטקייט, ווי ביז איצט! עס וועט שוין מער נישט מעגלעך זיין, וויסנדיק, אַז דאָ נאָענט ערגעץ פּלאָקערט אָ פייער פון נקמה!... אַז אַ גאַנצער אַטריאַד לעבט משפּחהדיק און זעטיקט זיך מיט ווירדיקע מעשׂים! איז אפשר שוין גלייכער אַזוי...

בעריש האָט זיך געריבן די פעסטע דלאָניעס, געקנאַקט די פינגער און זיך אַרומגעדרייט ווי אַן אורמענטש אין אורוואַלד, ווי אַ ריז וועלכער האָט נישט ווו אויסצולאָדן זיינע כּוחות. ער האָט גענומען אין מויל אַריין און געקייט שטיקער פון זיין קופּערנער, היפּש־באַזילבערטער בערדל און וואָנצעס. די גרויסע, צעפּראַלטע ביר־אויגן האָבן זיך איצט אָנגע־גאָסן מיט שקיעה־שיין. און בלויז די העלע, דינע קנייטשעלעך אין זיין טונקל־אָפּגעברוינטן פּנים, די קנייטשעלעך וואָס צעשטראַלן זיך פון די אויגן־ווינקלען, צו די שלייפן־צו, האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן אין אַ שמייכל. אַ שמייכל פון דעצידירטקייט. פון אַן אָנגענומענעם, געוואַגטן באַשלוס.

— נאַ, וויערעטשקאַ... אונדזער לעבן וועט איצט אַוועקגיין אויף גאַנץ אַנדערע רעלסן!...

— באַריס, וועסט אָבער נישט פאַרפאָרן צו ווייט פון מיר, אָט אויף די אַנדערע רעלסן?... — האָט זיך וויעראַ קעצלדיק געטוליעט צו בערישן און געקוקט אים אין פּנים אַריין מיט אויגן פון אַ קינד, וואָס בעט זיך, אַז דער טאַטע זאָל עס מיטנעמען.

— צוזאַמען וועלן מיר פאָרן אויף די נייע רעלסן, וויעראַ, צוזאַ־מען!... איצט ערשט וועט זיך עס אָנהויבן... איצט וועט עס ווערן אינטע־רעסאַנט!...

— איך זאָל דיך נאָר נישט פאַרלירן, באַריס... — האָט זיך וויעראַ צעכליפּעט.

— קינד!... נאַריש קינד!... מיר האָבן זיך דאָ איצט געפונען!... — האָט זי בעריש אַ הויב געטון אין דער לופטן און זיך גענומען דרייען מיט איר, ווי אַ קאַרוזעלע, אין אַן אימפּעטדיקן געדריי. געדרייט זיך און נישט אויפגעהערט זינגען: — דיאַדיאַ וואַניאַ!... דיאַדיאַ וואַניאַ!... דיאַדיאַ וואַניאַ!...

***

דעם וואַלד האָט פאַרהילט אַ העלער, לויטערער יולי־אָוונט.

— איז ווו־זשע שלאָפן מיר היינט, באַריס?

— יאָ, ס׳איז צייט צו זוכן אַ נאַכטלעגער!

בייטאָג האָט בעריש געטראַכט צו נעכטיקן ערגעץ אין אַ שטאַל, אָדער שייער, אין איינעם פון די דערפלעך. אָבער איצט, ווויסנדיק, אַז אין דער געגנט זענען דאָ פּאַרטיזאַנער, האָט ער באַשלאָסן, אַז עס איז געפערלעך צו נעכטיקן אין אַ דאָרף. די דייטשן זוכן זיכער די פּאַרטיזאַנער און געפינען וועלן זיי אים... „איז וווהין־זשע גייט מען פאָרט? — האָט בעריש אַ טראַכט געטון — זאָל איך אַזוי וויסן פון אַ בייזער וועטשערע!“...

פונדעסטוועגן האָט ער זיך אויפגעהויבן, פאַרוואָרפן דאָס זעקל שפּייז איבערן לינקן אַקסל, פאַררוקט די געשאַרפטע האַק און דאָס לאַנגע מעסער אין ביידע זייטן פון זיין הויזן־פּאַסיק און מונטער אַ זאָג געטון צו וויעראַן:

— קום, עס וועט זיך שוין עפּעס מאַכן!...

זיי זענען אַרויס פון וואַלד און געגאַנגען איבערן שטעגל לענגאויס ביי זיין ראַנד. אַ פולע לבנה האָט באַלויכטן די געגנט מיט אַזאַ מין העל־קייט, וואָס האָט וויעראַ אַנדרייעווגאַן דערמאָנט אָן די לענינגראַדער ווייסע נעכט. עס האָט איר דערמאָנט אָן קאַליאַן, אָן זייערע סטודענטישע יאָרן, מיט יוגנט־חלומות. מיט שטרעבונגען און אַמביציעס. די ראָמאַנטישע נאַכט מיט לידער און לעגענדעס, מיט ליבע און באַגער.

אויך בערישן האָט די ליכטיקע לבנה־נאַכט אָן עפּעס דערמאָנט. עס האָט אים דערמאָנט אָן אַ פילם, וואָס ער האָט אַמאָל געזען און וואָס עס האָט געמאַכט אויף אים אַן דערשיטערנדן איינדרוק. ער איז דאַן אין קינאָ־זאַל געזעסן צוזאַמען מיט זינאַן. זינאַ איז נאָך דאַן געווען זיין כלה... זי האָט געקוקט אויפן עקראַן, זיך פיבערדיק געטוליעט צו אים און זילבער־שטראַמען האָבן געפלייצט איבער אירע בלייכע באַקן.

עס האָט זיך דאָרט געהאַנדלט וועגן אַ ליבע צווישן אַ בחור און אַ געהייראַטער פרוי. איר אייפערזיכטיקער מאַן האָט זיי געטראָפן אין אַן אינטימער פּאָזע. אין העכסטער אויפרעגונג, האָט ער אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער און גענומען שיסן. דער בחור, וועלנדיק שיצן זיך און זיין געליבטער האָט אין פאַרטיידיקונג געוואָרפן דעם מאַן אַ בענקל אין קאָפּ אַריין. דער רעזולטאַט איז געווען אַן אומדערוואַרטעט־אומגליקלעכער: דער מאַן, מיט אַ צעבראָכענעם שאַרבן, איז געפאַלן אַ טויטער אויפן אָרט. תיכף נאָכן מאָרד איז דאָס פּאַרליבטע פּאָרל אַנטלאָפן. פּאָליציי זוכט זיי

איבערן גאַנצן לאַנד, אָבער זיי באַהאַלטן זיך אויס אין די וועלדער. זיי באַהאַלטן זיך מיט זייער לעבן, מיט זייער ליבע און מיט זייער פריי־הייט. זייער גליק איז שוין אָבער צעשטערט און זייער ליבע איז אַ פאַר־סמטע. דאָס פאַרברעכן הענגט איבער זיי ווי אַ קללה. דאָס געוויסן פּיי־ניקט טאָג און נאַכט. ווען די שקיעה באַפאַרבט מיט פּורפּור דעם הימל, זעען זיי דאָס פאַרגאָסענע בלוט. די לבנה בלייכט, ווי דאָס פּנים פון דעם דערמאָרדעטן, וואָס זוכט זיי, פאַרפאָלגט און רופט צום משפט. די פרייהייט הענגט אויף זיי ווי שווערע קייטן. די ליבע האָט זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ נישט־דערטרעגלעכקייט און דאָס לעבן איז געוואָרן אַ שווערע לאַסט. בלאָנקען זיי שווייגנדיק אַרום אין לבנה־נעכט. געפינען נישט קיין רו און קיין פאַרגעסונג. ביז ענדלעך באַשליסן זיי: אַליין, פריי־וויליק זיך איבערגעבן אין די הענט פון דער גערעכטיקייט.

און בעריש טראַכט:

„אַזעלכע ליכטיקע לבנה־נעכט זענען דאָס געווען, פּונקט אַזעלכע ווי אַצינד!... אָבער ווען האָבן מיר דען דערמאָרדעט? וועמענס בלוט איז דען אויף מיין געוויסן? צוליב וועלכן פאַרברעכן איז עס מיין לעבן אַזוי צעשטערט געוואָרן?! פאַר וועלכע זינד מוזן מיר עס וואָגלען איבער וועלדער געטרודפטע און נישט האָבן קיין רו? אונדזער ליבע וועט אויך אַזוי ווערן מיט דער צייט פאַרסמט און דאָס לעבן — צו לאַסט! אָבער וועמען זאָלן מיר זיך איבערגעבן צו אַ משפּט? ווו זענען עס די הענט פון דער גערעכטיקייט?! ניין, נישטאָ זיך וועמען איבערצוגעבן. איך בין איצט אַ העלד פון אַ משונהדיק צוגעטראַכטן פילם־סיוזשעט, ווו דאָס גע־זעץ ליגט אין די הענט פון די פאַרברעכער און די גערעכטיקייט — באַהאַלט זיך אויס אַ פאַרפאָלגטע אין די וועלדער! אַ משונהדיקער סיו־זשעט פון אַ שגעונישן מחבר, וועלכער האָט מיין גורל פאַרפלאָנטערט און קען נישט דערפירן צו קיין פינאַל!... — — —“.

דאָס שטעגל האָט זיך איבערגעריסן ביי אַ האָסטיקן באַרג־אַראָפּ. אַ דריטהאַלבן מעטער די טיף האָט זיך דורכגעשניטן אַ פּוילישער וועג. בעריש האָט באַשלאָסן אַראָפּצושפּרינגען דער ערשטער פון וואַלד־באַרג און נאָכדעם אַראָפּנעמען וויעראַן. אָבער ווי נאָר ער איז אַראָפּגעשפּרונגען, איז ער געבליבן שטיין פּנים־אל־פּנים מיט צוויי מונדירטע, באַוואָפנטע דייטשן!

פלוצלינג איז דאָס געשעען. קיינער האָט אַ סעקונדע פריער נישט פאָראויסגעזאָגט די באַגעגעניש. די צעטומלונג איז געווען אַ פאַרשטענד־לעכע און דער אַנגסטיקער פחד האָט אויף אַ לאַנגער סעקונדע פּאַראַ־ליזירט זייערע באַוועגונגען. עס האָט אפילו אָפּגענומען דאָס לשון. אַ געשריי צו טון, אַ רוף צו טון נאָך הילף. די געפאַר האָט אָבער אַליאַר־מירט צום מוח און דער מוח האָט באַפוילן דרינגענד צו רעאַגירן. עס האָט אויסגעזען, ווי אַ קאַץ וואָלט אַריינגעפאַלן אין אַ גרוב מיט שטשורעס. זיי האָבן געגלאָצט איינער אויפן אַנדערן מיט אַנגסטיקע אויגן און זיך געגרייט סיי צו פאַרטיידיקונג, סיי צו אַ שפּרונג אויפן קעגנער. אַנט־לויפן וואָלט איצט שוין נישט מעגלעך געווען. ווער עס וואָלט זיך דער־ווייטערט איין טראָט און זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע, דער וואָלט תיכף אַליין געחתמעט זיין גורל: אַ פאַרלוירענער!

אַלעמענס דריי פּנימער האָבן זיך פאַרקרימט אין אַנגסט און אין רציחה. בעריש האָט מורא געהאַט צו שרייען, פאַרן אָנקום פון נאָך דייטשן. די דייטשן האָבן נישט געשריען אויס מורא פאַר פּאַרטיזאַנער. געהאַלטן האָבן זיי מאַשין־ביקסן. אָבער בעריש איז צו־נאָענט געווען, אַז זיי זאָלן קענען צילן אין אים. זיי האָבן גענומען הינטערווייליכץ זיך אָפּרוקן. בעריש האָט אויגנבליקלעך אַרויסגעכאַפּט פון הויזן־פּאַס דעם לאַנגן, געשאַרפטן מעסער. די דייטשן האָבן גענומען אַרומטאַנצן ווי ווערלף אַרום אַ טיגער. איצט האָט שוין געמוזט איינער אַ שפּרונג טון אויפן אַנדערן און קיין אויגנבליק נישט פאַרלירן. וויכטיק איז דער ערשטער איבערפאַל. דער ערשטער קלאַפּ אין מערסטע פאַלן דעצי־דירט.

וויערע האָט דערזען דאָס אומגליק, אין מאָמענט ווען זי האָט זיך געגרייט אַראָפּצושפּרינגען, און איז אַ פאַרשטאַרטע געבליבן הענגען איבערן אָפּגרונט. די אויגן און דאָס מויל האָבן זיך ברייט צעפּראַלט, אָבער דאָס געשריי איז פאַרשטיקט געוואָרן אין דער קעל.

בעריש האָט דערפילט, אַז די רעטונג ליגט אין שאַרף פון זיין מעסער. אין דער פלינקער געשיקטקייט. ער האָט עס נישט פאַרשטאַנען, נאָר דערפילט. דער אינסטינקט האָט געאַרבעט שנעלער ווי דער באַוווסטזיין. ער האָט אַ ווילדן רעווע געטון און טיגריש אַ שפּרונג געטון מיטן מעסער פאָראויס. ער האָט איצט גאָרנישט געזען מער ווי די צוויי בלייכע פּני־מער פון די פלאַטערנדיקע דייטשן. אין דער מינוט האָט ער פאַרגעסן

אַן זיך און אַן וויעראַן. ער האָט האַסטיק און בליציק געפּאַכעט מיטן לאַנגן מעסער און געזעצט אים מיט כּוח ווי אין מעל־זעק אַריין.

— מיין גאָט!!! — האָט איין דייטש אַ ריטש געטון און אַוועקגעפּלאַ־טערט צו דער ערד.

עפּעס האָט דערביי אַ קלונג געטון און בעריש איז עפּעס לייכטער געוואָרן אין דער האַנט. ער האָט באַמערקט, אַז דאָס מעסער איז צע־בראָכן. דער שטאָלענער מעסער־קלונג שטעקט אין דעם בלוט־באַגאָסע־נעם פּנים פון דייטש און דאָס הילצערנע הענטל איז פאַרקראַמפּט אין זיין אייגענער פויסט!

דער צווייטער דייטש האָט זיך גענומען בהלהדיק דערווייטערן, פאַר־לירנדיק דאָס געווער פון זיינע הענט. ער האָט זיך גענומען דראַפּען באַרג־אַרויף, צום וואַלד צו. ער איז שוין געווען כּמעט ביים סאַמע הויך. דערזעענדיק אָבער פאַר זיך די פאַרשטאַרטע וויעראַ, האָט ער זיך גענומען צוריקציען, זיך אַראָפּגעקייקלט און געפאַלן מיט דער גאַנצער וואָג פון זיין קערפּער. בעריש האָט דאָ באַוויזן אַרויסצוכאַפּן די האַק און מיט אַן אומנאַטירלעכן כּוח און האַסטיקייט, גענומען זעצן אין אים מיט דער שאַרף ווי אין אַ נאַסן שטיק האָלץ.

ווי לאַנג ער האָט אַזוי געזעצט מיט דער האַק, ווייסט ער אַליין נישט, בעריש. ווען ער האָט אויפגעהערט, האָבן שוין זיינע אויגן קיין דייטש נישט געזען. עס איז געלעגן אַן אומבאַוועגלעכע, רויטע, צעשאַטקעוועטע מאַסע. ער האָט בשום אופן נישט געקענט דערקענען אין דער אָנגעהויפּנ־טער רויטער שיטערקייט, פון וואַנען עס האָבן נאָר אַרויסגעשטעקט אַ פּאָר שטיוול, אַז דאָס קלעפּיקע צעיוירנקייט זאָל האָבן פריער געווען אַ דייטש!

דער צווייטער דייטש, מיטן מעסער־קלונג אין פּנים, האָט זיך נאָך אַלץ געצאַפּלט אויף דער ערד, ווי אַ געקוילעטער חזיר. אויסער זיין כאָרכלען און אויסער בערישעס אייגענעם האַסטיקן און הייסן אָטעם, האָט זיך קיין שאָרך נישט געהערט. שטיל איז געווען, בית־עולמדיק־שטיל, נייק, נאָך שטילער — ווי אין אַ טויבן אויער. די לבנה האָט נאָך העלער געלויכטן און שרייאיקער געמאָכט די גלאַנציק־רויטע קאַלוזשעס.

בערישעס צעווילדעוועטע בליקן זענען איצט געפאַלן אויף די צוויי מאַשין־ביקסן און אויף אַ פלאַכן שטיין, אויף וועלכן עס איז געווען אויס־געשפּרייט אַ ווייס סערוועטל און אויף דעם — אַ מאָלצייט. אַ צעשניטע־נער ברויט, אַ וווּרשט, קאָנסערוון־פּושקעס און סיגאַרעטן.

„זיי האָבן, הייסט עס, געהאַלטן אינמיטן אַ סעודהלע... — האָט בעריש אַ טראַכט געטון. — געווען פאַרטון אין פרעס און נישט דערהערט מיין אָנקום!״...

ער האָט אַ נעם געטון די צוויי שווערע מאַשין־ביקסן, דאָס גאַנצע סערוועטל עסנוואַרג, נאָכאַמאָל אַ בליק געטון צו די צוויי הרוגים, וואָס איינער צאַפּלט זיך נאָך, און גענומען קלעטערן צוריק, באַרג־אַרויף.

— וויעראַ! וויערעטשקאַ?! — האָט בעריש גערופן.

ער האָט איר געוואָלט אַרויפדערלאַנגען די טראָפּעזע, אום צו האָבן לײדיקע הענט און קענען לייכטער אַרויפקלעטערן. וויעראַ האָט נישט געענטפערט. די טויבע שטילקייט האָט אים אָנגעגאָסן מיט נאָך מער אַנגסט, ווי פריער, אין אָנבליק פון די דייטשן. און — אַ מאַלפּע וואָלט זיך אַזוי אימפּעטדיק נישט געקענט אַרויפדראַפּען אויף אַזאַ באַרג־שפּיץ, ווי בעריש האָט עס איצט געטון.

ווען ער איז אַרויפגעקומען, האָט ער דערזען וויעראַן ליגן אַן אומ־באַוועגלעכע, ביים סאַמע ראַנד פון באַרג־אַפּשניט, נאָר אַראָפּצופאַלן. איר לינקע האַנט און פוס זענען טאַקע אַראָפּגעהאַנגען. זי איז געלעגן אַ בליי־כע, אַ מיט לבנה־שיין באַגאָסענע, ווי אַ דריטער קרבן.

— וויעראַ!!! — איז בעריש צו איר צוגעפאַלן מיט אַ גרויליק גע־שריי, פאַרגעסנדיק אַן דער גאַנצער געפאַר, וואָס עס דראָט אים.

וויעראַ האָט געעפנט די אויגן, אַנגעקוקט בערישן מיט אַ בליק, ווי פון יענער וועלט און טיף אָפּגעזיפצט.

— עמיצער האָט דיר עפּעס געטון?!

וויעראַ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. זי האָט זיך אָנגע־שטרענגט עפּעס צו זאָגן, אָבער אָנשטאָט דעם האָט זיך אַ ספּאַזמאַטישער שליוכצן אַרויסגעריסן פון איר קעל.

— וויערעטשקאַ, שטאַרק זיך! מיר מוזן שוין אַוועק פון דאַנען! שנעלער! עס איז געפערלעך!!!

זי האָט צוזאַמענגענומען אַלע אירע כוחות צו באַוועגן אירע אָפּגע־נומענע גלידער. אייביקייטן האָבן געדויערט, ביז בעריש האָט זי געקענט שטעלן אויף די פיס, כדי זיך כאָטש צו דערווייטערן פון סאַמע ברעג.

ער האָט איצט געשלעפּט ביידע שווערע מאַשין־ביקסן, דאָס זעקל שפּייז און די מאַכטלאָזע וויעראַ, וועלכע איז מער געהאָנגען אויף זיין אָרעם, ווי זיך געהאַלטן אויף די אייגענע פיס.

אַ געדיכטער דאַמף האָט איצט פון אים געשלאָגן. כוואַליעס היץ און כוואַליעס קעלט האָבן זיך געיאָגט איבער זיין לייב און געצונדן און געלאָשן זיינע בלוטן. זיין האַרץ און מוח האָבן זיך אין צוויי קוזניעס פאַרוואַנדלט, ווו קאָוואַדלעס האַמערן און צעשפּריצן בעזימער פונקען פאַר זיינע פאַרווירטע אויגן. בעזימער פונקען און שטראָמען בלוט. שטראָמען בלוט און בעזימער פונקען. אַ געווירבל, אַ געדריי פון רויטע און גאָלדענע פלעקן.

און כאָטש אַרום איז אַ פאַרגליווערטע שטילקייט, האָבן זיך צענדליקער מאַטאָרן צערוישט אין זיינע אויערן. גרויליקע, כאָרכלדיקע, האַלב־פאַרשטיקטע קולות האָבן זיך געטראָגן. די קולות האָבן אַריינגעשריען אין אים און אַרויסגעשריען פון אים:

— בלוט! מאָרד! קין! בלוט! מערדער!!!

עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער וואַלד איז פול געוואָרן מיט מענטשן, מיט צאָרנדיקע קולות און מיט בהלהדיקן געלאַף. יעדער בוים און יעדע צווייג פאַרשטעלט אים דעם וועג. פּיעניעס רוקן זיך אונטער, כדי ער זאָל געשטרויכלט ווערן און אַריבערפאַלן. אַ צעיושעטער המון רינגלט אים אַרום, וויל אים כאַפּן צום לינטשן! און פאָראויס דעם המון, שפּרינגען אַרום די צוויי דייטשן! די צוויי דייטשן זענען גאָר לעבעדיק! מיט פאַרבלוטיקטע געזיכטער שפּרינגען זיי אים אין פּנים אַריין און טייטלען מיט די פינגער: „דאָס איז ער! דאָס איז ער! לינטשט אים!"

ער איז שטיין געבליבן אָן אַ בוים אָנגעשפּאַרט און שווער געסאַפּעט, אַן אַרויסגעשלאָגענער פון די כוחות. ער איז געשטאַנען מיט אַנגסטן אַ באַדעקטער, מיט ווילד־צעגלאָצטע אויגן און אַלץ אין אים האָט זיך געצאַפּלט אין אימת־מוות און רחמים־בעטנדיק געיאָמערט: „איך האָב זיך פאַרטיידיקט, איך האָב געמוזט! איך האָב קיינמאָל קיין בלוט נישט פאַרגאָסן! איך בין נישט קיין מערדער! זיי! זיי האָבן מיך שוין איינמאָל דערשאָסן! געוואָלט אַ צווייט מאָל טויטן! איך האָב זיך געמוזט ווערן! ראַטעווען! איך האָב געמוזט! איך! — — —".

וויערא איז פאַר דער צייט געקומען צו זיך. זי האָט איצט אָנגעקוקט בערישעס אויסגעקנייפּט געזיכט מיט די ווילד־צעגלאָצטע אויגן און גרויסע שווייס־באָבעס אויף זיין שטערן.

— באָריס! וואָס איז מיט דיר?

— מען יאָגט אונדז, וויעראַ? מיר זענען פאַרלוירן! — האָט איצט בעריש געזעדש מיט אַ שטים ווי פון אַ קעלער אַרויס.

וויעראַ האָט זיך שנעל אַרומגעקוקט און מיט פחד זיך צוגעהערט.

— קיינער יאָגט נישט! הערסט דאָך, אַז ס׳איז שטיל!...

— זעסט נישט דעם צעווילדעוועטן המון? הערסט נישט די קולות? דאָס טופּען מיט די פיס?!!!

עס דוכט זיך דיר, באָריס!... ביסט צופיל אויפגערעגט. די נערוון דיינע זענען צעשרויפט... עס איז דאָך קיינער נישטאָ... נאָר ביימער!... און שטיל איז, מען הערט גאָרנישט!... — האָט וויעראַ אַנגסטיק געפליסטערט, ציטערנדיק מיטן גאַנצן לייב.

— ביימער, זאָגסטו? זעסט דען נישט, ווי דער המון דערנענטערט זיך?! זיי רינגלען דאָך אונדז אַרום!!! — האָט בעריש געהעשעט — נעם אַ מאַשין־ביקס! שנעלער וויעראַ! לאָמיר ביידע שיסן! אונדזער טויט און זייער טויט! תמות נפשי עם פלישתים!!!

וויעראַ האָט זיך צעוויינט:

— באָריס טייערער! — דאָס זענען נאָר ביימער פון וואַלד... האַלוּ־ צינאַציעס זעסטו! קיינער רינגלט אונדז נישט אַרום!... — האָט זי אַרויפ־ געלייגט איר פיבערדיקע האַנט אויף זיין פייערדיק־צעגליטן שטערן. זי האָט אים אַ גלעט געטון די באָרד און די טשופּרינע. די האָר זענען צע־ פּאַרעט און קלעפּיק נאַס.

— דו האָסט היץ, באָריס! אָט וואָס! גרויסע היץ. ביסט קראַנק! קום טיפער אין וואַלד אַריין. מיר וועלן זיך באַהאַלטן אין קוסטעס, זיך ערגעץ אַוועקלייגן. עס וועט דיר איבערגיין. דו מוזט זיך אָבער אויסרוען, קומען צו זיך...

בעריש האָט אומהיימלעך געגלאָצט אַרום זיך. דער גאַנצער וואַלד האָט זיך אים געדרייט אין אַ קאַראַהאָד. יעדער בוים האָט זיך, ווי אַ מענטש, באַוועגט מיט משונהדיקע זשעסטיקולאַציעס. די ערד האָט זיך צעהוידעט אונטער זיינע פיס און אָפּגרונטן צעפּראַלט, אים איינגעשלונגען. ער האָט אַזש צוגעמאַכט די אויגן, פאַרקוועטשט פעסט די אויגן־־לעפּלעך און געפליסטערט:

— שמע ישראל! שמע ישראל!

וויעראַ האָט אַראָפּגענומען דאָס זעקל שפּייז פון זיין אַקסל, אַרויסגע־

נומען די שטענדיק־אָנגעפּולטע פלאַש וואַסער און אַ פליוך־געטון בעריש אין פּנים אַריין. ער האָט אויפגעצאַפּלט און אויפגעריסן די אויגן.

— טרינק, באַריס, גיב אַ זופּ... — האָט זי אים געשטופּט דאָס פלאַש־העלדזל אין מויל אַריין, צווישן די פאַרשטשעמעטע ציינער.

בעריש האָט אַ שלונג געטון און אַלץ אַרום אים איז העלער געוואָרן. ער האָט זיך טאַקע דערזען אין שטילן, לבנהדיקן וואַלד, צווישן אומבאַ־וועגלעכעביימער. קיינער יאָגט טאַקע נישט און קיינער רינגלט אים נישט אַרום. די ערד אונטער זיינע פיס האָט זיך אויפגעהערט צו וויגן. אַ פעסטע, אַ זיכערע ערד, אָן תהומען.

— נאָך וואַסער... — האָט בעריש בלייך אַ שמייכל געטון.

און וויעראַ האָט אים ווידער פאַררוקט דאָס פלאַש־העלדזל אין מויל אַריין.

בעריש האָט אַ דריי פערטל פלאַש אויסגעטרונקען. נאָכדעם האָט ער אָנגענומען הויפנס וואַסער, זיך געגעצט דעם שטערן, די שלייפן און גע־פּילט, אַז ער שטאַרקט זיך און קומט צו די כוחות.

— וויערעטשקאַ... איך האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן, אויף קיי־נעם מיין האַנט נישט געהויבן!... איך שווער דיר! איך קען נישט זען קיין בלוט!!!

— עך, טי גיעראָי!... — האָט וויעראַ גענומען שפּאַסן, אים צו דער־מוטיקן — און דו ווילסט עס זיין אַ פּאַרטיזאַן?... נאָכן ערשטן קאַמף פאַלט מען עס אַזוי פון די פיס?!...

— פאַרשטיי, וויעראַ... איך, מיט מיינע הענט, האָב דערהרגעט מענטשן!!! איך! איך וואָס...

— מענטשן זאָגסטו?... דייטשן האָסטו דערהרגעט! זוויערעס! בעס־טיעס! וואָס טוען זיי מיט טויזנטער אייערע יידן?!...

— יאָ, וויערעטשקאַ, ביסט גערעכט! אָבער ווי האָב איך דאָס גע־קענט?! ווי קומט דאָס צו מיר?!

— אַ גליק, וואָס דו האָסט דאָס געקענט!... אַנישט וואָלטן זיי דאָך דיך דערהרגעט!... ווינציקער צוויי דייטשן, הייסט ווינציקער צוויי מער־דער!... האָסט אויפגעטון אַ גרויסע זאַך, באַריס, אָט וואָס!... זיי שטאָלץ! און אָט די צוויי מאַשין־ביקסן זענען דאָך אָן אוצר פאַר אונדזערע נקמה־נעמער!...

בעריש האָט געקוקט אויף די מאַשין־ביקסן און האָט זיך זיינע אייגענע אויגן נישט געגלויבט.

— האָב איך טאַקע צוויי אויף אַמאָל אַוועקגעלייגט?... און טראָפּעען גענומען?...

— יאָ, באָריס!... איך האָב דיך שוין געזען אַ פאַרלוירענעם! נישט געגלויבט, אַז דו וועסט נאָך אַ גאַנצער אַרויס פון זייערע הענט! האָסט זיך געווערט ווי אַ טיגער!... נאָר איך... פון שרעק, בין געפאַלן אין אָנמאַכט... אפילו נישט געקענט דיר קומען צו הילף!... ביסט אַ גיבור! אַן אמתער גיבור!...

— ברררר!!! — האָט בעריש אויפגעשוידערט.

— קום, באָריס! קום אַוועק פון דאַנען!

— ווו זענען מיר? ווייט פון?...

— נאָענט, באָריס! אַ הונדערט מעטער, נישט מער!

— וויערעטשקאָ... איך האָב דאָ „זייערע" סיגאַרעטן... איך מוז פאַררויכערן! איך מוז! אַנדערש וועל איך זיך נישט באַרואיקן...

— נו, גוט... די נאַכט איז אַ ליכטיקע, וועלן מיר ריזיקירן.

זי האָט אַרויסגענומען די סיגאַרעטן, געריבן די שוועבעלעך אונטער דער פאָלע פון זיין רעקל, אַז דאָס פייער זאָל נישט באַמערקט ווערן און בעריש האָט פאַררויכערט. ער האָט טיף־טיף פאַרצויגן דעם רויך אין די לונגען אַריין און זיין פּנים האָט זיך צעשיינט.

— איך בין איצט גאָר אַן אַנדערער מענטש, וויעראָ!... און אפשר האָב איך גאָר איצטער פאַרדינט דעם נאָמען: מענטש!...

— האָסט עס פאַרדינט!...

ער האָט אַ נעם געטון ביידע שווערע מאַשין־ביקסן אויף די אַקסלען און מונטער און מוטיק אַ שמייכל געטון:

— קום וויערעטשקאָ!...

***

זיי האָבן איצט געבלאָנקעט אין וואַלד, אָן אַ ציל און אָן אַ ריכטונג. פאַרנומען האָבן זיי זיך, אייגנטלעך, אין דער ריכטונג אויף צוריק, פון וואַנען זיי זענען געקומען. אָבער געגאַנגען זענען זיי איצט נישט מיטן דרויסנדיקן שטעגל, וואָס פאַזע וואַלד. זיי האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן דער געדיכטעניש פוןביימער און די אָריענטאַציע פאַרלוירן.

נאָך אַ האַלבער שעה מידן טאָפּטשען האָבן זיי, איצט שוין ניכטער, באַנומען אַ ווייטן גערויש פון מאָטאָציקלען און אויטאָס.

זיי זענען שטיין געבליבן און זיך איינגעהערט. דאָס גערויש קומט פון דאָרטן, פון וואַנען זיי קומען איצט. וואָס אַמאָל ווערט דאָס גערויש געדיכטער און האַסטיקער. ווי הונדערטער מאָטאָציקלען וואָלטן געשניטן דעם מרחק הין און צוריק.

עטלעכע ראַקעטעס האָבן פּלוצלינג אויפגעבליצט איבער די וואַלד־קרוינען און צענדליקער מאַשין־געווער האָבן זיך צעפּוליעמיאָטעוועט מיט געדיכטע סעריעס אין פאַרשידענע ריכטונגען פון וואַלד.

בעריש און וויעראַ האָבן זיך געוואָרפן צו דער ערד, זיך פאַרטייעט הינטער ביימער און זיך צוגעהערט:

— ניין, אין וואַלד אַריין קומען זיי נישט...

— אפשר רינגלען זיי אונדז אַרום?

— ווי מיינסטו, באָריס, זיי ווילן באָמבאַרדירן דעם וואַלד?!

— זאָלן זיי... פאַר קיין באָמבעס און קוילן האָב איך קיין מורא נישט!... נאָר קיין לעבעדיקער וועל איך זיך נישט אונטערגעבן! דאָס נישט!... ביז דער לעצטער קויל, וועל איך זיך פאַרטיידיקן! און די לעצטע קויל וועל איך לאָזן פאַר זיך... כ׳מיין, אין פאַל ווען די לאַגע וועט זיין אויסזיכטסלאָז...

— אַזוי, אַזוי, באָריס... נישט־ווילנדיק האָט זיך עס אָנגעהויבן! אַן פאַרטיזאַנער און מיר מוזן שוין קעמפן!

— וויעראַ, דו קענסט שיסן?

— יאָ, אין קאָמסאָמאָל נאָך געלערנט.

— איז גוט! נעם אַ מאַשין־ביקס און האַלט גרייט!

פאַרטאָג זענען די פּוליעמיאָטן אַנטשטומט געוואָרן. די מאָטאָציקלען האָבן ערגעץ אַוועקגערוישט און ווידער איז שטיל געוואָרן. שטיל, ווי אין אַן אָפּעראַציע־צימער, ווען דער כלאָראָפאָרמירטער ליגט אויפן טיש.

— מיר וועלן שוין היינט נישט שלאָפן, וויעראַ...

— אָי, דאָס איז געווען אַ וואַך־נאַכט!... — האָט וויעראַ געפּיבערט. און נאָך אַ לאַנגער פּויזע, צוגעגעבן: — אַ פאַרשפּילטע נאַכט!...

— אַ פאַרשפּילטע, זאָגסטו?... — האָט בעריש אַ לאַך געטון — ניין, וויעראַ! אַ געוואונענע!... ביז היינט האָבן מיר געבלאָנקעט אין וואַלד

ווי פֿאַרשאָלטענע, זינדיקע נשמות. איצט האָבן אונדזערע נשמות באַקומען אַ תיקון!... איך פֿיל עס, וויעראַ, אונדזערע נשמות זענען אויסגעלייזט!... און מיר זענען שוין נישט מער קיין פֿאַרפֿאָלגטע חיות אין וואַלד, נאָר מענטשן, ווירדיקע מענטשן!...

— יאָ, באָריס... שטאָלצע נקמה־נעמער!

— ווען די ביקסן זענען נישט קיין דייטשע, וואָלט איך זיי דאָך געקושט!...

— האָסט מיך נישט פֿאַרשטאַנען, באָריס... נישט דאָס האָב איך געמיינט... פֿאַרקערט! איך בין שטאָלץ מיט דיר, אָדלער מיינער!... שטאָלץ און גליקלעך!...

— וויערעטשקאַ!... — האָט זיך בעריש האָסטיק אויפֿגעשטעלט — אַ שבֿועה לאָמיר זיך געבן. דו, פֿאַר דיין ווייסרוסישן פֿאָלק און איך, פֿאַר מיין יידישן פֿאָלק! לאָמיר שווערן צו באַצאָלן די בעסטיעס! באַצאָלן פֿאַר חרובֿע שטעט, פֿאַר פֿאַרברענטע דערפֿער! בלוט פֿאַר בלוט! טויט פֿאַר טויט!

זיי זענען איצט געשטאַנען איינער קעגנאיבער דעם אַנדערן, מיט די מאַשין־ביקסן אין די הענט און מיט פֿייערלעך־ערנסטע געזיכטער.

וויעראַ האָט אים נאָכגעזאָגט וואָרט־ביי־וואָרט, ווי פּסוקים פֿון אַ הייליקער תּפֿילה:

— פֿאַר מיין ווייסרוסישן פֿאָלק, פֿאַר דיין יידישן פֿאָלק! פֿאַר חרובֿע שטעט! פֿאַר פֿאַרברענטע דערפֿער! פֿאַר צעבראָכענע לעבנס! פֿאַר תּליות און פֿאַרשקלאַפֿונג! בלוט פֿאַר בלוט! טויט פֿאַר טויט!

מיט די מאַשין־ביקסן אין די הענט, האָבן זיי זיך פֿעסט אומאָרעמט און צעקושט.

זיי האָבן זיך געלאָזן גיין אויף מיזרח. איצט האָבן זיי שוין געוווּסט, ווו די מיזרח־זייט איז: די אויפֿגייענדיקע זון האָט דעם הימל צעפֿלאַקערט און די וואַלד־שפּיצן צעצונדן. נאָך אַ נישט־געשלאָפֿענער און געשפּאַנטער נאַכט איז דער טראָט איצט געווען נאָך דרייסטער און מוטיקער. די קעפּ — מיט שטאָלץ געהויבענע און די מונטערע הערצער — פֿול מיט געזאַנג!...

די וועלט האָט געבוירן אַ נייעם טאָג.

קאַפּיטל 15

## דיאַדיאַ וואַניאַ

עס איז געווען אַ חמימהדיקער מיטן־טאָג פון סוף יולי.

בעריש און וויעראַ האָבן אַלץ געוואָגלט. און ווי זיי האָבן פריער נישט געקענט קומען אויף די שפורן פון די פאַרשווונדענע פּליטים־מאַסן, אַזוי האָבן זיי איצטער בשום אופן נישט געקענט געפינען די שפורן פון פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד.

זיי האָבן זיך שוין מער נישט געזוכט קיין נאַכטלעגערס אין די דערפער און גענעכטיקט אין וואַלד. געדרימלט אָדער געשלאָפן אין דעם אָנטון, מיט די מאַשין־געווער אין די הענט. איינער איז געשלאָפן און איינער האָט געוואַכט. נאָכדעם האָבן זיי זיך געביטן.

דאָס שווערע שפּייז־זעקל איז שוין איצט געווען גרינג. גאָר גרינג. כמעט ליידיק. בעריש האָט וויעראַן נישט געלאָזט גיין מער איבער די דערפער בעטן און וויעראַ האָט בערישן נישט געלאָזן קריכן אין קיין גערטנער, סעדער און שטאַלן.

אפילו די קליינע אָפענע שטחים, לאָנקע אָדער פעלד, וואָס טיילט אָפּ איין וואַלד פון אַנדערן, איז פאַר זיי, צוזאַמען מיט בלענדיקער זון־שיין, אויך פאַרפלייצט מיט שרעק און געפאַר. זיי האָבן געוווּסט, אַז אומעטום קרייצן זיך בליקן פון פאַרשטעקטע וואַכן, וואָס לויערן אויף זיי. די וואַכן זענען פאַרפּילפּאַכט געוואָרן. אויף יעדן קילאָמעטער — אַ פאַרשטאַרקטער פּאַטרול. אַרום די וועלדער רוישן מאָטאָציקלען מיט אַ באַזונדערער נערוועזיטעט. אַ נערוועזיטעט פון בינען אַרום אַן אויסגעלייזדיקטן בינשטאָק. זוכט מען דאָס טאַקע בערישן אַזוי ענערגיש? אָדער איז דאָס אַ געיעג נאָך די פּאַרטיזאַנער, וועלכע באַוועגן זיך אין דער געגנט?

יעדעס מאָל, ווען זיי זענען צוגעקומען צו אַזאַ וואַלד־אָפּשניט און געמוזט אַריבער אַ שטיקל אָפענעם שטח, האָבן זיי זיך פריער פאַרטייעט צווישן קוסטן אין וואַלד און געפּאָרשט. לאַנג, אָפטמאָל האַלבע שעהען זענען זיי אַזוי געלעגן פאַרשטעקטע אין וואַלד און באַטראַכט דאָס שטיקל אָפענע, מיט זון און פחד באַגאָסענע לאָנקע אָדער פעלד. דאַן האָבן זיי אויך אויסגעאַרבעט סטראַטעגיש דעם פּלאַן און באַשלאָסן: אַדורכצולויפן, אָדער אַדורכצופּויזען. עטוואָס רעכטס, אָדער לינקס. און דאָס

דורכלויפן איז געווען, ווי אַ שפּרונג פון אַ הויכער בריק, אין אַ טיפן וואַסער אַריין: אָדער — אָדער!...

פון כסדרדיקן וואָגלען, פון נישט־געענוגנדיקן אָפּרו, פון האַלב־וואַכענדיקן שלאָפן אין אַנטון און מיט די שיך און פון שלעפן אויף זיך די שווערע מאַשין־ביקסן, — זענען איצט די אָנגעשוואָלענע פיס געווען ווי שטיקער ליים. די קערפּער האָבן געזונקען צו דער ערד און די קעפּ האָבן זיך געוויגט פאַרטומאַנעטע אין דרימל. אפילו קיין עסן האָט זיך איצטער נישט געוואָלט, כאָטש אין זעקל איז נאָך געווען אויף אַ קנאַפּע צוויי מאָלצייטן. דער שלאָף האָט זיך אין די גאָרגלען פאַרלייגט און דעם אַפּעטיט פאַרשטיקט. זיי האָבן זיך געהאַלטן געאָרעמט, ווי אַ שטאַרק־קוצזיכטיקע פּאָר און געטאָפּטשעט. געגאַנגען און געדרימלט. יעדע ווײַלע, מיט כוח אויפגעהויבן די שווערע אויגן־לעפּלעך, וואָס זענען כסדר צוריק־געפאַלן. געטאָפּטשעט אָן הומאָר און אָן חשק, אַרויסצורייסן אַ וואָרט איינער צום אַנדערן. די חמימה פון סוף־יוליקן מיטן־טאָג האָט נאָך שווע־רער געמאַכט די קערפּערס, פאַרחלשטער — די מידקייט און זיסער — דעם דרימל.

אָבער פּלוצלינג האָט פּאָר זייערע פאַרנעפּלטע אויגן אַ שפּיגל געטון אַ גרין־צעגלאַנצטע פלאַכקייט: אַן אָזערע אין מיטן וואַלד!... ווי אַ סודות־דיק־פאַרבאָרגן וואַלד־אויג, וואָס ווינקט, זאָגט צו, חנדלט און רופט...

ביידע זענען שטיין געבליבן מאָמענטאַל דערוואַכטע און פריידיק־איבערראַשטע:

— אַ וואַסער!...

— אָפּפרישן זיך!...

— אויסבאָדן זיך!...

דער ערשטער איז בעריש אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער און ווי'ערע איז געבליבן וואַכן ביים ברעג, מיטן געלאָדענעם מאַשין־געווער. ער האָט זיך געפּליעסקעט, געשווומען, „געלייגט קלאַפּטער", „געזשאַבקע־ וועט" און געמאַכט ניורקעס. דאָס לויטערע, קילע וואַסער האָט אַראָפּגע־ שווענקט פון אים די מידקייט און אַרויסגעשווענקט פון אים דעם שלאָף. ער האָט זיך דערפילט שטאַרק און מונטער, ווי אַן אויסגערוטער אין אַ לוקסוס־פּענסיאָנאַט, וועלכער באָדט זיך אין דעם קור־אָרט באַסעין. ער האָט אָנגענומען פולע הויפנס קילן, קרישטאָלענעם וואַסער און געזופּט. געטרונקען און געזשליאָקעט, ווי דעם טייערסטן געטראַנק. און ווידער

זיך אַוועקגעלאָזן שווימען, „לייגנדיק קלאַפּטער“ און מאַכנדיק ניורקעס. יעדע ווײַלע האָט ער אַרויסגעשטעקט זײַן קופּערנעם, צעגלאַנצטן קאָפּ און פריידיק אויסגעשריען:

— איי, גוט, וויערעטשקאָ!... אַ מחיה!...

— נו, שנעלער, באריס! איך וויל אויך!...

שפּעטער איז בעריש, אַ דערפרישטער, אַ קרעפּטיקער, געשטאַנען מיטן מאַשין־געווער בײַם ברעג און וויעראַ האָט זיך געבאָדן.

צום ערשטן האָט בעריש טאַקע געקוקט אין וואַלד אַרײַן. געשפּיזט די בליקן און אָנגעשפּיצט די אויערן, צום דערזען, אָדער דערהערן די מינדסטע פאַרדעכטיקע באַוועגונג, דעם מינדסטן שאָרך.

שפּעטער אָבער, ווען זײַן בליק איז געפאַלן אויף דער נאַקעטער וויעראַן, האָט ער אים שוין מער נישט געקענט פון איר אַוועקנעמען... אין גרינעם אַרום איז איר ראָזער קערפּער נאָך סודותדיק־רייצנדער געווען. ווי אַ תאווהדיק וואַסער־מיידל, וואָס ער האָט אַמאָל געזען אויף אַ קונסט־בילד. אַן אָפּגעפרישטער אין קילן, מחיהדיקן וואַסער, האָט ער דערפילט אין זיך די כוחות און איז פול געוואָרן מיט לוסט. ערשט איצט האָט ער זיך דערמאָנט און ערשט איצט האָט ער פאַרשטאַנען, וואָס וויעראַ האָט געמיינט מיט די ווערטער: „אַ פאַרשפּילטע נאַכט“...

— אָט, אַ יינגל איך בין! — האָט ער צו זיך אַליין געמורמלט — אַ חדר־יינגל, נישט קיין מאַן! אַזוי נישט צו פאַרשטיין!...

שווימענדיק מיט אירע צעשאָטענע סנאָפּעס ווייצן־האָר איבערן גרינעם, שפּיגלדיקן וואַסער־פּלאַך, האָט זי אויסגעזען ווי אַ פאַרפירערישע נימפע... און ווען זי האָט זיך אויפגעשטעלט, האָבן זיך זײַנע בליקן תאווהדיק געגליטשט איבער דער ראָזער צעבליטקייט פון איר נאַסגלאַנציקן, איידל־געטאָקטן קערפּער, איבער איר שטאָלצער שלאַנקייט און ווייבלעכער פאַררונדיקטקייט. אירע שטייפע בריסטן מיט די אויפגעשפּיצטע, ברוינע וואָרצלען, האָבן ווי צייטיקע, זאַפטיקע פרוכטן, אים געוואַסערט אין מויל. די פאַררונדיקטע ליניעס וואָס לויפן זיך צונויף אַראָפּ־צו און באַהאַלטן זיך סודותדיק אין טונקעלער פאַרהוילנקייט, האָבן געמאַכט ציטערן זײַן האַרץ. יעדער ווייכער טראָט אירער, יעדע עלאַסטישע באַוועגונג פון איר האַנט, אָדער פוס, האָט געמאַכט עפּעס ניורקעווען אין זײַנע אינגעווייד, ווי אין אַ פּוסטן, הונגעריקן מאָגן. און בעריש איז שוין מער נישט בעריש. ער איז שוין אינגאַנצן דורכאויס באַגער.

„אַ פאַרשפּילטע נאַכט איז דאָס טאַקע געווען! אַ סך פאַרשפּילטע נעכט! ווי האָב איך דאָס, מעת־לעתן גאַנצע, געקענט זיין גלייכגילטיק צו איר?... ווי קען מען עס זיין צו איר גלייכגילטיק? אַזאַ תאווהדיקע מויד, מיט אַזוי פיל רייץ און גלוסטעניש!... ניין, מער קיין נעכט וועל איך נישט פאַרשפּילן! איך ווייס שוין איצט ווי אָפּצושאַצן יעדע מינוט פון מיין איינ־געשטעלט לעבן! אָט, זאָל נאָר קומען דער אָוונט, זאָל איך נאָר געפינען אַ רואיק באַהעלטעניש — — —".

זיין לייב האָט זיך צעבלעזלט מיט קאָכעדיקן מינעראַל־וואַסער און ער האָט פאַרלוירן יעדע קאָנטראָל איבער זיך.

וויעראַ האָט דערזען זיין שטאַרן בליק. זי האָט פאַרשעמט צוזאַמענ־גענומען ענג אירע פיס, פאַרשטעלנדיק מיט איין האַנט אירע בריסטן און מיט דער צווייטער — אָט די אינטימע, טונקעלע פאַרהוילנקייט, ווו די פאַררונדיקע ליניעס פון איר ווייבלעכקייט לויפן צוזאַמען. מיט אַ קאָקע־טישער שעמעוודיקייט וואָס פאַרווערט און גלייכצייטיק רייצט עס און רופט, האָט זי אַ זונג געטון:

— קוק נישט, באַריס!...

— דאָס קען איך נישט, וויערעטשקאַ!... איך האָב נישט דעם כוח... איך מוז!...

— אוי, איך שעם זיך!...

— דו שעמסט זיך און רייצסט, אַז דער טייוול נעמט מיך!... דו ביסט דאָך וווּנדערלעך־שיין!... נישט אויסצוהאַלטן־שיין!...

— עך, דו!... — האָט וויעראַ אַ שעמעוודיק־פאַררויטלטן שמייכל געטון, אַ בליץ געטון מיט אירע סערע, קעציִשע אייגעלעך, וואָס האָט איר נאָר ענלעכער געמאַכט צו אַ לעגענדאַרער, פאַרפירערישער נימפע, און צוריק אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער אַריין. — אַז דו וועסט כסדר קוקן, וועל איך נישט אַרויסקומען זיך אָנטון... — האָט זי געלאַכט פון וואַסער אַרויס.

— און איך בין גרייט אַזוי צו קוקן אויף דיר אָן אייביקייט!...

זי איז געשווומען אַנטבלויזנדיק יעדע ווײַלע אַנדערע טיילן פון איר זינגענדיק לייב. יאָ, איר לייב האָט איצט אַריינגעזונגען אין בערישעס געמיט מיט שאַמפּאַנישער פאַרכליניעטקייט... זי האָט זיך געוויגט אויפן וואַסער אויף איין זייט און אויפן אַנדערן, מיטן פּנים אַרויף און מיטן פּנים אַראָפּ... מיט יעדער באַוועגונג, האָט זי עפּעס אַנטבלויזט און עפּעס

פאַרהוילן. זי האָט עס געטון שטיפעריש־שפּילעוודיק, ווי נישט־ווילנדיק און ווי ספּעציעל... מיט פרויענלעכער שעמעוודיקייט און מיט ראַפינירטער, אָנציענדיקער צו־להכעיסדיקייט...

אַ האַלב־פאַרדעקטע אין וואַסער איז זי נאָך תאווהדיקער געווען און בערישן נאָך מער גערייצט ווי שטייענדיקערהייט, אינגאַנצן אָן אַנטבלויזטע. אַ שפּיל איז דאָס געווען פון זון־גאָלד און וואַסער־זילבער, פון ראָזער אַנטבלויזקייט און טונקעלער פאַרהוילנקייט אין די גרינלעכע שטראָמען, וואָס האָט נאָך מער באַרוישט און געמאַכט מישן אין בערישעס קאָפּ. און יעדע באַוועגונג פון אירן אַ פוס, האָט עפּעס אַ באַוועג געטון אין זיינע אינגעווייד, ווי עפּעס אַ לעבעדיק באַשעפעניש וואָלט דאָרט אַרומגעשפּרונגען און געניורקעוועט...

אַ ווייטער און שטילער שאָרך פון אָנגעפאַלענע בלעטער און טרוקענע שישקעס און צווייגלעך האָט בערישן אין איין מאָמענט אויסגעניכטערט.

— וויעראַ! טס־ס־ס־ס! — האָט ער איר אַ צייכן געגעבן. — דאַכט זיך, אַז מען גייט!

וויעראַ איז תיכף צוגעשווומען צום ברעג און געבליבן זיצן אין וואַסער, אַרויסשטעקנדיק קוים דאָס פּנים. בעריש האָט זיך פאַרטייעט הינטער אַ בוים און אָנגעגרייט דאָס מאַשין־געווער.

דאָס שאָרכען איז דייטלעכער געוואָרן, האָט זיך געשטאַרקט און דערנענטערט. ענדלעך האָט בעריש דערזען פון ווייטן אַ מאַן, ציוויל, פּויעריש געקליידט, מיט אַ יעגער־ביקס אויפן אַקסל. דער מאַן גייט זיך לאַנגזאַם און רואיק אין דער ריכטונג צו בערישן. אַזוי רואיק און באַזאַכט שפּאַצירט זיך אַ וואַלד־וועכטער אין זיין היימישן וואַלד.

ווען ער איז צוגעקומען נאָענט, אַרום אַ צוואַנציק מעטער, האָבן זיך זייערע בליקן באַגעגנט. דער מאַן איז שטיין געבליבן נישט־דערשראָקן, נאָר ווי איבערראַשט פון עפּעס אומדערוואַרטעטס. און כאָטש ער האָט געזען, ווי די ליופע פון בערישעס מאַשין־געווער איז געווענדט גלייך צו אים, האָט ער פונדעסטוועגן נישט געמאַכט די מינדסטע באַוועגונג, אַראָפּצונעמען זיין יעגער־ביקס פון אַקסל.

— דזשיען־דאָברי!... — האָט ער שמייכלענדיק אַ זאָג געטון אויף פּויליש. מיט אַ ווייכן, רוסישן אַקצענט, פאַרנויגנדיק זיך העפלעך. —

אַן אומגעריכטע באַגעגעניש!... — האָט זיין מילד־צעשמייכלט פּנים נישט פאַרלוירן דעם אויסדרוק פון גוטמוטיקייט.

— דזשיען־דאָברי! — האָט בעריש טרוקן און קורץ געענטפערט. נישט אָוועקנעמענדיק די ביקס און נישט ענדערנדיק זיין פּאָזיציע.

— אָ!... אַ פרוי איז אויך דאָ?... — האָט ער, דערזעענדיק וויעראַן, אַ פילדייטיקן שמייכל געטון.

— יאָ, אַ פרוי! — האָט בעריש אַראָגאַנטיש געענטפערט — און קוקט נישט, ווו מען דאַרף נישט! איר וועט נאָך הייזעריק ווערן!...

— אַנטשולדיקט... — האָט זיך דער מאַן אָפּגעקערט פון וויעראַן. — וואָס טוען יונגע מענטשן אין וואַלד?... מען ליבט זיך?...

— מען ליבט זיך און מען האַסט!

— ווּעמען איר ליבט, זע איך... אָבער ווּעמען האַסט איר עס?...

— אַלע נישט־געבעטענע געסט!

— דאָס איז דווקא גוט!... עס געפעלט מיר!... היינטיקע צייטן דאַרף מען טאַקע קענען סיי ליבן און סיי האַסן!... און האַסן, נישט ווינציקער ווי ליבן!... אָ! וואָס זעען מיינע אויגן? אַ מאַשין־געווער?.... — האָט ער געמאַכט דעם אַנשטעל, ווי ער וואָלט עס ביז איצט גאָר נישט באַמערקט.

— לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, אַ מאַשין־געווער!... — האָט בעריש געענטפערט מיט איראָניע.

— איר גייט אויף יאַגד?... איר שיסט חיות?...

— יאָ, חיות!

— צוויי־פיסיקע אויך?...

— פאַר פיר־פיסיקע איז גענוג אייער ביקסל!... מיינע שיסט אין צוויי־פיסיקע. און ווער זענט איר?

— אַלנפאַלס נישט קיין חיה... איר זאָלט טאַקע קיין טעות נישט האָבן אַמאָל און נישט פאַרפאַרן מיר מיט אַ קוילעכל אין רוקן!...

אַ רגע האָבן ביידע געשוויגן. בעריש האָט גרייט געהאַלטן די ביקס, געמאָסטן דעם פרעמדנס יעדע באַוועגונג און אים באַטראַכט.

דאָס איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער מיטליעריקער מענטש, מיט אַ בלאָנדער קורץ־פאַרשוירענער באָרד אַרום זיין לענגלעכן, גוטמוטיקן פּנים. אַ בלאָנדער, געקרייזלטער קאָפּ האָר און בלויע, לויטערע, מילדע אויגן. אויסער דער יעגער־ביקס איז ער געווען באַוואָפנט מיט אַ מעסער אין

גאַרטל און מיט אַ פּייפל אויף אַ קייטל, וואָס איז געהאָנגען אויף זיין ברוסט. אין זיין לינקן לאַץ פון דעם פויערישן רעקל האָט געשטעקט אַ גרין צווייגל און אין די הענט האָט ער געהאַלטן אַ ריטל, מיט וועלכן ער האָט זיך געשפּילט. זיין גוטמוטיקייט האָט, צום אָנפאַנג, בעריישן באַרואיקט. אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, אַז דאָס דייטשל מיט דער מוח־שטימעלע, וואָס האָט אין אים געשאָסן, איז אויך געווען בלאָנד און האָט אויך געהאַט אַ מילדן, אַ גוטמוטיקן, אומשולדיקן אויסזען. דערצו איז אים איינגעפאַלן, אַז אפשר איז ער דאָ נישט אַליין! ער איז צו־רואיק און זיכער! מען מוז וואָס גיכער אַנטלויפן פון דאַנען, ווייל עס קען ווערן געפערלעך!

— איז אפשר וועט אייך זיין געגנוג צו גאַפּיען אויף מיר?! — האָט בעריש ברוטאַל אַ פרעג געטון. — אפשר וועט איר זיך גיין אייער וועג?!

— אויב איר פאַרלאַנגט עס... זעט איר, כאָטש איר זענט נישט אַזוי געוואַלדיק העפלעך, דאָך וואָלט איך אַ חשק געהאַט זיך נענטער מיט אייך צו באַקענען... אַ שמועס טון מיט אַ מענטשן!... אין וואַלד טרעפט מען זעלטן אַ מענטשן... און מיט אַזעלכע טייערע ביקסעלעך דערצו...

— און זיי זענען געלאָדן מיט טייערע קוילן, מיין הער!...

— דאָס איז גוט! קוילן זענען אַן אוצר! מען מוז זיי פּילעווען! נישט פאַרטאָכליעווען גלאַט אין דער וועלט אַריין!...

— מיר ווייסן, וואָס מיר האָבן צו טון!

— זאָגט מיר, מיין הער, האָט איר עס אפשר אַמאָל פאַרטיק געמאַכט די צוויי דייטשן, דאָרטן, אויף דער וואַך?...

— און ווען יאָ?

— אַ העלדיש שטיקל אַרבעט איז דאָס געווען!... איר געפעלט מיר!...

— און איר, מיר, זענט פאַרדעכטיק!

— נו, איך זע, אַז איר האָט נישט קיין צוטרוי צו מיר און איר ווילט מיך פּטור ווערן... וועל איך גיין.

— דאָס וועט זיין דאָס בעסטע!

— איך גלויב אָבער אַז מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען...

— אויף דער וועלט, צי אויף יענער?

— אויף דער, נאַטירלעך... אויף יענער וועלט דאַרף איך אייך נישט!... אַ מענטש מיט אַ מענטש באַגעגנט זיך... זענט איר אַ מענטש.

וועל איך אייך געפינען. און זענט איר נישט קיין מענטש, וועל איך אייך אויפסניי געפינען!...

— דאָס זעלבע קען איך אייך ענטפערן. האָט אָבער איגזינען, אַז אייער יעגער־ביקס איז אַ שפּילצייג אַנטקעגן מיינער! ביז איר וועט אויסשפּייען איין קויל, וועל איך אַ קאַשיע טון מיט אַ גאַנצער סעריע!

— איך ווייס עס... צום ווידערזען, מיין נישט־העפלעכער מאַן!... איך דערלויב זיך אייך נאָכאַמאָל אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף צוויי וויכטיקע זאַכן: ערשטנס זאָלט איר קיין טעות נישט האָבן און נישט מיינען אַז איך בין אַ חיה... און צווייטנס, אויב שוין קריגן אַ קויל, איז וויל איך עס אין פּנים און נישט אין דער פּלייצע!...

— איך נעם עס אין אַכט!...

דער בלאָנדער, שלאַנקער מאַן, מיטן יעגער־ביקס אויפן אַקסל האָט זיך העפלעך פאַרנויגט און לאַנגזאַם און רואיק זיך גענומען דערווייטערן. ער איז אַוועק אין דער זעלבער ריכטונג, אין וועלכער ער איז פריער געגאַנגען, פאַרזעצנדיק זיין וועג, ווי צו אַ באַשטימטן ציל.

דאָס וואָס ער האָט זיך נישט אומגעקערט צוריק אין דער ריכטונג, פון וואַנען ער איז געקומען, וואָס ער האָט זיך נישט אומגעקוקט, די ביקס פון אַקסל נישט אַראָפּגענומען און אפילו נאָך זיין פאַרשווינדן נישט געגעבן קיין סיגנאַל מיט זיין פייפל, וואָס עס איז געווען דווקא צו דערוואַרטן, — דאָס אַלץ האָט בעריש באַרואיקט. אַז דאָס איז נישט קיין דייטש, איז בעריש זיכער געווען. אויב נישט קיין דייטשער אַגענט, קיין שפּיאָן, איז ער וואַרשיינלעך טאַקע אַ יעגער אָדער אַ וואַלד־וועכטער! כאָטש זיינע רייד זענען נישט געווען קיין פּשוטע... ער האָט דאָך עפּעס גערעדט מיט רמזים, מיט אָנצוהערענישן... וואָס האָט זיך דען אַ יעגער, אָדער אַ וואַלד־וועכטער מיט אים צו באַגעגענען?!... שאַ! און אפשר איז ער גאָר אַ פּאַרטיזאַן? פילייכט איינער פון דיאַדיאַ וואַניאַס גרופּע?!...

ווי נאָר דער פרעמדער איז פאַרשוווּנדן, איז וויערא אַרויס פון וואַסער און זיך שנעל אָנגעטון. בעריש האָט שוין פאַרגעסן אָן וויעראַס נאַקעט־קייט און אָנשטאָט תאווה, האָט זיך איצט אין זיין געמיט צעטרעוואָגעט די געפאַר.

זיי האָבן באַשלאָסן צו גיין דווקא אין דער ריכטונג, וווהין דער פרעמדער מאַן איז אַוועק. פּשוט נאָכגיין אים. אויב עס וועט טאַקע זיין אַ געפאַר, זאָל זי זיי טאַקע קומען אין פּנים אַריין און נישט אין רוקן.

יאָ, אמת טאַקע: אַ געפּאַר דאַרף מען קענען קוקן אין די אויגן אַריין! און אַז מען זעט זי, איז זי שוין נישט אַזוי שרעקלעך...

זענען זיי ביידע געגאַנגען, האַלטנדיק די מאַשין־ביקסן גרייט צום שיסן, און פּאַרזיכטיק און דורכדרינגלעך געבליקט צווישן דער געדיכ־טעניש פוןביימער אין אַלע ריכטונגען.

דער מאַן איז פאַרשוואונדן. ווי אין דער ערד אַריין פאַרזונקען. זיי האָבן זיין שפּור מער נישט געפונען.



אין אָוונט־דעמער איז די שרעק און שפּאַנונג אַריבער. אָפּגעפרישטע פון באָדן זיך אין קילן וואַסער, האָבן זיי איצט דערפילט דעם הונגער. די געדערים האָבן זיך אַזש פאַרקראַמפּט און צעבורטשעט.

— וויערעטשקאַ, איז שוין צייט עפּעס צום עסן?...

— אוי!... שוין לאַנג צייט, באָריס!...

— איז אָט האָבן מיר אַ טייער ערטעלע צום עסן און צום רוען...

זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ טיפן, מאָכיקן גריבל, מיט יונגע ביימלעך אַרומגעזוימט, ווי וויע־הערעלעך אַרום אַן אויג. אַרויסבליקנדיק אין אַלע ריכטונגען און אָנשטרענגענדיק האַזיש די אויערן, האָבן זיי, מיט אַפּעטיט, געגעסן פון זאַק אַרויס דעם אַלט־געבאַקענעם פּויערישן, ראַ־זעוואַנעם ברויט און דעם דייטשן מאָגערן ערזאַץ־וווּרשט. שוין לאַנג אַזאַ ווילדער אַפּעטיט נישט געווען. זיי האָבן כמעט נישט צעקייט און געשלונגען האַרטע שטיקער, וואָס האָט פאַרשאַפט אַ ווייטיק אין גאָרגל. זיי האָבן זיך אָנגעטרונקען מיט וואַסער און זאָט געוואָרן ערשט דאַן, ווען דער זאַק איז שוין ליידיק געווען. און דאַן ערשט האָבן זיי זיך דערמאָנט, אַז זיי האָבן איבערגעכאַפּט די מאָס: זיי האָבן זיך געזאָלט אויך איבערלאָזן אויף אַ פרישטיק... און מאָרגן וועט שוין קיין ברירה נישט זיין און מען וועט שוין מוזן ערגעץ גיין עפּעס אַ זוך טון!...

אַ וואַרעמע, אַ טונקל־בלויע, סאַמעטענע נאַכט איז צוגעפאַלן. אין אַזעלכע נעכט פילן איינזאַמע נאָך שטאַרקער זייער איינזאַמקייט. אין אַזעלכע נעכט ווערן הערצער אין פידלען פאַרוואַנדלט. די דינע סטרונעס ציטערן, פּיבערן אויס די שטילסטע, די צאַרטסטע, די אומעטיקסטע ניגו־נים. אין אַזעלכע נעכט ווערט ביי דער יוגנט דער שלאָף אַוועקגענומען און

די טרוימען, ווי גאָלדענע שפּעלעך אויף אומענדלעכע וואַסערן, שווימען אַוועק ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט... אין אַזאַ נאַכט, האָט עס אדם אויס־געבעטן ביי גאָט זיין באַשערטע חוהן. און פון יענער בראשיתדיקער נאַכט אָן, בענקען פאַרליבטע צו אינטימער נאָענטקייט, גאָרן צו אַ ליידנ־שאַפטלעכן צוזאַמענגוס פון לייב און זעל. עס איז אַ נאַכט פון תפילה און פון זינד, און פון זינד וואָס ווערט דערהויבן צו לויטערסטער תפילה.

— וויערעטשקאַ... — האָט זיך ביי בעריש: צעציטערט זיין דינסטע וויאָליאָנטשעל־סטרונע — געדענקסט, האָסט מיר געזאָגט: „אַ פאַרשפּיל־טע נאַכט"?... דו ביסט דאַן געוועכט געוועזן...

— דו האָסט מיך דאַן נישט פאַרשטאַנען, באַריס...

— אָבער זעענדיק דיך היינט, ביים באָדן זיך, האָב איך עס פאַר־שטאַנען...

וויעראַ האָט די אויגן אַראָפּגעלאָזן און בעריש האָט, נישט דערזען, נאָר דערפילט, אַז זי איז רויט געוואָרן...

— צופיל נעכט האָבן מיר פאַרשפּילט, וויעראַ... איך וויל מער נישט פאַרשפּילן!...

— אַך, באַריס!... — איז זי צוגעפאַלן מיטן קעפּל אויף זיין ברוסט און מיט די פינגער פאַרשטעלט זיינע פיבערדיקע ליפּן. — רעד נישט, באַריס... עס איז איצט אַזוי גוט צו שווייגן!...

אירע סנאָפּעס ווייצן־האָר זענען פול געוועזן מיט וואַלד־אַראָמאַט, און איר האַלדז — מיט דער פרישקייט פון דער קילער, קוועליקער אַזערע. אירע שמאָלע ליפּעלעך הייס און זאַפטיק. אירע הענט האָבן זיך פאַרפלאָכטן אַרום זיין קאַרק אַזוי פעסט, אַז ער האָט געפילט די אויפ־געשפּיצטע וואָרצלען פון אירע שטייפע בריסטן. ער האָט געפילט, ווי אירע הייסע קני ציטערן, זעצן־זיך און זי לאָזט זיך אַראָפּ אין נאָכגיביקער אָנמעכטיקייט. איר פאַרטשאַדעט קעפּל איז הינטערוויילעכטס אַוועקגע־פאַלן און איר געזיכט, מיט די פאַרשלאָסענע קעצישע אייגלעך, האָט גע־בלייכט אַנטקעגן דער אויפגעגאַנגענער לבנה.

ווען זי האָט שפּעטער די אויגן אויפגעעפנט, האָט זיך געוויגט איבער איר אַ צעשטערנטער הימל. און איין שטערן האָט ליכטיקער גע־לויכטן פון אַלע. ער האָט זיך געמיניעט און געשטראַלט צו איר און וויע־ראַ האָט אַ טראַכט געטון, אז אפשר איז עס איר שטערן?... איר מזלדיקער שטערן?...

אין דעם מאָמענט האָט דער שטערן אַ צאַפּל געטון, נאָך העלער אויפֿ־געבליצט און מיט אַ געוואַלדיקער שנעלקייט אַראָפּגעפֿאַלן, צעשיטנדיק־זיך אין אַ גאָלדענעם שטויב.

וויעראַ האָט אויפֿגעצאַפּלט און אויפֿגעשליוכצט מיט אויפֿגעפּראַלטע אויגן.

— וואָס איז, וויערעטשקאַ?!

— אַ שטערן איז געפֿאַלן... ווער ווייסט, וועמענס?...

***

עס איז געווען אַ רעגנדיקע נאַכט.

דער רעגן האָט אָנגעהויבן פֿאַלן אָנהויב אָוונט מיט שיטערע, דינע טראָפּנדלעך, ווי צופֿעליק. אָט, אַ כמאַרעלע גייט פֿאַרביי, טראָפּנט עס אַ ביסעלע און באַלד ווערט עס אויפֿהערן. עס האָט אָבער נישט אויפֿ־געהערט. פֿאַרקערט: נאָך דעם כמאַרעלע האָט זיך פֿאַרצויגן אַ כמאַרע און נאָכדעם איז דער גאַנצער הימל מיט שווערע, פֿינצטערע כמאַרעס פֿאַרצויגן געוואָרן. און וואָס אַמאָל איז דער רעגן געוואָרן געדיכטער, האַסטיקער און דעצידירטער. ער האָט איצט געפּויקט אין די וואַלד־קרוינען מיט עקשנות. צום אָנפֿאַנג האָבן די ביימער־טשופּרינעס אויפֿ־גענומען דעם רעגן גיריק. די ביימער האָבן אויסגעשטרעקט זייערע קעפּ, די טשופּרינעס — נאָך ברייטער צעשויבערט, איינצוזאַפּן אין זיך וואָס מער פֿלייצנדיקע ברכה פֿון הימל.

צו בערישן און וויעראַן איז טאַקע אין אָנפֿאַנג דער רעגן נישט דערגאַנגען. זיי זענען געשטאַנען אונטער אַ געדיכטן צווייגן־געפֿלעכט, ווי אונטער אַ מאַסיוון דאַך, באַשיצטע און טרוקענע. קיין דונערן זענען נישט געווען. נאָר זיגזאַגישע בליצן האָבן דעם הימל צעפּליקט און צעריסן. יעדער בליץ האָט אויפֿגעלויכטן אין וואַלד מיט אַזאַ בלענדיקער העלקייט, אַז עס איז אַזש מעגלעך געווען דאָס מינדסטע גרעזעלע צו דערזען.

דער וואַלד האָט זיך איצט געשטיקט מיט זיינע אייגענע אַראָמאַטן. עס זענען נאָך צוגעקומען שאַרפֿע ריחות פֿון פֿייכטן מאָך און פֿון פֿאַ־רענדיקער ערד, פֿון ווילדע שוואָמען, רומיאַנעק און ביטערע קרייטעכצער. ביסלעכווייז זענען די גרינע טשופּרינעס פֿולער און שווערער גע־

וואָרן. די ביימער האָבן זיך דורשטיק אָנגעטרונקען. זיך איבערגעטרונקען און מער נישט געקענט איינזאַפּן. דער רעגן האָט שוין איצטער געכליאָפּעט, געפּלייצט ווי דורך צעבראָכענע שליוזן. נישט נאָר האָבן די וואַלד־קרוינען שוין מער נישט אויפגענומען די שטראָמען און נישט געשיצט בעריש און וויעראַן, ווי אַ מאַסיווער דאַך, נאָר אויסערן רעגן, האָבן זיי שוין פון זיך אַליין געגאָסן. צוריקגעגעבן דאָס צופיל־אָנגעזויפּטע. בעריש און וויעראַ האָבן טאַקע דערפילט, אַז אונטערן געדיכטן צווייגן־געפלעכט כליאָפּעט עס נאָך מער, פּלייצט עס שטאַרקער! אַז די ביימער אַליין גיסן פון זיך!

איצטער זענען שוין אויך דונערן געקומען. און וואָס אַמאָל — מעכטיקערע, ווי ערגעץ נאָענט אין וואַלד געטראָפּענע. די בליצן האָבן דראָענדיקער און רוגזהדיקער געבלענדעט. ווינטן זענען געקומען אין וואַלד זיך צו באַהאַלטן. די ביימער האָבן זיך צעזיפּצט און די צווייגן האָבן זיך צעקרעכצט.

פאַר בעריש און וויעראַן איז שוין איצטער נישט געווען קיין באַהעלטעניש. דורכגעווייקטע זענען זיי געלאָפן פון בוים צו בוים נאָך שוץ און נישט געפונען. פון זייערע קעפּ האָט עס גערונען ווי פון די ביימער־טשופּרינעס אַראָפּ. גערונען, געשטראָמט איבער די געזיכטער, איבער די אויגן, איבער די צעעפנטע מיילער. די האַסטיקע שטראָמען האָבן זיי אַזש דעם אָטעם פאַרהאַקט.

פּלוצלינג, ביים אויפבלענד פון אַ שטאַרקן בליץ, האָט בעריש דערזען אַ שוואַרצן שאָטן דורכפלאַטערן ווי אַ ריזיקע חיה וואָלט דורכגעלאָפן. ביים צווייטן בליץ האָט ער דערזען, אַז דאָס איז נישט קיין חיה, נאָר אַ מענטש. אַן אַלטיטשקע פויערטע. ווי קומט ערשט אַ פויערטע אין וואַלד? אין אַזאַ גאָס רעגן? ער האָט אָנגעכאַפּט וויעראַן ביי דער האַנט, אַלס צייכן, זי זאָל גרייט זיין צו עפּעס. זי האָט עס פאַרשטאַנען און גלייך אָנגעברייט דאָס מאַשין־געווער.

— סטאָי! ווער איז דאָרט?! — האָט בעריש אויסגעשריגן.

דער שאָטן האָט זיך פאַרטייעט הינטער אַ בוים.

— נישט רירן־זיך פון אָרט, ווייל איך שיס!

— שיס נישט, האַר־לעבן! האָב רחמנות! — האָט זיך דערהערט אַ ווייבלעך־געמאַכטע מענער־שטים, וועמענס קוויטשל איז אויסגעקומען ווי אַ קריי פון אַ האָן.

— ווען דו רירסט זיך פון אָרט שיסן מיר! הענט אין דער הויך! — האָבן בעריש און וויעראַ זיך דערנענטערט.

די אַלטע האָט אויפגעהויבן די הענט, בלייבנדיק שטיין אויף די קני, ביי אַ געפלאָכטענעם, שטרויענעם קוישל.

— ווער ביסטו, אַלטע? וואָס טוסטו דאָ אין וואַלד?

— קרייטעכצער זאַמל איך, רפואות פאַר קראַנקע מענטשן. איך העלף מענטשן, העלף איך, און פאַר נישט טייער, כמעט פאַר אומזיסט... ס׳איז מיין חיונה, מיין הער... האָב רחמנות!

— זאָג קיין ליגן נישט, מכשפה! אין אַזאַ גאָס רעגן ביסטו געקומען קרייטעכצער זוכן? אין אַזאַ פינצטערנישן?!

— האַר־לעבן, שטענדיק אַזוי... ביים ליכט פון דעם בליץ זע איך די געהעריקע קרייטעכצער...

— שטיי־אויף! — האָט בעריש באַפוילן.

די אַלטע איז אויפגעשטאַנען און געבליבן שטיין איינגעקורטשעט און טיף געבויגן.

— מכשפה! גלייך אויס דעם רוקן! שנעלער!

די אַלטע האָט זיך אויסגעגלייכט און באַקומען אַ הויך, נאָך העכער פון בערישן. עס איז געווען אוממעגלעך צו דערלאָזן דעם געדאַנק אַז דאָס איז טאַקע אַ פרוי און אַ גרויע זקנה דערצו. פונדעסטוועגן האָט זי ווידער גערעדט מיט איר ווייבלעך־געמאַכטער מענער־שטים, פון וואָס בעריש האָט אין זיך געלאַכט.

— וווּ וווינסטו?

— נישט ווייט. אַ קילאָמעטער־צוויי פון דאַנען... אין אַן איינזאַמער כאַטע. מענטשן קומען נאָך קרייטעכצער, פאַרקויף איך זיי. אָרעמעלייט גיב איך אומזיסט.

— וואָס פאַר אַ קרייטעכצער זענען דאָס?...

— קעגן פאַרשידענע קראַנקהייטן, קעגן קינדערלאָזיקייט, קעגן פאַר־ראַט, קעגן אַן אומגליקלעכער ליבע... איך האָב אויך מזל־גראָזן און גראָזן פאַר שוואַכע מענער...

— אַזוי... — האָט בעריש צוגעדריקט די ליופע פון זיין ביקס דער אַלטער צום בויך, אַזוי אַז זי זאָל זיין געצווונגען זיך אָפּצורוקן. דערביי האָט ער וויעראַן באַפוילן: — טו נאָר אַ קוק אין קוישל, וויעראַ, וואָס פאַר אַ קרייטעכצער זענען דאָס?...

וויעראַ האָט אַ קוק געטון. אויבנאויף זענען טאַקע געלעגן אָנגע־לייגט פאַרשידענע גרינוואַרג און וואָרצלען. אָבער טיפער האָט זי אָנגע־טאַפּט עפּעס האַרטעס און צעשאַרנדיק דאָס גרינס האָט זי דערזען גראַ־נאַטן.

— גראַנאַטן, באריס! האַנט־גראַנאַטן!

— אַזוי גאָר?... גראַנאַטן?! געווער?... קעגן קינדערלאָזיקייט און קעגן אומגליקלעכער ליבע?...

די אַלטע האָט אויפגעציטערט און אַ פאַרלוירענע געשוויגן.

— ווער ביסטו און וועמען טראָגסטו דאָס? דעם אמת!!!

— איך ווין דאָ נישט ווייט. אַ קרובה פון דיאַדיאַ וואַניאַ...

— דיאַדיאַ וואַניאַ האָסטו געזאָגט?! דו, אַ קרובה פון דיאַדיאַ וואַניאַ?!

— איוואַן הייסט ער... — האָט די אַלטע גענומען צוריקציען. — רופן מיר אים וואַניאַ... איך ווייס נישט, וואָס ער האָט דאָרט אַריינגעלייגט אין קוישל... איך זע עפּעס, עס איז שווער...

בעריש האָט זיך גוט צוגעקוקט צו דער אַלטער און דערקענט אַ פאַר־קליידעטן מאַן. מיט דער ליופּע פון ביקס האָט ער איר פאַרוק אַ שאַר געטון און עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַ פליכעוואַטער קאָפּ. דערביי האָט בעריש אויך באַמערקט, אַז אויף דער בלוזע איז צוגעטשעפּעט אַ גרין צווייגעלע, ווי ביים יעגער, וועלכן ער האָט געטראָפן ביי דער אָזערע.

— זאָג דעם אמת, ווער ביסטו? איצט איז דאָך דיר שוין אַלץ איינס! אַלץ האָב איך אַנטדעקט. פאַר וועמען שפּיאָנירסטו?

— איך בין נישט קיין שפּיאָן! — האָט די זקנה אָנגעהויבן צו רעדן מיט אַ גאַנץ דיקער מענער־שטים, מיט דער נאָרמאַלער, אייגנטלעכער שטימע. — איך בין אַ פּאַרטיזאַן!

— פון דיאַדיאַ וואַניאַס אָטריאַד?

— יאָ.

בעריש האָט אים געגלויבט.

— דאָס צווייגעלע אויף דיין ברוסט, וואָס באַדייט?

— דאָס טאָר איך דיר נישט זאָגן. נאָר עס איז אַ צייכן פון אונדזער אָטריאַד.

— לאָז אַראָפּ די הענט. זאָג, ווי קען מען קומען צום אָטריאַד?

— דער אָטריאַד וועט שוין קומען צו דיר... — האָט דער פאַרשטעל־טער אַראָפּגעלאָזט די הענט. — דער אָטריאַד ווייסט פון אייך... אויך איך

ווייס און דיאַדיאַ וואַניאַ ווייסט... מיר זעען אייך שוין פון לאַנג אין די וועלדער... איר זעט אונדז נישט, אָבער מיר אייך יאָ!... מיר אָבסערווירן אייך די גאַנצע צייט!... אפשר מיינסטו, אַז איך האָב זיך איין רגע פאַר אייך דערשראָקן?... נאַרעלע! כ׳האָב זיך מיט אייך געשפּילט!...

— טאָ נעם די גראַנאַטן און לויף!... אַ שאָד, זיי ווערן דורכגעוויקט!... אָבער ווו וועל איך זיך טרעפן מיטן אָטריאַד?

— דו גיי דיר דיין וועג! וועסט ווייט נישט דערגיין... מען וועט דיך געפינען!... — האָט דער פאַרשטעלטער צוריק אָנגעטון זיין פאַרוק, גענומען דאָס קוישל און פאַרשווונדן אין דער פאַרפלייצטער פינצטערניש.

***

דער רעגן האָט זיך אַלץ געשטאַרקט און בעריש און וויעראַ זענען אַלץ געלאָפן. די קליידער האָבן זיך געקלעפּט צום לייב און האָמעטנער געמאַכט זייער יעדע באַוועגונג.

— אַ מבול, באריס! אַ מבול! ווו טוט מען זיך אַהין? מיר וועלן דאָך אַ לונגען־אַנטצינדונג באַקומען!

— וויעראַ, זע!... אַ כאַטקעלע!... אַ וואַלד־וועכטער מסתמא...

— און אפשר דייטשן? עס איז דאָך שוין סוף־וואַלד!

— וויפל דייטשן קענען זיין אין אַזאַ פּיצל כאַטקעלע? מיט איין סעריע לייג איך זיי אַוועק! קום וויעראַ!

זיי האָבן אָנגעקלאַפּט אין טיר. עס איז אַרויסגעקומען אַן אַלטער גוי.

— ווער איז דאָרט ביי דיר?

— קיינער נישט, גוטע מענטשן. אַליין בין איך דאָ.

— קען מען אַריינגיין, זיך אָפּטריקענען פון רעגן?

— עס איז געפערלעך, גוטע מענטשן! פּאַטרולן קומען אָפט!

— עס איז קיין ברירה נישטאָ. מיר מוזן אַריינגיין זיך אויסרוען!

— קומט אַריין. ביי מיר זענט איר ליבע געסט.

דער וואַלד־וועכטער האָט יעדע ווײַלע צוגעוואָרפן שטיקער האָלץ אין אייזערנעם אויוועלע אַריין, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן שטיבל. דאָס אויוועלע האָט געגליט און די בלעכענע רער וואָס האָט זיך געצויגן אַרויף, איז רויט און דורכזיכטיק געוואָרן. בעריש און וויעראַ זענען געזעסן אויף

אַ לאָמער באַנק און זיך געטריקנט. פון זייערע נאַסע קליידער האָט גע־זעצט אַ געדיכטע פּאַרע. זיי האָבן זיך געוואַרעמט די הענט, האַלטנדיק די מאַשין־ביקסן אויף די קני. אויפן גאַס האָט אַלץ אומאויפהערלעך גע־מבולט. דער רעגן האָט געפּויקט אין דעכל, אין די שייבלעך און אין די דינע, הילצערנע ווענטלעך. אין שטיבל איז אָבער געווען מחיהדיק וואַ־רעם און נעבן אויוועלע — הייס. די היץ האָט מיד געמאַכט די קעפּ, וואָס האָבן זיך דרימלענדיק געוויגט אין אַלע זייטן, ווי עמערס איבער אַ ברונעם. זיי האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אַקסל צו אַקסל, קאָפּ צו קאָפּ און מיט די פּנימער צו דער טיר, מיט די ביקסן אין די הענט, אַנטשלאָפן געוואָרן.

אַ פּלוצלינגדיקער רעש האָט זיי אויפגעריסן פון שלאָף. זיי האָבן אויפגעפּראַלט די אויגן, געוואָלט זיך כאַפּן צום געווער. אָבער עס איז שוין געווען צו־שפּעט. דער פּחד האָט אָפּגענומען זייערע הענט און גע־ליימט דעם גאַנצן קערפּער.

זיי זענען געזעסן אַרומגערינגלט פון אַ צענדליק מונדירטע און באַ־וואָפנטע דייטשן, מיט אויסגעשטרעקטע ליופעס גלייך צו זיי.

— שטייט אויף! — האָט איינער באַפוילן — נעמט דאָס געווער און קומט.

בעריש און וויעראַ זענען געגאַנגען פאָראויס, די דייטשן — אַרום זיי פון אַלע זייטן. עס איז שוין געווען פאַרטאָג. קיין רעגן איז שוין לאַנג נישט געגאַנגען. דאָס שטעגל איז אָבער געווען ליימיק און גליטשיק און האָט זיך געצויגן צווישן צוויי ענג־צוזאַמענגערוקטע וועלדער, דער אויפ־גייענדיקער זון אַנטקעגן.

אין זייער פאַרלוירנקייט האָבן בעריש און וויעראַ אַ סך זאַכן נישט דערזען, נישט אָפּגעשאַצט און נישט פאַרשטאַנען: זיי האָבן נישט געזען, ווי די דייטשן שמייכלען. נישט פאַרשטאַנען, אַז דאָס שטעגל וואָס פירט נישט צו קיין ישוב, ווו עס קען זיין אַ דייטשער פּאַטרול, פּאָליציי, אָדער שטאַב דאַרף עפּעס באַדייטן... און נישט אָפּגעשאַצט וואָס דאָס הייסט, אַז מען האָט ביי זיי דאָס געווער נישט צוגענומען... דער סאַמע עיקר: זיי האַלטן דאָך זייערע מאַשין־ביקסן אין די אייגענע הענט!... וואָס זאָל דאָס באַדייטן?!... בעריש און וויעראַ האָבן זיך איבערגעבליקט און די שרעק האָט נאָכגעלאָזן. ביין!... זיי גייען נישט אויפן טויט!... און אויב יאָ, וועלן זיי נאָך אויך באַווייזן עפּעס אויפצוטון!

ערשט איצט האָבן זיי דערזען, ווי די דייטשן שמייכלען און עפּעס אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין. דאָך, האָט זיי ביידן נישט געפּאַסט עפּעס איבער־צופרעגן. האָבן זיי געשוויגן און אויך געשמייכלט אַנטקעגן דער אויפגיי־ענדיקער זון...

— וואָס שמייכלט איר? איר זענט דאָך אַרעסטירטע?... — האָט איין דייטש אַריינגעלאַכט בעריש און וויעראַן אין די געזיכטער אַריין.

— אָט איצט, דאַכט זיך מיר גאָר, אַז מיר זענען ערשט פרייע מענטשן... — האָט בעריש געענטפערט. — ווייט פירט דער וועג?

— ביז בערלין!...

— האָט איר שלעכט געטון, וואָס איר האָט אונדז איבערגעוועקט און נישט געלאָזן זיך אויסשלאָפן... אַ צו־ווייטער וועג פאַר אונדז אויף היינט!...

— כאַכאַכאַכאַ!...

— נישט קיין נאַר!...

איינער האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי זיינס:

— מיר האָבן געמוזט וועקן, אַנישט וואָלטן אייך פּאַרטיזאַנער גע־כאַפּט!...

— פּאַרטיזאַנער?... איר זענט נישט בעסער פון זיי!...

פון וואַלד האָט זיך דערהערט אַ פייפל. אַ צווייטער און אַ דריטער האָבן אָפּגעענטפערט, ווי וואַלד־עכאָס. און אויפן שטעגל אַנטקעגן זיי, איז אַ פלינקער רייטער האַסטיק אַנטקעגן געריטן.

ווען ער איז אָנגעקומען נאָענט, האָבן בעריש און וויעראַ דערקענט אין אים דעם בלאָנדן מאַן מיט דער יעגער־ביקס, וואָס זיי האָבן באַגעגנט ביי דער אָזערע... ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד און אַ שמייכלענ־דיקער אַנטקעגנגעקומען:

— זדראַסטוויטיע!... וואָס מאַכט איר, נישט־העפלעכער מענטש?... און סימפּאַטישע דאַמע?... איך האָב אייך געזאָגט, אַז אַ מענטש מיט א מענטש באַגעגענען זיך!... און אָט האָבן מיר זיך באַגעגנט... און דווקא אויף דער וועלט און נישט אויף יענער!... קען איך איצט האָבן דעם כבוד, מיט אייך זיך צו באַקענען?...

— איך הייס באריס... — האָט בעריש פאַרלעגן געשמייכלט.

— און איך הייס וויערא.
דער בלאָנדער מאַן האָט זיי אויסגעשטרעקט בײדע הענט:
— און מיין נאָמען איז: דיאַדיאַ וואַניאַ!...

קאַפּיטל 16

## פּאַרטיזאַנער

— און אָט זענען מיר אָנגעקומען... דאָ איז אונדזער באַזע... — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ שטיפעריש אַריינגעשמייכלט בעריש אין פּנים אַריין.

בעריש האָט זיך אַרומגעקוקט פאַרוואונדערט: אַ ווילד־וואַלדיקע געגנט, אָן דעם מינדסטן סימן פון מענטשלעכער באַוווינטקייט. אפילו אַ ציגיינער־טאַבאָר וואָס פאָרט אַדורך לאָזט דאָך איבער נאָך זיך סימנים: פון קאסטערס, אויף וועלכע מען האָט געקאָכט, פון פערד־מיסט, פון פאַר־שידענעם אָפּפאַל. און דאָ — גאָרנישט! ווי קיין מענטשלעכער פוס וואָלט דאָ קיינמאָל נישט געטראָטן. און ווו איז דער שטאַב? ווו איז אַ כאַטקע? אַ זיעמליאַנקע? ווו איז דער גאַנצער פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד? נישט־שוין־זשע באַשטייט דער גאַנצער אָטריאַד בלויז פון אָט די זעקס מענטשן, וועלכע רינגלען זיי אַרום? — ניין... ער שפּאַסט אוודאי, דער דיאַדיאַ וואַניאַ...

אויך וויערא אַנדרייעוונאַס סערע, קעציש אייגלעך האָבן זיך גע־גליטשט פון ווינקל צו ווינקל און געשפּיזט מיט אומהיימלעכע בליקן אַרום.

— וואָס זוכט איר?... — האָט זיך דיאַדיאַ וואַניאַ נאָך ברייטער צע־שמייכלט.

— דדדי באַזע... — האָט בעריש פאַרשעמט געשטאַמלט.

— אַ זיעמליאַנקע כאָטש... — האָט וויערא צוגעגעבן.

אַלע האָבן זיך האַרציק צעלאַכט און דיאַדיאַ וואַניאַ האָט, מיט מכלומרשטן פאַרדראָס, אַ זאָג געטון:

— ווייסט איר כאָטש, אַז אויף די דעכער פון אונדזערע פּאַלאַצן דרייט איר זיך אַרום שוין עטלעכע טעג!?...

בעריש און וויערא האָבן גאָרנישט פאַרשטאַנען.

— אָט באַלד וועט איר זיך איבערצייגן... — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ אַ פּאַטש געטון מיט די הענט און אַ רוף געטון: — מאַקסים!

אַ הויכער, ברייט־צעצווייגטער און געדיכט־באַבלעטערטער בוים האָט זיך צעוויגט און צערוישט. צווייגלעך האָבן זיך צעקנאַקט און צעבראָכן און שטיקער קאָרע האָט זיך אַראָפּגעשאָטן. ערשט נאָכדעם האָבן בעריש און וויעראַ דערזען אַ מענטשן, וועלכער האָט זיך פון בוים אַראָפּגעדראַפּעט מיט דער שנעלקייט און געשיקטקייט פון אַ מאַלפּע. ווען ער איז אַראָפּגעשפּרונגען, זיך אויסגעגלייכט און ראַפּאָרטירט פאַר דיאַדיאַ וואַניאַן, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, האָבן אים בעריש און וויערא דאַן דערקענט: די פאַרשטעלטע „מכשפה" פון דער רעגנדיקער נאַכט...

— מאַקסים! — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ באַפוילן — פיר אַריין די מענטשן אין שטוב אַריין, אין אַלגעמיינעם צימער. דערלאַנג אַ גוטן טרונק און צובייסן. זיי זענען זיכער הונגעריק. נאָכדעם מאַך זיי געלעגערס. זיי זענען מיד. מוזן זיך גוט אויסשלאָפן און אויסרוען.

זיי האָבן דערפילט אין זיינע רייד געטריישאַפט. פאַרשטענדעניש און פאָטערלעכע זאָרגעוודיקייט. ווי האָט ער דאָס צוגעטראָפן זייערע איצטיקע באַדערפענישן!... מאָדנע: עפּעס אַלץ געשעעט דאָ ווי אין אַ חלום... ווי אין אַ צויבער־מעשהלע, וווּ מען זאָגט בלויז אַ שפּרוך און תיכף געשעעט אַלץ, וואָס מען ווינטשט זיך... נו, מילא, זאָל עס זיין אַ חלום! אַז דער חלום איז זיס, טאָ זאָל ער זיך ציען און ציען און זיך נישט ענדיקן!

מאַקסים האָט אויסגעהערט דיאַדיאַ וואַניאַס באַפעל און זיך אויסגעגלייכט, ווי אַ סאָלדאַט:

— יעסט' טאַקאָיע דיעלאָ, טאָוואַרישטש קאָמאַנדיר!... — האָט ער אָפּגעקלאַפּט מיט סאָלדאַטישער דיסציפּלין. און באַלד זיך געווענדט צו בערישן און וויעראַן, מיט דער באַקאַנטער ווייבלעך־געמאַכטער מענער־שטים פון דער „מכשפה":

— ביטע, מיינע הערשאַפטן...

און ער האָט זיי אָנגעוויזן אויף אַ בוים... אַן אומגעהויער ברייטער בוים, פון די ברייטסטע אין וואַלד. אַ בוים — זאַלבעזעקס אַרומצונעמען!

— וואָס זעט איר?...

— אַ בוים...

— אַ דיקער בוים!... — האָבן זיך ביידע געחידושט.

— דאָס איז דער טויער צום גן־עדן!... — האָט מאַקסים געלאַכט.
און צו בערישעס און וויעראַס איבערראַשונג, האָט ער אַן עפן־אויף גע־
געבן אין בוים אַ טיר!...

די טיר איז באַשטאַנען פון אַ שטיק פּשוטער קאָרע, זיגזאַגיש און
קרום אַרומגעשניטן. די קאָרע איז געווען אַזוי אַריינגעפּאַסט, אַז פאַר־
מאַכטערהייט איז בשום אופן נישט געווען צו דערקענען, אַז דאָ קען זיך
עפּעס עפענען... צו אַלעמענס צופרידענעם געלעכטערל זענען זיי ביידע
שטיין געבליבן פאַרבליפט און פאַרגאַפט.

דער בוים אינעווייניק איז געווען אינגאַנצן אויסגעהוילט, ווי אין
האַלדז פון אַ שמאָלן טורעם, אָדער ווי אין אַ גרויסן פאַבריקס־קוימען.
אין דער טונקעלער אויסגעהוילטקייט איז געשטאַנען אַ לייטער, וואָס האָט
אַראָפּגעפירט אין דער טיף, ערגעץ צו דער אונטערערדישער וווינונג.

— איך וועל גיין דער ערשטער און איר, נאָך מיר — האָט מאַקסים
געזאָגט — עס איז טונקל. און מיט אונדזערע וועגן דאַרף מען זיין געניט...
קומט נאָך מיר, נאָר פאַרזיכטיק!

נאָך מאַקסימען איז אַראָפּ וויעראַ און דאַן — בעריש. קלעטערנדיק
איבערן לייטער, האָט ער געטראַכט:

„דער טויער צום גן־עדן־התחתון, אָדער גאָר צום גיהנום! ווער
ווייסט!... קען זיין, אז דאָס איז דאָס לאָך צום שאול־תחתיה, פון וואַנען
כ׳וועל שוין נישט אַרויסקומען... רבונו של עולם, ווו בין איך דאָ? ווער
בין איך און וואָס טוט זיך דאָ מיט מיר? זאָל זיין, אַז איך בין טאַקע
דעמאָלט אומגעקומען און מיין נשמה איז מגולגל געוואָרן אין עפּעס אַ
באַריס, וועלכער שלעפּט זיך אַרום מיט אַ שיקסע איבער די פּוסטע,
ווייסטע וועלדער?! און אפשר איז זי גאָר אַ שד, אַ טייוול?! און אפשר
שלעפּט זי עס מיך אין אָפּגרונט אַריין? וואָס איז דאָ מיט מיר? עפּעס
פאַרליר איך דאָך די קאָנטראָל איבער זיך! שוין וואָכן בלאָנקע איך
אויפן עולם־התוהו און איך ווייס נישט פאַר וועלכע זינד! אָבער מיין
נשמה, זעט אויס, איז פאַרשאָלטן געוואָרן, נישט צו האָבן קיין רו, נאָר
וואָגלען דורך וויסטע וועלדער, אין פינצטערער אונטערערד, ביז איך וועל
ערגעץ פאַרפאַלן ווערן אין כף־הקלע! — — —".

ענדלעך זענען זיי אַראָפּ פון דעם לעצטן לייטער־שטאַפּל און גע־
בליבן שטיין אויף ווייכער, ליימיקער ערד, אין אַ פינצטערן לאַבירינט.
אַ גערוך פון פייכטער ערד, שימל און פוילקייט, האָט אַ זעץ געטון

אין די נאָזלעכער. ערגעץ פון דער טיף, פון דער רעכטער זייט לאַבירינט, האָבן זיך דערטראָגן געדעמפּטע מענער־שטימען. בעריש און וויעראַ האָבן זיך טאַקע געוואָלט פאַרנעמען רעכטס, אין דער ריכטונג, פון וואַנען די שטימען קומען. אָבער מאַקסים האָט זיי אַ רוף געטון לינקס:

— קומט נאָך מיר! איר וועט זיך פאַרבלאָנדזשען!

און ווידער איז בערישן אַריבער אַ שווידער איבערן לייב: הייסט עס, אַז די לאַבירינטן זענען גרויס און צעצווייגט און אין דער פינצטערניש, אונטער דער ערד, קען מען זיך פאַרבלאָנדזשען! אומקומען און בלייבן ליגן אין אַ פערטיקן קבר!

— דאָ איז עס! — איז מאַקסים פלוצלינג שטיין געבליבן.

ער האָט זיך עטוואָס געפּאָרעט און געעפנט אַ טיר. עס האָט פון דאָרטן אַ פלייץ געטון אַ שמוציק־גרויע ליכט. נאָרמאַל וואָלט דאָס גע־הייסן זייער טונקל. אָבער דאָ, אין דער פעכיקער פינצטערניש פון לאַ־בירינט, איז די העלקייט פאַר בערישן געווען אַ בלענדיקע. ווי די זון וואָלט אים אַנטקעגן געשיינט... ער האָט דערזען פאַר זיך אַ גאַנץ גרוימען צימער און טיף און דערלייכטערט אָפּגעאָטעמט...

פון וואַנען דאָס ליכט האָט אַהער אַריינגעדרונגען, האָבן בעריש און וויעראַ נישט געקענט דערגיין. אָבער דערזען האָבן זיי אַ טיש אינמיטן שטוב, טאַבורעטקעס — אַרום. עטלעכע נאַרעס ביי די ווענט. און אין אַ ווינקל — געוווער!... ביקסן, קוילן, האַנט־גראַנאַטן און קעסטעלעך... „באַמבאַניערקעלעך" מיט אויפּרייס מאַטעריאַלן, מסתמא...

— זיצט און פילט זיך, ווי ביי זיך אין דער היים... — האָט מאַקסים הייטער אַ זאָג געטון — אָט ברענג איך אייך שוין אַריין צום עסן, טשעם כאַטאַ באַגאַטאַ... — איז ער צוריק אַרויס פון צימער.

בעריש און וויעראַ האָבן זיך אָנגעקוקט צעטומלטע, ווי אַראָפּגעפאַ־לענע אויף אַ פרעמדן פּלאַנעט... די אומהיימלעכקייט האָט וויעראַן אַריינ־געשטויסן בערישן אין די אָרעמס אַריין. בעריש האָט אַ ציטער געטון.

— זאָג, וויערעטשקאַ: ווער ביסטו? אַ מלאך, צי אַ טייוול?...

— באַריס!... ווי דו וואָלסט מיינע געדאַנקען געלייענט!... איך האָ... איצט דאָס זעלבע אַ טראַכט געטון וועגן דיר... זיי מיר מוחל...

ביידע האָבן זיך אומהיימלעך פונאַנדערגעלאַכט.

— ס'איז פיינלעך אונטער דער ערד, באַריס... זייער פיינלעך! לאָ־מיר אפשר צוריק אַרויס?... שוין בעסער די ליכטיקע געפאַר, איידער...

בעריש האָט אַ טראַכט געטון וועגן דעם פּעכיק־פינצטערן און גע־דרייטן לאַבירינט, ווו מען קען זיך פאַרבלאָנדזשען. ער האָט גאָרנישט געענטפערט.

— און דאָ, אָט אַזוי־אָ וועלן מיר לעבן, באַריס?! ווי קרעטן? ווי שטשורעס?

— מירן זען... מירן זען... — האָט ער איר געגלעט דאָס ווייצענע קעפּל. — אָט לעבן דאָך דאָ מענטשן און טוען עפּעס אויף אויף דער וועלט!... — איז בעריש צו זיך געקומען און זיך באַהערשט.

— אַ נאַסטאַיאַשטשער קבר! קען מען דען דאָ לאַנג אויסהאַלטן?

— ויערעטשקאַ... איידער צו לעבן מיט פינצטערער רעזיגנאַציע אויף דער ליכטיקער ערד, איז שוין בעסער צו לעבן מיט אַ ליכטיקן ציל אין דער פינצטערער אונטערערד... און מיר וועלן דאָך נישט כסדר ליגן דאָ... מיר וועלן דאָך מוזן אויך עפּעס טון אויף דער ערד... דאָס איז דאָך נאָר אַ באַהעלטעניש, אַן אָרט איבערצונעכטיקן, נישט מער... האָסט דאָך געזען, ווי זיי שפּאַצירן אַלע אַרום אויף דער פריי...

— ריכטיק, באַריס...

ויעראַ האָט זיך צוגעהערט, ווי עס ציטערט בערישעס וויאָלאָנ־טשעל־שטימע און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי דאַרף מער גאָרנישט פרעגן און נישט זיין צודרינגלעך מיט איר געדריקטער שטימונג. שטענדיק אַזוי, ווען ביי באַריסן הויבט אָן צו ציטערן זיין וויאָלאָנטשעל־שטימע, מוז מען אים לאָזן צו־רו. אַנישט איז אים שוין שפּעטער שווער איינצונעמען און אויפהייטערן. ער איז זייער נערוועז געוואָרן באַריס. און לעצטנס ווערט ער, מיט יעדן טאָג, אַלץ נערוועזער. און זי, ויעראַ, שאַנעוועט זיינע נערוון. פון דעם איז דאָך זייער אַ סך אָפּהענגיק... איר גאַנץ ביסל טרייסט איז דאָך אָפּהענגיק פון זיין גוטן הומאָר...

מאַקסים איז אַריינגעקומען מיט אַ קויש אין דער האַנט.

— איר שטייט נאָך אַלץ?!... אַזוי־ווי צעשראָקענע, פאַרנאַרטע טייבעלעך, אין אַ פרעמדן טויבנשלאַק... כאַ־כאַ־כאַ... נאַרעלעך, איר זענט דאָך צווישן אייגענע!... יעי־באָגו, צווישן אייגענע!... זעצט זיך צום טיש. דיאַדיאַ וואַניאַ קומט אויך באַלד אַראָפּ.

ער האָט גענומען אויסליידיקן דעם קויש און אָנשטעלן אויפן טיש אַרויף: אַ האַלבן פויערישן ראַזעוואַנעם ברויט מיט קימל, וואָס האָט פאַרשמעקט מיט זיין זייערלעכער פרישקייט. אַ האַרטער קעז, אַ פעטע שינקע. אַ

וווּרשט, הערינג און אַ גרויסע פלאַש בראָנפן. דערביי האָט מאַקסים אַ ווונק געטון צו בערישן, אַ קוש געטון די פלאַש און זיך אַ שנעל געטון אין זיין דאַרן, מיט אָנגעלאָפענע אָדערן באַצויגענעם האַלדז:

— ספּירט, ברודער!... נאַסטאַיאַשטשער ספּירט!... אייגענע אויסאַר־בעטונג!... מיר האָבן זיך דאָ ספּעציאַליזירט אין דער פּראָפעסיע... אַ נישט־קשהדיקע ברויז דאָ ביי אונדז! אַהאַ!... אמת, מיר טרינקען דאָ תמיד נאָר בראָנפן, געוועגלעכן, פּערציק־פּראָצענטיקן סאַמאָגאָן. דעם ספּירט האַלטן מיר פאַר מעדיצינישע צוועקן... אָבער היינט, לכבוד אייך... האָט דיאַדיאַ וואַניאַ באַפוילן: ספּירט!... און אין אייער זכות וועל איך טאַקע אויך געניסן אַ קאַפּעטשקע...

דער הונגער האָט זיי ביידן אַ בורטשע געטון אין די אינגעווייידן. ווי אַ מאַגנעט האָט זיי דער טיש צוגעצויגן און זיי האָבן זיך געזעצט, ניין — אַראָפּגעזונקען אויף די טאַבורעטקעס.

ווען מאַקסים האָט געהאַלטן אינמיטן גיסן ספּירט אין בלעכענע קווערטלעך, האָט זיך די טיר געעפנט און דיאַדיאַ וואַניאַ איז געקומען מיט נאָך צוויי באַבערדיקטע מענער. איינער מיט אַ בעלמע אויפן לינקן אויג און דער צווייטער — מיט אַ בלויער, געשוואָלענער, אומנאַטירלעך אויפגעלאָפענער אונטערשטער ליפּ. דיאַדיאַ וואַניאַ האָט זיי פאָרגעשטעלט: דער מיט דער בעלמע הייסט דיאַדיאַ מישאַ. און דער מיט דער אומנאַ־טירלעך־גרויסער בלויער ליפּ הייסט דיאַדיאַ גרישאַ.

— און איך הייס דיאַדיאַ באָריס... — האָט בעריש געשפּאַסט.

— ווי באַלד אַזוי, הייס איך טיאָטיאַ וויעראַ...

— דאָס איז גוט... אַ טיאָטיע פעלט אונדז טאַקע אין אונדזער גע־זעלשאַפט... מיט באַבעס איז אַ ביסל היימלעכער... אַ באַבע מאַכט פריי־לעך... אָן באַבעס איז פאַסקודנע דאָס לעבן... — האָט דיאַדיאַ מישאַ מיט דער בעלמע געשמייכלט.

— דיאַדיאַ וואַניאַ, אָן אַ שפּאַס: שאַף עטלעכע באַבעס פאַר אונדזער אַטריאַד! סקוטשנאָ! רעביאַטאַ לאַנגווייליקט זיך אָן באַבעס!... — האָט דיאַ־דיאַ גרישאַ מיט דער ליפּ געבעטן.

— זיי וועלן קומען, די באַבעס... זיי וועלן אַליין קומען!... אָבער זיי וועלן אונדז דאָ לייכטער נישט מאַכן!... — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ מיט זי־בערקייט געזאָגט. — ספּאָדניצעס זענען גוט אין דער היים, אין דער

כאַטע, אויפֿן וואַרעמען פּיעקעליק... אין קאַמפּס־ערטער זענען זיי נאָר אַ פּלאָג!...

— איך בין נישט מסכּים... — האָט וויעראַ דערוווידערט.

— נאַטירלעך, אויסנאַמען זענען דאָ... און וועגן אַנוועזנדע רעדט מען נישט... האָט זיך דיאַדיאַ וואַניאַ צוריקגעצויגן. — עסט, מענטשן, עסט! איר זענט דאָך הונגעריק. מיר זענען נאָר אַראָפּגעקומען מאַכן מיט אייך דעם ערשטן שנאַפּס... דער שנאַפּס פֿאַרברידערט אונדזערע מענטשן!... איר וועט אָפּעסן, ווען איר זיך לייגן רוען. אייער טעטיקייט וועט זיך אָנהויבן מאָרגן...

— ריכטיק!... — האָט מאַקסים אויפֿגעהויבן זיין קווערטל — די פּאַרטיזאַנישע עס־ און טרינק־טעטיקייט הייבן מיר אָן שוין!..

אַלע האָבן גענומען די קווערטלעך אין די הענט אַריין.

— פֿאַרן געזונט פֿון אונדזער אָטריאַד!

— פֿאַר דער מפּלה פֿון די גיטלער־בעסטיעס!

— פֿאַר אונדזער אַלעמענס גליק!

— און איך טרינק פֿאַר אונדזערע נייע מיטגלידער... — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ אָנגעקלאַפּט זיין קווערטל מיט וויעראַן און בערישעס.

איין זופּ איז גענוג געווען, אַז וויעראַן זאָל דער אָטעם פֿאַרהאַקט ווערן. אויך בערישן, אויפֿן ניכטערן מאָגן, האָט דער ספּירט אַ ברען געטון, ווי אַ שטיק פֿייער. ער האָט אַזש געמוזט אַ כאַפּ טון אַ שטיק וווּרשט אין מויל אַריין.

דאַקעגן די איבעריקע האָבן ווי וואַסער געגאָסן דעם ספּירט אין די העלדזער אַריין, אויסגעליידיקט די קווערטלעך ביזן סאַמע דנאָ און זיך גאָרנישט געאיילט צום פֿאַרבייסן... זיי האָבן נאָר אַרויסגעקניפּט שטיקער ראַזעוואַנעם ברויט, גענומען עס צו די נאָזלעכער און טיף אַריינגעצויגן אין זיך דעם זייערלעכן גערוך, ווי בערישעס טאַטע פֿלעגט עס טון מיט שמעק־טאַבאַק...

בעריש און וויעראַ האָבן איצט נישט געגעסן נאָר געשלונגען. שוין לאַנג נישט געהאַט אַזאַ מלכותדיקן מאָלצייט. דער פֿרישער, ראַזעוואַנער קימל־ברויט פֿאַררייסט די נאָזלעכער. דער געזאַלצענער הערינג, די פֿעטע שינקע, דער וווּרשט, די קעז — אַלץ איז געשמאַק און בעטעמט, ווי קיינמאָל נישט ביז היינט...

— אויף אַזאַ מאָלצייט האָבן מיר זיך איצט גאָרנישט געריכט!... — זאָגט בעריש ווי צו פאַרענטפערן זיין אימפעטדיקן עסן.

— נישט געחלומט אפילו... — האָט וויעראַ צוגעגעבן.

— עסט געזונטערהייט... — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ פאָטערלעך גע־זאָגט. און נאָך אַ היפשער ווײלע: — פון וואַנען זענט איר? וואָס זענען אייערע פראָפעסיעס?

— איך בין פון מינסק — האָט וויעראַ געענטפערט — איך בין דאָקטאָר מעדיצין. מיין ספעציאַליטעט איז כירורגי. דעם לעצטן יאָר געאַרבעט אין ביאַליסטאָק אַלס שפיטאָל־לייטערין.

— טשודנאָ!... פרעקראַסנאָ!... — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ אַ פאַטש גע־טון מיט ביידע הענט און זיך אַזש אונטערגעהויבן פון בענקל — אַ דאָק־טאָר און אַ כירורג דערצו!... דאָס איז דאָך פונקט דאָס, וואָס מיר דאַרפן!... מאָלאָטשינאַ!... מיר האָבן דריי פאַרוווּנדעטע. איינער מיט אַ צעבראָכענעם פוס. דריי גלאַט אַזוי קראַנק... פאַראַן ביי אונדז אַ גאַנצער אַפטייק־מאַגאַזין מיט סלאָאיקעס און פלעשלעך, אַ גאַנצער קאָסטן מיט פאַרשי־דענע דאָקטאָרישע אינסטרומענטן! און מיר וויסן נישט, וואָס דערמיט צו מאַכן!... מיר זענען בלינד אין די זאַכן... חברה, לחיים פאַרן דאָקטאָר פון אונדזער אָטריאַד!... — האָט ער ווידער אָנגעגאָסן און אויסגעזופט אַ קווערטל. — אַ מינסקער, האָסטו געזאָגט, ביסטו? פון וועלכער גאַס?...

— גאָרקי גאַס... קעגנאיבער דער באָלניצע...

— וויערעטשקאַ?! וויעראַ אַנדרייעוונאַ?... גאָט מיינער, איך קען דאָך דיך... — האָט דיאַדיאַ וואַניא אזש אויסגעשריען — איך געדענק דאָך דיך פאַר אַזאַ־אָ... נאָך איידער דו ביסט קיין לענינגראַד געפאָרן שטו־דירן!... איך ווייס דיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע, איך ווייס... דיין מאַמאַשאַ האָט מיר אַמאָל דערציילט... איך פלעג אַריינקומען אַמאָל צו אייך... האָסט דאָך חתונה געהאַט און מיט דיין מאַן האָט עפעס פאַסירט... ווו איז ער היינט? אויף דער פריי?

— ניין. איך ווייס נישט מער פון אים.

— און דו, מיך דערקענסט נישט? אַנו, קוק זיך בעסער צו...

וויעראַ האָט זיך גוט איינגעקוקט און דערקענט:

— דאַכט זיך... טאָוואַרישטש שישקין... איוואַן פעטראָוויטש?...

— ריכטיק, טייבעלע מיינס... שכנים זענען מיר דאָך געוועזן!... איז... נו, קום־זשע אַהער, מיר מוזן זיך דאָך צעקושן!...

— אָט אַ באַגעגעניש!... — האָט מאַקסים געהויבן זיין קוואָרט — לכבוד אָט דער באַגעגעניש מוז איך טרינקען!...

— אַ שאָד וואָס איך בין נישט קיין מינסקער... איך וואָלט אויך אַריינגעכאַפּט אַ קוש פון אַ יונגער זשענשטשינע!... שוין לאַנג דעם טעם נישט געפילט... — האָט דיאַדיאַ גרישאַ מיט דער בלויער ליפּ באַדויערט און באין־ברירה זיך גענומען צום קווערטל.

און דיאַדיאַ מישאַ, מיט דער בעלמע אויפן לינקן אויג, האָט זיך אַזש געבעטן:

— גענוג שוין דיאַדיאַ וואַניאַ!... מיין רעכט אויג קען עס גלייכגילטיק נישט צוקוקן!... איך בין אויך נישט פון ליים!...

דיאַדיאַ וואַניאַ האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט:

— און איר זענט מאַן און ווייב?

— יאָ. — האָט וויערא, אַ פּאַררויטלטע, געענטפערט.

— אויך אַ דאָקטאָר?

— ניין. פריער איז מיין פּראָפעסיע געווען אָט דאָס... — האָט בעריש אויפגעהויבן די פלאַש בראָנפן — און איצט איז מיין פּראָפעסיע אָט דאָס... — האָט ער געוויזן אויפן אויטאָמאַט.

— גוט, זייער גוט! — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ גענומען אַ שטיק שינקע און מיט הנאה געקייט. — אָבער דו, וויערעטשקאַ, דאַרפסט נישט מער דיין מאַשין־געווער... פאַר דיר איז דאָ אַן אַפּטייק און אַ קאַסטן מיט אינסטרומענטן... און קראַנקע זענען דאָ. מיר וועלן דיר אָפּגעבן אַ זיעמליאַנקע און דו וועסט דאָרטן איינאָרדענען אַ שפּיטאָל, אָט־וואָס!...

— דיאַדיאַ וואַניאַ... און דאָס מאַשין־ביקסל ווינקט צו מיר... — האָט מאַקסים געמאַכט אַ בעטנדיקע מינע פון אַ חדר־ייִנגל — איך האָב דאָך זיי דער ערשטער באַגעגנט און געמאָלדן דעם אָטריאַד... דאָס ביקסעלע קומט מיר...

— דאָס וועלן מיר נאָך זען!... — האָט זיך דיאַדיאַ וואַניאַ אויפגעשטעלט, און נאָך אים — אַלע אָנוועזנדע. מיט אַן ערנסטן, פייערלעכן טאָן האָט ער זיך געווענדט צו אַלע: — איך שטעל פעסט, אַז מיר האָבן אַריינגעקראָגן ווערטפולע מענטשן אין אונדזער אָטריאַד! וויכטיקע און נוצלעכע! און טייער געווער! איך האָף, אַז איר וועט זיך איינלעבן אין אונדזער סביבה און מיטלעבן מיט אונדזער לעבן...

— דאָס איז שוין פון לאַנגע וואָכן אונדזער שטרעבן, דיאַדיאַ וואַניאַ...

— און איצט וועלן מיר אייך מער נישט שטערן. גייט שלאָפן, קינדער. רוט זיך אויס. מאָרגן וועלן מיר רעדן וועגן אַלץ פּאָדראָבנער...

אַלע זענען אַוועק, אויסער מאַקסימען, וועלכער האָט פּאָר זיי גע־גרייט די געלעגערס. בעריש און וויעראַ זענען זיצן געבליבן ביים טיש אַנגעזעטיקטע, מידע און באַרוישטע. באַרוישטע פון דעם ספּירט און נישט ווינציקער — פון די אַלע ראַשיקע איבערלעבענישן. עס איז זיי איצט גוט געווען. היימלעך, גוט, ווי קיינמאָל נישט!... אויף די פאַררויטל־טע באַקן איז פאַרשטייפט געוואָרן אַ שמייכל, ווי אַ שמייכל אויף פּנימער פון בראָנז־סטאַטועז — נישט צו ענדערן די גרימאַסע...

— וואָס זשע חלומט איר ביים טיש?... — האָט מאַקסים געזאָגט — די געלעגערס זענען גרייט. גייט, לייגט זיך.

וויעראַס קעפּל איז שוין באמת אַנידערגעפאַלן אויפן טיש. אויך בע־ריש איז געזעסן ווי אַ שטיק ליים, אַ צוגעקלעפּטער צום בענקל — נישט אויפצוהויבן זיך.

— עס גייט נישט, ברודערקע... דער ספּירט איז אין קאָפּ און אין די פיס... — האָט בעריש קוים באַוועגט מיט דער שווערער, לעדערנער צונג. — העלף אונדז, ברודערקע... זיי אַזוי פריינטלעך און העלף...

— הינערשע קעפּעלעך!... אַ שמעק געטון קוים צום פלעשל און שוין!... — האָט מאַקסים געלאַכט.

לאַכנדיק, האָט מאַקסים צוגעפירט וויעראַן צום געלעגער און נאָכ־דעם — בערישן. ער האָט זיי געווונטשן אַ „גוטע נאַכט״, כאָטש עס איז נאָך פריער טאָג געווען... און ער איז אַרויס פון צימער.

און נאָך איידער, דאַכט זיך, מאַקסים האָט פאַרמאַכט די טיר פון דער אַנדערער זייט, האָבן שוין ביידע געשמאַק געכראָפּעט...

***

אַ פויערישער כאָר־געזאַנג פון ווייטע, ברייטע סטעפּעס, האָט צו בע־רישן אין חלום דערגרייכט. דאָס הייזעריקע כאָר־געזאַנג האָט זיך כסדר געשטאַרקט, ביז עס האָט צעריסן דעם חלום־שלייער און אַרויסגעטויכט בערישן פון טיפן שלאָף.

זעט אויס, אַז עס איז שוין שפּעטער אָוונט געווען, ווען ער האָט די פאַרקלעפּטע וויעס אויפגעריסן. עס האָט שוין געברענט אַ הענגענדי־

קער נאָפּט־לאָמפּ. די זיעמליאַנקע איז פול געווען מיט רויך און טשאַד. רויך און טשאַד פון דעם קאָפּטשענדיקן לאָמפּ. רויך און טשאַד פון אַ פּאָר צענדליק ליולקעס און מאַכאָרקע־סיגאַרעטן, אין צייטונגס־פּאַפּיר געוויקלט. די זעמליאַנקע האָט איצטער אויסגעזען ווי אַן אָנגערויכערטער שענק מיט שכורים. דער גאַנצער פּאָל איז באַלייגט געווען מיט באַטרונקענע פויערים. אין דער אָנגעפּאַרעטער דושנעקייט, וואָס איז געשטאַנען גע־דיכט, מיט אַ מעסער צום שניידן, האָבן געשפּאַרט שאַרפע גערוכן. גע־רוכן פון אַלקאָהאָל, נאַפט־קאָפּיטש און פון פאַרשוויצטע אָניצעס, פון אויסגעטוענע שטיוול.

בעריש האָט זיך די אויגן געריבן פון בייסנדיקן רויך און נישט געקענט אונטערשיידן אין באַבערדיקט פּנים פון אַנדערן. אָבער אַלע האָבן זיי אים איצט אויסגעזען, ווי אַ כאַפּטע שכורע פּאָגראָמשטשיקעס, ווי כוליגאַנעס, ווי מערדער. און אפשר איז ער גאָר אַריינגעפאַלן אין אַ הייל פון אַ רויבער־באַנדע? אין אַ הייל פון וואַלד־גזלנים?! אַלע יוונים האָבן דאָ איין פּנים. נישט ער דערקענט דאָ מאַקסימען, נישט דעם דיאַדיאַ וואַ־ניאַ און נישט די איבעריקע דיאַדיעס דאָרטן!... דער שוואַרץ־יאָר ווייסט זיי, ווי זיי הייסן דאָרטן! וועלכער טייוול האָט עס אים אָנגעטראָגן צו קו־מען אַהער? ער איז פאַרנאַרט געוואָרן און שוין!

נישט ענדערנדיק זיין פּאָזיציע, כדי נישט צו ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט, האָט ער אָבסערווירט: אַלע פויערים האַלטן קווערט־לעך, מען זופט, מען רויכערט און מען שפּייט. אין איין ווינקל שפּילט מען אין קאָרטן. איינער זיצט אויף דער ערד און דרימפּלט אויף אַ מאַנדאָלינע, קיין מעלאָדיע הערט מען נישט. דאַקעגן הערט מען דאָס סקריפּען פון אַן אַלטער האַרמאָשקע. אויפן טיש זיצט אַ צעשויבערטער פויער, מיט אַ קאָפּ האָר, ווי אַ צעטריקנטער בעזים איבערגעקערט אַרויף און ער קוועטשט און ציט די האַרמאָשקע, ווי דעם בלאָז־זאַק אין אַ קוזניע. אַ דריטער ליגט אונטערן טיש און רעוועט אַפּיר פון דאָרטן אוקראַינישע פערזן. זיין געזאַנג דערמאָנט בערישן אָן אַ שרייען פון ציין־וויטיק. נאָך יעדע פּאָר שורות, כאַפּט דער עולם אונטער דעם רעפריין:

עס הירזשען פערד אויף לאָנקעס גריהינע,
עס איילן קריגער, אַטאַמאַ־אַנען; —
וואַך־אויף, וואַך־אויף מיין אוקראַיאַי־אינע,

וואַך־אויף, וואַך־אויף מיין אוקראַיאַי־אינע,
וויש־אַראָפּ דיי־יינע טומאַ־אַנען! — — — —
וויש־אַראָפּ דיי־יינע טומאַ־אַנען! — — — —

פלוצלינג האָט זיך אַ שטעל אויף געגעבן אַ דאַר, איינגעשרומפּן פויערל, אַ בלייכער, מיט שאַרף־אַרויסגעשטאַרצטע קינבאַקן און מיט אַ שפּיציק־פאַרריסענער, רויטער נאָז. אַ באַטרונקענער האָט ער אָנגעהויבן וויינענדיק צו דעקלאַמירן:

— אומעטיק, ברידערלעך, אומעטיק! דעם ווייסרוסישן פּויער איז אייביק אומעטיק. ביעלאָרוסיע איז אַן אומעטיק לאַנד. אומעטיקע דער־פעלעך און אומעטיקע מענטשן. די אייביקע נויט האָט אונדז אויף אייביק אומעטיק געמאַכט! גיס־אָן, ברודער מאַקסים, נאָך אַ קווערטעלע. לאָמיר אויסטרינקען פאַר מיין אומעטיקער ביעלאָרוסיע!

בעריש האָט דערזען, אַז וויעראַ האָט זיך אויפגעזעצט. ער האָט איר געוואָלט געבן אַ צייכן, אַז זי זאָל ליגן בלייבן אומבאַמערקט. נאָר דאָ האָט עמיץ אויסגערופן:

— פּאָסטאָי! אונדזערע נייע זענען דאָך שוין אויפגעשטאַנען!... גיסט אָן פאַר זיי די קווערטעלעך!...

עס איז שטיל געוואָרן און אַלעמענס בליקן האָבן זיך אַ ווענד געטון צו בערישן און וויעראַן. אין פאַרלוירנקייט האָט וויעראַ אַ זאָג געטון:

— דאָברע אוטראָ, טאָוואַרישטשי!...

ווי אַ פונק אין אַ פאַס בענזין איז עס געפאַלן. עס האָט זיך צעפּלאַ־קערט אַ געלעכטער. אַלע האָבן געקייכט און קייכנדיק געהירזשעט ווי די פערד. מאַקסים האָט זיך אַזש באַשפּריצט מיטן פולן מויל בראָנפן, וואָס ער האָט נאָר־וואָס אַ זופּ געטון. אַ טייל בראָנפן איז אים אַריין אין דער לינקער קעל. ער האָט געהוסט און געהוסט און נאָכדעם, מיט אַ כריפּ, קוים געקענט אַרויסברענגען:

— אַ שיינער דאָברע אוטראָ... עס איז דאָך שוין נאַכט!... איר זענט נישט לאַנג געשלאָפן, נאָר אַ זעכצן שעהעלעך!... כאַכאַכאַ... דאָ זינגט מען און מען שפּילט. עס קלאַפּט אַן אָרקעסטער אונטער דער נאָז, און אייך איז עס נישט אויפצוועקן... נו, שטייט שוין אויף, ווייל איר דאַרפט זיך באַלד צוריק לייגן שלאָפן!...

— כאַכאַכאַכאַ!...

— כיכיכיכי!...

— כאַכאַכאַכאַ!...

— אויף דעם שלאָף וואַרטן מיר שוין צוויי וואָכן... — האָט זיך וויעראַ פאַרענטפערט.

— רעביאַטאַ! — האָט זיך בעריש אָנגענומען מיט מוט — זעכצן שעה שלאָף, פאַר זעכצן מעת־לעת איז דוכט מיר נישט קיין סך!...

דער צעלאַכטער עולם האָט זיך באַרואיקט און אפילו ערנסט גע־וואָרן:

— ריכטיק, ריכטיק!

— זעכצן שעה פאַר זעכצן טעג איז גאָרנישט קיין סך!

— נו, לאָמיר זיך נענטער באַקענען, אויף אַ פּאַרטיזאַנישן אופן... — האָט זיך דער „זינגער״ פון אונטערן טיש אָנגערופן.

— מיר, פּאַרטיזאַנער, באַקענען זיך אָט־אַזוי!... — האָט זיי מאַק־סים צוגעטראָגן צוויי קווערטלעך.

— פאַרן געזונט פון אונדזער פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד!

— פאַר אַ פרייער אוקראַינאַ!

— פאַר מיין אומעטיקער ביעלאָרוסיע!

— פאַר... פאַר... אונדזער שונאס מפּלה! — בעריש האָט דערפילט, אין אָנבליק פון די באַטרונקענע פויערים, אַז ער טאָר נישט זאָגן הויך און פריי, ווי זיי אַלע, פאַר וועמען און פאַרוואָס ער טרינקט. פאַר זיינע אויגן האָבן זיך איצט אַדורכגעטראָגן די בהלהדיקע מחנות פון יידישע פּליטים. און זינאַן מיט עסטושיען האָט ער צווישן זיי דערזען... אים האָט זיך געדוכט, אַז זיי רופן צו אים, ער האָט שיער דערקענט זייערע שטימען, שיער דערהערט זייער געבעט. נאָר —

אַ כאָר באַסאָווע שטימען האָבן זיך הייזעריק צערעוועט, פאַרהילכנדיק דאָס געבעט פון זינען מיט עסטושיען:

וואַד־אויף, וואַד־אויף מיין אוקראַיאַי־אינע,
וויוש־אַראָפּ דיי־יינע טומאַ־אַנען! — — —



וויעראַס מאַשין־געווער האָט טאַקע באַקומען מאַקסים. וויעראַ אַליין האָט זיך מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער אַרבעט אין „שפּיטאָל״. אין די קאַסטנס האָט זי געפונען אַן אוצר מעדיקאַמענטן און כירורגישע

אינסטרומענטן. זעלטענע איינשפּריצונגען און פּרעפּאַראַטן. די קראַנקע און פאַרוווּנדעטע זענען גיך געוואָרן אירע בעסטע פריינט. אָבער אויך געזונטע האָבן צו איר געשמייכלט. ערשטנס טאַקע צוליב דעם, וואָס זי איז די איינציקע פרוי אין אָטריאַד, און אַ יונגע, סימפּאַטישע פרוי דער־צו. אָבער דער עיקר — ווייל צו איר דיספּאָזיציע איז איבערגעגעבן געוואָרן דער גאַנצער זאַפּאַס ספּירט... יעדערער קומט צו איר נאָך אַ קאַ־פּעטשקע, אַ טראָפּנדל כאָטש, דעם גומען צום באַנעצן...

בעריש איז דערווייל באַשטימט געוואָרן אַלס „קאַראַאול" אין די ווייט־אַרויסגערוקטע וואַלד־פּאָזיציעס. זיין אויפגאַבע איז צום אָבסער־ווירן די באַוועגונג אויף די שאָסייען און פּוילישע וועגן.

— נאָכוואָס האָט מען מיך דאָ אַוועקגעלייגט? — הערט ער נישט אויף צו טענהן צו זיך אַליין. — איך ליג דאָ פאַרטייעט, ווי אַ נאַר און אָבסערווירן!

און ער דערמאָנט זיך אַ קאָמישע געשיכטע מיט אַפּעריסטן אין וואַרשע, וועלכע האָבן אויסגענאַרט ביי איינעם אַ סומע געלט און דערפאַר געגעבן אַ פּאָסטן אַלס טראַמוויי־אָנגעשטעלטן. מען האָט אים אַוועקגע־שטעלט אין אַ ראָג, מיט אַ בויגן פּאַפּיר און אַ בלייפעדער און געהייסן פאַרצייכענען די נומערן פון די טראַמווייען, וואָס פאָרן דאָ פאַרביי... ביז ער איז געוואָרן פאַרדעכטיק דעם פּאָליציימאַן און ער האָט אים אַ פרעג געטון: „וואָס טוסטו דאָ?" — „איך טו מיין פליכט. עס איז מיין פּאָסטן. איך פאַרצייכן די טראַמווייען"...

די באַוועגונג פון די דייטשן אָבסערווירט ער, בעריש. אָבער קיין אַקטיוויטעט פון זיין אָטריאַד זעט ער נישט. אויב מען זאָל נישט רעכע־נען די איבערפאַלן אויף די דערפער און דאָס ברענגען פון דאָרטן שפּייז. אָט די אַרבעט און די אַרבעט אין אָטריאַד גופא פון באַקן, קאָכן, וואַשן און טרייבן בראָנפן, — ווערט געטון זייער טיכטיק. וואָס שייך די זאַכן, איז די אַקטיוויטעט פון אָטריאַד דווקא זייער אַ שטאַרקע!...

בעריש ווייסט שוין, אַז דער אָטריאַד באַשטייט פון אַכט און פערציק מאַן. דער גרעסטער טייל זענען אוקראַאינער און ווייסרוסן. פינף רוסן, צוויי פּאָליאַקן און אַ ליטווינער. וויעראַ איז די איינציקע פרוי אין אָט־ריאַד און בעריש — דער איינציקער ייד. קיינער ווייסט אָבער נישט דערפון, אַז ער איז אַ ייד. מען האַלט אים פאַר אַ פּאָליאַק. און כאָטש ער וואָלט עס אַזוי געוואָלט, בעריש, אַז אַלע זאָלן דאָס דווקא יאָ וויסן:

אַז אויך אַ ייד איז אַ פּאַרטיזאַן! אַ נקמה־נעמער! פינף נאַציאָנאַליטעטן זענען אין דעם אָטריאַד פּאַרטראָטן. יעדעס פאָלק האָט דאָ זיינע פאַר־שטייער, וועלכע דערהויבן די פאָן פון ווירדע און כבוד פאַר זיך און פאַרן פאָלק! נקמה־נעמער, וועלכע צאָלן מיט בלוט פאַר בלוט! מיט טויט פאַר טויט! — ווייטיקט אים דאָס האַרץ, בעריש, וואָס קיינער ווייסט נישט, אַז אויך אַ ייד שיצט דאָ דעם כבוד פון זיין געפּייניקט פאָלק! עס וויי־טיקט אים דאָס האַרץ, אָבער ער פילט, אַז ער מוז שווייגן. אויב נישט — איז ער נישט אַנטלאָפן פון דער געפאַר, נאָר אַליין זיך איבערגעגעבן איר אין די הענט אַריין. ער ווייסט עס. ער האָט שוין פילדייטיקע ווערטעלעך, וויצן און אָנצוהערענישן אויפן חשבון פון די יידן געהערט. דער „זינגער" האָט אפילו אָפן גערעדט וועגן יידן ווי וועגן שטשורעס, וואָס מען פאַר־טיליקט.

ער ווייסט שוין, בעריש, אַז דער גרעסטער טייל זענען געוועזענע רויטאַרמייער. ווי קומען זיי אַהער? — לויט זייערע אייגענע רייד, האָבן זיי זיך פאַרלוירן פון דער רעגולערער אַרמיי, ביים אָפּטרעטן. אין דער בהלה זענען זיי אָפּגעשטאַנען, פאַרלוירן די פאַרבינדונג מיט די „איי־גענע" און געבליבן שטעקן ביים דייטש אין טיל. דאָס וואָרט „אייגענע" קלינגט בערישן איראָניש. ער גלייבט אויך נישט זייערע מעשיות און אַן איינדרוק האָט ער באַקומען, אַז דאָס זענען פּשוטע דעזערטירן. זיי זענען אַנטלאָפן פון דער רויטער אַרמיי און היטן זיך אויס פון דייטשער געפאַנגענשאַפט. זיי האָבן זיך דאָ, זעט אויס, אָרגאַניזירט אין אַ פּאַרטי־זאַנער־אָטריאַד, בכדי צו פילעווען זייער שקורע. מען לעבט דאָ אין וואַלד פון רויבעריי. מען פּאַראַזיטעוועט אויפן חשבון פון די פּויערים אין די דערפער און מען ווייזט נישט אַרויס קיין שום אַקטיוויטעט. אפשר טוען זיי דאָס, כדי נישט צו ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די דייטשן, כדי נישט פאַרפאָלגט צו ווערן? עס איז דאָך אַ שאָד צו פאַרלאָזן די באַקוועם־אויפגעבויטע זיעמליאַנקעס און דעם גוט־איינגעאָרדנטן בראָנפן־ברויז... און אפשר איז דאָ פאַראַן אַ סוד, וואָס ער אַליין ווייסט נישט? אפשר ניורטעוועט זיי דאָ סיי קעגן דייטש און סיי קעגן דער רויטער אַרמיי? זיי מוזן דאָך פאָרט האָבן אַ ציל און וועלכן עס איז פּלאַן! אויב נאָר צוליב רו און פרעס, — נאָך וואָס זשע דאַרפן זיי דאָס געווער? זיי האָבן דאָך דאָ אַן אוצר פון געווער און אַמוניציע. סקלאַדעס גאַנצע!

ליגט ער אַזוי, בעריש, מעת־לעתן אַ פּאַרטייעטער אין די קוסטן,

ביים ראַנד פון וואַלד און עס צעוואַקסט זיך אין אים די פאַרביטערונג און אַנטוישונג.

„אַ וועלט ברענט! שטעט און דערפער גייען־אָפּ אין בלוט און אין פלאַמען! יידן ווערן אַזוי!... מען האַפּט אויף... און דאָ גאָר — פּאַראַ־זיטן! — — —".

מאַקסים איז אים געקומען פאַרבייטן און מיטגעבראַכט אַ פלעשעלע...

— אנא, דיאַדיאַ באריס, ווי געפעלט דיר ביי אונדז אין אָטריאַד? — האָט ער אים גוטברודעריש געקלאַפּט אין דער פּלייצע.

בעריש האָט אַ ווײַלע געשוויגן און נאָכדעם ערנסט געענטפערט מיט דער זעלבער פראַגע:

— דו ביסט דאָך דאָ לענגער, חבר מאַקסים... קענסט בעסער די פאַרהעלטענישן... איז ווי געפעלט דיר דער אָטריאַד?...

מאַקסים האָט אַ ביטערן קוק געטון אויף בערישן, מיט אַ פּאָר שפּי־ציקע דעטעקטיוו־אייגעלעך — און איז אויך ערנסט געוואָרן. אָבער גע־ענטפערט האָט ער האַלב אין שפּאַס:

— אוודאי, נישט אַלץ געפעלט מיר דאָ... נישט אַלץ איז, ווי מען וויל... קיין ברירה נישטאָ... אפשר וועט זיך עס ענדערן. זעסטו, דער בראָנפן דאָ, געפעלט מיר!... טייערן בראָנפן מאַכן זיי דאָ, די חברה... און דער ספּירט איז אַ גאָר גוטער!... טרינק ברודער, פילאָזאָפירן וועלן מיר אַן אַנדער מאָל!...

בעריש האָט אָבער אויף אַ מינוט נישט געקענט אויפהערן צו „פי־לאָזאָפירן". עס האָט אים נישט אויפגעהערט צו מאַטערן, ביז ער האָט זיך פאַרטרויט פאַר וויעראַן.

וויעראַ האָט עס אים באַשטעטיקט. זי טראַכט און פילט דאָס זעלבע.

— כאָטש איך בין אַ געליטענע פון דער ראַטנמאַכט, כאָטש איך האָס דעם גאַנצן נ.ק.וו.ד.־סיסטעם און די גאַנצע וויערכושקע, דאָך, מוז איך זיך דיר מודה זיין, אז א סך זאַכן זענען מיר דאָ דערווידער. א סך זאכן זענען מיר דאָ פרעמד און אומפאַרשטענדלעך...

— און מיר הויבט עס אָן צו ווערן פאַרשטענדלעך, וויערעטשקאָ... פּריקרע־פאַרשטענדלעך!...

— איך פאַרשטיי, באריס. די גאַנצע צייט בין איך זייער אומרואיק וועגן דיר... איך האָב דיך שוין עטלעכע מאָל געוואָלט וואָרענען, דו זאָלסט זיך, גאָט־באַהיט, נישט אַרויסכאַפּן, פון וועלכער נאַציע דו ביסט... —

האָט זי געזאָגט מיט שעמעוודיק־אַראָפּגעלאָזטע אויגן — זיי האָבן נישט ליב אייערע... עס וועט קיין גוטס נישט ברענגען...

— אויך דאָס איז מיר טרויעריק־פאַרשטענדלעך...

— האָסט געזען, באַריס, ווי זיי טרינקען?...

— געזען.

— און ווי זיי ווינטשן זיך, האָסטו געהערט?...

— געהערט. וואָס איז דען?

— דו ווייסט נישט, ווי עס פירט זיך ביי אונדז דאָרט, באַריס... פאַר סאָוויעטישע מענטשן איז נישט מעגלעך און נישט דענקבאַר צו טרינ־קען, אז דער ערשטער כוס זאָל נישט געהויבן ווערן פאַרן געניאַלן פירער חבר סטאַלין... דער צווייטער — פאַר דער מעכטיקער רויטער אַרמיי און שפּעטער — פאַר דער גאַנצער ווערכושקע... און דאָ גאָר ווערן זייערע נעמען נישט דערמאָנט!... מען טרינקט פאַר אַ פרייער אוקראַינע... פאַר ווייסרוסלאַנד... און פאַר אַלץ, וואָס עס איז ביי אַ שכורן אויף דער צונג...

— ביסט גערעכט, וויערעטשקאַ... האָסט עס גוט באַמערקט!... — האָט בעריש אַן אומעטיקן שמייכל געטון. — דאָס דערמאָנט מיר אָן מיין טאַטנס אַ גוט ווערטל: מיין טאַטע, אַ רעליגיעזער ייד, פלעגט מיר תמיד זאָגן: „אַז דו פאָרסט אַרויס מיט א קריסט אונטערוועגנס, זאָלסטו אַכטונג געבן: אויב דורכפאָרנדיק פאַרביי דעם ערשטן קלויסטער, צלמט ער זיך איבער, מעגסטו מיט אים ווייטער פאָרן. דאַקעגן, טאָמער צלמט ער זיך נישט, זאָלסטו זיך ווייטער נישט לאָזן מיט אים אונטערוועגנס! גלויבט ער נישט אין גאָט, איז ער אַ גזלן!“... און אַז סאָוויעטישע מענטשן לויבן נישט סטאַלינען און די רויטע אַרמיי, איז עס טאַקע זייער פאַרדעכטיק, שוועסטערל!...

— ריכטיק, באַריס. פאַרדעכטיק און אומהיימלעך...

— און דער דיאַדיאַ וואַניאַ זאָל אויך זיין אַזאַ?...

— דאָס גלויבט זיך מיר נישט, באַריס... איך קען אים פון מינסק. אַ פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש און אַ געטרייער קאָמוניסט! און אפשר... דער טשאָרט ווייסט עס! איך האָב פאַרלוירן דעם גלויבן אין מענטשן. איבערהויפּט ביי אונדז דאָרט איז קיינער נישט אָפנהערציק... אַלע זע־נען דאָרט גוט און פרום... אָט גייט ער טאַקע...

דיאַדיאַ וואַניאַ איז זיי אַנטקעגנגעקומען מיט זיין אייביק־גוטמוטיקן שמייכל. קוקנדיק אויף אים, האָט בעריש אַ טראַכט געטון, אַז מיט זיין

אייביק־צעשמייכלטער גוטמוטיקייט, פּאַסט ער זיך גיכער צו זיין אַ לע־רער פון גימנאַסטיק פּאַר מיידלעך, איידער אַ פירער פון אַט דער כאַפּטע פויערים... און דאָך, אַ מאָדנעם דרך־ארץ רופט ער אַרויס צו זיך און עפּעס אַ מאָדנע ליבשאַפט. אפשר איז עס דערפאַר, וואָס ער איז מיט אַ קאָפּ פון אַלעמען העכער... און וואָס פאַר אַ קאָפּ!... — אַ בלאָנדע, צע־שמייכלטע זון מיט צעקרייזלטע שטראַלן... די ציכטיקע, קורץ־פאַרשוי־רענע באָרד, די מילדע, בלויע אויגן — אַלץ איז זוניק און מילד, פאָטער־לעך צעשטראַלט...

ער קומט איצט אָן מיט זיין יעגער־ביקס אויפן אַקסל און מיט לאַנג־זאַמע טריט פון אַ פאַרטראַכטן שפּאַצירער, ווי דאַן, ווען זיי האָבן אים, צום ערשטן מאָל, ביי דער אָזערע דערזען...

— זדראַסטוווּיטיע גאָלובטשיקי!... ווי פילט איר זיך?...

— ווי אויף געגליטע קוילן, חבר קאָמאַנדיר!... — האָט בעריש גע־ענטפערט.

דיאַדיאַ וואַניאַ האָט אויף אים אַ פאַרוווּנדערטן בליק געטון און זיך צוגעזעצט צו זיי אויף אַ ליגנדיק־וואַקסנדיקן בוים.

— האָט איך ווער באַליידיקט?

— אונדז פערזענלעך נאָך קיינער נישט, דערווייל... נאָר די אַלגע־מיינע זאַך... די אידעע פון פאַרטיזאַנערטום ווערט דאָ באַליידיקט...

— מיט וואָס?

— מיט פרעסן, מיט זויפן און מיט ליידיקגיין... דער שונא וואַרפט זיין גאַנצע מעכטיקייט אויף רוסלאַנד. אַזוי טיף שוין אַריינגעדרונגען! איך ליג און אָבסערוויר און גיב אייך איבער באַריכטן: מען פירט דאָ פאַרביי עשעלאָנען זעלנער, געווער און אַמוניציע! און דאָ, וואָס? מיט וואָס רעאַגירן מיר? מיט טרייבן בראָנפן! צי נאָך דעם זענען מיר געקו־מען צו אייך?

בעריש האָט גערעדט, נישט אַכטנדיק אויף דעם, וואָס וויעראַ קנייפּט אים, שטאַרכעט מיט אַ קני און ווינקט מיט די סערע, קעצישע אייגלעך. ער האָט געוווּסט, אַז וויעראַ איז גערעכט, אָבער ער האָט נישט געקענט באַהערשן דעם פראָטעסט, וואָס האָט זיך אין אים צעוואַקסן במשך לאַנגע מעת־לעתן. עס האָט פשוט אַרויסגערעדט פון אים.

— זייט נישט אַזוי פּעסימיסטיש... — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ געזאָגט נאָך אַ לאַנגן שווייגן, בעת וועלכן עס איז קענטיק געווען, אַז ער זוכט

פּאַסיקע ווערטער, אָדער אַ פּאַסיקן ענטפער. — אויף אַלץ איז אַ צייט... מיר האַלטן נאָך ביים סאַמע אָנהויב... נישט אַלץ געפעלט מיר אַליין... נישט אַלע עלעמענטן דאָ זענען פּאַסיקע און קאָנטראָלירטע... אַלץ מיט דער צייט... און די צייט וועט אונדז אויך צווינגען צו זיין אַקטיוו... אין איינעם אַ טאָג וועט דאָ ווערן אויס פּענסיאָנאַט און עס וועט דאָ ווערן אַ פראָנט!... און פאַרבינדונג וועלן מיר קריגן מיט וועמען מיר דאַרפן... מען ווייסט שוין פון אונדז... נאָר אַ ביסעלע געדולד, מיינע טייערע... — האָט ער זיך אויפגעהויבן, גרייט ווייטער צו שפּאַנען — און... מיט מאַקסי־מען מעגט איר זיך האַלטן נענטער... ער זעט מיר אויס צו זיין גאָר אַ ווילער מענטש... די נעזלעך — אַרויף!...

ער האָט זיך לאַנגזאַם און פאַרטראַכט פון זיי דערווייטערט, נישט אומקוקנדיק זיך מער, ווי דאַן, נאָכן צוזאַמענטרעף ביי דער אָזערע. זיי האָבן לאַנג נאָכגעקוקט זיין באַוועגלעכע, עלאַסטישע שלאַנקייט און זיין זוניקן, געקרויזלטן קאָפּ האָר, וואָס האָט, דוכט זיך זיי, דעם טונקל־גרינעם וואַלד העלער און ליכטיקער געמאַכט...

— ביסט שטאַרק פאַראומערט, באַריס, האַ? — האָט וויעראַ איבער־געריסן דאָס שווייגן.

— איך בין אַנטלאָפן פון שונאים און אַריינגעפאַלן צו...

— די גאַנצע וועלט איז היינט פול מיט שונאים, באַריס. נישטאָ וווהין צו אַנטלויפן!... אָבער טרייסטן דאַרף מען זיך דערמיט, אַז ווען דער גרעסטער שונא פון דער מענטשהייט וועט דערשלאָגן ווערן, וועלן מיר שוין, ווי עס איז, קענען לעבן...

— ביסט גערעכט, וויערעטשקאַ. איצטער דאַרפן מיר אַלע כוחות אונדזערע מאָביליזירן אין קאַמף קעגן אונדזער אַלעמענס שונא, מיין שונא נומער איינס! אפילו מאַכנדיק יד־אחת מיט אַלע איבעריקע שונאים פון צווייטער און דריטער מדרגה... נאָר דאַן, ווען דער היטלעריזם וועט זיך שוין טרינקען אין אייגענעם בלוט און אַלע פעלקער וועלן אָפּאָטעמען פריי, דאַן וועל איך זיך ערשט מוזן אָנהויבן צו פּילעווען פאַר אַלע איבעריקע שונאים פון אַלע אַנדערע מדרגות...

— טרויעריק רעדסטו, באַריס. זייער טרויעריק. דו רעדסט ווי אַ...

— ווי אַ ייד, וויערעטשקאַ!...

— נישט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן...

— אָבער אַזוי איז עס!

— באַריס, דו ביסט דאָך הונגעריק און מיד. גיי עס עפּעס און שפּאָר זיך צו דערווײַלע אין דער אָבשטשע זיעמליאַנקע. און בײַנאַכט... — זי האָט זיך פאַררויטלט און אַראָפּגעלאָזן די וויעס — ווּעסטו שלאָפן אין מײַן שפּיטאָל־דיזשורקע. איך האָב שוין אַלעס צוגעגרייט... אַך, באַריס, באַריס..

עס איז אים וואַרעם געוואָרן אין אַלע גלידער און אַ היימלעכע אינ־טימקייט האָט פאַרטריבן פון אים אַלע מרה־שחורהס. ווי געטריי און צערטלעך זי איז, זײַן וויערעטשקאַ!... נאָך אַזוי פיל טעג, נאָך אַזעלכע נעכט, און זי ווערט אים אַלץ טײַערער און ליבער... אַלץ פריידיקער און דערמוטיקנדיקער... ער האָט זי אַ דריק געטון צו זיך, אויסגעקושט דעם קאָפּ און דאָס גאַנצע פּנים, ביז אין טיפן האַלדז אַרײַן און אַ מונטערער אַוועק עפּעס עסן.

די זיעמליאַנקע האָט זיך געשטיקט מיט פּויערים, מיט רויך, מיט כריפּענדיקן כאָר־געזאַנג און מיט שוויס־ און אַלקאָהאָל־געשטאַנק.

בעריש האָט געשניטן ברויט מיט קאָלבאַס, זיך אָנגעגאָסן אַ קווערטל און זיך געשטיקט מיט יעדן ביסן.

אונטערן טיש האָט ווידער דער „זינגער״ געגרעוועט ווי פון צײַן־ווייטיק און די שכורע כאָפּטע האָט מיטגערעוועט:

עס הירזשען פערד אויף לאָנקעס גריהינע,
עס אײַלן קריגער, אַטאַמאַ־אַנען; —
וואָך־אויף, וואָך־אויף מײַן אוקראַי־אי־אינע,
וויש־אַראָפּ דײַ־יינע טומאַ־אַנען! — — —
וואָך־אויף, וואָך־אויף מײַן אוקראַי־אי־אינע,
וויש־אַראָפּ דײַ־יינע טומאַ־אַנען! — — —

און בערישן זענען די אויגן פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן. ער האָט אויסגעטרונקען דאָס קווערטל ביזן סאַמע דנאָ, אַרויפגעקראָכן אויף אַ נאַרע און זיך צוגעדעקט דאָס פּנים מיט ביידע הענט.

און דאָס מאָל האָט זיך אים וואַרשע אַנטפּלעקט. וואַרשע אין די לעצטע טעג, פאַר זײַן אַנטלויפן. דאָס יידישע פערטל. חורבות, וואָס טליען נאָך מיט סמאָליענעס־געשטאַנק. אויפגעבראָכענע און צעראַבירטע יידי־שע געשעפטן, זײַן אייגענער ווײַן־קעלער. צעשראָקענע יידישע אויגן. אימת־מוות און פאַרלוירנקייט. עלנט און הילפסלאָזיקייט פון גרויסע,

ווי ביי קליינע קינדער. זינאַ מיט עסטושיען... ווו וואָגלען זיי איצט אַרום? ווי לעבן זיי איצט אָן אים?

— אומעטיק, ברידערלעך, אומעטיק! גיס אָן, מאַקסים, אַ קווערטעלע! איך וויל אויסטרינקען פאַר מיין אומעטיקער ביעלארוסיע!...

קאַפּיטל 17

## אין שפּעטן האַרבסט

האַרבסטיקע מעת־לעתן האָבן זיך געשלייכט דורכן וואַלד, ווי טרויעריקע נביאים מיט אש אויף די קעפּ. דער וואַלד איז אומרואיק־שטיל געוואָרן, ווי מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם. שטיל פאַרכטיק־פאַרקלערט. ער האָט געקוקט אויף די זיך דורכשלייכנדיקע מעת־לעתן און געגעלט פון צער.

ווי עס ווערט געגרונצלט די הויט אויפן לייב פון אַנגסטיקע, און צוזאַמענגעשרומפּן — ביי זקנים, אַזוי האָבן זיך די בלעטער פאַרשטייפטע געקורטשעט. און בלעטער זענען אָפּגעפאַלן פאַרוועלקטע, ווי לעצטע האָפענונגען און טרוימען.

מיט יעדן טאָג האָט דער וואַלד געענדערט זיין אויסזען: צום ערשטן האָבן די ביימער־קרוינען באַקומען אַ קאָליר, ווי איבערגעזעטיקטע מיט זון. שפּעטער — מיט שקיעה־שיין באַגאָסענע. די בלעטער האָבן זיך גענומען רויטלען, ווי שעמעוודיקע בעקלעך פון יונגע כלה־מיידלעך. און אין געציילטע וואָכן זענען זיי איינגעשרומפּן געוואָרן, ווי ביי אַלטיטשקע באָבעס. די גרינע קרוינען זענען פורפור־רויט געוואָרן, נאָכדעם — באַגילדעט, שפּעטער — באַקופּערט און צום סוף — פאַרזשאַווערט.

קיין מענטשלעך אויג האָט נישט באַמערקט, ווען דאָס ערשטע בלעטל איז געפאַלן. ערשט נאָך אַ ווינטיקער נאַכט, ווען מענטשן זענען אַרויס פון כאַטעס און זיעמליאַנקעס, האָבן זיי דערזען דעם זשאַווער־רויטן טעפּיך אויף דער ערד, ווי אַ זשאַווער־רויטער שניי וואָלט איבער נאַכט אָנגעפאַלן.

ערשט אַז די בלעטער האָבן זיך צעזיפצט אונטער זייערע טריט, האָט זיך יעדערער אַ זאָג געטון:

— האַרבסט...

די שטימונג און דער לעבנס־שטייגער פון דעם פאַרטיזאַנער אָטריאַד

האָט זיך מיט גאָרנישט געביטן. די זעלבע קווערטעלעך בראָנפן און פויערישע קעסט. די זעלבע אוקראַינישע לידער און ווייסרוסישע, אומע־טיקע מעלאָדעקלאַמאַציעס. אַזוי וועט עס אויך זיין, מסתמא, אין ווינטער און אַזוי וועט עס זיין אין פרילינג...

נאָר בעריש קופּערשמידן איז דער האַרבסט אַריין אין לייב און אין די ביינער. די שטילע, אומרואיקע פאַרכטיקייט פון וואַלד און די שווינדזיכטיקע קאָלירן פון די וועלקנדיקע בלעטער זענען אים אין דער נשמה אַריין. ווי אונטער זיינע טריט, אַזוי שורשעט עס אין דער נשמה זיינער אַ זשאַווערדיקער צער.

ער גייט יעדן פּאַרטאָג צו זיינע אויסשפּיר־פּונקטן און ליגט דאָרט אָפּ ביז שפּעטן אָוונט. ער האָט נישט קיין קאַלענדאַר. ער ווייסט נישט קיין דאַטן. אָבער עס מוז שוין זיין אָקטאָבער.

אָקטאָבער? — ניין, אָקטאָבער זאָגט אים גאָרנישט. ביי זיין טאַטן האָבן די האַרבסט־חדשים געהייסן: אלול, תשרי, חשון... און פאַרכטיקע טעג זענען געגאַנגען, ימים־נוראים. טעג פון חשבון־הנפש און תשובה. ער דערמאָנט זיך אַ ראש־השנה אין דער היים. אַן ערב יום־כפור מיט כפרות, מיט דער מאַמעס טרערן און דעם טאַטנס ברכות. די וואַקסענע ליכט אין בית־מדרש, ביי כל־נדרי. די טאַטעס, אין קיטלען, שטעלן זיך צום יום־הדין. צומאָרגנס — אַ לאַנגער, שווערער תענית. אָבער אַז דער אַלטער טאַטע און די קראַנקע האַלטן אויס און פאַסטן, איז ווי האָט ער דען גע־קענט אָפּשטיין?

אליהו, זיין ייִנגערער ברודער, האָט טאַקע נישט געפאַסט. בכלל געווען אַ פרייער און ווייט פון יידישער טראַדיציע. ווי־זשע איז עס גע־קומען צו אים אַזאַ סענטימענט צו ארץ־ישראל? פון חדר האָט ער אים נישט געירשנט. קוים תנ״ך אויסגעלערנט און באַלד אַוועק אין אַ „פּאָוו־שעכנע״־שולע. טאַטע־מאַמע פלעגן זאָגן, אַז ער וואַקסט אַ גוי. „קיין יידיש געמיט האָט עס נישט!״. אַ יידיש געמיט האָט געהייסן אַ שווער און געבראָכן געמיט... און אליהו איז דווקא שטענדיק געווען אַ האָפערדיקער. „מיין קאָצקער און מיין גערער רבי — פלעגט ער טענהן — איז יצחק גרינבוים!״... יעדעס ווערטל פון יצחק גרינבוים, דעם ציוניסטישן מנהיג פון פּוילישן יידנטום, פלעגט ער כסדר איבערקייען, ווי אַ חסיד — אַ תורה פון זיין רבין. אפילו ווען יצחק גרינבוים האָט געזאָגט, אַז „אין פּוילן איז דאָ אַ מיליאָן יידן איבעריק״ (וואָס אין דער אַנטיסעמיטישער צייט

איז עס געווען בוימל אויף אַ שרפה און האָט אויפגעזאָטן דאָס בלוט פון יעדן געדריקטן פוילישן יידן) — אויך דאַן איז אליהו אַרומגעלאָפן אַ האָפערדיקער און געשריען, אַז יצחק גרינבוים איז גערעכט! און נישט נאָר ער האָט געשריען, נאָר טאַקע אַליין געוויזן אַ ביישפּיל: עולה געווען דער ערשטער פון דעם „איבעריקן מיליאָן"... און אפשר איז ער טאַקע אַ נביא געווען, דער יצחק גרינבוים? — אָט איז דאָך טאַקע אליהו אין תל־אביב, צווישן יידן, ווייט פון דער דייטשער געפאַר... דאַקעגן דער מיליאָן האָט זיך ערגעץ פאַרטראָגן אין בהלה. און ער, בעריש אַליין, ער וואַלגערט זיך אין וואַלד צווישן אוקראַינישע פּאָגראָמשטשיקעס!

און אפשר איז היינט סכות?...

ער דערמאָנט זיך, ווי ער פלעגט העלפן דעם טאַטן בויען די סוכה, אויפן באַלקאָן פון זייער דירה. אליהו פלעגט נישט וועלן העלפן. ער פלעגט לאַכן דערפון: „בעסער אויפשטעלן אַ געצעלט אין גליל, איידער אַ סוכה אויף די באַלעווקעס!"... און דער טאַטע פלעגט עס נישט קענען פאַרשטיין: „ווי קומט עס, אַ גוי־גמור זאָל אַזוי בענקען צום הייליקן גליל?"... אָבער דעם אתרוג און דעם לולב האָט אליהו געשמעקט און באַטראַכט מיט ליבשאַפט און צערטלעכקייט. „מפרי הארץ..." — פלעגט ער מורמלען אַ שמייכלענדיקער. דער טאַטע האָט עס געזען און אים אַלץ מוחל געווען...

דער אתרוג האָט פאַרשמעקט די שטוב און, צוזאַמען מיטן לולב, דערמאָנט אָן דעם לאַנד, וווהין דער טאַטע האָט אַלע זיינע יאָרן געבענקט און אין זיינע תפילות געבעטן. און כאָטש ער האָט זיך אַזוי פלאַמיק געווונטשן: לשנה הבאה בירושלים! — האָט ער געוווסט, אַז ער וועט אַהינצו נישט קומען. מעגלעכקייטן דערצו האָט ער דווקא יאָ געהאַט, נאָר דער רבי האָט נישט געהייסן... דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט אַ קיטל און אַ יאַרמלקע מתוצרת־הארץ, פון סאַמע ירושלים. אַ בצלאל־סידורל מיט היילצערנע טאָוועלעך, אויף וועלכע עס איז געווען אויסגע־שניטן דער אהל פון קבר־רחל, וואָס אויפן וועג צו בית־לחם, געשיצט אין שאָטן פון אַ קרומען בוים און אויף דער אַנדערער זייט — דער כותל מערבי. און אַ זעקעלע ארץ־ישראל־ערד האָט ער געהאַט... דאָס האָט מען אים טאַקע מיטגעגעבן אין קבר אַריין, זיין קאָפּ זאָל כאָטש רוען אויף אַ קישעלע הייליקער ארץ־ישראל־ערד... דער טאַטע האָט כאָטש זוכה געווען צו שטאַרבן אין אַ נאָרמאַלער צייט. מיט אַ מענטשלעכן טויט און

קומען צו קבר־ישראל, ווי אַ ייד!... און שפּעטער איז אויך די מאַמע אַוועק צו אים. מער אויס בענקשאַפט ווי אויס קראַנקהייט איז זי איינגעגאַנגען. אַ טייערע יידישע מאמע! אַ צנועה, אַ צדיקה איז זי געווען!

אפילו קיין פאָטאָגראַפיע איז אים נישט געבליבן פון זיי און פון דער גאַנצער משפחה. כאָטש זיי שטייען אים איצט אַלע פאַר די אויגן, דאָך פילט ער, אַז זיי ווערן מטושטש, פאַרהילן זיך אין אַ שלייער... ער וואָלט איצט געקוקט אויף זייערע בילדער, געקושט און געדרוקט צום האַרצן און אַזוי דעם עלנט נישט געפילט! אַן עלנטער, פאַרוואָרפענער שטיין איז ער איצט און ווי פון אַ שטיין געבוירן! ווען ער האָט כאָטש איצט דעם טאַטנס סידורל... אַ מחזור, צי אַ תהילים!... ער געדענקט דאָך גאָרנישט קיין איין־איינציקע תפילה פון אויסנווייניק! נישט אליהו, נאָר ער אַליין איז דאָך אַ גוי־גמור! ער וואָלט זיך דאָ איצטער אַוועקגעשטעלט מיטן טאַטנס סידורל אין האַנט און געדאַוונט מיטן גאַנצן האַרצן! ער וואָלט זיך אויסגעוויינט און אויסגעקלאָגט, ווי אין אַ יום־כפור־טאָג... צווישן אָט די שטילע, פאָרכטיקעביימער פון וואַלד, וואָלט נאָך די תפילה געווען אַ לויטערערע, אַ דערהויבענערע! נישט אומזיסט פלעגן ל״ו־ניקעס, נסתרים, איידער זיי פלעגן נתגלה ווערן און קומען אין שטעט, ווי גרויסע רביים, פריער פאַרוואָנען התבודדות אין וואַלד...

שאַ, און וואָס פלעגט טון אַ צדיק אַן עם־הארץ? — ער פלעגט דאַוונען אויף אַ פּאַסטוך־פייפל... דאַוונען מיט קרישקעס ברויט פאַר פייגל און פאַר פיש אין וואַסער... ער פלעגט דאַוונען מיט אַ האַק, האַקנדיק האָלץ פאַר אָרעמע, קראַנקע אלמנות... דער וואַסערטרעגער פלעגט דאַוונען מיט עמערס וואַסער פאַרן בית־מדרש... און ער, בעריש, וואָס קען טון? — יאָ, ער דאַוונט דאָך אויך! ער דאַוונט מיט אַ מאַשין־געווער אין די הענט...

— אלי, אלי, למה עזבתני?!

***

די חשונדיקע טעג זענען קילע, אָבער טרוקענע און זוניקע, מיטן פרעכטיקסטן אומעט פון פוילישן האַרבסט. נאָר בעריש פאַרשעלט אָט די טעג, וועלכע שיינען צו היטלערס מזל, וועלכע זענען גינסטיק פאַרן דייטשן פאַראַד־מאַרש אין די טיפענישן פון רוסלאַנד.

די אָוונטן זענען געדיכט־טומאַניקע. די נעכט — מיט שאַרפע פרעסטלעך, וואָס באַזילבערן דאָס גראָז, דעם מאָך, די קאָרע פון די ביימער

און די אָנגעפּאַלענע בלעטער. די פרעסטלעך האַלטן ביז די לויטערע, קרישטאָליקע פרימאָרגנס, ווען די לעבלעכע שטראַלן פון דער אויפגיי־ענדיקער, קופּערנער זון, צעשמעלצט זיי אויף פּערלדיקע טוי־טראָפּנס. די וואַלדיקע אַראָמאַטן זענען איצט נאָך שטאַרקער און שאַרפער, ווי דיביימער וואָלטן איצט אַרויסגעהויכט און אַרויסגעדעמפּט פון זיך די לעצ־טע קרעפטן. שיטער זענען די פייגל געוואָרן אין וואַלד און זעלטן און אומעטיק — זייער געזאַנג. דער ווינט קלאָגט נאָר אויף זיין האַרבסטיקער פליים, ווי אַ פּאַסטוך — אויף זיי פייפיאַל.

און בעריש ליגט, ווי אַ בער אין וואַלד. אַ גרויסער וואַך־פּעלץ אויף זיין לייב, און דער קאָפּ — אַ ווילד־באַוואַקסענער. זיין טאַטע האָט אַזאַ לאַנגע באָרד נישט געהאַט, אַ נזיר האָט נישט אַזעלכע האָר־קאָלטנס און די נעגל... טאַקע נעגל פון אַ וואַלד־חיה! יאָ, אַ בער איז ער און אין גריבל, צווישן די קוסטן, איז זיין בערלאָגע. דאָ ליגט ער מיט דער בייזקייט פון אַ בער, ערב זיין ווינטער־שלאָף. אַז־ווי צו דעם, וועלכער וועט דעם בערישן שלאָף זיינעם שטערן!...

אָבער אין אַ זילבערדיק־פרעסטלדיקן באַגינען איז ער געשטערט געוואָרן.

זיינע אָנגעשפּיצטע אויערן האָבן באַנומען אַ שאָרכען פון בלעטער און צווייגלעך. ער האָט אָנגעצילט זיין מאַשין־געווער און אָנגעשפּיזט זיינע בליקן. די בליקן האָבן פאַרצוקעריש געזוכט, ביז זיי האָבן דערטאַפּט אַ פּאָר טונקעלע פלעקן, וואָס האָבן זיך פלינק באַוועגט צווישן די ביימער, אַ פּופּציק מעטער פון אים.

דייטשן? — ניין. צו קליין, צו נידעריק. אפשר חיות? ניין, דאַכט זיך, אַז דאָך מענטשן. קינדער זענען דאָס! קינדער! ווי קומען דאָ קינדער אין וואַלד, אין אַזאַ פראָסטיקן באַגינען? יאָ, קינדער... ווי לאַנג ער האָט שוין קיין קינדער נישט געזען!... און אפשר זענען דאָס אונטערגעשיקטע שגצימלעך, אויסצוגעפינען די שפּורן פון די פּאַרטיזאַנער? — ער מוז זיי פאַרהאַלטן!

— סטאָי! — האָט ער אַ געשריי געטון און זיך אַ לאָז געטון נאָך זיי.

די קינדער האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן, ווי איבערגעשראָקענע העזע־לעך. אין צעטומלונג זענען זיי געלאָפן אין צוויי באַזונדערע ריכטונגען.

— סטאָי! באָ סטשעליאַם! (שטיי, וועל כ׳שיסן!).

די קינדער זענען שטיין געבליבן צוגעפרעסטע צו ביימער, פלאַטערנ־

דיק אימהדיק מיט די גאַנצע לייבער. די אַנגסטיקע אייגעלעך האָבן גע־גלאַנצט מיט גרויל.

— קטאָ ווי יעסטעשטשע?! (ווער זענט איר?).

די שיטערע ציינדלעך האָבן לאַנג געקלונגען און די גאָמבעלעך האָבן געציטערט, ביז זיי האָבן געקענט ווײנענדיק אַרויסשטאַמלען בלויז די צוויי ווערטער:

— ליטאָשטש, פּאַניע! (רחמנות, הער!).

— זליטוי שען פּאַן! (האָב רחמנות, הער!).

און נאָך שטילער — אַ שעפּטשען:

— שמע ישראל!

ווי מיטן שאַרף פון אַ מעסער האָט עס אַ שניט געטון בערישן דאָס האַרץ: יידישע קינדער! ווײ־וויי! דאַרע, באָרוועסע פיסלעך, רויטע און געפרוירענע, ווי ביי קאַטשקעס. באָרוועסע פיסלעך אויף באַפּראָסטיקטן מאָך! אַ יינגל פון אַ יאָר צוועלף און אַ מיידעלע — נאָך יינגער. אָפּגע־ריסן, אָפּגעשליסן. פּאַרמעט־בלייכע פּנימלעך, רויטע, פאַרקאָטערטע נעז־לעך און בלויע, ציטערנדיקע ליפּלעך. שוואַרצע, טרויעריקע, יידישע אייגעלעך, פול מיט אַנגסט און טרערן און שוואַרצע, פייכטע, מיט פראָסט־באַזילבערטע קעפּלעך האָר.

און בערישן האָבן טרערן אַ פלייץ געטון פון די אויגן און זיין קעל האָט זיך צעציטערט:

— יידישע קינדערלעך, נעבעך!... — האָט ער אויף יידיש אַ כליפּע געטון.

— אוי! אַ ייד!... — האָבן זיך ביידע קינדער אַרומגעכאַפּט און פאַרשטאַרט געוואָרן אין דערשטוינטקייט, מיט ברייט־אויפגעריסענע, נישט־גלויבנדיקע אייגעלעך. פון דער פלוצלינגדיקער איבעררראַשונג האָבן זיי זיך אפילו פרייען נישט געקענט. דאָס מיידעלע האָט נאָך אַלץ גע־שטאַמלט אויף פּויליש:

— האָט רחמנות! האָט רחמנות!

בעריש האָט זיי אַרומגעכאַפּט, ווי ער וואָלט דאָ זיין עסטושיען גע־פונען. ער האָט זיי די פייכטע קעפּלעך געקושט און געדריקט צו זיך. די קינדער האָבן זיך ערשט רעכט צעכליפּעט, ווי אין די אָרעמס פון אַ טאַטן און אַרויסגעכליפּעט זייער וואָכן־לאַנגן פּיין.

— קומט אַהער, קינדערלעך, זעצט זיך. — האָט בעריש אַראָפּגע־

וואָרפֿן פֿון זיך זײַן גרויסן פּעלץ, אויסגעשפּרייט אים אויף דער ערד און זיי אַרויפֿגעזעצט.

די קינדער האָבן זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן ווי פֿאַרבלאָנדזשעטע שעפּעלעך. בעריש האָט זיי אַרומגעדעקט מיט די ברייטע פּעלץ־פּאָלעס און לאַנג געהאַלטן זייערע באָרוועסע, געפֿרוירענע פֿיסלעך אין זײַנע דלאָניעס. געהאַלטן ווי שטיקלעך אײַז, צום דערוואַרעמען. די קערפּערלעך האָבן כּסדר געציטערט, די ציינדלעך האָבן געקלונגען און די אייגעלעך האָבן געגלאַנצט איבערראַשטע.

— הונגעריק, קינדערלעך?...

— אוי! יאָ!...

ער האָט געהאַט מיט זיך ברויט און קאָלבאַס, האָט ער זיי עס צע־טיילט און מיט הנאה און האַרצווייטיק זיך צוגעקוקט, ווי אויסגעהונגערט און גיריק זיי שלינגען עס. ווי הונגעריקע וועלפּעלעך. ער האָט אויך בראָנפֿן געהאַט מיט זיך. אָבער ווי גיט מען עס קינדער בראָנפֿן צום טרינקען, אַפֿילו צום דערוואַרעמען זיך? ניין, ער וועט זיי קיין בראָנפֿן נישט געבן. נאָר תּיכּף ווי מאַקסים וועט אים קומען פֿאַרבײַטן, וועט ער זיי אָוועקפֿירן צו וויעראַן. דיאַדיאַ וואַניאַ וועט זיכער דערלויבן, אַז וויעראַ זאָל זיי האַלטן אין שפּיטאָל, ביז זיי וועלן קומען צו זיך. מען וועט זיי אויסבאָדן, לייגן אין בעטלעך. זיי וועלן רוען און זיך דערהאָלן. מען וועט זיי באַשוכן און באַקליידן און זיי וועלן זײַן די קינדער פֿון דעם גאַנצן אָטריאַד!...

— ווי הייסט איר, קינדערלעך?

— איך הייס מעכעלע. און זי הייסט מרים — האָט דאָס ייִנגל, אַ דרייסטערער, געענטפֿערט.

— דײַן שוועסטערל?

— ניין. אַ שכנה.

— פֿון וואַנען?

— פֿון בריסק.

— אַזש פֿון בריסק?! ווי לאַנג שוין פֿון בריסק?

— איך ווייס נישט. נאָר זייער לאַנג!

— און די גאַנצע צייט אין וואַלד?

— יאָ, אין אַ סך וועלדער. אין דערפֿער האָבן מיר מורא. די פּויערים זענען בייזע. זיי רייצן אָן די הינט און שלאָגן אַזוי ווי די דײַטשן.

— המ... אײך האָבן דען די דײטשן אױך געשלאָגן?

— נאָך װי! שטאַרק געשלאָגן! מיך און מײַן שװעסטערל און דעם טאַטן און דער מאַמען. אַלעמען האָבן זײ געשלאָגן, אײדער מען האָט זײ דערשאָסן.

— װאָס, דערשאָסן? װען? װעמען?!

— נו, מײַן טאַטן מיט דער מאַמען, מיט דער שװעסטערל. איר טאַטן מיט דער מאַמען אױך. אַלע ײדן האָט מען דערשאָסן! מיט די קינדערלעך, מיט די ברידערלעך און מיט די שװעסטערלעך.

— װוּ איז דאָס געװען?!

— נו, איך זאָג דאָך אײַך. אין בריסק. אױף אַ גרױסן פּאָדװער (הױף). מען האָט אַלעמען צוזאַמענגעטריבן און געשאָסן. איך בין אַרײַנגעשפּרונגען און זיך באַהאַלטן אין מיסט־קאַסטן. דאָרטן האָב איך געהערט, װי מען שיסט כסדר, װי מען װײנט און מען שרײַט. מײַן שװעסטערל האָט געשריען שטאַרקער פון אַלעמען. שפּעטער איז שטיל געװאָרן. מען האָט אױפגעהערט שיסן און מען האָט אױפגעהערט צו שרײַען. אָבער איך האָב מורא געהאַט אַרױסצוקריכן און בין דאָרטן אָפּגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט. איך בין אַנטשלאָפן געװאָרן. און װען איך האָב זיך אױפגעכאַפּט, איז שױן געװען אײַנדערפרי. עס איז געװען זײער שטיל. האָב איך אַרױסגעקוקט און נישט געזען מער קײן דײַטשן. בין איך אַרױסגעקראָכן פון מיסט־קאַסטן און דערזען אַ גאַנצן פּאָדװער מיט טױטע, פאַרבלוטיקטע ײדן! איך האָב געװאָלט אױסזוכן מײַן טאַטן מיט דער מאַמען מיט מײַן שװעסטערל, נאָר איך האָב מורא געהאַט צו קריכן איבער די טױטע. אַ סך האָבן געהאַלטן אָפן די אױגן און שרעקלעך געקוקט. אַ טױטער קוקט זײער שרעקלעך! בין איך אַנטלאָפן אַ הײם. די טיר איז געשטאַנען אָפן. קײנער איז נישט געװען. בין איך אַרײַן צום שכן. אױך אַזױ. קײנער נישטאָ. איך װיל שױן אַװעקגײן, הער איך אַ געװײן. פון דער שאַפע אַרױס װײנט מען. איך עפן אױף דעם שופלאַד, ערשט דאָס איז זי, מרים... װאָס טוסטו דאָ? — פרעג איך זי. „איך װיל צו דער מאַמען!" זאָגט זי. דערצײל איך איר, אַז איר מאַמע מיטן טאַטן זענען שױן טױט. איך האָב אַלײן געזען, װי מען האָט זײ דערשאָסן. דאָס ברודערל אױך. און איך זאָג איר: קום, לאָמיר אַנטלױפן! װײל מען װעט אונדז אױך אַזױ כאַפּן און דערשיסן. האָט זי געװײנט און נישט געװאָלט גײן. זי האָט נאָר געװאָלט װאַרטן, ביז די מאַמע װעט קומען. װײס איך דאָך,

אַז איר מאַמע וועט שוין נישט קומען, ווייל זי ליגט דאָרטן אויפן פּאָדווער אַ טויטע! האָב איך זי אָנגענומען ביים האַנט, אַרויסגעשלעפּט מיט געוואַלד פון שטוב און אַנטלאָפן הינטערן שטאָט. אויפן וועג האָבן אונדז שגצים באַוואָרפן מיט שטיינער און אָנגערייצט הינט. זיי האָבן אונדז צעביסן ביז בלוט און צעריסן די קליידער און — — —

— געוואַלד! געוואַלד! איך קען נישט מער! איך קען נישט מער! — האָט זיך דער קרעפּטיקער, ברייטפּלייציקער בעריש צעיאָמערט, ווי אַ קליין קינד. — שטעט מיט יידן קוילעט מען אויס! און דאָ פּאַראַזיטעוועט מען אין וואַלד!

ער האָט זיך אַ שטעל אויף געגעבן, זיך צעברילט ווי אַ לייב און גענומען אַרומלויפן צווישן דיביימער, מיטן מאַשין־געווער אין די הענט, ווי צו שיסן אין דער וועלט אַריין, פון שגעונישער פאַרצווייפלונג.

***

אין אָוונט איז מאַקסים געקומען פאַרבייטן בערישן. ער האָט אָנגעקוקט די קינדער אַ שווייגנדיקער, מיט פאַרשטשירעטע ציין. אויסהערנדיק די גרויליקע געשיכטע, זענען אויך אים טרערן אין די אויגן געקומען. אויך ער האָט אַוועקגעגעבן זיין ברויט מיט קאָלבאַס. און ווען די קינדער האָבן גיריק געשלונגען, האָט ער בערישן געעצהט:

— איך זאָג עס דיר, ווי אַן ערלעכער מענטש און איך האָב דערביי נאָר אַ גוטן מיין: אויב די קינדער קענען פּויליש, זאָלן זיי רעדן נאָר פּויליש. און פּוילישע נעמען זאָלן זיי האָבן! אויסער מיר און דיאַדיאַ וואַניאַן, זאָל קיינער נישט וויסן פון וואָס פאַר אַ גאַציע זיי זענען!

בעריש האָט געשוויגן און בריאיקע שטראָמלעך האָבן באַנעצט זיינע באַקן און באָרד. מאַקסים האָט אים פריינטלעך געקלאַפּט אין פּלייצע אַריין:

— איך פאַרשטיי דיך, באַריס... אָבער דו ווילסט דאָך ראַטעווען די קינדער... איז טו אַזוי, ווי איך עצה דיר!

— גוט, מאַקסים. ביסט אַ טייערער מענטש! קומט קינדערלעך.

בעריש איז געגאַנגען פאָראויס און די באָרוועסע קינדער האָבן, איבער די צווייגלעך און שישקעס, געהאָפּסלט נאָך אים. געהאָפּסלט ווי פאַרוווּנדעטע העזעלעך.

— פּויליש רעדן קענט איר, קינדערלעך?

— יאָ.

— מיר זענען געגאַנגען אין אַ „פּאָווּשעכנע“.

— דאָס איז גוט. מיט אַלע מענטשן דאָ זאָלט איר רעדן נאָר פּויליש. אַזוי ווי אַ שגץ מיט אַ שיקסעלע... און דו זאָלסט נישט זאָגן, אַז דו הייסט מעכעלע, נאָר מיכאַלעק... און דו, מרים, דו הייסט מאַריאַ... מען דאַרף אַזוי... עס איז בעסער פאַר אייך... פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען. אוודאי פאַרשטאַנען! — האָט מעכעלע געענטפערט.

— אַז מען וועט אייך פרעגן, פון וואַנען איר קומט, זאָלט איר זאָגן אַז פון אַ דערפל. ווי הייסט דאָרטן אַ דערפל נעבן בריסק?...

— קיטעלנע.

— גוט. איז זענט איר פון קיטעלנע. געדענקט. אייערע עלטערן האָבן די דייטשן אַרעסטירט און איר זענט געבליבן אַליין. גייט איר זוכן קרו־בים אין קאָוועל... דאָס אַלץ, אַז מען וועט אייך פרעגן. אַליין זאָלט איר רעדן וואָס ווינציקער...

— גוט.

— אָבער זיי וועלן אונדז סיי־ווי דערקענען! — האָט מרימל דאָס ערשטע וואָרט גערעדט פאַר דער גאַנצער צייט. און געזאָגט האָט זי עס מיט אַ טאָן פון אַ דערוואַקסענער, וואָס איז שוין מיד פון ראַנגלעניש, רעזיגנירט און גלייכגילטיק צו אַלץ וואָס עס קען געשען.

אַ גרויל איז אַדורך איבער בערישעס לייב. ער האָט גאָרנישט גע־ענטפערט. שטומערהייט געשפּאַנט מיט די קינדער אין מילכיקן נעפּל אַריין.

דינע צווייגעלעך האָבן זיך געבראָכן, געקרעכצט. און בלעטער האָבן געשורשעט אונטער זייערע פיס. און בעריש האָט געטראַכט:

„פון ביימער פאַלן אָפּ די בלעטער, אָבער די שטאַמען בלייבן פעסט. עס וועט ווידער קומען פרילינג פאַרן וואַלד און די ביימער וועלן באַנייען זייערע גרינע קרוינען. אָבער דער יידישער וואַלד ווערט אויסגעהאַקט! מיט די וואָרצלען אויסגעריסן! אויף אַ פּאָדווער אין בריסק ליגן די טאַטעס און מאַמעס, ווי קלעצער צעזעגטע. און זייערע איינציקע צוויי בלעטלעך האָט דער שטורעם אַזש אַהער, אין וואַלד פאַרטריבן! פאַר־שאָלטן זאָל זיין דער פרילינג, וואָס וועט קומען אויף דער ערד, אויב קיין יידישער וואַלד וועט נישט בלייבן! — — —“.

קאַפּיטל 18

# מיכאַלעק און מאַריאַ

עס טרעפט, אַז אויף האַרבסטיקע פעלדער בליט־אויף אַ פאַרשפּע־טיקטע פלאַנץ. זי בליט אייליק און שעמעוודיק. באַקומט קאָלירן און רייפט אונטער דער קילער האַרבסט־זון. אָבער די קאַלטע, נעפּלדיקע נעכט פאַרציען זי מיט זילבער־פרעסטלעך. זי שרומפּט זיך איין און וועלקט־אָפּ אַזוי שנעל, ווי זי האָט אויפגעבליט.

אַזוי איז עס מיט וויערא אַנדרייעוונאַ געשען. בעריש קופּערשמיד איז געווען פאַר איר אָט די האַרבסטיקע זון, במשך די וואָגלענדיקע וואָכן פון ביאַליסטאָק ביז צום פאַרטיזאַנער־אָטריאַד. אונטער זיינע שטראַלן האָט זיך איר יוגנט צעבליט און איר ווייבלעכקייט האָט אַזוי אייליק געריפּט. נאָר דאָ איז איר זון פאַרצויגן געוואָרן מיט כמאַרעס. כמאַרעס פון פאַרביטערונג, אַנטוישונג און צער. מיט זיין קופּערנעם, צעקודלאַטעטן קאָפּ האָר און זשאַווערדיק־רויטער, איבערגעוואַקסענער באָרד, זעט ער אויס, ווי אַן אַלטער באַטראַק. ער גייט אַוועק פאַרטאָג מיט זיין וואַך־פעלץ און מאַשין־ביקס און קומט צוריק אין אָוונט אַ שווייגנדיקער, אַ שווער־מוטיקער. ער שווייגט אַזוי, ווי ער וואָלט זיך אין וואַלד, צווישן די שטומעביימער, אָפּגעוווינט פון רעדן. ווי ער וואָלט ווערטער פון מענטשלעכן לשון פאַרגעסן. זיינע צערטלעכקייטן זענען שוין נישט די... און אויך זיין טעמפּעראַמענט איז שוין נישט דער...

און אויך אין זיך אַליין האָט וויערא אַנדרייעוונאַ אָנגעהויבן צו פילן האַסטיקע און געוואַלטיקע ענדערונגען.

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיטן „טעות". און זי קען זיך עס ביז איצט נישט שענקען: זי, אַ באַוווסטזיניקע פרוי און אַ דאָקטאָר דערצו, זאָל אַזוי אַ טעות האָבן אין די זאַכן!...

דאָס איז געווען אין יענע טעג, ווען עס האָט איר געגנודזשעט און געאיבלט. און עס האָט זיך איר כסדר געוואָלט דאָס האַרץ דערקוויקן מיט עפּעס זויערס... אַ זויער אוגערקעלע, אַ פּאָמידאָר, אַ ביסל איינגעזויערט קרויט... זי האָט נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ קרענק עס נאָיעט אין איר און אָנגעהויבן חושד צו זיין, אַז דאָס איז אַ ראַק... פון די אַלע

עגמת נפשן אירע... אָבער נאָכדעם, האָט זי זיך עפּעס דערמאָנט, גענו־מען ציילן די טעג און איז שטיין געבליבן אַ נאַריש און בלייך־צע־שמייכלטע...

דאָס האָט באַווירקט איר געמיט. דאָס האָט געענדערט איר שטימונג און אויסערלעכן אויסזען. זי איז איבער נאַכט אַן אַנדערע געוואָרן. אַ פאַר־קלערטע און אַ שווייגנדיקע, ווי באַריס. איר געלעכטערל האָט איצט שוין געקלונגען זייער זעלטן און מיט אַ ווייכער מאַטקייט, ווי פון אַ פאַר־טלומעטן קלאַוויר... איר צעפּלאָשעטער קאָפּ ווייצן־האָר איז טונקעלער און גלאַטיקער געוואָרן. די סערע, קעצישע אייגלעך אירע, האָבן כסדר געענדערט זייער אויסדרוק: אָט האָבן זיי געבליקט מיט אומרואיקן סוד. אָט האָט אַ פּלייץ געטון פון זיי אַ זיסע וואַרעמקייט, אַ מוטערלעכע צערטלעכקייט. און אָט האָבן זיי זיך גאָר אָנגעגאָסן מיט שקיעה־שיין. און באַלד — אינגאַנצן פאַרטומאַניעט געוואָרן... און אַז די אייגלעך זענען פאַרטומאַניעט געוואָרן, האָט זיך עס באַלד איבערן גאַנצן געזיכט פאַר־צויגן, אַזוי ווי א דינינקער וואַל... איר שלאַנקייט און מאָגערקייט האָט זיך אָנגעהויבן אויספילן, אויסבעטן און פאַרקיילעכדיקן זיך. איר גאַנג איז געוואָרן ווייך און שווערלעך, ווי פון אַ פויל קעצל. און ווי אַ פויל קעצל האָט איר אָנגעהויבן ציען צום ליגן. זי וואָלט אַזוי גאַנצע טעג אָפּגעלעגן אויפן קילן זון־פלעק, אָן קיינע שום פאַרלאַנגען. נאָר צו ליגן און דרימלען קעצלדיק, מרראַמרראַמרראַם...

און איינמאָל, פאַרטאָג, ווען בעריש איז אויף וואַך אַוועק און זי איז אַליין געבליבן מיט איר סוד, מיט איר אומרו און אומעט, האָט זי פּלוצ־לינג דערפילט, אַז עפּעס האָט אין איר אַ צאַפּל געטון... ווי אַ פישל וואָלט אַ ניורקעווע געטון אין אירע אינגעווייידן...

דאָס איז געקומען אַזוי אומגעריכט און עס איז אַריבער אַזוי שנעל, אַז וויעראַ האָט עס נישט באַוויזן צו קאָנטראָלירן... און דאָך, האָט אַן אָנגענעמע, וואַרעמע כוואַליע זיך צעגאָסן איבער איר לייב...

„ביעאוזשעלי?... (נישט שוין־זשע?...) גאָט מיינער!... וואָס פאַר אַ ווונ־דערבאַר געפיל דאָס איז!... — האָט זי אויפגעצאַפּלט און באַלד זיך צוריקגעלייגט אין דער זעלבער פּאָזע. זיך צוריקגעלייגט און אַלע אברים אירע האָבן פאַרטויזנטפאַכיקט זייער וואַכזאַמקייט און עמפּינדלעכקייט. אַלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געהער... אפשר וועט זיך עס באַלד

ווידער איבערחזרן?... צי איז עס נישט געווען קיין אויסדוכטעניש? — זי מוז עס וויסן גענוי!...

אַ גאַנצן טאָג האָט זי זיך קאָנטראָלירט. זי איז אַרומגעגאַנגען אַ נער־ווערזע, אַן אויפגערייצטע, אַ שלעכט־אויפגעלייגטע צו מענטשן און מיט אַ טיפער, נאָגנדיקער בענקשאַפט אין זיך. דאָס „פישעלע" אָבער, ווי עס וואָלט ערגעץ אַראָפּגעטויכט אין די פאַרבאָרגענע טיפענישן און פאַר־שוווּנדן. ערשט אין אָוונט, און ווידער אומגעריכטערהייט, האָט עס צום צווייטן מאָל אַ צאַפּל געטון אין אירע אינגעווייִדן...

— עך, טי דאָליאַ מאָיאַ, דאָליאַ!... — האָט זי שווערמוטיק אָפּגע־זיפצט און פאַרשטאָכן אירע פאָספאָר־גלאַנציקע בליקן אין דער טונקלקייט פון האַרבסטיקן וואַלד. — זאָל איך עס פאַרטרויען באַריסן?... ווי וועט ער זיך באַציִען?... ניין, ס'איז איצט נישט פאַר זיין געמיט. איך וועל דעם סוד טראָגן אין זיך, ביז... און אפשר איז גלייכער, אַליין אויך וועגן דעם, וואָס ווינציקער צו טראַכטן! זאָל עס גיין, ווי עס גייט און זאָל געשען, וואָס עס איז באַשערט!

פונדעסטוועגן האָט זי זיך איצט כסדר צוגעהערט צום פריידיקן גע־צאַפּל פון דעם „גאָלדענעם פישעלע" אין אירע אינגעווייִדן, וואָס איז איצטער געקומען וואָס אַמאָל אָפטער און עקשנותדיקער.

דער צאַפּל גופא האָט איר געבראַכט הייטערקייט. נאָר בעת די אינ־טערוואַלן פון איין צאַפּל צום אַנדערן איז זי אָנגעפּילט געוואָרן מיט בענקשאַפט. און די בענקשאַפט האָט זיך שפּעטער אין אַ נאָגנדיקן אומעט פאַרוואַנדלט.

לויט איר חשבון דאַרף עס געשען אין אָנהויב פרילינג... אין מאָנאַט מערץ... עך, ווי דערלעבט מען דעם פרילינג!... דערווייל גייט אַ שווע־רער, גרויזאַמער ווינטער אין וואַלד, מיט די שוידערלעכסטע דערוואַר־טונגען! איז וואָס־זשע וועט דאָ מיט איר זיין? און וואָס וועט מיט איר ווערן? אין אַ געפאַר וועט זי דאָך אפילו אַנטלויפן נישט קענען!

זי וואָלט איצט צו אַ ציגיינערין געלאָפן, צו אַ קאָרטן־לייגערין, צו אַ וואָרזאָגערין לויט די קנייטשן פון דער דלאָניע. זי וואָלט אַלץ אַוועקגע־געבן! נאָר איין וואָרט זאָל מען איר זאָגן: צי וועט זי דערלעבן צו דער־פילן די ערשטע מילדע שטראַלן פון דער פרילינגדיקער זון?... יאָ, און נאָך עפּעס... צי וועט באַריס דאַן זיין מיט איר? און ווי וועט ער צו איר זיין?...

אַ צעשווינדלטע קאַרוזעלע פון געדאַנקען — אין קאָפּ. און אַ צע־שווינדלטע קאַרוזעלע פון געפילן — אין איר האַרץ. עס דרייען זיך אין קאַראַהאָד געלעכטער און אומעט, געזאַנג און טרערן... אָט זעט זי זיך אַ טאַנצנדיקע מיט אַ מלאכל אויף די הענט... און אָט גאָר — דער־מאָנט זי זיך, אַן אינטימע נאַכט מיט באָריסן אין וואַלד: זי האָט זיך דאַן פאַרקוקט צום אויסגעשטערנטן הימל און אויסגעקליבן איר ליכטיקן, איר מזלדיקן שטערן... ווי העל ער האָט געלויכטן!... ווי ליבלעך ער האָט געווונקען צו איר!... אָבער פּלוצלינג האָט דער שטערן אַ צאַפּל געטון, איז אַ רגע גרעסער און ליכטיקער געוואָרן און באַלד זיך צעבליצט און זיך אַ גאָלדיק־צעשמאָלצענער אַראָפּגעשאָטן אין אָפּגרונט אַריין.

זי געדענקט, ווי זי האָט דאַן אָפּגעשליוכצט:

— ווער ווייסט, וועמענס שטערן עס איז אַראָפּגעפאַלן?!



די קינדער, מיכאַלעק און מאַריאַ, האָבן אַריינגעבראַכט לעבן, הייטער־קייט און זוניקייט אין גאַנצן אָטריאַד.

אָבער קודם־כל האָבן זיי אַריינגעבראַכט אַ זין און אַ הייטערקייט אין לעבן פון וויערא אַנדרייעווגאַ.

אָ, ווי אומרואיק און צעטראָגן זי איז שוין לעצטנס געווען! די קינ־דער האָבן איר די רו און גלייכגעוויכט צוריקגעבראַכט. זיי האָבן פאַריאָגט פון אירע אַלע מרה־שחורהס און אָפּטמאָל געמאַכט פאַרגעסן אָן איר צו־שטאַנד.

וויערא אַנדרייעוונאַ האָט זיי אָפּגעגעבן די גאַנצע וואַרעמקייט און צערטלעכקייט פון איר ערב־מוטערשאַפט. ניין, נישט פון ערב — די צערטלעכקייט פון אַ מאַמען, מיט מאַמעשער זאָרג און געטריישאַפט! זי האָט זיי ליב געקראָגן. ליב, ווי אייגענע קינדער פון איר טראַכט. ווי אַ מאַמע — געטיילט מיט זיי אַלע עגמת־נפשן און מיטגעשווידערט מיט זייער אַנגסט... און באַזונדערס: אַז באָריס איז זיך אַזוי מוסר־נפש פאַר זיי, איז ווי־זשע קען זי דען אַנדערש פילן?!...

באָריס האָט איר דעם גאַנצן סוד אַנטפּלעקט. און וויערא האָט זיך באַמיט נאָך מער דעם סוד צו פאַרהוילן.

באַלד דעם ערשטן אָוונט, ווען באָריס האָט זיי אַריינגעבראַכט צו איר,

אין דער שפּיטאָל־זיעמליאַנקע, און זיי זענען נאָך פון קיינעמס אויג נישט באַמערקט געוואָרן, איז דער ערשטער געדאַנק אירער געווען:

— מען מוז בלאָנד מאַכן זייערע שוואַרצע קעפּלעך!... אַרויסציען פון די הערלעך זייערע די טרויעריקע יידישע שוואַרצקייט און די סכנה!...

— ווי וועסטו דאָס מאַכן, וויערעטשקאַ?...

— איך וועל דאָס שוין מאַכן, באַריס!...

זי האָט זיי געבאָדן און געצוואָגן. לאַנג געצוואָגן אין וואַרעם וואַסער מיט זייף, און שפּעטער — אין אַ באַזונדער וואַסער מיט פּראָשקעס פאַרמישט... נאָכדעם — איבערגעשווענקט מיט קאַלטן וואַסער. דאַן האָט זי זיי אָנגעטון פרישע וועש: לאַנגע העמדער, מיט לאַנגע אַרבל... העמדער פון לאַנגע, גרויסע דיאַדיעס... און זי האָט זיי געלייגט אין בעטן אַריין.

און אין די בעטן זענען שוין טאַקע נישט געלעגן מער קיין שוואַרצ־חנעוודיקע, יידישע קינדער, קיין מעכעלע און קיין מרימל... עס זענען דאָרט איצט געלעגן אַ פלאַקסן־העל שגצל מיכאַלעק און אַ פלאַקסן שיקסעלע מאַריאַ...

אַ שאָד נאָר, וואָס די שוואַרצע, אומעטיקע אייגעלעך זייערע, קען זי נישט טלענירן!... עס ליגן צוויי זוניקע, ליכטיקע קעפּעלעך, מיט שוואַרצע, אומעטיקע אייגלעך...

דערפאַר אָבער אַ פּויליש רעדן זיי, ווי עכטע פּוילישע קינדער! און דאָס איז גוט... זייער גוט!... — פרייט זיך וויעראַ אַנדרייעוונאַ.

זי האָט זיי געגעבן עסן אין בעט אַריין: ווייס ברויט, מילך, קעז און אייער... די קינדער האָבן גיריק געשלונגען און דערביי נאָך אַלץ געקוקט מיט פאַרווונדערט־איבערראַשטע אייגלעך, נישט־פאַרשטייענדיקע און זיך נישט־גלויבנדיקע... מיט טיפער דאַנקבאַרקייט און מיט נאָך טיפערן אומצוטרוי... ביז די דערשעפּטקייט האָט די אייגעלעך פאַרמאַכט און דער שלאָף האָט זיי פאַרוויגט אין זיין טונקעלן שויס.

און יענער נאַכט האָט אויך וויעראַ באַריסן צוריקגעוווּנען... ער איז געוואָרן צו איר דער זעלבער, וואָס פריער, אין די וואָגלעניש. נאָך פיל צערטלעכער און געטרייער. אפילו אויפגעמונטערטער איז ער געוואָרן.

— טייערע נשמהלע מיינע! — האָט ער צו איר געמורמלט — איך האָב דיך ליב מיט אַלע פיבערן פון מיין נשמה! ביסט אַ זעלטענע, טייערע פרוי!... דו האָסט זיך היינט באַוויזן צו מיר אין דיין גאַנצער דערהויבע־

נער, נשמהדיקער פראַכט! איך האָב דיך גאָרנישט דערשאַצט, וויערעטש־קאַ!... איך האָב דיך ליב!...

און וויעראַ איז אַזוי דערמוטיקט געוואָרן, אַז זי האָט באַשלאָסן צו אַנטפּלעקן אים איר סוד...

— באַריס... דו ווייסט... איך ווער בקרוב אַ מאַמע... — האָט זי שטיל געזאָגט.

— וואָס?!

— מיר וועלן האָבן אַ קינד... — האָט זי נאָך שטילער אַ פליסטער געטון און געבליבן וואַרטן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און קלאַפּנדיק האַרץ.

— וויערעטשקאַ?! — זענען זיינע אויגן פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן.

זי האָט שוין חרטה געהאַט און אַ פאַרשולדיקטע געניורעט איר קעפּל צו זיין ברוסט.

בעריש האָט זי אָבער האַסטיק אַרומגעכאַפּט, קרעפטיק אומאָרעמט און געדריקט צו זיך. ער האָט זי געקושט. הייס געקושט. נאָר נאָך ברי־איקער זענען זיינע טרערן געפאַלן אויף איר אַנטבלויזט לייב.

— ביסט מיר ליב, וויערעטשקאַ! ביסט מיר טייער, מאַמעלע! נשמה־לע מיינע! אין אַלע געפאַרן בין איך גרייט צו לייגן מיין קאָפּ פאַר דיר! פאַר אייך...

זי האָט זיך נענטער געטוליעט צו אים. דרייסטער געוואָרן, אָנגע־נומען זיין רעכטע האַנט און געפירט זי איבער איר בויך, אויף יענעם אָרט, ווו דאָס „פישעלע" צאַפּלט זיך... ער זאָל עס דערפילן...

און בעריש האָט צערטלעך און איבערגעטריבן־פאָרזיכטיק געפירט זיין האַנט איבער איר גלאַטיק־אָנגעצויגענער הויט. ער האָט אָנגעטאַפּט און דערפילט דאָס אינערלעכע שטויסן, ווי אַ בריקען פון אַ פיסל, אָדער אַ שטאָרכען מיט אַן עלנבויגנדל... און בעריש האָט דערפילט זיין קינד, וואָס קומט־אויף צום לעבן אונטער וויעראַס האַרץ...

— עס וואַקסט אַ פאַרטיזאַן, וויערעטשקאַ... אַ נקמה־נעמער!...

— און אפשר שוין — אַ פרייער בירגער פון אַ פרייער וועלט?...

— אפשר... — האָט ער איר צוליב געטון, אָבער אינזיך האָט ער געטראַכט: ווער וועט עס די וועלט אויסלייזן? ווער וועט עס דעם מענטשן פריי מאַכן? אויף וועמען איז דען דאָ צו האָפן? אפשר אויף אָט די פאַר־

טיזאַנער, פאַר וועלכע ער באַהאַלט אויס, מיט מסירת־נפש, צוויי יידישע קינדערלעך און מען מוז זייערע קעפלעך בלאָנד מאַכן, כדי זיי זאָלן נישט צעשמעטערט ווערן?!

***

מיכאַלעק און מאַריאַ זענען געוואָרן די קינדער פון אָטריאַד!...

ווי זילבער־גלעקעלעך קלינגען זייערע יונגע שטימעלעך אין הייזע־ריק, פויערישן כאָר:

וואַך־אויף, וואַך־אויף מיין אוקראַי־אי־אינע,
וויש־אַראָפ דיי־יינע טומאַ־אַנען! — — —

דיאַדיאַ מישאַ, מיט דער בעלמע, כאַפּט דערפאַר מיכאַלעקן אויף זיין שויס און דיאַדיאַ גרישאַ, מיט דער בלויער, אומנאַטירלעך־אויפגע־שוואָלענער ליפּ, כאַפּט מאַריאַן. אַלע קושן זיי מיט שאָרסטקע בערד און וואָנצעס, מיט גערוכן פון אלקאָהאָל און ניקאָטין. מען פּעטשלט זיי, מען קנייפּט זיי ליבלעך און מען שטאָפּט זיי זיסע נאַשוואַרגן אין די מיילער אַריין.

— אָט־אַזוי דאַרף מען זינגען וועגן אוקראַאינאַ!...

— דו פּילסט טאַקע, ווי די טומאַנען פאַרשווינדן און עס שיינט־אויף די זון!...

— עך, אומעטיק, גאָט, איז אויף דיין וועלט! אַז דיינע קינדער דאַרפן זיך אַזוי אַרומוואַלגערן און סטראַדאַיען!

מיכאַלעק און מאַריאַ זענען די בראָנפן־דערלאַנגער, די פאַרבינדלער צווישן די וואַך־פּאָסטנס, ווען זיי ברענגען זיי אויך עסן. ווי וועווערקעס פלאַטערן זיי אַרום צווישן די ביימער. אָן אויסגעטראָטענע וועגן און שטעגן, זענען זיי שוין אין די וועלדער געניט!... זיי געדענקען אַלע אָנגעזאָגטע סמנים און בלאָנדזשען נישט. באַזונדערס זענען זיי כסדר אונטער די זאָרגעוודיקע און וואַכזאַמע בליקן פון בערישן און וויעראַן, פון מאַקסימען און דעם דיאַדיאַ וואַניאַ אַליין...

זיי קענען שוין אַלע דערפער אַרום און אַלע פויערים קענען זיי. נישט איינמאָל מיטגעגאַנגען אויף אַן „אַקציע”, געהאָלפן טראָגן ברויט און גריב־וואַרג, מילכיקס און עופות.

זיי ווערן אויך אָפּט געשיקט אַליין אין אַ דאָרף. מיט אַ צעטעלע פון דיאַדיאַ וואַניאַ באַקומען זיי און ברענגען אַלץ, וואָס מען דאַרף. וועלכער פּויער וועט דאָס וואַגן זיי אָפּצוזאָגן? — אַלע ווייסן זיי דאָך, אַז דאָס שיק־סעלע מאַריאַ און דאָס שגצל מיכאַלעק זענען דעם דיאַדיאַ וואַניאַס אַדיו־טאַנטן!...

און די פּאַרטיזאַנער זענען רואיק, מיטן פולסטן צוטרוי. זיי ווייסן, אַז די קינדער וועלן זיך גיכער לאָזן די הויט פון זיך אַראָפּשינדן, איידער אָנווייזן אויף די שפּורן פון זייער אָטריאַד!...

און דאָסמאָל זענען עס טאַקע מיכאַלעק און מאַריאַ געווען די, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דעם אַרומגערינגלטן דאָרף און געקומען אָנזאָגן די שרעקלעכע בשורה:

— דיאַדיאַ מאַקסים איז אַריינגעפאַלן אין דייטשע הענט!

— זיי האָבן דאָס דאָרף אַרומגערינגלט און אים געכומען געפאַנגען!

— דיאַדיאַ באריס קעמפט דאָרט איינער אַליין קעגן אַ דרייסיק מאַן!

— דיאַדיאַ באריס וויל באַפרייען דעם דיאַדיאַ מאַקסים!

— ער האָט אונדז געשיקט צו אייך!

— שנעלער, מען וועט זיי אומברענגען!

פון דער פּלוצלינגדיקער ידיעה זענען אַלע עלעקטריזירט געוואָרן. יעדערער האָט זיך אַזוי פאַרלוירן, אַז ער האָט אַזש פאַרגעסן, ווו ער האָט זיין געווער... פונדעסטוועגן, ווו די קווערטלעך בראָגפּן שטייען, האָבן זיי אפילו איצטער, אין דעם געפערלעכן מאָמענט, גוט געדענקט... זיי האָבן זיך פאַרענטפערט פאַר דיאַדיאַ וואַניאַ, אַז דאָס איז פון נערוון... פון פאַר־דרוס, האָט עס זיי אַזאַ דורשט אָנגענומען, אַז זיי האָבן געמוזט אַ טרונק טון. געמוזט!...

דיאַדיאַ וואַניאַ, דער איינציקער, האָט נישט פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט און קאַלטבלוטיקייט.

— עך, קאָזאַקי!... — האָט ער אפילו אַ שפּאַס געטון פון זיי — דער־הערט וועגן עטלעכע דייטשן און שוין האָט איר אָנגעמאַכט פולע הויזן!...

און צו די קינדער האָט ער זיך געווענדט:

— דרייסיק מאַן אינגאַנצן, זאָגט איר?

— יאָ, ביז אַ דרייסיק.

— זענט איר זיכער אין דער צאָל?

— מער ווי דרייסיק, זענען זיכער נישטאָ! אפשר נאָך ווייניקער.

— ווי האָט איר געזען?

— זיי זענען געקומען מיט דריי מאָטאָציקלען און צוויי קליינע אויטאָס.

— און דעם דיאַדיאַ מאַקסים האָבן זיי שטאַרק צעשלאָגן!

— ער ליגט דאָרט אַ געבונדענער און אַ צעבלוטיקטער!

— און דיאַדיאַ באַריס קעמפּט מיט זיי איינער אַליין!

— זיי וועלן אים, גאָט באַהיט!... — האָבן די קינדער אַנגסטיק געשריען.

דיאַדיאַ וואַניאַ האָט צעטיילט דעם אָטריאַד אויף דריי גרופּן. באַוואָפנט מיט ביקסן און האַנט־גראַנאַטן, האָבן זיי זיך, לויט זיין פּלאַן, געלאָזן אין דריי ריכטונגען, כדי אַרומצורינגלען דאָס דאָרף פון אַלע זייטן. די ערשטע גרופּע וועט אָנגרייפן און ציען אויף זיך די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון די דייטשן. ווען די דייטשן וועלן זייער גאַנצע קראַפט אָנווענדן קעגן אָט דער ערשטער גרופּע, דאַן דאַרפן די איבעריקע צוויי גרופּן אומגעריכט אָנפאַלן אין שונאס רוקן און באַשיטן אים מיט קוילן און האַנט־גראַנאַטן.

דער אָטריאַד האָט זיך איילִיק באַוועגט צווישן די ביימער־געדיכטעניש, לויט די דריי באַשטימטע ריכטונגען. אויף אַ היפּשן שטח פּאָראויס האָבן מונטער געהאָפּסלט דאָס „שגצל" מיטן „שיקסעלע"... אָבער קיינער האָט עס נישט באַמערקט און קיינער האָט גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם, אַז אויך זיי האָבן פאַרשטעקט ביי זיך צו פּאָר האַנט־גראַנאַטן... אויך איצט, באָענט שוין פון דאָרף, האָט יעדערער געהאַט שוין מיט זיך צו טון. קיינער האָט עס נישט באַמערקט און קיינער האָט זיך נישט אַ פרעג געטון: ווו זענען עס מיכאַלעק און מאַריאַ פּלוצלינג פאַרשוווּנדן געוואָרן?...

דיאַדיאַ וואַניאַ מיט זיין גרופּע איז אָנגעקומען פון דער זייט דאָרף, ווו בעריס מאַשין־געווער האָט „גערעדט ווערטער"!... בעריש אַליין איז ערגעץ געלעגן אַ פאַרבאַריקאַדירטער אין אַ סטאָדאָלע און פון דאָרטן, אַרויסגעשאָסן. און טאַקע אַרום אָט דער סטאָדאָלע האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע פייער פון דייטשישן געווער. אַ געדיכטער האָגל־זיפּ פון קוילן איז דאָס געווען!

צוויי דייטשן האָבן אַ שליידער געטון אַהין גראַנאַטן. איין גראַנאַט איז געפאַלן זייער נאָענט, אין אַ בלאָטיקער קאַלוזשע און האָט אפילו נישט אויפגעריסן. דער צווייטער האָט יאָ אויפגעריסן, אָבער גענוג ווייט פון

דער סטאָדאָלע. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך צוגעהערט: זיין מאַשין־געווער איז אַנטשוויגן געוואָרן!

— זיי האָבן אים אַוועקגעלייגט!

אָבער אין אַ סעקונדע אַרום האָט זיך ווידער בערישעס אויטאָמאַטל פריילעך צעפּלאַפּלט...

— ער לעבט!...

— מאָלאָדיעץ!...

— ער איז זיי וואַזשנע מכבד!...

די גאַנצע אָפּטיילונג האָט זיך צעשפּרייט אין טיפן ראָוו, אונטערן בערגל, וואָס פאַרן דרענגער־צוים.

דיאַדיאַ וואַניאַ האָט באַפוילן:

— פייער!

די דייטשן האָבן זיך באַהאַלטן הינטער כאַטעס, אָפּגעווענדט דאָס פייער פון בערישעס סטאָדאָלע און געווענדט צו דיאַדיאַ וואַניאַס גרופּע.

— היט די קעפּ, חברה! — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ געשריען — זיי זענען טאַקע ווייניק, די הינט, אָבער גוט געווער האָבן זיי! זאָלן זיי שיסן... זיי וועלן זיך באַלד אויסשיסן...

די דייטשן זענען אַריבערגעלאָפן פון כאַטע צו כאַטע און קענטיק געזוכט באַקוועמערע פּאָזיציעס. אויפן וועג האָבן זיי איבערגעלאָזן אייניקע פאַרוווּנדעטע. אפילו נישט מיטגעשלעפּט מיט זיך.

— פּחדנים! חזירים! — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ געלאַכט מיט ביטול.

די דייטשן האָבן זיך פאַרפעסטיקט ערגעץ אין אַ באַהעלטעניש און פון דאָרטן געעפנט אַ פילפאַך־פאַרשטאַרקטערן פייער אויף דיאַדיאַ וואַניאַס גרופּע. פונדעסטוועגן האָט נאָך דיאַדיאַ וואַניאַ באַוויזן צו באַמערקן, ווי באריס איז אַרויסגעלאָפן פון דער סטאָדאָלע מיטן מאַשין־געווער אין די הענט און זיך אַ לאָז געטון נענטער צו די דייטשן. עס האָט אַ פלאַקער געטון פאַר זיינע אויגן באריסעס אַ רויטער, צעפליקטער אַרבל.

— חברה, ער איז דאָך פאַרוווּנדעט!

— דאָס גאַנצע העמד איז פאַרבלוטיקט!

— ווו לויפט ער אַזוי?

— ער איז פון זינען אַראָפּ!

— דאָס איז אַ העלד! אַ מוטיקער און אַן אומדערשראָקענער!

— א מוסטער צו נעמען!

בעריש האָט זיך פאַרשטעקט הינטער אַ צווייטער כאַטע, זייער נאָענט צו די דייטשן. און באַלד האָט זיך פון דאָרטן צעזונגען זיין פוליעמיאָט!... בעריש האָט עס געוואָלט אָפּשלאָגן מאַקסימען, ווען די דייטשן האָבן מיטגעשלעפּט מיט זיך.

אין דעם מאָמענט האָבן זיך פון פאַרשידענע זייטן צעהילכט אויפרייסן פון גראַנאַטן. זיילן פייער, רויך און שטויב האָבן זיך אַ הויב געטון. אין איניקע פונקטן האָבן זיך כאַטעס צעפלאַקערט. און עס האָט אויסגעזען, ווי נישט קיין פאַרטיזאַנער־אָטריאַד מיט אַ דרייסיק דייטשן קעמפן דאָ, נאָר צוויי מעכטיקע אַרמייען האָבן פאַרפירט אַ פאַרביטערטע שלאַכט איבער אַ וויכטיק־סטראַטעגישן און שטאַרק־באַפעסטיקטן פונקט.

די דייטשן האָבן זיך פאַרלוירן. אָנגעהויבן צו שיסן גלאַט אין דער וועלט אַריין. שפּעטער זענען זיי שטיל געוואָרן, ווי דיאַדיא וואַניאַ האָט עס פאָראויסגעזאָגט, אַז זיי וועלן זיך „אויסשיסן"... זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צוריקצוציען אין אומאָרדענונג. געלאָפן צעטומלטע פון בנין צו בנין. אין מיטן גאַס האָבן זיך שוין געוואַלגערט אַ צענדליק הרוגים און פאַרוואונדעטע.

— פאָראויס! — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ באַפוילן.

דער קלעם פון אַלע דריי זייטן איז געוואָרן ענגער און פעסטער. דאָס ביקסן־פייער און גראַנאַטן־האָגל — געדיכטער, מעכטיקער. און מער דייטשן זענען שוין געלעגן ווי אַרומגעלאָפן...

די לעצטע זעקס דייטשן האָבן זיך געדעקט מיטן פאַרוואונדעטן, געבונדענעם מאַקסים און זיך הינטערווײלעכטס צוריקגעצויגן אין דער ריכטונג צו די אויטאָס און מאָטאָציקלען.

— נישט שיסן! — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ באַפוילן — מיר וועלן נאָך מאַקסימען טרעפן!

— בעסטיעס! שיצן זיך מיט אַ פאַרוואונדעטן!

— מיט אַ געבונדענעם!

— פּחדנישע ביטראַקעס!

— אין זייער זונהשער מאַמען אַריין! — האָבן די פאַרטיזאַנער געקריצט מיט די ציין און געברומט פון ווייטיקדיקן פאַרדרוס.

— מען מוז אים דאָך אָבער אָפּשלאָגן! זיי וועלן אים צונעמען!

— דעם וועג פאַרצאָמען! זיי וועלן אַנטלויפן!

זיי זענען נישט אַנטלאָפן...

ווען די דייטשן זענען שוין געווען אַרום אַ צען־צוועלף מעטער פון זייערע אויטאָס, ווהין זיי האָבן זיך דערנענטערט מיט די רוקנס, אָפּטרעטנ־דיק הינטערווייַלעכטס, אונטער דעם געבונדענעם מאַקסים, — האָבן אומ־דערוואַרט אַרויסגעטויכט פון די אויטאָס אַרויס, די צוויי העל־בלאָנדע קעפּלעך פון מיכאַלעקן און מאַריאַן!...

— הורראַ!!! — האָבן זיך זייערע שטימעלעך צעקלונגען. ביידנס הענט־לעך האָבן זיך אַ פאַרמעסט געטון און אַ שליידער געטון צוויי גראַנאַטן.

דער שליידער איז געווען אַ טרעפלעכער. פיר דייטשן זענען ליגן גע־בליבן און צוויי האָבן דאָס געווער געוואָרפן און אויפגעהויבן די הענט!...

מאַקסים איז שטיין געבליבן אַ פאַרבליפטער.

— דיעטי דאָראָגיע!... דיעטי זאָלאָטיע!... — האָט ער געשטאַמלט — איר האָט דאָך מיך געראַטעוועט...

מיכאַלעק און מאַריאַ זענען געווען די ערשטע אַרום מאַקסימען, אים אָפּצובינדן די שטריק און צו באַנדאַזשירן די ווונדן.

אויך בעריש איז באַלד אויסגעוואַקסן, ווי פון אונטער דער ערד. אָבער העלפן האָט ער שוין נישט געקענט. ער איז אַליין געווען שווער־פאַר־וווּנדעט און אויסגעווייקט אין בלוט. דערצו, דערזעענדיק די קינדער און מאַקסימען לעבעדיקע און גאַנצע, האָבן אים, זעט אויס, די נערוון נאָכגעלאָזן און ער האָט זיך אַ מאַכטלאָזער אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד. מען האָט אים געמוזט מינטערן, געבן אַ שאַרפן טרונק און באַנדאַזשירן אויך זיינע וווּנדן.

דערפאַר אָבער האָט זיך דער אָטריאַד אומגעקערט צו זיין באַזע נישט צו־פוס און נישט מיט ליידיקן... — מיט צוויי אויטאָס איז מען געפאָרן און מיט דריי מאָטאָציקלען!...

און אין די אויטאָס זענען טראָפּעען געלעגן: ביקסן, רעוואָלווערן, קוילן, דייטשע מונדירן און נייאינקע שטיוול!... און פאַראייַנוועגס האָט מען שוין אויך מיטגענומען פון דאָרף אַ גרויסן, פעטן, אויסגעפּאַשעטן חזיר!...

דאָס איז געווען דער ערשטער אָפענער קאַמף און דער ערשטע נצחון פון דעם אָטריאַד, וואָס האָט אַלעמען אָנגעפילט מיט מוט און הייטערקייט, מיט גלויבן און פייערלעכקייט.

— עך, ווען מען דאָס היינט אַ הוליע טון!...

— אַ טרונק טון און אַ זינג טון...

— לכבוד אונדזער ערשטן נצחון!...

קאַפּיטל 19

# צווישן וועלף

יענע נאַכט האָט אַ שאַרפער פראָסט אַ סמאַליע־געטון דעם וואַלד. דיביימער האָבן זיך אַזש צעקרעכצט מיט געפּלאַצטער קאָרע. און פאַרטאָג, ווען דער פראָסט האָט געפּלאַצט, האָט געגומען שיטן אַ טרוקענער, בלוי־לעך־ווייסער שניי.

עס איז געווען, ווי נישט דער קאַלענדאַר וואָלט זיך אויסגעקעמפּט זיינע רעכט, אַז עס זאָלן נישט פאַרשעמט ווערן זיינע דאַטן, ווי געזעצן פון דער נאַטור. אַז מען זאָל קיין קאַטאָוועס נישט טרייבן מיט זיין ניי־יאָר. און אַז דער האַרבסט זאָל ענדלעך אויפהערן מיט זיינע פוילע שטיק און צו־לאָזן פראָסט און שניי, ווי דער דרך־העולם איז פון קדמונים־אָן... — ניין. דאָס האָט דער הימל געטון, כדי צו פאַרדעקן די שפּורן פון די פּאַרטיזאַ־נער!... אַזוי אַלנפאַלס האָבן זיך עס די פּאַרטיזאַנער אַליין אויסגעטייטשט...

אין משך פון טאָג האָט זיך דער שניי אָנגעלייגט געדיכט און הויך, ווי ער וואָלט נישט אין איין טאָג, נאָר אין וואָכן גאַנצע אָנגעפאַלן.

אפילו די קראָען, די איינציקע שוואַרצע פלעקן איבער דער בלענדיק־ווייסער אומענדלעכקייט, האָבן איצט אַרומגעפלאַטערט ווי דערשראָקענע און טרעוואָגעדיק זיך איבערגערופן מיט אַן אומהיימלעך־הייזעריקן:

— קררראַאַאַ־קררראַאַאַ־קררררראַאַאַאַ!

דעם טאָג איז קיינער נישט אַרויס פון די זיעמליאַנקעס, אויסער די קאַראַאולן (וואַך־מענטשן), וועלכע זענען זיך געגאַנגען פאַרבייטן אויף די וואַך־פּאָסטנס.

די וואַך־פּאָזיציעס זענען צעוואָרפן אין פאַרשידענע פונקטן פון וויטן וואַלד־ראַנד. די נאַכט־וועכטער, פאַרשטאַרטע פון קעלט, האָבן, אין זייערע נאַרעס, אויסגעטרונקען דעם לעצטן טראָפּן, זיך צו דערוואַרעמען די גלי־דער. איצט האָבן זיי געשלעפט די שווערע פיס, ווי געפרוירענע קלעצער, אין די זיעמליאַנקעס אַריין. די טאָג־וועכטער האָבן פאַרנומען זייערע נאַרעס, מיט אומרואיקע הערצער, וואָס האָבן זיך אין באַראָמעטערס פאַרוואַנדלט. באַראָמעטערס וואָס ווייזן אויף שטורעם. אין דער ביזן ביין־מאַרך־דורכנע־מענדיקער קעלט האָבן זיי דערפילט, אַז עס קומען הייסע שעהען...

אין דער אַלגעמיינער זיעמליאַנקע איז אָנגעגאַנגען אַ פּיבערהאַפטע צוגרייטונג. לויטן באַפעל פון דיאַדיאַ וואַניאַ, האָט יעדערער איצט אַדורכגעקוקט, געררייניקט און צוגעגרייט זיין געווער.

דיאַדיאַ וואַניאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז די דייטשן וועלן דעם נעכטיקן „ספּעקטאַקל" זיכער נישט פאַרשווייגן. זיי וועלן געבן אַן ענטפער. און דעם ענטפער דאַרף מען זיין גרייט אויפצונעמען. דעריבער טאַקע האָט ער איצט געהאַלטן דעם גאַנצן אָטריאַד אין טרעוואָגע־צושטאַנד. בראָנפן האָט ער געגעבן בלויז אַזוי פיל, אַז קיינער זאָל נישט קענען איבערכאַפּן די מאָס... דעם גאַנצן אַרסענאַל האָט ער צוגעגרייט פאַר אַן עווענטועלער שלאַכט, און דעם גאַנצן אינווענטאַר פון אָטריאַד — פאַר אַן עווענטועלער עוואַקואַציע...

— אַז עס וועט קיין ברירה נישט זיין, וועט מען מוזן אָפּטרעטן!...

— אין זייער נישט קיין באַקוועמער צייט, דיאַדיאַ וואַניאַ... ס'איז ווינטער!

— אַ שאָד, אַזעלכע טייערע זיעמליאַנקעס!...

— איצט איז נאָר אַ שאָד איין זאַך: די קעפּ! זיעמליאַנקעס קען מען זיך בויען פרישע! — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ טרוקן אָפּגעהאַקט דעם שמועס.

ער איז גערעכט געווען:

אַרום מיטאָג־צייט האָבן זיך דריי אויסשפּיר־אַעראָפּלאַנען צעגרעגערט איבערן וואַלד. זיי זענען געפלויגן אַזוי נידעריק, אַז עס האָט זיך אַזש געדאַכט: אָט־אָט, און זיי וועלן זיך אָן די ביימער־שפּיצן פאַרטשעפּען!... לאַנג, לאַנג האָבן זיי אַזוי אַרומגעקרייזט איבערן גאַנצן וואַלדיקן שטח. שפּעטער זענען זיי אָפּגעפלויגן און אין אַ צייט אַרום ווידער געקומען, וועלנדיק עפּעס כאַפּן אומגעריכטערהייט... אַזוי ביזן שפּעטן אָוונט.

אויף די וועגן און שאָסייען אַרום וואַלד, איבערהויפּט אין דער געגנט פון יענעם דאָרף, ווו די נעכטיקע „אַקציע" איז פאָרגעקומען, האָבן זיך געטראָגן הין־און־צוריק, מיט אַ נערוועזן גערויש, צענדליקער אויטאָס און מאָטאָציקלען. עס האָט זיך געהערט אַ ווייטע שיסעריי און אַ בילן פון צערייצטע הינט.

פון די וואַך־פּאָסטנס האָט מען צוויסנגעטון, אַז די דייטשן רינגלען אַרום דעם גאַנצן וואַלד מיט אַ געדיכטן קאָרדאָן. זיי זענען באַוואָפנט און באַהעלמט ווי צו אַ ביטערער שלאַכט.

בעריש און מאַקסים זענען נאָך אַלץ געלעגן אין דער שפּיטאָל־זיעמ־

ליאַנקע. וויעראַ איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיי. מאַקסים איז צעשלאָגן פון שטעקנס, פון באַטשוועקעוועטע שטיוול און פאַרוווּנדעטע פון עטלעכע מעסער־שניטן. די ווונדן — נישט קיין טיפע און נישט קיין געפערלעכע. שמערצן אָבער האָט ער און פילט זיך שלעכט.

פון בערישעס לינקן אָרעם האָט וויעראַ אַנדרייעווונאַ אַרויסגענומען דריי שפּליטערס פון אַ האַנט־גראַנאַט און אויך אַרויסגעקאָלופּעט אַ ביקסן־קויל פון ווייכן פלייש אין זיין רעכטן פוס. ער האָט אויך אַ סך בלוט פאַרלוירן און די שמערצן זענען גרויס. אָבער ער האַלט זיך פיל בעסער, ווי מאַקסים. ער וויל אַפילו אין בעט נישט איינליגן.

— עס איז צו־ערנסט! — טענהט ער — מען טאָר נישט אונטערשאַצן די לאַגע! מען מוז זיך גרייטן צו אַ שלאַכט!

און ער וואָלט זיך טאַקע אַרויסגעריסן פון וויעראַס רשות אויך, טראָץ איר בעטן, פאָדערן, באַפעלן און ווייבערישע טרערן... ווען נישט מיכאַלעק און מאַריאַ... זיי האָבן זיך אָנגעטשעפּעט אָן אים פון ביידע זייטן, קושן אים, וויינען און בעטן זיך, ער זאָל ליגן, ער זאָל אינערגעץ נישט גיין:

— דיאַדיאַ באַריס! — האָט זיך מאַריאַ געבעטן מיט טרערן־פולע אייגלעך, וואָס האָבן אים דערמאָנט אָן זיין עסטושיען... — טיאָטיאַ וויעראַ זאָגט דאָך, אַז פאַר דיר איז איצט געפערלעך אַרויסצוגיין פון בעט! איך וויל נישט, דו זאָלסט זיין געפערלעך! פאָלג דער טיאָטיאַ וויעראַ....

און מיכאַלעק האָט געשטיקט די טרערן, ווי אַ גרויסער:

— פאַר אונדז טו עס, דיאַדיאַ באַריס... טאָמער, גאָט באַהיט, געשעט דיר עפּעס, דאַן בלייבן מיר צום צווייטן מאָל יתומים! איך האָב מורא, דיאַדיאַ באַריס!

אָט די קליינוואַרג, מיט אָט דעם לשון, האָבן אים באַזיגט. אָט די ווערטער האָבן אים הענט און פיס געפּענטעט. זיין קאָפּ איז צוריק אַני־דערגעפאַלן אין קישן אַריין און די שטיקלעך פון־באָרד־אָפּגעדעקטע באַקן האָבן זיך צעשימערט מיט הייסע שטראָמלעך.

— גוט, קינדערלעך טייערע, איך וועל נישט גיין!

מיט פאָטערלעכן נחת האָט ער זיי איצט אָבסערווירט: ווי זיי האָבן זיך עס קיין עין־הרע דערהאָלט!... די בעקלעך זענען פול און קאָלירט געוואָרן... די אייגלעך האָבן באַקומען אַ לעבעדיקן בלישטש... און די פיסלעך... ווי קרומע, אויסגעטריקנטע צווייגלעך זענען זיי דאָך געווען! מענטשלעך גיין נישט געקענט! און איצט — פּעטינקע, פּולינקע פּולקע־

לעדן!... די טלענירטע קעפעלעך האָר מאַכט זיי טאַקע פריילעכער און זוניקער...

— עך, איר בלאָנדאַסעס מיינע!... — האָט ער זיי ביידן די בעקלעך געקניפּט — עס איז גוט צו זיין גוימלעך, האַ?... אַ פלאַקסן שגצל און אַ פלאַקסן שיקסעלע... מען עסט און מען טרינקט און מען האָט נישט מורא... האַ, פאַרטיזאַנטשיקלעך?...

— יאָ, עס איז גוט... — האָט מיכאַלעק טרויעריק געענטפערט — אָבער ווען, דיאַדיאַ באָריס, וועט שוין קומען אַ צייט, אַז מען זאָל נישט מורא האָבן... אַז מען זאָל מעגן צוריק ווערן... — ער האָט זיך מיט פּחד אומגעקוקט איבער דער זיעמליאַנקע און צום אַריינגאַנג און פאַרענדיקט מיט אַ שטיל-געדעמפּט קולעכל — אַ יידן?...

בערישן האָט עס אַ פלאַם-געטון ביים האַרץ, אַז ער האָט אַזש די ליפּן ביז בלוט פאַרביסן.

— אפשר וועט נאָך קומען אַזאַ צייט! — האָט ער טיף אָפּגעזיפצט — אָבער איר, קינדערלעך, טראַכט איצט וועגן גאָרנישט. דאָס וואָס איר זענט איצט, דאָס זענט איר! איין ציל דאַרפט איר האָבן: לעבן! לעבן פאַר יעדן פּרייז!... אויסהיטן זיך, אויסכיטרעווען און אויסקעמפן דאָס בידנע שטיקעלע לעבן... אַז איר וועט לעבן, קינדערלעך, אַז איר וועט איבערלעבן... וועט איר דערלעבן אַלץ, וואָס איר פאַרלאַנגט...

דאָס פלאַקסענע שיקסעלע און דאָס פלאַקסן שגצל האָבן זיך יידישלעך אומעטיק פאַרטראַכט. און בערישן האָט זיך געדאַכט אין דעם מאָמענט, אַז זייערע קעפּלעך זענען פלוצלינג צוריק שוואַרץ געוואָרן!

**
*

ביינאַכט האָט זיך עס אָנגעהויבן.

די וואַך-פּאָסטנס אויף די ווייט-אַרויסגערוקטע וואַלד-פּאָזיציעס האָבן זיך געמוזט צוריקציען אויף אַ פּאָר הונדערט מעטער, ווייל די דייטשע שפּיר-הינט זענען געוואָרן וואָס אַמאָל אויפגערייצטער, געוואַגטער און אַריינדרונגען אַלץ טיפער אין וואַלד אַריין.

מיכאַלעק און מאַריאַ, די פאַרבינדלער צווישן די וואַך-פּאָסטנס און דיאַדיאַ וואַניאַס שטאַב, האָבן כסדר געבראַכט ידיעות:

דער קלעם ווערט אַלץ שטאַרקער און ענגער!

— מיר זענען כמעט אינגאַנצן אַרומגערינגלט!
— עס איז בלויז פריי דער וועג איבער דער אָזערע.
— זיי באַפעסטיקן זיך אַרום וואַלד.
— עס זעט זיך פאַר, אַז זיי וועלן אַ ליאַדע מינוט אָנגרייפן!

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע און אַ פראָסטיקע. אפילו דער ווייסער שניי, וואָס האָט געסקריפּעט אונטער די טריט, האָט נישט בלייכער געמאַכט די פעכיק־שוואַרצע געדיכטעניש. אין חושך האָבן געגרעגערט אַעראָפּלאַנען, וואָס האָבן כסדר אַרומגעקרייזט איבערן וואַלד.

דער גאַנצער אָטריאַד איז געווען אויף די פיס.

אַלע האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין דער גרויסער, אַלגעמיינער זיעמליאַנקע און אין די דריי שכנותדיקע אַרום. מען האָט וויניק גערעדט, נאָר די ציינער האָבן געקלונגען. די אָטעמס — אָפּגעהאַקטע, קורצע, האַסטיקע, יעדערער האָט זיך באַמיט צו פאַרלייקענען זיין פּחדנות. אָבער דאָך האָט ער זיך צוגעהערט צום שטאַרקן שלאָגן פון יעדן דופק און צו די מוראַשקעס, וואָס האָבן זיך אַזוי זלידנע צעפּויזעט איבערן גאַנצן לייב...

מען האָט געוואַרט אויף באַפעלן פון דיאַדיאַ וואַניאַ. דיאַדיאַ וואַניאַ האָט קיין נערוועזיטעט נישט אַרויסגעוויזן. ער האָט יעדעס מאָל אויפגענומען די ידיעות פון מיכאַלעקן און מאַריאַן. איבערגעפּרעגט זיי, לשם גענויקייט. עפּעס איבערגעטראַכט און מיט געמאַכטער רואיקייט, אפילו מיט אַן אַרויפגעצווונגענעם שמייכל אויף זיין פּנים, צוגעטאַקעוועט:

— טאַק־טאַק־טאַק... כאַראָשאָ, רעביאַטאַ... טאַק־טאַק־טאַק... פּאָסמאָטרים...

עס האָבן זיך דערהערט שווערע טריט אין די פינצטערע קאַטאַקאָמבן.

— ווער קען דאָס זיין?
— ווער איז דאָס געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן זיין וואַך־פּאָסטן?
— עפּעס האָט געמוזט געשען!

דיאַדיאַ וואַניאַ האָט אויפגעפּראַלט די טיר. צוויי מגושמדיק־צוזאַמענגעגאָסענע פלעקן האָבן זיך דערנענטערט.

— ווער איז דאָרט?!
— דאָס בין איך, מאַקסים...
— און באַריס.
— וואָס טוט איר דאָ? וואָס ליגט איר נישט אין די בעטן?!

— עס ליגט זיך נישט, דיאַדיאַ וואַניאַ... — האָט זיך בעריש פאַר־ענטפערט — נישטאָ קיין נערוון... ווי קען מען עס איצט איינליגן אין שפּיטאָל? אין אַזאַ צייט!...

— מיר וועלן שוין קרענקען אַן אַנדערש מאָל... און איצט... מיר ווילן זיין צוזאַמען מיט אַלע... — האָט מאַקסים ווי זיך געבעטן.

— און וויעראַ אַנדרייעוונאַ האָט איך אַרויסגעלאָזט? — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ געפרעגט — איך האָב דאָך איר געגעבן אַ באַפעל!

— זי האָט דעם באַפעל ערלעך אויסגעפירט: טאַקע נישט געלאָזן... — האָט איר בעריש פאַרענטפערט.

— זי קומט אויך אַהער. זי נעמט נאָר מיט דאָס נויטיקע פאַר ערשטער הילף.

— הערט מען שוין נישט מיינע באַפעלן?! — האָט זיך דיאַדיאַ וואַ־ניאַ געבייזערט.

— איך הער דיין באַפעל, חבר קאָמאַנדיר! — האָט זיך דערהערט וויעראַס שטימע פון לאַבירינט אַרויס.

זי איז אָנגעקומען מיט אַ רוקזאַק און אַן אַפּטייק־קעסטעלע.

— פאַרוואָס האָסטו פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל?

— ווייל קיינער נויטיקט זיך דאָרט נישט אין מיין הילף. איך מוז זיין דאָרטן, וווּ איר אַלע. און אַז מען וועט דאַרפן הילף, בין איך דאָ אויפן פּלאַץ!

— איר זענט גערעכט... — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ נאָכגעגעבן, נאָך אַ ווײַלע נאָכדענקען — בלייבט דאָ.

אַליין איז ער אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן. אַרויפקומענדיק אויף דער אייבערפלאַך פון דער ערד, איז ער אַן איבערראַשטער שטיין געבליבן ביים אַריינגאַנג, אַ פאַרבלענדעטער פון ליכט:

צענדליקער ראַקעטן זענען אַרויפגעשאָסן געוואָרן. זיי האָבן זיך צעבליצט איבערן וואַלד און פאַרגאָסן מיט ליכט־כוואַליעס דעם גאַנצן שטח. דער פרישער, בלאַנקער שניי האָט אַנטקעגן געמיניעט מיט בלוי־לעך־ווייסע און גרינלעכע פייערלעך. די מינדסטע באַוועגונג פון מינדסטן שאָטן וואָלט איצט באַמערקט געוואָרן און פאַרראַטן. די אַעראָפּלאַנען קרייזן טאַקע כסדר אין פינצטערן הימל און זוכן און אָבסערווירן...

דיאַדיאַ וואַניאַ האָט אַ טראַכט געטון:

„עס איז גוט, וואָס איך האָב היינט קיינעם נישט אַרויסגעלאָזן...

דער גאָלדענער שניי האָט פֿאַרדעקט אונדזערע אַלע שפּורן, ווי אַ געטרייע מאַמעלע... זאָלן זיי איצט זוכן!... ווען איך לאָז דעם עולם אין וואַלד, וואָלטן זיי אָט דעם טייערן שנייעלע צעטראָטן. און אויסגעטראָטענע שטעגן וואָלטן זיכער באַמערקט געוואָרן! פֿונדעסטוועגן, וועלן זיי אין וואַלד אַריין איצטער נישט קומען... צו־גרויסע פּחדנים!... זיי מיינען, אַז מיר זענען דאָ אין די טויזנטער!... אויב אָנגרייפֿן און דורכקעמען דעם וואַלד, וועלן זיי בייטאָג, ערשט מאָרגן. דער וועג איבער דער אָזערע, הייסט עס, איז נאָך פֿריי... דאָס איז גוט, אַז מען וועט מוזן... דערווייל מוז מען זיך מאַכן געפּגרט. נישט ענטפֿערן אויף קיין שום פּראָוואָקאַציע. בשום־אופֿן נישט אַרויסגעבן זיך, ווו מיר זענען! מען דאַרף עס צוּוויסן־טון!״

— מיכאַלעק! מאַריאַ! — האָט ער אַ רוף־געטון אין אויסגעהוילטן בוים אַראָפּ.

באַלד האָט זיך דערהערט אַ טופּען פֿון זייערע פֿיסלעך אין די טיפֿע קאַטאַקאָמבן, אַ פֿלינקער קלעטערן איבערן לייטער און באַלד זענען זיי געשטאַנען פֿאַר אים, ווי צוויי קלוגע, אויסדרעסירטע יאַגד־הינט. געקוקט אים אין די אויגן אַריין און געוואַרט אויפֿן באַפֿעל.

— לויפֿט, זאָגט־אָן: אין פֿאַל פֿון אַ שיסעריי, — נישט ענטפֿערן! קיין איין שאָס נישט! ווען דרינגענד, — זיך צוריקציען שטילערהייט. אָפּטרעטן אומבאַמערקט.

— גוט, דיאַדיאַ וואַניאַ! — זענען די קינדער גרייט געווען צום לויפֿן.

— שטייט! — האָט ער זיי צוריקגעהאַלטן — אַז ראַקעטעס לייכטן, זאָלט איר נישט לויפֿן! ביי יעדן ראַקעטן־אויפֿבליץ באַהאַלטן זיך הינטער אַ בוים און ליגן אומבאַוועגלעך! פֿאַרשטאַנען?

— פֿאַרשטאַנען, דיאַדיאַ וואַניאַ!...

די ראַקעטעס האָבן זיך אויסגעלאָשן און די פֿינצטערניש איז נאָך שוואַרצער, פּעכיקער געוואָרן.

— איצט לויפֿט, הערשעלעך מיינע!...

ווי צוויי פֿלינקע, גענייטע וואַלד־חיהלעך, האָבן זיי זיך אַ לאָז־געטון אין דער פֿינצטערקייט, וואָס איז אין וואַלד נאָך געדיכטער געהאָנגען, ווי אויף די פֿרייע שטחים אַרום. ממש — ווי שוואַרצע, סאַמעטענע פֿאָרהאַנגען.

אַרום האַלבע נאַכט איז דאָס געווען.

פון אַלע פיר זייטן מיטאַמאָל האָט זיך אָנגעהויבן א שטורמישע קאַנאָנאַדע. פּוליעמיאָטן האָבן זיך צעשטעפּט מיט געדיכטע סעריעס און זענען פון צייט צו צייט פאַרהילכט געוואָרן פון דונערדיקע האַרמאַטן־שאָסן. די קוילן האָבן זיך מיט אַ שאַרפן פייף געשניטן אין חשכות, צווישן די געדיכטעביימער. די ערד האָט זיך צעוויגט. צווייגן האָבן זיך געבראָכן. און אין דער פינצטערקייט האָט זיך געדאַכט, אַז דער וואַלד קערט זיך קאַפּויר: מיט די וואָרצלען אַרויף און מיט די קרוינען — אַראָפּ. אַעראָפּלאַנען האָבן אַרומגערוישט מיט אַ גרילץ און געברום, ווי שטאָלענע מלאכי־המוות. די ראַקעטן האָבן געשניטן די געדיכטע פינצטערניש ווי בלאַנקענדיקע סערפּן און קאָסעס.

— עס איז אונדזער סוף, ברידערלעך!

— יאָ, אונדזער סוף! — האָבן די פּויערים געקרעכצט און געציטערט.

וויעראַ האָט זיך צוגעטוליעט צו בערישן:

— נישט־שוין־זשע אונדזער סוף? ביי אונדזער סאַמע אָנהויב!?...

בעריש האָט נישט געענטפערט. ער האָט איר געגלעט דעם קאָפּ מיט זיין געזונטער האַנט, צוגעדריקט צו זיך און געשוויגן.

— ווו זענען די קינדער? — האָט ער פּלוצלינג אַ פרעג געטון מיט אַ ציטער.

— אין וואַלד. ווייסט דאָך, זיי פירן אויס זייערע אויפגאַבן. פאַרבינדלער...

— קינדער אין אַזאַ געפאַר! זיי וואָלטן איצט געדאַרפט זיין מיט אונדז!

— זיי וועלן באַלד צוריקקומען, באַריס. רעג זיך נישט אויף. דו האָסט דאָך נאָך פיבער! — האָט וויעראַ אים באַרואיקט און איר אַליין האָט דאָס האַרץ געשניטן.

מיטן גרויען פון פאַרטאָג האָט די שיסעריי אויפגעהערט.

ווו־נישט־ווו האָט נאָך געפּלאַפּלט אַ פּוליעמיאָט. אָבער איצטער האָט ער שוין נישט געווירקט אַזוי אַנגסטיק אויף קיינעם, ווי אין דער פעכיקייט פון דער נאַכט.

פאַרטאָג האָבן זיך געטוישט די וואַכן.

אויך מיכאַלעק מיט מאַריאַן זענען צוריקגעקומען הונגעריקע און דערפרוירענע.

די צוריקגעקומענע האָבן דערציילט, אַז די דייטשן זענען געבליבן אויף זייערע ערטער. נישט געפרווט אַריינדרינגען אין וואַלד און מען זעט אויך נישט, אַז זיי זאָלן זיך גרייטן אָפּצוטרעטן. זיי באַפעסטיקן זיך, זעט אויס, אויף אַ לענגערער צייט.

— אויב זיי וועלן היינט נישט אָנגרייפן און נישט אַריינדרינגען אין וואַלד אַריין, איז אַ סימן, אַז זיי באַלאַגערן אונדז בלויז... — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ געזאָגט. — זיי ווילן אונדז צווינגען, דורך אויסהונגערן, אַז מיר זאָלן אַרויסקריכן פון אונדזערע נאָרעס... מיט אַ נערוון־קריג ווילן זיי אונדז צווינגען, אַז מיר זאָלן זיך אַליין איבערגעבן צו זיי אין די הענט אַריין...

— זאָלן זיי וואַרטן!... — האָט מאַקסים געשפּאָט.

— זאָג נאָר, מאַקסים, ווי זעען מיר אויס מיט אונדזער שפּייז־זאַפּאַס?

— נישט פויגלדיק. אויף אַ פינף טעג וועט סטייען.

— אויף פינף טעג... אַ ביסל צו־ווייניק. האָפנטלעך וועט עס זיי במשך פון די פינף טעג נמאס ווערן... אָבער מיר, אַלנפאַלס, דאַרפן איינצייען דעם פּאַסעק... נישט אויף פינף, נאָר אויף אַכט, צען טעג, זאָל עס אונדז קלעקן!

דיאַדיאַ וואַניאַ איז ווידער גערעכט געווען. דאָס זענען נישט געווען קיין נביאות און קיין צופעליקע אויסגעקליגלטקייטן. — אַלס לאַנג־יעריקער סטאַרשי־לייטנאַנט פון דער רויטער אַרמיי, האָט ער געהאַט פּראַקטיק, אַן אָפיציר איז ער געווען אַ פּעאיקער און פּאַראַנטוואָרטלעכער. די פּאַרטיי האָט אויף אים אַרויפגעלייגט שווערע פליכטן. געשיקט אים אַרבעטן און לייטן ביי פאַרשידענע שווערע באַדינגונגען און אין גאַנץ קאָמפּליצירטע סיטואַציעס. ער האָט, ווי אַ שאַך־שפּילער, באַרעכנט זיין יעדן שריט. און איידער ער האָט באַשלאָסן, וואָס ער אַליין האָט צו טון, האָט ער פריער גוט נאָכגעדענקט, וואָס דער שונא קען אַלץ אים טון...

אויך איצט האָט ער זיך פאַרשטאַנען אויף דער טאַקטיק פון די דייטשן. במשך פון דער קורצער צייט האָט ער זיי גוט דערקענט. דערקענט זייער בעסטיאַלישקייט וואָס פּאָרט־זיך מיט פחדנות.

***

די דייטשן האָבן עקשנותדיק געלאַגערט אַרום וואַלד. שוין דעם דריטן טאָג ווי עס גרעגערן אַעראָפּלאַנען. מיט איבעררייסן דויערן די שיסערייען גאַנצע קיילעכדיקע מעת־לעתן. זיי דרינגען נישט אַריין און טרעטן נישט אָפּ.

און אפשר שיצן זיי עס די וועגן, בריקן און אייזנבאַן־ליניעס, איבער וועלכע עס דאַרפן אַריבערגיין וויכטיקע טראַנספּאָרטן?

די שטימונג פון אָטריאַד ווערט געדריקטער פון שעה צו שעה.

דאָס פאַרקלענערן די נאָרמעס עסן און איבערהויפּט — דעם ביטערן טראָפּן האָט יעדן נערוועז געמאַכט, ווי בעת ציין־ווייטיק.

די קוילן פון די שיסערייען טרעפן טאַקע איןביימער אַריין. אָבער די שאָס־הילכן פאַלן ווי אַ האָגל אויף זייערע געהירן! עס העלפט נישט דיאַדיאַ וואַניאַס מוטיקן, אַז עס איז אַ נערוון־קריג און מען מוז אויס־האַלטן! — די מחנה איז צערייצט ווי הונגעריקע וועלף. מען הערט שוין נישט דאָס וואָרט „ברידערלעך". דאָס וואָרט איז פאַרביטן מיט רוסישע דריי־גאָרנדיקע קללות אין דער מאַמען־אַריין. איבער יעדער קלייניקייט בייזערט זיך איינער אויפן אַנדערן און עס ברעכט אויס אַ קריגעריי. די יוכעס צעקאָכן זיך און מען כאַפּט זיך שלאָגן.

דיאַדיאַ וואַניאַ און מאַקסים זענען טאַקע כסדר אויף דער וואַך, צו באַרואיקן די צערייצטע געמיטער און מאַכן אַ שלום.

די דריטע נאַכט האָט נאָך בעריש אַלץ געהאַט פיבער און שאַרפע שמערצן סיי אין האַנט און סיי אין פוס. פונדעסטוועגן האָט ער געמוזט גיין אויף נאַכט־וואַך. אַ שווערע און אַ לאַנגע נאַכט איז עס געווען פאַר אים. עס איז אים נאָך קיינמאָל אַזוי קאַלט נישט געווען און דער קאָפּ האָט אים אַזוי נישט געבריט.

דעם הייסן קאָפּ האָט ער געריבן מיט שניי. געריבן מיט שניי דעם שטערן, די שלייפן און דעם גאַנצן פאַרוואַקסענעם פנים. די האָר פון קאָפּ און די באָרד זענען שוין פול מיט שניי און מיט אייז, דאָך בריט עס ווי אַ צעגליטע קויל. דאַקעגן דער גאַנצער קערפּער ציטערט ווי אין אַ קדחת. די פיס זענען אים אינגאַנצן אָפּגענומען געוואָרן. ער פילט זיי נישט מער און קען זיי נישט באַוועגן. ווען די דייטשן באַפאַלן אים איצט, וואָלט ער זיך אפילו ווערן נישט געקענט. סיידן בלויז אויפרייסן זיך מיטן גראַנאַט, וואָס ער האָט מיט זיך.

קוים דערלעבט דעם פאַרטאָג. מאַקסים איז אים געקומען פאַרבייטן.

ער האָט עפּעס גערעדט צו אים וועגן אַ שלעכטער שטימונג אין אַטריאַד, וועגן בונט און וועגן פּאַרטיזאַנער־פּאָליטיק. בעריש האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. ער האָט שוין געגאַרט צו ליגן אויפן געלעגער, איינגעדעקט מיט אַ פּוד שמאַטעס!... יאָ, און אַ שנאַפּס מוז ער איצט מאַכן אַ שטאַרקן! דער פראָסט זאָל אָפּגיין פון די ביינער און ער זאָל דאָס האַרץ דערפילן...

ער האָט זיך געשלעפּט דורכן וואַלד אונטער אַ האָגל פון קוילן און אפילו קיין חשק נישט געהאַט דעם קאָפּ אַראָפּצובויגן: פאַרפאַלן. וועט אים טרעפן אַ קויל, וועט ער ליגן! אַבי ליגן...

אין דער אַלגעמיינער זיעמליאַנקע האָט זיך עפּעס יעדערער פון אים אַוועקגעשאַרט. מען האָט זיך עפּעס מאָדנע געסודעט און געוואָרטשעט אין די ווינקעלעך. בליקן זענען געפאַלן אויף אים, ווי שנאַהדיק געוואָרפענע גיפטיקע פיילן. וואָס איז דאָ געשען? — ער האָט אפילו קיין כוח נישט צו פרעגן, ער נעמט זיין קווערטל. ער וועט אויסטרינקען און גיין זיך לייגן. שפּעטער וועט ער אַלץ געוויר ווערן.

ניין, נישט שפּעטער. — ער איז עס באַלד געוויר געוואָרן.

ווי ער האָט נאָר גענומען דאָס קווערטל צום מויל, האָט אים עמיץ אַ זעץ געטון אין עלנבויגן. ער האָט דערפילט אַ ווייטיק אין די ציין און אין נאָז־ביין. דער בראָנפן האָט זיך אים צעפליוכעט אין געזיכט. ער איז שטיין געבליבן אַ צעטומלטער און געווישט זיך דאָס פּנים. אין די אויגן איז אים פינצטער געוואָרן און אין דער פינצטערניש האָבן זיך רויטע פינטעלעך צעלאָפן.

די גאַנצע זיעמליאַנקע האָט זיך צעכאָכאָטשעט. עס האָט זיך צעטראָגן אַ הירזשעריי, ווי פון צענדליקער פערד אויף אַ יאַריד.

— מענטשן! וואָס טוט זיך דאָ? — האָט ער געשטאַמלט.

— וואָס פרעגסטו נאָך, זשידאָווסקאַ מאָרדאַ?! — האָט איינער אויסגערופן — פאַרנעם זיך בעסער פון דאַנען באַציינס!

— דאָ איז דיר נישט קיין פּענסיאָנאַט פאַר קרעציקע יידן! — האָט אים אַ צווייטער געגעבן אַ קלאָרע תשובה.

פלוצלינג איז שטיל געוואָרן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט בעריש דערהערט די שטים פון דיאַדיאַ וואַניאַ:

— ביסט שוין געקומען באַריס? קום, איך דאַרף דיך האָבן.

בעריש האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דיאַדיאַ וואַניאַס רוף ווי אָן אַ רע־

טונגס־ברעט און ער איז אים איילִיק נאָכגעגאַנגען פון דער זיעמליאַנקע אַרויס.

ווען זיי זענען אַרויסגעקומען אין דרויסן, האָט אים דיאַדיאַ וואַניאַ געזאָגט:

— איך האָב דיך אַרויסגערופן, כדי זאָלסט דאָרט, מיט זיי, נישט זיין. אַ מיאוסע, געפּערלעכע באַנדע! עס וועט קומען אויף זיי אַ צייט אויך!... דו נעם זיך נישט איבער. גיי אין שפּיטאָל אַריין און רו זיך אויס. נאָכדעם, וועלן מיר די זאַך דורכטראַכטן.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, ווי וויערא אַנדרייעוונאַ האָט אים דערציילט, אַז אין פיבער האָט ער געקרעכצט אַ יידישע תפילה. דאַכט זיך, אַז „שמע־איזראַעל"... עמיץ האָט עס דערהערט... דערצו נאָך, האָט היינט מאַריאַ געוויינט פון שלאָף און גערופן אויף יידיש „מאַמע!"...

— דאָס זענען אַ באַנדע ראַזבויניקעס, באַריס! מיין האַרץ זאָגט מיר נישט קיין גוטס! ווען מיר וואָלטן איצט נישט געווען אַרומגערינגלט פון דייטשן, וואָלטן מיר געמוזט תיכף אַנטלופן!

— מיר וואָלטן געמוזט תיכף אַנטלויפן. ווען מיר זענען נישט אַרומגערינגלט מיט דייטשן — האָט באָריש, ווי מעכאַניש נאָכגעזאָגט.

די געפאַר איז אים אַריינגעדרונגען ביז די טיפסטע טיפענישן און זיך דאָרט צעטרעוואָגעט, ווי אַ פאַזשאַרנע סירענע. אָבער אַ מאָדנע מאַכט־לאָזיקייט האָט אים געפּענטעט די גלידער און דאָס לשון. ער איז איינגעשלאָפן. ניין — אַריינגעפאַלן אין אַ קאַלטן, פינצטערן אָפּגרונט פון גרויליקע קאָשמאַרן!

***

שפּעט אין אָוונט האָט אים מיכאַלעק אויפגעוועקט. ער דאַרף צוריק־גיין אויף זיין וואַך־פּאָסטן, פאַרבייטן מאַקסימען. דיאַדיאַ גרישאַ קען נישט. ער פילט זיך שלעכט.

באָריש האָט זיך דערפילט אויסגערוט און דערוואַרעמט, אָבער זייער אָפּגעשוואַכט. וויערא זאָגט אים, אַז ער האָט זייער אַ סך געשוויצט און געקרעכצט.

— אפשר קענסטו נישט גיין? וועל איך מעלדן דיאַדיאַ וואַניאַן. דו האָסט דאָך אויך אַ רעכט צו פילן זיך שלעכט ווי גרישאַ!...

— ניין. איך קען גיין און איך גיי!

ער האָט זיך אָנגעטון, גענומען דאָס מאַשין־געווער, אַ פּעקעלע עסן, זיך צעקושט מיט ווּיעראַן און מיט די קינדער און אַוועק.

דער אָוונט איז דווקא געווען אַ לינדער און עטוואָס אַ העלערער. ער איז געלעגן אין זיין נאָרע מיט אָנגעשפּיצטע אויגן און אויערן. דער אָוונט איז געווען אַ שטילער, ווי די דייטשן וואָלט נמאס געוואָרן די כסדרדיקע שיסעריי.

האָט בעריש איצט טאַקע נישט געטראַכט וועגן די דייטשן. וועגן זיינע „אייגענע" אין אָטריאַד האָט ער געטראַכט. וועגן דער גאַנצער לאַגע אין וועלכער ער געפינט זיך.

„וואָס איז דאָס נעכטן פאַרגעקומען? און מיט וואָס וועט זיך דאָס ענדיקן? וויעראַ איז גערעכט, מען מוז אַנטלויפן! אפשר נישט וואַרטן אויף דער ענדע פון דער באַלאַגערונג? דער וועג איבער דער אָזערע איז דאָך פריי! יאָ, איך קום באַגינען אַ היים, גרייט איך־צו וויעראַן מיט די קינדער און ביינאַכט וועלן מיר ריזיקירן! דאָ קען מען דאָך שוין זיכער נישט פאַרבלייבן!"

און בעריש האָט זיך שוין געזען, מיט זיין נייער משפּחהלע, ווי זיי גנבענען זיך אַרויס פון וואַלד, וואָגלען און וואָגלען, ביז זיי טרעפן־אָן אַ נייעם פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד... אָדער זיי וועלן זיך אַליין ערגעץ אויפבויען אַ זיעמליאַנקע און לעבן זיך אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט!

די נאַכט איז, פאַרהעלטנישמעסיק גיך אַריבער. עס איז שוין היפּ־שער טאָג. מאַקסים וואָלט אים שוין געדאַרפט קומען פאַרבייטן. וואָס קומט ער נאָך נישט, מאַקסים? וואָס זאַמט ער זיך היינט אַזוי? זאָל זיין, אַז ער איז קראַנק? — וואָלט דאָך אַן אַנדערער געדאַרפט קומען.

פון מינוט צו מינוט איז ער נערוועזער געוואָרן. די פרימאָרגנדיקע שעהען האָבן זיך געצויגן לענגער ווי די גאַנצע נאַכט. די טרויעריקסטע געדאַנקען און פאַרגעפילן זענען אים געקומען אין קאָפּ און אין האַרץ.

ענדלעך — טריט. עמיץ קומט. ווער זאָל דאָס זיין? — טאַקע ער, מאַקסים!... וואָס איז דאָס? ער וואַקלט זיך, ווי אַ שכּורער! מאַקסים — שכּור?! ניין, ער איז נישט שכּור. ער מוז זיין קראַנק. עפּעס איז זיין פּנים אַזוי פאַרפינצטערט און פאַרצאָרנט.

— וואָס איז געשען, מאַקסים?

— אַ שרעקלעך אומגליק, באַריס! — האָט זיך מאַקסים צעכליפּעט.

— מיט וועמען?! — האָט בעריש אויסגעשריגן און אויפגעשפּרונגען פון אָרט.

— מיט די קינדער! — האָט מאַקסים געענטפערט מיט אַ געשטיקטער שטימע, נישט קוקנדיק בערישן אין די אויגן אַריין. — גיי, באַריס. גיי און זיי שטאַרק! עס וועט פאַר אַלץ באַצאָלט ווערן!

בעריש האָט מער גאָרנישט געהערט. מיטן מאַשין־געווער אין די הענט איז ער געלאָפן דורכן וואַלד ווי אַ פאַרווירטער.

די ערד האָט זיך געוויגט אונטער זיינע פיס. די ביימער האָבן אים דעם וועג פאַרשטעלט. זיי האָבן אים אַנטקעגן געטאַנצט און מיט די צווייגן — אין פּנים געשמיסן, אין די אויגן געשטאָכן!

ענדלעך האָט ער דערהערט אַ הויך גערעדעריי און דערזען אַ גרופּע מענטשן אַרום אַ בוים. ווער איז עס דאָרטן? — דיאַדיאַ וואַניאַ, דיאַדיאַ מישאַ, דיאַדיאַ גרישאַ. גרישאַ איז, הייסט עס, געזונט! דער „זינגער" שטייט דאָרטן און וויעראַ! ווי קומט וויעראַ אַהער? וואָס טוען זיי דאָ?!

באַלד האָט אים עפּעס אַ שווינדל־געטון פאַר די אויגן: צוויי טונקעלע סילועטן וויגן זיך אויפן בוים! צוויי קינדערשע קערפּערלעך! תליות!!! אויפגעהאָנגען!!!

— מיכאַאַאַלעק!!! מאַאַאַריאַאַאַ!!!

זיין געשריי האָט זיך גרויליק צעטראָגן אין וואַלד און צוריקגעקומען אין צענדליקער עכאָס. אָבער די קינדער האָבן געשטומט און ער אַליין איז אַנטשטומט געוואָרן.

ער איז אַ פאַרשטאַרטער שטיין געבליבן צווישן אַלע, מיט אויפגע־ריסענע, מיט ווילד־צעפּראַלטע אויגן און מויל. ער האָט אפילו נישט גע־פילט, ווי וויעראַ שפּאַרט זיך־אָן און העשעט אויף זיין ברוסט.

מיכאַלעק און מאַריאַ זענען געהאָנגען אומבאַוועגלעכע, ווי צוויי היל־צערנע פיגורלעך, אָדער ווי אויסגעשטאָפּטע סטראַשידלעס פאַר פייגל. איינס נעבן אַנדערן זענען זיי געהאָנגען. די בלאָנדע, צעשויבערטע קעפּ־לעך — זייטיק אַראָפּגעבויגן, ווי ביי געשאָכטענע עופות. די פּנימלעך און די אַראָפּהענגענדיקע הענטלעך — בלוי.

בעריש האָט זיך צערעוועט, ווי אַ פאַרוווּנדעטער לייב:

— ווער?! ווער האָט עס געטון?! איך וועל נקמה נעמען!!! איך וועל באַצאָלן!!! — האָט ער געהויבן דאָס מאַשין־געווער איבער אַלעמענס קעפּ. דיאַדיאַ וואַניאַ האָט אים אַרויפגעלייגט זיין ברודערלעכע האַנט אויפן

אַקסל, צום טרייסטן. אָבער דיאַדיאַ גרישאַ מיט דער געשוואָלענער ליפּ האָט אַ בורטשע געטון:

— ווער האָט עס געטון? דאָס דאַרפסטו וויסן! דו האָסט דאָך געהיטן...

און דיאַדיאַ מישאַ, מיט דער בעלמע, האָט צוגעוווּנקען:

— דו שלאָפסט דאָרט, אויף דער וואַך! און דייטשן קומען דאָ אַריין און טוען אַלץ אָפּ!... מען האָט דאָך אונדז אַלעמען געקענט אויסשעכטן!

— געַנוג! — האָט דיאַדיאַ וואַניאַ אַ געשריי געטון — אַראָפּנעמען פון די תליות! באַגראָבן ווי העלדישע פּאַרטיזאַנער! מיט מיליטערישן כבוד!

און ווען דער „זינגער" איז אַרויפגעקראָכן אויפן בוים, אַראָפּצונעמען מאַריאַן, האָט וויערא אַרויסגעלאָזן אַ היסטערישן קוויטש, אַ פאַל־געטון צו דער ערד און זיך גענומען שליידערן אין שרעקלעכע קאָנוווּלסיעס.

קאַפּיטל 20

## אין דער ווינטערדיקער נאַכט אַריין

מיט אַלע כוחות האָט זיך וויערא געריסן צום פרילינג. דער פרילינג איז געוואָרן פאַר איר ווי אַ מעטע, וווהין זי מוז דערלויפן. און ווער זי האָבן דערלאָפן — האָט זי געזיגט!...

לויט איר אויסרעכענונג, דאַרף דאָך עס אין אָנהויב פרילינג געשען. אין מאָנאַט מערץ... דאַן וועט זי זיך צעצווייען... צוויי הערצער אירע וועלן זיך צעקוועלן און צוויי פּאָר אויגן וועלן אַנטקעגנלאַכן דער פרילינגדיקער זון!...

די בלוי־פאַרשטאַרטע קערפּערלעך פון די קינדער אויף די תליות האָבן וויערא אַנדרייעוונאַן איבערגעדרייט די געדערים אין בויך. און דאָס לעבן וואָס זי האָט נאָר־וואָס דערפילט אונטער איר האַרצן, וואָס האָט מיט די ערשטע פּאָר צאַרטע קלעפּעלעך צווייסן־געטון, אַז עס וואַקסט־אויף, — וועט שוין נישט אויפוואַכן. עס שטאַרבט־אָפּ אין אירע אינגעווייַדן, מיט איר צוזאַמען.

איצטער ווייסט זי שוין, וויערא, אַז זי וועט דעם פרילינג נישט דערלעבן צו זען. ביידע פּאָר אויגן וועלן באַלד זיין געשלאָסן און ביידע הערצער וועלן שוין שטומען. זי איז דאָך אַ דאָקטאָר און פאַרשטייט איר

לאַגע: אַ דרינגענדע אָפּעראַציע, אין אַ שפּיטאָל, וואָלט זי נאָך אפשר געקענט ראַטעווען. אָבער דאָ, אין וואַלד — איז קיין רעטונג פאַר איר נישטאָ!

אין דער שפּיטאָל־זיעמליאַנקע זענען זיי איצטער זאַלבעצוויט. וויע־ראַ קראַמפּט זיך אין קאָנוואולסיעס אויפן געלעגער, קורטשעט זיך אין חבלי־מוות. בעריש שטייט נעבן איר אַ הילפסלאָזער און שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנט.

פון פאַרצווייפלונג וויל ער לויפן אין דער אַלגעמיינער זיעמליאַנקע, רופן הילף. שרייען צו זיי: — געוואַלד, מענטשן! דאָס איז דאָך נישט קיין יידן! ביעלארוסן, אוקראַינער, אייערע אַ שוועסטער שטאַרבט! העלפט! ראַטעוועט!

נאָר דער כאָר, וואָס טראָגט זיך פון דער אַלגעמיינער זיעמליאַנקע, ליימען אים די פיס. זיכער זופט מען דאָרטן איצטער פון די קווערטלעך. מען שווענקט מיט בראָנפן אָפּ די זינד פון קינדער־מאָרד און מען רעוועט צו אוקראַינאַ, זי זאָל אויפוואַכן און אַראָפּווישן פון זיך די טומאַנען!

— באריס... גיב מיר דיין האַנט... עס איז דער סוף, באריס!... איך וויל דיך פילן ביז מיין לעצטער רגע... — האָט וויעראַ געזיפצט די ווער־טער דורך פאַרשטשעמעטע ציינדלעך, האַלטנדיק פעסט־געשלאָסן די אויגן — לייג דיין האַנט אויף מיין האַרץ און האַלט אַזוי ביזן לעצטן צאַפּל... ביזן לעצטן אָטעם־צוג, באריס...

שטאַרק זיך, וויעראַ! פאַרלאָז מיך נישט! — האָט בעריש אימהדיק געיאָמערט אויף דער דיקסטער סטרונע פון זיין וויאָליאָנטשעלן־שטים.

ער האָט איר געגעבן זיין לינקע האַנט, וואָס זי האָט קראַמפּהאַפט צוגעדריקט צום האַרצן. און מיט דער רעכטער — האָט ער געווישט דעם אַנגסט־שוויס פון איר אייז־קאַלטן שטערן.

— די יסורים זענען שרעקלעך, באריס! פאַרוואָס געדויערט עס אַזוי לאַנג?!

— וויערעטשקאַ טייערע, איך בין דאָך בלינד אין דיינע מעדיקאַ־מענטן! שטאַרק זיך און ווייז מיר־אָן, וואָס זאָל איך דיר דערלאַנגען? וואָס זאָל איך דיר געבן, צו לינדערן די שמערצן? זאָג, וויערעטשקאַ, זאָג!

זי האָט אַ רגע אויפגעריסן די אויגן:

— גיב, באריס... אָט דאָס גרינע פלעשעלע...

ער האָט עס איר שנעל דערלאַנגט. זי האָט עס אַ כאַפּ־געטון מיט בײדע ציטערנדיקע הענט און האַסטיק אַ שלונג געטון.

און תיכף, ווי זי האָט אַ שלונג געטון, האָט זי אויפגעפלאַטערט, ווי אַ פײער וואָלט זיך אין איר צעברענט. ווי עס וואָלט איר געבריט אין מויל, אין דער קעל און אין אלע אינגעווײדן. זי האָט זיך נאָך מער אײנגע־שרומפּן, אײנגעקראַמפּט זיך אין אַ נערוון־קנויל און דאָס פּנים איז נאָך פינצטערער געוואָרן.

בעריש האָט עפּעס אַ שטאָך געטון אין די געהירן און אַ שניט בײם האַרץ:

— ווײעראַ! וואָס איז דאָס געווען?! וואָס האָסטו געטון, ווײעראַאַאַ?!!!

עס איז קענטיק געווען, ווי זי קעמפּט מיט זיך, שטרענגט זיך־אָן צוזאַ־מענצונעמען אירע לעצטע כוחות. ענדלעך האָט זי די מיט בלוט־פאַרלאָ־פענע אויגן געעפנט און אויף אירע אויסגעקניפּטע בעקלעך אַ שמײכל אַרויפגעצווונגען:

— אַ דאַנק, באריס... האָסט מיר כאָטש אײנגעשפּאָרט איבעריקע לײדן... — האָט זי גערעדט האַסטיק און אָפּגעהאַקט — איצטער וועט עס שוין לאַנג נישט געדויערן...

— ווײעעעראַאַאַ!!! וואָס האָסטו געטון?! — האָט בעריש אַרויסגע־יאָמערט אײנגאַנצן אַן אײנגעבראָכענער — האָסט מיך אָפּגענאַרט, ווײעראַ! דורך מײנע הענט האָסטו זיך...

— זײ מיר מוחל, טײערער... געדענק מיך, באָריס... געדענק מײן קבר... איך האָב דיך שטאַרק געליבט, באריס... זײער שטאַרק! — הײ צווײ פּערלמוטערנע טרערן פאַרדעקט אירע שוואַרצאַפּלען. — אָט איצט, באריס! — האָט זי זיך ווידער אַ קראַמף געטון — נעם מײן קאָפּ אויף דײן שויס, איך — — —

און ווי ער האָט גענומען איר קעפּל אויף זײן שויס, האָט זי אַ לעצטן מאָל אויפגעצאַפּלט. די קראַמפּן האָבן נאָכגעלאָזן. זי האָט זיך ווי אויס־געגלײכט. די בלײכע הענט זענען מאַטלאָז אַראָפּגעפאַלן. דאָס פינצטערע פּנים איז בלײך און פאַרשטאַרט געבליבן.

בעריש האָט נאָך לאַנג געקוקט איר קאַלטן שטערן, אויף וועלכן די אַנגסט־שווײסן האָבן שוין געגליווערט. און כאָטש ער האָט איצט נאָך שווערער געפילט איר קאָפּ אויף זײן שויס, האָט ער שוין געוווּסט,

אַז וויעראַ איז נישטאָ. זי איז אַוועק פון אים, האָט אים פאַרלאָזט. איצטער איז ער געבליבן איינער אַליין.

— און איך בין געבליבן מיט מיינע יסורים! פאַרוואָס?! צוליב וואָס?!

ער האָט זיך אַ נישט־דאָאיקער אומגעקוקט אויף דער זיעמליאַנקע, ווי צום ערשטן און צום לעצטן מאָל. אַלץ איז אים דאָ אומהיימלעך־פרעמדו! און אָט אין דער אומהיימלעכער פרעמדקייט איז זיין נאָענטסטע נאָענטקייט פאַרגאַנגען! איינגעזאַפּט זיך אין טונקעלן חלל אַריין. איינגע־זאַפּט די לעצטע שטראַלן פון אירע בליקן און די לעצטע ווערטער אירע — פאַרשלונגען. נישט־שוין־זשע באַוועגן זיך נישט מער אירע ליפּן? נישט־שוין־זשע הערט ער זי נישט מער? — ער האָט אָנגעשפּיצט זיינע אויערן:

פון דער שכנותדיקער אַלגעמיינער זיעמליאַנקע האָט זיך געטראָגן דער שכורער, אוקראַינישער כאָר...

בערישעס אויגן זענען איצטער טאָפּלט גרויס געוואָרן און אויסגע־טריקנט פון אַ טרער. און אין זיין ברוסט האָט זיך אַ ווינט, אַ ווילדער שטור־רעם־ווינט צעברומט און מיט אימפּעט זיך צעטראָגן.

יסורים צעברעכן אַ מענטשן און יסורים פאַרהאַרטעווען אַ מענטשן. אָדער פאַרוואַנדלען אים גאָר, ווי לוטס ווייב, אין אַ שטיק זאַלץ.

איין צאָן־ווייטיק מאַכט אַ מענטשן שפּרינגען פון דער הויט אַרויס און קלעטערן אויף די גלייכע ווענט. — אָבער צעריסנקייט פון אַלע גלי־דער, פאַרשרייען זיך מיט יסורים איינע די אַנדערע. און די צעטרייבערטע עמפּפינדלעכקייט ווייסט נישט, אויף וועלכער וווּנד זיך צו קאָנצענ־טרירן.

אַ האָגל פון שווערע שטיינער האָט זיך איצטער אַ שאָט געטון אויף בערישן, פון אַלע זייטן מיטאַמאָל. — ווענט פאַלן אויף אים! ער שטייט צווישן די זיך־קרישלענדיקע יסודות פון דער וועלט. עס איז ערד־ציטער־ניש און אַלע מויער־ווענט פאַלן אויף אים!

שפּעט ביינאַכט איז מאַקסים געקומען פון זיין וואַך־פּאָסטן. ער, דער איינציקער פון גאַנצן אָטריאַד, האָט פאַרלוירן אויף וויעראַן אַ הייסע טרער.

דער גוטער מאַקסים האָט געהאָלפן בערישן גראָבן דעם קבר אין געפרוירענעם באָדן. זיי האָבן וויעראַן באַגראָבן זייט־ביי־זייט מיט מעכע־

לען און מרימען: — זאָל זי ליגן נעבן זיי, ווי אַ געטרייע מוטער. און זאָלן זייערע קברים נישט זיין עלנט, צעשפרייט איבערן וואַלד.

לאַנג זענען זיי געשטאַנען איבער די קברים שטומערהייט, מיט די לאַפּאַטעס אין די הענט.

און פּלוצלינג האָט עס פון בערישן אַרויסגעקלאַגט מיט זיין טאַטנס קול און ניגון:

— יתגדל ויתקדש שמה רבה!

דער וואַלד האָט אַזש אויפגעשוידערט און דער גאַטלאָזער מאַקסים, האָט זיך פאַרכטיק איבערגעצלמט.



בעריש האָט לאַנג נישט באַנומען, וואָס מאַקסים רעדט צו אים. ער איז געשטאַנען ווי אַ פאַרטויבטער מיט אַ שווערן קלאַפּ אין דער פּאַטיל-ניצע. פינצטער איז אים געווען פאַר די אויגן, ווי נישט אין קיין קאָפּ וואָלטן זיי געזעסן, נאָר אין אַ קאָכעדיקן טאָפּ סמאָלע.

ער האָט געהערט, אַז מאַקסים רעדט, געזען זיינע טרערן, געפילט, ווי ער נעמט אים אַרום און קלאַפּט אים ברודערלעך אין דער פּלייצע. ער טענהט, ווי ער וואָלט זיך ביי אים עפּעס געבעטן. בעריש באַנעמט אָבער נישט זיינע רייד. פאַרשטייט נישט, וואָס ער וויל פון אים.

ערשט ווען מאַקסים האָט אים אָנגענומען ביי זיינע ברייטע אַקסלען און אים צעטרייסלט ווי אַ פאַרחלשטן מיט אַ געשריי:

— האָב רחמנות, באַריס! הער מיך אויס!!!

ערשט איצט האָט בעריש, ווי אַ פרעמד-פּלאַנעטיקער, וואָס איז דאָ אַראָפּגעפאַלן, איינציקווייז אָנגעהויבן צו באַנעמען מאַקסימס רייד:

— דו טאָרסט זיך נישט אומקערן אין דער זיעמליאַנקע, באַריס! דו מוזסט שוין אַוועק פון דאַנען! דער וועג איבער דער אָזערע איז פריי! דורך דאָרטן, לאָז זיך אויף מזרח. דאָ, האָסטו עסן און טרינקען אויף אַ צוויי-דריי טאָג. דערבאַרעם זיך באַריס, אַנטלויף! און וואָס שנעלער! מיר, דאָס הייסט איך און דיאַדיאַ וואַניאַ אַנטלויפן אויך. מעגלעך היינט נאָך און מעגלעך מאָרגן. איך וואָלט געגאַנגען שוין, מיט דיר. נאָר...

— וווּ איז דיאַדיאַ וואַניאַ? אפילו אָנצוקוקן מיין אומגליק, ביי-זיין ווייעראַס קבורה, איז ער נישט געקומען!

— דיאַדיאַ װאַניאַ איז שװער פאַרװונדעט. זייער שװער! דעריבער קען איך טאַקע מיט דיר נישט גיין. איך קען דאָך אים דאָ נישט איי־בערלאָזן!

— װאָס איז מיט אים געשען?

— די דייטשן זענען איבערגעפאַלן אונדזער לינקן פליגל. מיר האָבן פאַרלוירן צװיי טויטע: דעם ליטװינער און דעם װייסרוס. די בעסטע צװיי מענטשן! און דיאַדיאַ װאַניאַ איז שװער פאַרװונדעט. זייער שװער! הערסט? פונדעסטװעגן האָט ער אינזינען געהאַט צו באַפוילן, אַז איר... ס'הייסט, דו זאָלסט אַנטלויפן! ער האָט נאַטירלעך נישט געװוסט װעגן װיעראַן, אַז עס האַלט אַט אַזױ... יאָ. דער אַטריאַד איז סיי־װי אַ פאַרלוירענער! צו באַדױערן איז נישטאָ װאָס!... אַ באַנדע כוליגאַנישע שכורים! נישט איינ־געגעבן זיך צו מאַכן זיי פאַר לייט... אָבער דער עיקר: לױט די צוגריי־טונגען װאָס די דייטשן מאַכן, זעט זיך פאַר, אַז זיי װעלן מאָרגן דורכקע־מען דעם גאַנצן װאַלד! נישט אויסגעשלאָסן, אַז זיי װעלן באָמבאַרדירן און אונטערצינדן! און אונדזערע כוליגאַנעס טרינקען דאָרטן אין דער זיעמ־ליאַנקע און װייסן גאָרנישט! װייסן נישט אפילו, אַז מיר האָבן שוין צװיי הרוגים און אַז דיאַדיאַ װאַניאַ איז אַזױ געפערלעך פאַרװונדעט!

— װוּ ליגט ער? װאָס װעט זיין מיט אים?

— דו גיי נישט אַהין! קען זיין, אַז נאָך היינט ביינאַכט װעל איך אים אויף די פלייצעס אַ נעם טון און אַװעקטראָגן. און ס'קען זיין, אַז מיר װעלן זיך נאָך טרעפן ערגעץ אין װעג... דו האָסט דאָ נישט אויף װאָס צו װאַרטן! באַדענק זיך, באַריס! שטאַרק זיך און גיי!

בעריש האָט גאָרנישט געענטפערט. זיינע קני האָבן זיך איינגעבראָכן און ער איז צוגעפאַלן מיטן פנים צום פריש־אויפגעשאָטענעם קבר. ער האָט צעשפּרייט זיינע הענט, װי אַרומצונעמען אַלע דריי קברים מיט־אַמאָל. װי װעלנדיק צום לעצטן מאָל צודריקן זיי צו זיין האַרצן. ער האָט געקושט דעם געפרוירענעם באָדן און געפּיבערט מיטן גאַנצן לייב.

מאַקסים האָט אים קוים אַװעקגעריסן און אויפגעשטעלט אויף די פיס װי אויף אַ פּאָר הילצערנע שטאָלצן. ער האָט אים געקושט איןביידע באַקן און זיך געבעטן:

— גיי, באַריס, גיי!

בעריש האָט זיך האַסטיק אַ קער געטון אין אַלע זייטן, װי ער װאָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט, װי ער װאָלט עפּעס געזוכט.

— ווו איז מיין מאַשין־געווער?

מאַקסים האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ:

— דער כוליגאַנישער שכור־אַטאַמאַן, דיאַדיאַ גרישאַ, האָט עס צוגע־נומען... ווערט ער געהרגעט מיט דעם אינאיינעם! נעם אָט די דריי גראַ־נאַטן. נעם און גיי!

— מיין געווער!!! — האָט בעריש אַ רעווע געטון און געקריצט מיט די ציין.

ער האָט איצט אויסגעזען ווי יענער רויטאַרמייער, וועלכער איז צוזאַ־מען מיט אים געלעגן אין ביאַליסטאָקער שפּיטאָל. דער רויטאַרמייער איז ערגעץ אַרויף אויף אַ מינע, וואָס האָט אויפגעריסן און אים אָפּגעריסן הענט און פיס. אין שרעקלעכע יסורים איז ער געלעגן. אָבער זיין געשריי איז נישט געווען וועגן זיינע אמפּוטירטע גלידער, נאָר צוליבן פּרישטשיק, וואָס האָט אים געסוויענדזשעט אויף דער שפּיץ נאָז און ער האָט עס נישט געקענט קראַצן!...

בערישעס אַלע אומגליקן און יסורים זענען איצט פאַרהילט געוואָרן מיט איין געשריי:

— מיין מאַשין־געווער!!!

**
*

בעריש געדענקט נישט ווי אַזוי ער האָט זיך געזעגנט מיט מאַקסימען. ער געדענקט נישט, צי ער איז טאַקע געגאַנגען איבער דער אָזערע, אָדער דורך אַן אַנדערן וועג. ער געדענקט נישט, ווען און ווי ער איז אַרויס פון דער אַרומרינגלונג.

ער האָט זיך פּלוצלינג אַרומגעזען איינער אַליין מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס, מיט דריי גראַנאַטן אין גאַרטל פאַרשטעקט אין אַ פרעמדן, פינצטערן וואַלד.

ווו גייט ער? אין וועלכער ריכטונג? און ווי לאַנג שוין?

זעט־אויס, אַז ער גייט שוין זייער לאַנג. שעהען! ווייל אַ העפּטיקע קאַנאָנאַדע הערט ער איצט פון דער וויטנס, ערגעץ זייער ווייט, הינטער זיינע פּלייצעס. ער הערט אַ ווייטן גרעגערן פון אַעראָפּלאַנען, טעמפּע באָמבען־אויפרייסן. ראַקעטן בליצן־אויף און דאַכט זיך אים, אַז אַ סטאָלב פייער האָט זיך אַ הויב געטון איבער די ווייט־ווייטע וואַלד־קרוינען.

„מאַקסים איז גערעכט געווען... עס האָט זיך אָנגעהויבן!... — האָט בעריש אַ טראַכט געטון — סדום ווערט דאָרטן איבערגעקערט!... אָבער איך מעג זיך אומקוקן. מיר קען דאָך שוין נישט געשען דאָס, וואָס מיט לוטס ווייב. איך בין דאָך שוין סיי־ווי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיק זאַלץ! אַ גייענדיק, באַוועגלעך שטיק זאַלץ!...״

ער האָט זיך אומגעקערט און געזען, ווי פיאַליעטע פלאַמען דער־הויבן זיך ערגעץ ווייט־ווייט, אויף אַ מרחק פון אַריבער אַ צענדליק קילאָמעטער. די פלאַמען רייסן זיך צום הימל און צינדן אָ־ם מיט שקיעה־שיין.

— זייט דאָרטן די כפרה פאַר כל־ישראל! — האָט בעריש אַ שפּיי געטון און נאָך האַסטיקער געגומען שפּאַנען פאָראויס. נאָר באַלד איז אַ גאַליקע ביטערקייט געקומען אויף זיין גומען: — פאַר כל ישראל? צי איז נאָך דאָ אַ פאָלק ישראל אויף דער ערד? אפשר זענען דאָס גאָר מעכעלע און מרים געווען די לעצטע צוויי קינדער פון דעם פאַרשניטענעם ישראל? — מעכעלע און מרים... איך אַליין האָב דאָך זיי אומגעבראַכט! איך אַליין! און וויעראַ האָב איך אומגעבראַכט! איך בין דאָך געווען די פאַסטקע, וואָס האָב זיי אַריינגענאַרט אין אַטריאַד! ווען נישט איך, וואָלטן זיי נאָך אפשר דאָ אין די וועלדער!... עך, ווו איז מיין שכל געווען?! פאַרשאָלטן בין איך געוואָרן צו זיין דער האַטשיק אויף זייער ווענדקע, אויף צו פאַנ־גען אַזעלכע גאָלדענע פישעלעך!... זיי האָבן זיך דאָ געצאַפּלט און געצאַפּלט מיט זייער בידנעם לעבן, ביז מען האָט זיי אָפּגעפּרעגלט! און וויערא... ווי זי האָט זיך עס געבעטן ביי מיר: „באַריס, לאָמיר תיכף אַנטלויפן! עס איז אַ געפאַר!״ און איצט, — ווי האַלט מען דאָס אויס? ווי טראָגט מען עס אַריבער? פאַרוואָס פלאַצט נישט אין מיר דאָס האַרץ? נישט אַנדערש, איך האָב טאַקע אַן אייזערן האַרץ! אַ פאַרזשאַווערט האַרץ, אָבער דאָך פון אייזן! און נאָכוואָס טראָג איך זיך עס אַרום אויף מיינע פיס? וואָס טאָפּטשע איך נאָך איבער דער ערד? איך, דער לעצטער ייד! דער לעצטער פון אַ קדושים־פאָלק! אפשר דאַרף איך עס זיין דער ייד, וואָס היטלער האָט צוגעזאָגט, אַז אין אַ מוזיי וועט מען אים זען, אַן אויסגעשטאָפּטן?... — ניין! אָט מיט די גראַנאַטן וועל איך זיך בעסער אויפרייסן! זאָל קיין זכר נישט בלייבן פון דעם פאָלק, פון וועלכן גאָט האָט זיך אָפּגעקערט! גאָט האָט עס טאַקע פאַרשעמט. אָבער איך, אַלס קיין שאַנד־זכר פאַר דער גויאישער וועלט וועל נישט בלייבן! יאָ... ווי וועט עס אויסזען די וועלט

אָן יידן? וועט עס טאַקע קיינעם אַ קימער נישט טון, אָט דאָס גרויליקע פאַרברעכן, פון פאַרטיליקן אַ פאָלק פון דער ערד? עס וועלן אויפקומען נייע דורות. זיי וועלן לערנען און שטודירן. וועלן זען, אַז עס איז איבער־געבליבן אַ ליטעראַטור, אַ קולטור, אַ תנ״ך, אַ גאָט און אַ גלויבן, וואָס יידן האָבן געגעבן. וועט מען זיך דאָך פרעגן: פאַרוואָס האָט מען אָט דאָס פאָלק אומגעבראַכט? — איז וואָס־זשע וועט זיין דער ענטפער? וועט מ׳ען זיך עס דען פרעגן? און אויב יאָ, — וועט זיך דען געפינען אַן ענטפער?

...און אפשר טראָג איך עפּעס אַ שליחות? אפשר איז דאָ אין דעם אַ סימבאָלישער באַדייט, וואָס דער גורל פירט מיך אַדורך דורך אַלע געפאַרן אַ געגנעזענעם? — ניין! איך וויל נישט קיין שליחות! איך וועל נישט זיין דער פאַרפלאַנצער פון אַ נייעם דור, נאָך אַ מבול, ווי נח איז עס געווען. איך וויל נישט זיין קיין נח און קיין אדם הראשון פון אַ ניי פאָלק! אויב אַ נביא זיין, בין איך דער נביא פון לעסטערונג. איך לעסטער גאָט און זיין גאַנצן „הייליקן״ באַשאַף!

די קני האָבן זיך אים געבראָכן. ער האָט דערפילט אַ ווייטיקדיקע מידיקייט אין אַלע זיינע גלידער. ער איז אַנידערגעזונקען אונטער אַ בוים.

שטיל איז געווען אַרום. בית־עולמדיק שטיל. די לבנה האָט זיך אַפּיר־געגליטשט פון הינטער אַ וואָלקן און באַטריפט מיט געלן וואַקס דעם וואַלד.

בעריש האָט דערפילט, אַז ער מוז באַנעצן דעם פאַרטריקנטן גומען. מיט ביטערקייט פון פלעשל, די ביטערקייט פון האַרצן פאַרגיסן. ער האָט זיך אָנגעגאָסן אַ קווערטל און גענומען צום מויל. אָבער פּלוצלינג איז ער אַ פאַרשטאַרטער געבליבן: פון בראָנפן, אין קווערטל, האָט אַרויסגע־טויכט דאָס פּנים פון זיין טאַטן!... זיין שניי־ווייסער קאָפּ, מיט זיין שניי־ווייסער באָרד... — אָבער ניין, דאָס איז דאָך נישט זיין טאַטע — דאָס איז דאָך ער אַליין, זיין אייגענע אָפּשפּיגלונג!

— ווייס בין איך? — יאָ, שניי־ווייס... אַן אַלטער, ווייסער קאָפּ און אַ זקנהשע ווייסע באָרד... אַ „פּעטער שנייער״ בין איך געוואָרן!... נעכטן בין איך דאָך נאָך געווען קופּער־רויט! נישט־שוין־זשע בין איך עס אַזוי, במשך פון איין מעת־לעת?!

אַ ווינטל האָט צעוויגט דעם וואַלד און אַ דיבינקן שנייעלע פון די צווייגן אַראָפּגעשאָטן.

און בערישן האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט שטימען. יאָ, קלינגענ־דיקע שטימעלעך... ווי מעכעלע און מרימל וואָלטן דאָ ערגעץ אַרומגע־לאָפֿן צווישן דיביימער, געלאַכט און געשפּילט זיך מיט אים אין אַ באַהעלטעניש... און באַלד האָט ער וויעראַס שטימע דערהערט. אַזוי צערטלעך, קאָלירפֿול און וואַרעם... ווי זי וואָלט אים צו וויסן געטון: „זאָרג זיך נישט, באַריס, איך פּאַס־אויף אויף זיי, ווי אַ מאַמע...“

ניין, נישט דער ווינט — דאָס האָט וויעראַ אים אַ קוש געטון אין שניי־ווייסן קאָפּ... מיט אירע צאַרטע פֿינגער האָט זי עס שטיפֿעריש אַ צעשויבער געטון זיין טשופּרינע און מיט אַ געלעכטערל אַנטלאָפֿן...

בעריש האָט זיך האַסטיק אומגעקערט אין אַלע זייטן. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער זעט טונקעלע שאָטנס זיך באַוועגן אויפֿן בלוילעך־ווייסן שניי. שאָטנס, ווי מתים וואָלטן פֿון קברים אַרויס און שלייכן זיך ערגעץ, צו טובלען זיך אין מקוואות און פּראַווען חצות.

אפשר זענען עס נשמות פֿון נאָר־וואָס אויסגעקוילעטע עדות יידן?! אפשר גייען זיי עס מיט אַ טענה צום בית־דין של מעלה?!

אָבער בעריש האָט זיך באַלד אַרומגעזען, אַז דאָס האָט די לבנה זיך מיט אים אַ שפּיל־געטון... די לבנה גליטשט זיך פֿון וואָלקן צו וואָלקן און מאַכט אַרומפּויזען שאָטנס איבער וואַלד און פֿעלד...

— מען דאַרף גיין! — האָט עס אים אַ הויב געטון פֿון אָרט.

און ווען ער האָט שוין געשטעלט די ערשטע טריט, האָט ער צו זיך ביטער אַ שמייכל־געטון:

— וואָס אייל איך זיך?... צו וואָס? וווהין? וואָס וויל איך דען דער־גרייכן און וואָס קען איך שוין פֿאַרשפּעטיקן?...

***

בערישעס פּאַרטיזאַניש־אויפֿגעשפּיצטע אויערן מיטן וואַכזאַמען גע־הער האָבן פֿאַרנומען אַ פֿאַרדעכטיקן שאָרכען. יאָ, דאָס־מאָל דוכט זיך אים נישט! ער הערט דאָס שאָרכען גאַנץ דייטלעך.

ער האָט זיך פֿאַרטייעט הינטער אַ בוים און כמעט איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

דאָס שאָרכען איז געקומען נענטער און דייטלעכער. ער הערט ווייכע טריט אין שניי און אַ האַסטיקן סאָפּען דורך נאָז־לעכער.

— סטאָי! — איז בעריש פון הינטערן בוים אַרויסגעשפּרונגען, אַרויס־ציענדיק גלייכצייטיק אַ גראַנאַט פון גאַרטל.

מיטן גראַנאַט אין דער אויפגעהויבענער האַנט, איז ער שטיין געבליבן אַן איבערראַשטער: אַנטקעגן אים איז געשטאַנען אַ מגושמדיק־גרויסע, ווילדע חיה, מיט שאַרפע, צעשטשירעטע ציין.

די ערשטע באַוועגונג איז געווען, ווי אַ פאַרמעסטן זיך, אַ שפּרונג צו טון איינער אויפן אַנדערן. די חיה — מיט נעגלדיקע לאַפּעס און צע־שטשירעטע ציין און בעריש — מיטן גראַנאַט.

אָבער באַלד האָבן זיך ביידע עטוואָס צוריקגעצויגן, ווי רעזיגנירט פון איבערפאַלן.

— „נישט־שוין־זשע זע איך אויס נאָך שרעקלעכער פון איר, — האָט בעריש אַ טראַכט געטון — וואָס זי האָט מורא מיך צו באַפאַלן?!"

די חיה האָט געקוקט אויף בערישן און בעריש האָט געקוקט אויף דער חיה. און פּלוצלינג האָט ער דערזען, אַז די ווילדע וואַלד־חיה קוקט אויף אים מיט גרויסע, מענטשלעכע אויגן! יאָ, מענטשלעכע אויגן... מענטשלעכער ווי די אויגן פון גאַנצן אַטריאַד! די חיה קוקט אויף אים מיט אַן אויסדרוק פון מיטלייד און ביטול צוזאַמען. אפילו אירע ציין זענען נישט פאַרצוקעריש, נאָר ביטולדיק צעשטשירעט...

בערישן האָט זיך די האַנט מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזן און ער האָט דעם גראַנאַט צוריק אין גאַרטל פאַרשטעקט.

„זי איז דאָך נישט געקומען צו מיר, אין שטאָט אַריין, נאָר איך, — צו איר אין וואַלד... — האָט בעריש אַ טראַכט געטון — וואָס האָב איך דען צו איר, אַז איך זאָל זי טויטן?"

אויך די ווילדע חיה מיט די מענטשלעכע אויגן האָט איר פּיסק פאַרמאַכט און די ציין באַהאַלטן. זי האָט אַ שאָקל־געטון מיט איר גרויסן, באַגריוועטן קאָפּ, ווי מיט פאַרשטאַנדיקער באַדויערונג. אַרויסגעלאָזן אַ ברום פון אַ ביטולדיקן זקן, אַ ברום, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געגעניץ און האָט זיך לאַנגזאַם און רואיק גענומען דערווייטערן.

די חיה איז זיך געגאַנגען איר וועג. בעריש האָט זי מיט קנאהדיקע בליקן באַגלייט. עס איז אים אפילו איינגעפאַלן:

„אפשר זאָל איך, דער פון מענטשן אַנטרונענער, נאָכגיין איר, אַלס אַן אורח אין איר נאָרע און זוכן ביי איר שוץ?"

נאָר די חיה איז פֿאַרשוווּנדן צווישן די ביימער־געדיכטעניש. געוויס אַוועק צו זיך אַהיים. אין איר נאָרע, צו אירע קליינוואַרג, צו איר גליק־לעכער חיה־משפּחה.

און בעריש, אַן איינזאַמער, האָט ווייטער געשפּאַנט, אַלץ טיפֿער אין דער ווינטערדיקער נאַכט־אַריין.

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן
אין ארגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַג־לייטער: אברהם מיטלבערג

## ביז איצט דערשינען:

1) מאַרק טורקאָוו — מלכה אָוושיאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג — י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן־וויערניק — טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין — מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט — חורבן לאָדזש (אויספאַרקויפט)
6) זרובבל — באַרג חורבן (קאַפּיטלען פּוילן) (אויספאַרקויפט)
7) אלחנן צייטלין — אין אַ ליטעראַרישער שטוב (אויספאַרקויפט)
8) ד"ר ח. שאָשקעס — פּוילן — 1946 (אויספאַרקויפט)
9) ז. סעגאַלאָוויטש — טלאָמאַצקע 13 (אויספאַרקויפט)
10) מ. נודעלמאַן — געלעכטער דורך טרערן (אויספאַרקויפט)
11) ד"ר מאיר באַלאַבאַן — די ייִדן־שטאָט לובלין (אויספאַרקויפט)
12) ישראל אפרת — היימלאָזע ייִדן (אויספאַרקויפט)
13) ד"ר יעקב שאַצקי — אין שאָטן פון עבר (אויספאַרקויפט)
14) דוד פלינקער — אַ הויז אויף גזשיבאָוו (אויספאַרקויפט)
15) ד"ר הלל זיידמאַן — טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ (אויספאַרקויפט)
16) זאַמלונג פון דאָקומענטן — קינדער־מאַרטירלאָגיע (אויספאַרקויפט)
17) חיים גראַדע — פּליטים (לידער) (אויספאַרקויפט)
18) ש. קאַטשערגינסקי — פּאַרטיזאַנער גייען!... (אויספאַרקויפט)
19) פרידע זרובבל — נע ונד (פאַרצייכענונגען פון אַ פּליטה)
20) מרדכי שטריגלער — מאַידאַנעק
21) יעקב לעשצינסקי — אויפן ראַנד פון אָפּגרונט (אויספאַרקויפט)
22) ז. סעגאַלאָוויטש — געברענטע טריט
23) אברהם טייטלבוים — וואַרשעווער הייף
24) טאַניאַ פוקס — אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן — צווישן שרעק און האָפענונג (אויספאַרקויפט)
26) לעאָ פינקלשטיין — מגילת פּוילן (אויספאַרקויפט)
27) יאָנאַס טורקאָוו — אַזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע)
28) ש. איזבאַן — „אומלעגאַלע" ייִדן שפּאַלטן ימען
29) יעקב פּאַט — הענעך
30) ד"ר י. קערמיש — דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

31) **שמחה פּאָליאַקיעוויטש** — אַ טאָג אין טרעבלינקע
32) **מרדכי שטריגלער** — אין די פאַבריקן פון טויט
33) **אברהם נחתומי** — אין שאָטן פון דורות
34) **יחיאל לערער** — מיין היים (**פּאָעמע**)
35) **יוסף וואָלף** — לייענענדיק פּרצן...
36) **צפּורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו** — יצחק קאַצענעלסאָן
37) **י. הירשהויט** — פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק
38) **נחום סאָקאָלאָוו** — פּערזענלעכקייטן
39) **רחל קאָרן** — היים און היימלאָזיקייט (**לידער**)
40) **א. אלמי** — מאָמענטן פון אַ לעבן
41) **מנשה אונגער** — פּשיסכע און קאָצק (**אויספאַרקויפט**)
42) **מ. בורשטין** — איבער די חורבות פון פּלוינע
43) **מ. קיפּניס** — הונדערט פאָלקס־לידער (**אויספאַרקויפט**)
44) **ז. סעגאַלאָוויטש** — מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב
45) **ד״ר ח. שאָשקעס** — אַ וועלט וואָס איז פאַרביי...
46) **שלמה וואַגאַ** — זוורבן טשענסטאָכאָוו
47) **אברהם זאַק** — יאָרן אין וואַנדער (**לידער**)
48־49) **ש. איזבאַן** — פאַמיליע קאַרפּ (**ראָמאַן**) (**אויספאַרקויפט**)
(פרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1950)
50) **ד״ר א. מוקדוני** — מיינע באַגעגענישן (**זכרונות**)
51) **ר. שושנה־קאַהאַן** — אין פייער און פלאַמען (**טאָג־בוך**)
52) **י. י. טרונק** — די יידישע פּראָזע אין פּוילן
53) **יאָנאַס טורקאָוו** — אין קאַמף פאַרן לעבן
54) **יצחק פּערלאָוו** — די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947״ (**ראָמאַן**)
55) **פּנחס ביזבערג** — שבת־יום־טובדיקע יידן
56) **שלום אַש** — פּעטערבורג (**ראָמאַן**)
57) **שלום אַש** — וואַרשע (**ראָמאַן**)
58) **שלום אַש** — מאָסקווע (**ראָמאַן**)
59) **ד״ר פיליפּ פרידמאַן** — אָשוויענטשים
60) **ב. ראָזען** — טלאָמאַצקע 13
61) **דוד פלינקער** — אין שטורעם (**ראָמאַן**) **ערשטער באַנד**
62) **דוד פלינקער** — אין שטורעם (**ראָמאַן**) **צווייטער באַנד**
63) **יאַנוש קאָרטשאַק** — משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך
64—65) **מרדכי שטריגלער** — „ווערק צע״
(פרעמירט דורכן האָפער־לייב ליטעראַטור־פאָנד ביים יידישן קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס איירעס 1951)
66) **חיים גראַדע** — שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
67) **רבקה קוויאַטקאָווסקאַ** — פון לאַגער אין לאַגער
68) **יואל מאַסטבוים** — מיינע שטורמישע יאָרן (**זכרונות**)
69) **אליהו טראָצקי** — גלות דייטשלאַנד
70) **ד״ר י. שאַצקי** — קולטור־געשיכטע פון דער השכלה (**אויספאַרקויפט**)

71) **נחמן מייזיל** — געווען אַמאָל אַ לעבן...
72) **י. י. טרונק** — סימכע פלאַכטע פון נאַרקאָווע **(אויספאַרקויפט)**
(פרעמירט דורכן צבי־קעסטל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1951)
73) **יהודה עלבערג** — אונטער קופערנע הימלען
74) **ד״ר א. מוקדוני** — אויסלאַנד
75) **זיגמונט טורקאָוו** — פראַגמענטן פון מיין לעבן
76) **יהושע פערלע** — יידן פון אַ גאַנץ יאָר
(פרעמירט מיט דער פרץ־פרעמיע פון יידישן פען־קלוב אין פוילן
און ליטעראַטור־־פרעמיע פון „בונד" אין פוילן, וואַרשע 1937)
77) **יעקב לעשצינסקי** — ערב חורבן
78) **דניאל טשאַרני** — ווילנע
79) **ז. סעגאַלאָוויטש** — דער לעצטער לאָדזשער ראָמאַן
80) **יזכור־בוך** — בעלכאַטאָוו
81) **מ. י. שעליובסקי** — אויף אַ פולער וואָך
83—82) **יצחק פערלאָוו** — דער צוריקגעקומענער **(ראָמאַן)**

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

**יוסף אָקרוטני** — דאָס בוך פון די עלנטע
**ד״ר יוסף טענענבוים** — גאַליציע — מיין אַלטע היים
**מרדכי שטריגלער** — גורלות
**מנשה אונגער** — חסידות אין פוילן און גאַליציע

## עס גרייט זיך צום דרוק:

**ב. מיכאַלעוויטש** — זכרונות פון אַ יידישן סאָציאַליסט
**ז. י. אנכי** — ר' אבא און אַנדערע דערציילונגען
**רחל אויערבאַך** — פון רינגעלבלומס אַרכיוו
**יוסף רייך** — זכרונות פון אַ פּאַרטיזאַן
**ד״ר יעקב וויגאָדסקי** — זכרונות פון אָקופּאַציע־יאָרן
**ד״ר גרשון לעווין** — דאָס בוך פון מיין לעבן
**ז. סעגאַלאָוויטש** — פופציק בריוו
**קאַדיע מאָלאָדאָווסקי** — אַמאָל איז געווען
**הערשעלע** — שבת אויפן טראַקט
**אברהם לעוו** — אַ ליד נאָך אייך
**גרשם באַדער** — קראָקע
**משה זאָנשיין** — „יידיש וואַרשע"
**מיכאל מ. באָרוויטש** — אָרישע פּאַפּירן
**ד״ר א. מוקדוני** — וואַרשע—לאָדזש **(זכרונות)**
**י. הירשהויט** — נאַפּט־מאַגנאַטן
**דניאל טשאַרני** — אַ ליטוואַק אין פוילן
**אליהו דיזשור** — יידן לויפן פון פוילן **(זכרונות)**

## פּרעסע־שטימען וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע יידנטום



**יעקב באַטאַשאַנסקי** שרייבט וועגן יזכור־בוך, געווידמעט דעם שטעטל בעלכאַטאָוו („די פּרעסע״, בוענאָס איירעס, 24סטער סעפּטעמבער 1951):

אין דער סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום״ פון היגן צענטראַל פאַר־באַנד פון די פּוילישע יידן, וואָס דערשיינט אונטער דער רעדאַקציע פון מ. טורקאָוו און דער אדמיניס־טראַטיווער לייטונג פון א. מיטעל־בערג, איז דערשינען א יזכור בוך „בעלכאַטאָוו״, געווידמעט דעם אָנ־דענק פון אַ פאַרשוווּנדענעם יידיש שטעטל אין פוילן, וואָס איז אַרויס־געגעבן פון דערמאָנטן צ. פ. אינײי־נעם מיט די בעלכאַטאָווער לאַנדס־לייט פאַריינען אין אַרגענטינע, בראַזיל און צפון־אַמעריקע.

דאָס בוך, וואָס באַשטייט פון אַרבעטן פון פאַרשידענע מחברים — שרייבער און נישט קיין שריי־בער — מאַכט אַן איינדרוק פון גאַנצקייט און אחריות. אייניקע בײ־כער פון אַט דעם מין, וואָס קומען פון אַנדערע לענדער, האָבן אָפט מער די כוונה צו פאַרשאַפן כבוד די פירער און טוער פון די ל״ל פאַ־ריינען, ווי טאַקע צו הייליקן דעם אָנדענק פון די קדושים. אין אַט דעם פרט איז אין בוך „בעלכאַ־טאָוו נישט פאַראַן קיין שמץ פון קיין זינד און מיר האָבן טאַקע א בוך פון אַריבער 500 זייטן — אַ מאָנומענט.

אויסער אַ וואָרט פון דער רעדאַק־ציע און דעם וואָרט צום לייענער פון דעם יזכור־קאָמיטעט ביים הי־גן בעלכאַטאָווער לאַנדסלייט־פאַ־ריין, האָט דאָס בוך פיר אָפּטיילונ־גען: „צו דער געשיכטע פון די יידן אין בעלכאַטאָוו״, „בעלכאַטאָוו אין קאַמף, אַרבעט און שאַפונג״, „פּאָליטישע באַוועגונגען אין בעל־כאַטאָוו״ און „חורבן בעלכאַטאָוו״.

די ערשטע אָפּטיילונג באַשטייט פון איין אַרבעט פון דר. פּ. פריד־מאַן, וואָס האַלט אריבער פערציק זייטן און איז אַ קאָרעקט געשריבע־נע, אויף דער באַזע פון דאָקומענ־טן, מיר דערוויסן זיך, אז בעלכאַ־

טאָוו איז נישט געווען קיין אַלטע ייִדישע שטאָט. די ערשטע דאַטן וועגן ייִדישן ישוב זענען פון 1764. עס וואַקסט אויס דורך דר. פרידמאַנס אַרבעט אַ בילד פון ייִדישער ענערגיע, אַרבעטזאַמקייט און עס איז דאָ פאַראַן עפּעס פון דעם וואָס עס ווערט ברייטער דערציילט אין די ווייטערדיקע רובריקן. די דאָזיקע אַרבעט איז אייגנטלעך אַן אריינפיר. זי איז דער כלל, נאָך וועלכן עס קומען די פרטים.

אין דער צווייטער אָפּטיילונג זענען פאַראַן אַרבעטן פון ישראל פּיטאָווסקי, ל. רודניצקי, פּ. וואַלד, יוסף רייך, זלמן פּודלאָווסקי, לוי הערצקאָוויטש, אברהם לייב, הערש גאָלדמינץ, שלמה זשיטניצקי, יעקב באָטאָשאַנסקי און משה יאַנאָווסקי. די מייסטע פון אָט די אַרבעטן זענען זיכרונות. אַן אויסנאַם איז די אַרבעט פון מחבר פון אָט די שורות וועגן דעם בעלכאַטאָווער שרייבער י. ל. גאָלדשטיין, וואָס האָט געוואָלט לאָזן די שווערסטע פּראָבלעמען. יאַנאָווסקי, דער פאָרזיצער פון צעירי אַגודת ישראל אין בעלכאַטאָוו, וואָס איז אומגעקומען אין טויטן־לאַגער אין כעלמנא, האָט אין דער דאָזיקער רובריק אַ ליד, א״נ „הענט“, אין וועלכן עס ווערט גערעדט און געזונגען וועגן די צוויי הענט, וואָס זענען צוויי לוחות און זייערע צען פינגער, וואָס זענען צען געבאָט און וואָס מען צענעמט זיי און מען פאַרגעסט אין גאָט, ווערן זיי שווערדן, שפּיזן, צעשטערער פון וועלטן, אַזעלכע, וואָס וואַרפן אָן




אַ מורא. דער מחבר איז, ווייזט אויס, געווען א כוהן און ער זאָגט, אַז זיינע הענט הויבן זיך נישט צום לינטשן, נאָר צום בענטשן, הויבט ער זיי אויף און שטייט מיט דעם פּנים צו די מאסן און זיי זוכן קאָפּ, פייכטע טרערן פון בלאסן פיין.

די מייסטע ארבעטן פון אָט דער רובריק, זענען זייער אינטערעסאַנט. נישטאָ קיין צופיל ווידערהאָלונגען ווי געווענלעך אין אַזעלכע פאַלן.

יעדער האָט זיך גענומען אַן אַנדער ווינקל. ישראל פּיטאָווסקי הויבט אָן זײַנע זכרונות מיט דעם מאָמענט, ווען עס איז אין שטאָט אַרײַנגעקו־מען דער ערשטער ציוניסטישער שליח און ער פאַרענדיקט מיט זײַן לעצטן באַזוך אין יאָר 1946, און זוכנדיק דעם בית־עולם, האָט ער געפונען דאָס פּלאַץ, ווו ס'איז אַמאָל געווען א בית־עולם. לוציאַן רוד־ניצקי באַשרײַבט בקיצור דעם בעל־כאַטאָווער רעוואָלוציאָנער משה גאָלדפּיש. פּ. וואַלד, באַשרײַבט זײַ־נעם אַ באַזוך אין בעלכאַטאָוו אין יאָר 1898. ז. פּודלאָווסקי ווײַזט בעלכאַטאָוו בײַ דער גרעניץ פון נײַנצנטן י״ה, און ער ווײַזט סײַ די אַרבעטער־באַוועגונג, סײַ דאָס רע־ליגיעזע לעבן, סײַ די קולטור־פּאַ־ריינען און סײַ דאָס בית־המדרש. לוי הערשקאָוויטש שילדערט דעם אָנהייב פון דער קולטור־טעטיקייט אין שטאָט און אברהם לייב שיל־דערט די קולטור־טעטיקייט און די פּאָליטישע קאַמפּן אין די יאָרן 1914־22. פון דער דאָזיקער אַרבעט קומט אַרויס א בילד פון דעם בעל־כאַטאָווער לעבן בכלל. יידן האָבן דאָרט געלעבט נישט פון לופט, נאָר פון האָרעוואַניע. (מוקדוני ווײַזט אָן אין זײַנע זכרונות, אַז אַלע יידישע שטעטלעך האָבן געלעבט אויך פון שווערער האָרעוואַניע); פּאַרטייען האָבן געקעמפט איבער אַ פּיעסע צום אויפפירן. א. לייב, וואָס איז געווען א בונדיסט, שילדערט מיט ליבע אויך חסידים. ער באַשרײַבט אַ רייע אינטערעסאַנטע פּערזאָנען און טשיקאַווע טיפּן, וואָס שרײַבער וואָלטן געקענט אויסנוצן. דער באַ־ריכט פון דער הילפס־טעטיקייט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס איז צופעליק אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, העלפט שאַפן אַ באַגריף וועגן דער שטאָט. הערש גאָלדמינץ דערציילט וועגן דעם קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט, וואָס יידן האָבן געפירט. אין דער דאָזיקער יידישער שטאָט האָבן אין די מעכאַנישע פאַ־בריקן געאַרבעט בלויז פּאָליאַקן און דײַטשן, צוויי יידן זענען געווען, בכדי צו באַשטעטיקן, אַז עס איז נישטאָ קיין כלל אָן אַן אויסנאַם. זײַ־ער לעבעדיק איז אָנגעשריבן שלמה זשיטניצקיס „געווען אַמאָל א שטעטל״. עס איז א האַלב־בעלעט־ריסטישע אַרבעט. עס איז מיט דעם כוח פון וואָרט אָפּגעמאָלן א שטעטל, ווו מען האָט געאַרבעט, געלעבט, ליב געהאַט, געקעמפט, געשפּילט טעאַטער, געזונגען אא״וו.

אין דער דריטער אָפּטיילונג ווערן געשילדערט אַלע פּאָליטישע באַ־וועגונגען אין בעלכאַטאָוו און עס איז דאָ לחלוטין אויסגעמיטן אײַנ־זײַטיקייט. משה אפרתי, אלימלך פּוד־

לאָווסקי און פישל שמואלעוויטש, דערציילן וועגן אלע ציוניסטישע ריכטונגען; לייב פודלאָווסקי באַשרייבט די אָרטאָדאָקסישע באַוועגונג; מ. גליקסמאַן באַשרייבט די בונדישע טעטיקייט און זאַנוול פשעדבאָרסקי, יעקב צינגלער און י. מ. פוקאַטש באַשרייבן די לינקע באַוועגונג.

און די פּערטע אָפּטיילונג, וואָס איז איינגעהילט אין אַ שוואַרץ טרויער רעמל איז ווי אַ מצבה אויף אַ לעבעדיק לעבן, אַ נישט אויסגעלעבטס, אַ פאַרשניטנס פאַר דער צייט. די גרעסטע אַרבעט איז דאָ פון לייב פודלאָווסקי, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט די נאַצי־אָקופּאַציע אין בעלכאַטאָוו. זקן ליבערמאַן באַשרייבן די פיר שוידערלעכע טעג פון 11טן ביז דעם 15טן אויגוסט 1942, ווען מען האָט אַרויסגעשלעפּט אַלע בעלכאַטאָווער יידן פון זייערע היימען און געטריבן פיר טויזנט מענטשן צום אומקום. מ. קויפמאַן באַשרייבט אויך אלס עד ראיה די יאָרן פון חורבן. עס זענען פאַראַן דאָקומענטן פון חורבן און אומקום, קורצע סקיצן וועגן בעלכאַטאָווער קדושים אין פראַנקרייך און בעלגיע און אַ קורצע באַשרייבונג פון יוסף רייך וועגן דעם ווי אַזוי בעלכאַטאָוו זעט אויס אָן יידן. אין דעם צענטראַל אָרגאַן פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט זיך געזאָגט, אַז פון אַ שמוציק אָפּגעלאָזן שטעטל איז בעלכאַטאָוו געוואָרן אַ ציכטיק קולטור־שטעטל און דער מחבר באַמערקט: „מיר וואָלט זיך געוואָלט זאָגן די דאָזיקע „קולטור מענטשן": איר וווינט אין אונדזערע שטיבער, איר שלאָפט אין אונדזערע בעטן און נוצט אונדזערע בעטגעוואַנט, איר טראָגט אונדזערע מלבושים — פאַרשוועכט כאָטש נישט אונדזערע הייליקטימער".

דאָס בוך האָט אַ סך בילדער, וואָס זינגען מיט לעבן. עס איז שווער צו גלויבן, אַז דאָס דאָזיקע לעבן איז שוין מער נישטאָ. אפילו דער בית־עולם איז שוין מער נישטאָ. אויך אים האָט מען חרוב געמאַכט...

די בעלכאַטאָווער לאַנדסלייט פון אַלע לענדער און באַזונדערס פון אַרגענטינע האָבן אינאיינעם מיטן צענטראַל פאַרבאַנד פון די פוילישע יידן אין אַרגענטינע אָפּגעטאָן אַ וויכטיקע אַרבעט מיט דעם אַרויסגעבן אָט דאָס בוך, וואָס מעג געמען ווערן אלס מוסטער פאַר די לאַנדסלייט פון אַלע פאַרשניטענע שטעט און שטעטלעך, וואָס קלייבן זיך צו אַרויסגעבן יזכור־ביכער.

**יוסף מענדעלסאָן** שרייבט וועגן זיגמונטס טורקאָווס „פראַגמענטן פון מיין לעבן" אין אַן אַרטיקל א"נ „וועגן אַ בוך זכרונות וואָס איז מער ווי סתם מעמוארן" („די יידישע צייטונג", בוענאָס איירעס, 20סטער אויגוסט 1951):

דאָס פינפאונזיבעציקסטע בוך פון דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום", וואָס ווערט ארויסגעגעבן דורכן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע, אונטער דער רעדאקציע פונעם אומדערמידלעכן מאַרק טורקאָוו און פארלאַגלייטונג פון אברהם מיטעלבערג. — איז דאָס בוך „פראגמענטן פון מיין לעבן" פון באקאנטן ארטיסט און רעזשיסאָר זיגמונט טורקאָוו.

דער נאָמען זאָגט שוין וועגן דעם אינהאלט פון בוך: „פראגמענטן פון מיין לעבן", איז אַ בוך זכרונות פון דעם לעבן פונעם מחבר, ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן: וועגן אַ געוויסן פּעריאָד פון דעם לעבן פון דעם מחבר; און דער פּעריאָד נעמט אַרום דעם צייט־אָפּשניט, וואָס פאַרענדיקט זיך, פאקטיש, מיטן אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער מחבר, נאָך אַ יונגערמאַן, דאַן, האָט נאָר־וואָס געהאט פארענדיקט זיין פראָפעסיאָנעלן שטודיום אין אַ דראַמאַטישער שולע אין פּוילן און ווערט א פּראָפעסיאָנעלער אקטיאָר און בויער פון דעם דאַן און דורך אים היפּש באַנייט און פאַר־יינגערט געוואָרענעם יידישן טעאַטער אין פּוילן.

אמת, דער מחבר האלט זיך ניט שטרענג ביי דער כראָנאָלאָגיע און,




אין פיל קאפּיטלען פון זיין בוך, מאַכט ער „עקסקורסיעס" פאָראויס אין דער צייט און, פארבייגייענדיק, באַריִרט ער עפּיזאָדן פון דער צייט צווישןביידע מלחמות און אפילו די צייט שוין פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. אָבער ער טוט עס

נישט, כדי סתם צו דערציילן, נישט כדי סיסטעמאטיש צו פאַרצייכענען זיינע לעבנס־פאסירונגען, נייערט נאָר אלס קורצע עוואָקאציע, וואָס שווימט־אַרויף אין זיין זכרון אָדער וואָס עס קומט אים אויס צו דערמאָנען, כדי צו פארגלייכן גע־שעענישן און, דער עיקר, סיטוא־ציעס און פערזאָנען, וואָס זענען שוין נישטאָ, וואָס זענען פאַרניכטעט גע־וואָרן אין דעם חורבן פונעם פויל־שן יידנטום. בדרך־כלל אָבער איז „פראַגמענטן פון מיין לעבן" אַ מעמואַרן־בוך — און לאָמיך שוין זאָגן, אַ מעמואַרן־בוך, וואָס לייענט זיך געשמאַק, אָנציענדיק, אינטע־רעסאנט — אין וועלכן עס ווערט אויפן פאָן פון לעבנס־פאסירונגען פון אַ יחיד געשילדערט דאָס לעבן פון דעם יידישן ווארשע פון אָנ־הויב פון לויפנדיקן יאָרהונדערט ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט אַ פאָר קליינע עפּיזאָדישע שילדע־רונגען אויך פון יענער מלחמה גופא.

און אויב מיר זאָלן ריכטן פון דעם, וואָס דער מחבר דערציילט אין דעם דאָזיקן בוך, און, דער עיקר, ווי אַזוי ער דערציילט, ווי אַזוי ער שילדערט דאָס הערלעכע יידישע לעבן אין דער געוועזענער גרעסטער יידישער קהילה אין איי־ראָפּע, אין דעם דערמאָנטן צייט־אָפּשניט, אויף דעם, וואָס ער האָט און קאָן דערציילן וועגן די אנדע־רע, די ווייטערדיקע און שפּעטער־דיקע פעריאָדן פון דעם יידישן לע־בן, וואָס איז נישטאָ מער, דארף מען נאָר ווינטשן, אז ער זאָל עס טון וואָס גיכער, און אַז דער פאַר־לאג, וואָס האָט ארויסגעגעבן דעם בוך, זאָל דערמוטיקן דעם מחבר אָנצושרייבן די ווייטערדיקע „פראַג־מענטן", כדי דאָס לעבן, וואָס ער באַשרייבט, וואָס ער פארצייכנט, וואָס איז טאקע זיין לעבן, אָבער אויף דער קאנווע פון דעם איז גע־צייכנט אַ פול בילד פון דעם גע־וועזענעם יידיש - געעזלשאפטלעכן, יידיש־ליטערארישן און יידיש־קינסטלערישן לעבן אין פוילן זאָל ווערן ארויסגעבראכט גאנץ און ניט בלויז איין טייל נאָר — דאָס יידי־שע לעבן אין פוילן, וואָס איז נישטאָ מער אין דעם ערגסטן זין פון אָט־דעם וואָרט, ווייל אפילו די רואינען, וואָס זענען פון דעם פארבליבן, ווע־רן פאַרניכטעט, אָפּגערוימט נישט צום רעסטאווירירן מער, היות דאָס לעבן, וואָס ווערט דאָרטן ווידערגע־בויט, אויף וויפל דאָס איז בכלל יידיש, איז עס נישט קיין רעסטאוו־ראַציע פון דעם פאָריקן, דעם חרוב־געוואָרענעם, נייערט, ווי דער מחבר אַליין באַמערקט, אינגאנצן אַן אנ־דער לעבן, געבויט דורך אַנדערע

מענטשן, אויף אַן אַנדערער באַזע. אויף אַן אַנדער פֿאָן... און עס איז דאָך אַזוי נויטיק צו דאָקומענטירן, שילדערן, פֿאַרבייכענען, גראָד יענץ פּולבלוטיקע יידישע לעבן, וואָס איז אַזוי אויף אייביק פֿאַרשוווּנדן און אָן אויסזיכטן, אָן מעגלעכקייטן פֿאַר אַן אַנדער רעסטאַווראַציע, ווי נאָר אינעם געשריבענעם וואָרט, קינסטלערישן ווי מעמואַריסטישן.

זיגמונט טורקאָווס בוך איז נישט סתם אַ בוך זכרונות — אַ מענטש קומט אין טיפֿע יאָרן, האָט געלעבט אַ פּולבלוטיק, אַקטיוו, דינאַמיש לעבן, איז געשטאַנען ביים צאַפּן פֿון דער געזעלשאַפֿטלעך־יידישער דינאַמיק, האָט דורכגעמאַכט געשיכטלעכע עפּאָכעס אין דעם לעבן פֿון יידן, אין דעם לעבן פֿון מענטשן בכלל, זעצט ער זיך אַוועק, רואיק, אין דער רואיקייט, וואָס נאָר עלטער, טיפֿע עלטער און ווייטע יאָרן, קענען געבן און פֿאַרשרייבט זיינע איבערלעבונגען, עס זאָל פֿאַרבלייבן לדורות; פֿאַרשרייבט דאָס מיט אים פֿאָרגעקומענע נישט אָן עמאָציע, וואָס זכרונות אַרויפֿגעבראַכטע מוזן אַרויסרופֿן אין אַ מענטשן, וואָס דעראינערט זיי, כדי צו איבערדערציילן זיי, אָבער יאָ אָן ליידנשאַפֿטן, וואָס די צייט האָט פֿאַרווישט, פֿאַרטראָגן, פֿאַרהיילט, און ער דערציילט זיי נאָר אין דער בחינה פֿון „מבשרי אחזה", דאָס הייסט, דורך זיין פּרט־לעבן זאָל ווערן געשילדערט דאָס לעבן פֿון דער געזעלשאַפֿט, פֿון דער געמיינדע, צי פֿון דעם כלל. אָט ווי מעמואַרן־ביכער ווערן (אָדער דאַרפֿן) ווערן געשריבן דורך מעמואַריסטן אין אַ געוויינלעכער צייט פֿאַר מענטשן, פֿאַר געזעלשאַפֿטן, פֿאַר פֿעלקער — זיגמונט טורקאָווס בוך איז נישט אַזאַ בוך מעמואַרן; ערשטנס איז ער נאָך ווייט פֿון צו זיין אין יענעם עלטער, ווען מענטשן, דערצו באַרופֿענע, טראַכטן וועגן שרייבן מעמואַרן; ער איז איצט ערשט אין רעכטן ברען פֿון אַקטיוויטעט, פֿול ווי אַ מילגרוים מיט פּלענער, מיט איניציאַטיוון פֿון יידיש־קינסטלערישער אַקטיוויטעט. גרייט צו פֿאָרן אַהיים, אין מדינת ישראל, און דאָרטן פֿאָרזעצן, אין אַ באַנייטער פֿאָרמע, זיין קינסטלערישע און רעזשיסערישע טעטיקייט; פֿאַר אַזאַ איינעם, וואָס פֿאַר אַ מערכה איז עס סתם צו שרייבן זכרונות וועגן זיין לעבן, ווען זכרונות, ווי דער מחבר אַליין זאָגט אין דעם אַריינפֿיר צו זיין בוך, מיינט עבר, מיינט פֿאַרגאַנגענהייט און ער איז פֿול מיט להבאדיקס, מיט עתיד?

זיגמונט טורקאָוו האָט געשריבן דאָס בוך, ווי אַן עוואַקאַציע פֿון דעם „אַמאָליקן" יידישן לעבן אין פּוילן

— דער „אַמאָל“ פון געציילטע צענדליקער יאָרן צוריק. ער און זיין פרוי האָבן אין 1949 באזוכט ווארשע, די ווארשע, וואָס איז פאַר יידן חרוב געוואָרן און אומגייענדיק צווישן די חורבות פונעם געטאָ, צווישן די חורבות פון דער יידישער ווארשע, — דער יידישער ווארשע, וואָס איז אויף אייביק פארשוווּנדן — האָט ער אין דעם בליק פון זיין זכרון געזען נישט די חורבות, נאָר דאָס לעבן פון פאַר די חורבות, דאָס גאנצע, פולבלוטיקע, געזונט יידישע פאָלקס־לעבן אין פוילן. יעדעס בערגל ציגל האָט אים דערמאָנט דאָס הויז, די אינסטיטוציע, די שולע, דאָס טעאַטער, ווו דאָרטן איז געווען דער „אַמאָל“; יעדער בארג רעשטן האָט אים דערמאָנט די גאַס, וואָס דאָ איז געווען „אַמאָל“, און באהערשט, פאַר־פלייצט פון באַנג, פון צער, פון פּיין איבער דעם, וואָס איז געווען און נישטאָ מער, האָט דער מחבר באַ־גריפן, „אַז אונדזער לעבן (דאָס לע־בן פון דעם מחברס דור), האָט זיך געענדיקט דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, געענדיקט, אויף מער זיך נישט אומצוקערן“. וואָרום דאָס, וואָס קומט פאָר איצט אין פוילן, איז פאַר קיין פאַל נישט קיין המשך פון דעם אַמאָליקן לעבן. איז דער־פאַר ביי אים רייף געוואָרן, דאַן און דאָרטן, אויף די חורבות שטייענדיק, דער געדאַנק צו פאַרצייכענען די לעצטע פאָר צענדליק יאָר פון דעם „אַמאָל“; וואָרום „ס'גייט בעיקר אין פאַרהיטן געוויסע פאקטן פון דער אנטוויקלונג, דערגרייכונגען און ראנגלענישן פון יידישן טעאטער“, — מען דארף נישט פארגעסן, אַז דער מחבר איז, קודם־כל, אַ בינע־קינסטלער — אויפן פאָן פונעם גע־געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן פונעם פוילישן יידנטום אין יענע יאָרן“.

דאָס בוך איז, אַלזאָ, נישט א בוך מעמוארן סתם אַזוי, נייערט עס איז א בוך, וואָס איז אָנגערעגט געוואָרן דורך דער וויזיע פונעם טאָטאַלן חורבן פון יידישן „אַמאָליקן“ לעבן אין פוילן, אונטער דער פּייגלעכער שטימונג, וואָס דאָס גיין איבער דער „שחיטה־שטאָט“ און זען מיט די אויגן און אָנטאַפּן מיט די הענט די חורבות רופט־אַרויס ביי איינעם, אין וועמעס זכרון עס איז פאָרט פריש דער גלאָרייכער „אַמאָל“ פון ווארשעווער יידישן לעבן.

דער מחבר האָט געשריבן זיין מעמואַרן־בוך, אָבער נישט אלס סתם זכרונות, נייערט אז די דער־אינערונגען זאָלן דינען אלס „מאַ־טעריאַל פאַר די צוקונפטיקע דו־רות“, מיט דער כוונה, אז „פון די דאָזיקע קאַפּיטלעך זאָלן זיי זיך

שאפן א באגריף וועגן דעם רומפולן און אזוי טרויעריק פארשניטענעם „אַמאָל" — אָבער ער האָט זיך פּאָרט נישט געקענט באפרייען פון דער צערפולער, פיינלעכער שטי־מונג, וואָס די חורבות, אויף וועלכע ער איז געשטאַנען, די לעצטע רו־אינען פון אַט־דעם „אַמאָל" האָבן אָנגעווייט אויף אים.

און אָן אָטעם פול מיט צער און פּיין, אָבער וואָס איז איינצייטיק פול מיט ליבע און ווארימער הארציקייט צו דעם, וואָס איז געוועזן און איז אויף אייביק אַוועק, הילט־איין דאָס גאנצע בוך; דאָס, וואָס ווערט אין אים דערציילט מיט רירנדיקער פשטות, כמעט אוממיטלבאר, פריי פון „ליטעראטור" און אויך דאָס אין אים נישט דערזאָגטע, צומאָלס דאָס, וואָס מען שפּירט צווישן די שורות — איז איינגעהילט אין גאנ־צן אין דער עוואָקאַציע פון דער אומפארגלייכלעכער טראגעדיע פו־נעם פוילישן יידנטום. און דערפאר לייענט זיך דאָס בוך אַזוי אָטעם־פאַרכאַפּנדיק, ממש ווי א שפּאנענ־דיקע דערציילונג; און דערפאר זע־נען אינטערעסאנט אין אים די קליינע אויבנאויפיק אומוויכטיקע פּרטים, פּונקט אזוי ווי דאָס קאַר־דינאַלע, דאָס וואָגיקע, וואָס ווערט אין אים באשריבן פון יידישן לעבן אין ווארשע — ביז צו דער וועלט־מלחמה.

און באשריבן ווערט אין זיגמונט טורקאָווס בוך נישט גראדע טעא־טער־לעבן, הגם יאָ פון אָט־דעם אָבסערוואציע־פונקט — נייערט דאָס גאנצע יידישע לעבן, די היים, די שול, די סביבה, די יידישע און אַרומיקע פוילישע, אין קאָנטאקט מיט דער דעמאָלסטיקער יידישער ווארשע. די מיטל־שול, די קאָרי־פעען פון דער יידישער ליטעראטור (ווי אַ קינד האָט זיי געזען), די האָ־פענונגען, די שטרעבונגען פון דער יידישער יוגנט פון די קרייזן, ווו דער מחבר איז געוואקסן און פאָר־מירט זיך אלס צוקונפטיקער קינסט־לער. מיט איינעם וואָרט: דאָס גאנ־צע לעבן אַלזייטיק.

עס איז א וויכטיקער בייטראָג פאר דער דאָקומענטאציע פון יידי־שן לעבן אין פוילן און א געש־מאַקער און ווערטפולער בוך אין דער סעריע „דאָס פוילישע יידנ־טום" ווו ער פארנעמט — מיט כבוד און ביז גאָר פאַרדינט — דאָס אָנ־געזעענע פּלאַץ פונעם 75טן בוך.

**ד״ר א. מוקדוני שרייבט וועגן דעם בוך פון ד״ר ח. שאָשקעס „אַ וועלט וואָס איז פאַרביי״ („מאָרגן־זשורנאַל״, ניו־יאָרק, 28סטער אויגוסט 1949):**

ד״ר שאָשקעסעס „אַ וועלט וואָס איז פאַרביי״ איז דורכאויס אויטאָ־גראַפיש; ער, ד״ר שאָשקעס, איז דער צענטער, דער העלד פון זיין בוך, ווי דער שטייגער פון אויטאָביאָגראַפיעס




איז, און ווי עס איז דער שטייגער פון ד״ר שאָשקעס אין זיינע פריער־דיקע ביכער.

ד״ר ח. שאָקעס שרייבט געדיכט, ער שרייבט מיט שטורם, ער דראַ־מאַטיזירט געשעענישן, מענטשן און זאַכן.

און ווי זאָגט אַ רוסיש ווערטל — אויפן אמתן יעגער לויפט אָן די חיה, אויף דעם דראַמאַטישן ד״ר שאָשקעס לויפן אָן דראַמעס.

אגב לעבט ער, ווי מיר אַלע, אין אַ זייער און זייער דראַמאַטישער צייט; מיר האָבן אַלע דורכגעמאַכט מלחמות, רעוואָלוציעס, און מיר אַלע זענען געטראָגן פון אונדזער צייט און געוואָרפן געוואָרן פון איין טייל וועלט אין אַן אַנדערן.

אָט איז ד״ר שאָשקעס בלויז אַ יונגער בחור, וואָס האָט אָקאָרשט דורכגעמאַכט אַ מיטלשול, אָט איז ער פון ביאַליסטאָק פאַרוואָרפן געוואָרן ביים בויען פון אַ פעסטונג אין פוילן, און אָט איז ער אין אויס־לאַנד, און אָט איז ער צוריק אין רוסלאַנד, און ער מאַכט דורך די מלחמה, און די באָלשעוויסטישע רע־וואָלוציע פאַרכאַפּט אים אין רוס־לאַנד.

און אַ גוואַלדיק נייגעריקער מענטש איז ער, ער וויל אַלץ זען, ער וויל אַלץ אויספרווון, אָנטאַפּן אַלץ מיט די הענט.

ער האָט קיין מורא נישט פאַר אָפּבריען זיך, איז אָפּגעבריט זיך, אָבער די נייגעריקייט איז באַפריי־דיקט.

און ער האָט ממש אַ תאווה צו זען מענטשן, און דווקא קענטיקע און דווקא די, וואָס לאָזן זיך נישט זען.

ער זעט אפילו דערזשינסקין, דעם פאָטער פון דעם באָלשעוויסטישן טעראָר און פון דער פּאָליטישער פּאָליציי אין ראַטנפאַרבאַנד.

נישטאָ קיין אידיליעס, קיין שטי־לע, קיין זאַנפטע מאָמענטן אין ד״ר שאָשקעסעס לעבן.

אפילו ווען ער פאַרליבט זיך, ווי יעדער יונגער מענטש, פאַרליבט ער זיך אין אַ דעמאָנישער פרוי, אין אַ מוראדיק דעמאָנישער פרוי.

אָבער זיין נייגונג צו דראַמאַטי־זירן שטאַרק געשעענישן און מענ־טשן פאַרפירט אים אָפט צו פּראָ־טאָטיפּן, צו אָנגענומענע אין דער וועלט־ליטעראַטור כאַראַקטערן.

ווען איך האָב געלייענט וועגן זיין ליבע מיט דער דעמאָנישער פרוי האָט זיך מיר אויסגעדוכט אַז די פרוי איז מיר שטאַרק באַקאַנט פון דער ליטעראַטור.

איך ספק נישט, אַז די פרוי, וועל־כע ד״ר שאָשקעס באַשרייבט איז געווען אַ דעמאָנישע, אָבער נישט אַלע דעמאָנישע פרויען, זענען ענ־לעך איינע אויף די אַנדערע, אפילו נישט אַלע יונים האָבן איין פּנים.

די נאַטור לאָזט נישט אַרויס קיין פאַרדלעך, וואָס יעדער איז אַבסאָ־לוט ענלעך אויפן אַנדערן, די נאַ־טור האָט גוואַלדיק ליב וואַריאַציעס. זי, די נאַטור, האָט נישט קיין קאָנ־וועיער־סיסטעם...

און אָט דאָס ביסעלע אַנדערשקייט, אָט דאָס ביסעלע וואַריאַציע פעלט.

דאָ און דאָרט באַקענט אייך ד״ר שאָשקעס מיט מענטשן, וואָס איר האָט זיך געוואָלט באַקענען און עפּעס נישט געהאַט די געלעגנהייט דערצו.

אָט בין איך שטאַרק דאַנקבאַר ד״ר שאָשקעס פאַר דעם וואָס ער האָט מיר באַקענט מיט דער וונדער־לעכער פען־צייכנערין רבקה מונד־לאַק.

איר באַקענט זיך בקיצור מיט איר טאַטע און איר פאָטערס הויז, איר זעט איר פאָטער, וואָס האָט אַ בשמים קרעמל און איז געקליי־דעט ווי יעדער פּוילישער ייד.

אין איין גאַנג באַקען איך זיך מיט דער פרוי פון מיין אַלטן פריינט פון פּאַריז, מיט א. איינהאָרן, טאַקע רבקה מונדלאַקס אַ שוועסטער, א. איינהאָרן איז אומגעקומען דורך די דייטשע בעסטיעס.

און אָט איז ד״ר שאָשקעס אונטער דער הערשאַפט פון מאכנאָס באַנדעס. און באַלד איז ער אונטער דעניקינס הערשאַפט.

און איר כאַפּט נישט אָפּ דעם אָטעם און אונדזער ד״ר שאָשקעס

איז שוין אין דער כאַרקאָווער תּפיסה, ביי די באָלשעוויקעס.

אָבער דאָ איז ווידער עפּעס געשען, דער אויספאָרשער איז אַ ייד אַן אייגענער מענטש...

ווי געזאָגט איז עס נישט אינגאַנצן ד"ר שאָשקעסעס פאַרדינסט, אָדער שולד, מיר לעבן אין אַ צייט וואָס איז געריררט פון זינען, אַ צייט, וואָס איז פּשוט און פּראָסט משוגע געוואָרן.

און פאַרשפּארן די צייט אין אַ משוגעים הויז קען מען נישט.

אין ד"ר שאָשקעסעס בוך זעט איר ווי די משוגענע צייט גאַלאָפּירט אַ חסד־דעהדיקע, אַן אָפּגעריסענע און מיט צעדולטע אויגן און מיט אַ ביקס אין האַנט.

און אַט איז ער צוריק אין דער היים אין פּוילן.

ער טראָגט זיך מיטן וויכער פון דער צייט, און ד"ר שאָשקעס אַליין איז אַ שטיק וויכער, האָט איר דאָ וויכער געטאָפּלט.

עס איז דאָ דער משוגענער טעמפּאָ פון דער צייט אין ד"ר שאָשקעסעס בוך.

פונדעסטוועגן וואָלט געווען גוט ווען ד"ר שאָשקעס זעצט זיך און שרייבט זיינע זכרונות נישט אין באַן, נישט אין אַן אַעראָפּלאַן, און נישט אויף אַ שיף, נאָר טאַקע אין פיר שטילע ווינקעלעד.

זיינע זכרונות קענען זיין דער בעסטער צושטייער צו אונדזער היינט־צייטיקער שטורמישער און טאַקע דראַמאַטישער געשיכטע.

ווענן אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער ביכער־סעריע

„דאָס פּוילישע יידנטום"

זיך ווענדן:

**UNION ISRAELITA POLACA**

**Pueyrredón 667 Buenos Aires**

